Shelley Greengarve



# יורגען

## אַ קאָמעדיע פֿון גערעכטיקייט

## דזשיימס בראַנטש קעבעל

פֿון ענגליש איבערזעצט: מיכל ליכט

דער יוגנט ליגט זי שטענדיק אויבן צונג,
וואָס אן אַלט ווײַב צוריק געמאַכט האָט יונג,
און ס'זיך אַ העמד ווי פֿײַער העל געקראָגן
צום שטאָצן. זײַן באַגער דאָך ניט געקראָגן
און עפּעס וואָס אַ ליד איז קיין באַלאַנג.

פֿאַרלאַג: גראַמאַר פֿטאַראָסק · 1926 · ניו־יאָרק

## צו בוירטאָן ראַסקאַ

פאַר יעדן איינציקן בים־באַם,
גאַנץ אומדערשראָקן פאַר פּסעוודאַקעס,
פּאָכען זשוואַוועריע מענטשן
מיט אומגעהייערע קולאַקעס.

זיי זאָגן אונדז: „זיי זיינען גוט
די געטער אונדזערע, און וועלן סאַנדזשען
נים צו פאַרמינערן לײַדאַקעס
פעאיקייט צו בלאָנדזשען.‟

אזוי גייט ער פאַרויס, דיין יורגען,
אויף פשרות איינגיין מונטער
אין צופאַלן נים אויפצופּלאָנטערן
דורכווים . . . און זיפּצט זיך אונטער.

„אנדערע, מיט מער מעסיקייט, נעמען אדער אן די וואולגארע געשיכטע פון יורגען אלס א פאבלהאפטן בייגאנג צו דער ווארער און עכטער מעשה וועגן הייליקן יורגעניזם פון פויטעס, אדער מיר באטראכטן גאר דעם בוכשטעבלאכן זין אלס מיספאסונג פון דעם סימבאלישן אויסדרוק: באגרייפנדיק א ווארע געשיכטע, אין א עמבלעם אדער שטיק פון קריסטלאכער פאעזיע. און דיזאזיקע עמבלעמאטישע אויפפאסונג איז אנגענומען געווארן פון מענטשן וועלכע קווארפן זיך נים צו פארמילדערן די טאטן פון הייליקע.“

— פיליפ בארסדייל

„א געצוואונגענע אויפפאסונג איז אומנוציק. אויב די לעזער פון דער 'ערהאר־בענער געשיכטע פון יורגען' וועלן זיך נים טשעפען צו דער אלעגאריע, וועט זיך די אלעגאריע נים טשעפען מיט זיי. ס'זאל עס אפילו אנהייבן ארן, איז אלץ אזוי איינפאך ווי אן אויסגעפוצטער באק. מען מעג פונקט אזוי כלומרשט באהויפטן אז מיר קאנען נים זען פוסענס בילדער אן צו זיין צוערשט באקאנט מיט דער אלעגאריע, ווי אז די אלעגאריע העלפט אונדז צו פארשטיין יורגען“.

— י. נאעלאימאן

„צו וועלטלאך צו פרעדיקן דעלוזיע, צו געוונט־אורשטארק פאר דער ביטערקייט פון איראניע, איז די יורגען־פאבל, ווי די וועלט זעלבסט, א בוך אין וועלכן יעדער מענטש וועט געפינען וואס זיין טבע איז נאטירלאך צו זען; וואס גיט אייגנטלאך יעדן פון אונדז צוריק זיין פארשטעלונג; און וואס לערנט איטלאכן פון אונדז דעם מוסר־השכל וואס יעדער וויל לערנען“.

— דזשאן פרעדעריק לואיסטאס

# א פארווארט: וואס באהויפט גארניט

אין אייראפעאישע צייטשריפטן האבן ניט מער ווי בסך הכל א טוץ ארטיקלען לפנים געגעבן באריכטן אדער טיילווייזע איבערזעצונגען פון די יורגען לעגענדעס. קיין גרינטלאכער אונטערזוך פון דעם עפאס מעג מען זאגן איז ניט דערשינען אין דרוס ערגעצוואו פאר דעם פארעפנטלאכן, אין 1913, פון די מאנומענטאלע „אפצוגן פון ארישער מיפאלאגיע“ פון א נ ג ע ל א ד ע ר ו א י ז. עס איז אומנויטיק צו באמערקן אז אין דער דערשעפלאכער איבערזיכט האט פראפעסאר ד ע ר ו א י ז געגעבן (קאפ. 7, ז. 415 א. א. וו. ) א אפשלוס פון דעם גרעסטן טייל לעגענדעס וואס עס אנטהאלטן די זאמלונגען פון ו ו ע ר ו ו י ל און ב י ל ג ; און האט באשפראכן אויספירלאך און מיט גרויסער געלערזאמקייט די עזאטערישע רמזים פון די פאלקס־מעשות אין זייער באצוג צו פראגן וואס די „זון־טעאריע“ אין מיף דערקלערונגען האט ארויסגעבראכט. צו זיינע בענד און צו מ ר . ל ו א י ס ט א מ ס „שליסל צו די פאפולערע מעשיות פון פויטעס“ מוז מען ווענדן אלע יענע וועלכע קאנען אויסדערוויילן צו דענקען וועגן יורגענען אלס די גלענצנדע, רייזנדע און פראקרעאטיווע זון.

צוגלייך, לעזנדיק אין דער צוקונפט, וועלן די פארנונפטיקע אויפגעבן אלע אלעגארישע אויסטייטשונגען, שוין בלויז דערפאר וואס די השערות ביז איצט פארגעבראכטע זיינען אומבאקוועמלאך פארשיידן. אזוי באשטימט ו ו ע ר ו ו י ל דאס נ ע ס ו ס־העמד אלס סימבאל פון פארנעלטונג, בעת ב י ל ג , מיט א היפש ביסל אפווענדונג, וויל עס האבן רעפרעזענטירן די נעפערלאכע מתנה פון גענן. דאן מעג מען געדענקען אז דר. א י י ־ מ א ן זאגט אז וואסער צוריקהאלט, וועגן מוטער ס ע ר ע ד א : „די מוטער מ י ט איז די וועלט אין אלגעמיין (א באשייפערלאכער אנאגראם פון *erda es* ) און די מוטער

סערעדאָ באַהערשט ניט נאָר דעם מיטוואָך, דעם מיטעלן פון די אַרבעטס טעג נאָר דעם צווישן פון אַלעמען. זי איז דער פאַקטאָר פון מיטלסדיקן, פון מיטלמעסיקייט, פון דעם אויסווייכן פון עקסטרעמען, פון דעם אייביקן קאָמ־פּראָמיס געבוירן אויס נויט און געוואוינהייט. זי איז די שעלעפּטשאַכע פון די ניט־גוטע; זי איז קאָמסטאַקעריי: און איר שאָטן איז „גראַדיקער שכל". דאָך רעדט אײַמאַן מיט זיכער ניט מער אַוטאָריטעט ווי פּראָט, ווען דער לעצטער רערקלערט, אין זיין ווערק „אַנטשטייאונגען פון פאַבל", אַז דער עפּאָס איז „אַ משל פון... דעם מענטשנס פּרוכטלאָזן אומוואַנ־דערן אין דער נאָכפאָרשונג פון יענער פאַרנונפט און גערעכטיקייט (שכל און יושר) וואָס זיין נאַטור באַגערט, און אַנדעקט ניט אין ער־געץ אין דער וועלט; און דאָס העמד איז אַ זינבילד פון דעם אינסטינקטיוון דראַנג, ווי... דער שאָטן סימבאַליזירט געוויסן. סע־רעדאַ שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערליפערן צו דעם לעבן ווי עס איז, אַן אויפגעבן פון מענטשנס ווידערשפּעניקטן אינזיכיזם און איינגליבע: דער אַנאַגראַם זייענדיק "*se dare*".

אַזוינאָך טוען די אויסטייטשונגען זיך דרענגען און ווידער־שפּרעכן און גלייכן זיך מיט די אויסטייטשער אין צאָל. דאָך איז מעגלאַך אַז יעדע פון די טרעפענישן, מיט אַ מענגע אַנדערע אַן ספק, איז דענקבאַר: אַזוי אַז חכמה וועט זיך אויף קיין איינציקער פון זיי ניט אָפּשטעלן צו ערנסט.

דעם אורשפּרונג און די פּאַרבאַרגענע זינען פון דעם פאָלקלאָר פון פּויטעם איז דאָס בוך ווייניקסטנס ניט נוגע: זיין אומדער־זיכטיקער ציל איז איינפאַך צו באַקענען (אידישע) לעזער מיט דעם יורגען עפּאָס צוליב דער מעשה. און די מעשה פון פּאַרצייטיקע יאָרן איז אַזעלכע וואָס קאָן דורך אַ זעלטענעם צו־פאַל, געגעבן ווערן (אידישע) לעזער כמעט ניט אָפּגעקירצט צו־ליב דער זונדערבאַרער איידלקייט און גייסט־זויבערקייט פון דעם יורגען מיף: אינגאַנצן איז ניט מער ווי אַ האַלבער טוץ איבערהי־פּונגען נויטיק געווען (און זייַנען געהעריק אָנגעמערקט) אום צו באַזייטיקן אַזעלכע זעלטענע און מינדערוויכטיקע אַרויסשפּראַצונ־גען פון מיטלאַלטערלאַכע פּריקייטן וואָס וואָלטן מעגלאַך געקאָנט באַליידיקן אַ מפונק...

אַזוי ווי דאָס בוך ווערט אָנגעגעבן אַלס מעשה געלעזן צו ווערן צוליב צייטפאַרטרייב, ווערט ניט מאָראַל און ניט סימבאַליזם פּונ־דאַנען אַרויסגעצויגן, און קיינע „פּאַרגלייכונגען" און „אַוטאָריטעטן" ווערן ניט ציטירט. אפילו די „לעבער" בלייבן אומגעפּלאָסטערט דורך

השערות: בשעת די געשיכטלאכע און מיטאלאגישע פראבלעמען פיליינט פארוויקלטע, ווערן איבערגעבן אין רשות פון יענע באמת גרינטלאכע געלערנטע וועמען ערודיציע גיט דאס רעכט צו באהאנד־לען אזעלכע ענינים. און לאנגווייל הינדערט ניט . . .

אויף דעם אופן, און ביז דאנען, איז געלאפן דאס פארווארט צו די ערשטע אויסגאבן פון בוך, וועמעס ווייטערדיקע מסעות האבן פאראורזאכט צו פארלענגערן דאס פארווארט מיט א פאסט־סקריפט. דער נויטיקער ביילאג — אזויפיל כאטש מיט מער מזל — איז קורץ. עס איז בלויז דער פראגמענט וואס אייניקע געלערנטע האבן זינט דער דערשיינונג פון באנד אויסגעדריקט — אויפן סמך פון וואס פולקאמע אפנהערציקייט מוז באצייכענען אלס ניט אומבאשטרייטבארע גרונדן — צו זיין א טייל פון דעם צוויי־און־דרייסיקסטן קאפיטל פון דעם גאנצן ווערק „ד י ע ר־ה א ב ע נ ע  ג ע ש י כ ט ע  פ ו ן  י ו ר ג ע ן".

און אלס ענטפער דערצו וואס די געלערנטע דריקן אויס, שווייגט די פארנונפט. ווארים דער פראגמענט איז נאטירלאך געווען אומבאוואוסט ווען די „ע ר ה א ב ע נ ע  ג ע ש י כ־ט ע" איז צוערשט געפאסט געווארן (אין ענגליש), און פאלגלאך שיינט ווינציק וואס אויס צו געווינען סיי צושטימענדיק צו, סיי אפלייקענענדיק זיין פרעטענזיע צו עכטקייט. גיכער באוועגט די פארנונפט בייצולייגן אן וואס פאר א דערקלערונג אדער אנמערוקנג, דעם פראגמענט וואס באהאנדלט

## יורגענס משפט

איצט איז א בית־דין צדק דערוויילט געווארן פון די פיליסטער צו באשטימען צי קיניג יורגען זאל יא אדער ניט פארשיקט ווערן אהין וואו דער שווארצער פעפער וואקסט. און ווען די ריכטער זיינען בארייט געווען צו ריכטן, איז אין געריכטהויז אריין א גרויסער קליעשטש, ראלנדיק פאר זיך זיינע ליבע און לייטיש באשטאטע יונגעטשקע. מיט דעם באשעפעניש זיינען געקומען פאזשן *), אין שווארצן און ווייסן, טראגנדיק א שווערד, א שטאק און א שפיז.

דער אינזעקט האט באטראכט יורגענען און זיינע שטשופן האבן זיך אויסגעשטרעקט אין שווידער. דער קליעשטש האט אויס־

*) אין ענגלישן Pages: מיינענדיק אויך בלעטלאך פון א בוך.

געשריען צו די דריי ריכטער: „איצט, ביי דעם הייליקן אנטאני, מוז דער יורגען אפגעשיקט ווערן אין כף הקלע, ווארים ער איז באליידיקנד און צעלאזן און תאוה׳דיק און אומאנשטענדיק.“

„און ווי קאן דאס זיין?“ זאגט יורגען.

„דו ביסט באליידיקנד“, האט דער קליעשטש געענטפערט, „דערפאר ווייל דער פאזש האט א שווערד וואס איך דערוויל צו זאגן איז ניט קיין שווערד. דו ביסט צעלאזן דערפאר ווייל דער פאזש האט א שפיז וואס איך דענק ליבערשט איז ניט קיין שפיז. דו ביסט תאוה׳דיק דערפאר ווייל יענער פאזש האט א שטאק וואס איך באוויליק צו דערקלערן איז ניט קיין שטאק. און ענדלאך, ביסטו אומאנשטענדיק פאר אורזאכן די באצייכענונג פון וועלכע איז מיר ווידערוויליק, און דערפאר מוז איך זיך אנטזאגן פון אנטפלעקן זיי פאר וועמען עס איז“.

„פיין, דאס קלינגט גאנץ לאגיש“, זאגט יורגען, „פונדעסטוועגן צו דערזעלבער צייט, וואלט עס ניט ערגער געווען מיטן צוגאב פון אביסל געזונטן פארשטאנד. ווארים איר, מיינע הערשאפטן, קאנט אליין זען, באטראכטנדיק די פאזשן געהעריק און אלס גאנצעס, אז די פאזשן טראגן א שווערד און א שפיז און א שטאק, און קיין שום אנדער זאך; און איר וועט קומען צום שלום, האף איך, אז די גאנצע צעלאזנקייט איז אין דעם אינזעקטישן מח פון יענעם וועמען עס בייסט צוצורופן די זאכן מיט אנדערע נעמען“.

די ריכטער האבן זיך נאך אלץ ניט ארויסגעזאגט. נאר יענע וועלכע האבן באוואכט יורגענען, און די אלע אנדערע פיליסטער, זיינען געשטאנען אויף דער זייט און אויף יענער זייט, זייערע אויגן פעסט צוגעשלאסן, און די אלע האבן געזאגט: „מיר אנטזאגן זיך צו באטראכטן די פאזשן געהעריק און אלס גאנצעס, ווייל צו באטראכטן קאן אויסגעטייטשט ווערן אלס ספק אין וואס דער קליעשטש האט געאורטיילט. אויסערדעם, אזוי לאנג ווי דער קליעשטש האט אורזאכן וואס ער אנטזאגט זיך צו אנטפלעקן, בלייבן זיינע אורזאכן ניט אפגעלייקנט, און דו ביסט איינפאך א פארשייטער לומפ וועלכער מאכט זיך אליין אן צרות“.

„פארקערט“, זאגט יורגען, „איך בין א דיכטער, און איך מאך ליטעראטור“.

„אבער אין פיליסטער־לאנד איז מאכן ליטעראטור און זיך אנמאכן צרות די זעלבע זאך“. האט דער קליעשטש פארטייטשט. „איך וויים, ווייל מיר פיליסטער זיינען געפלאגט געווארן פון דריי אזעלכע מאכערס פון ליטעראטור. יא, אט איז געווען

ערגער, ווען איך האב פארהונגערט און פארפאלגט ביז עס האט מיר דערעסן: דאן האב איך אים פארזאגט אין א הינ־טערגעסל איין אונט און אים ארויסגעהאקט די איינגעגעסענע געהירן זיינע. און אט איז געווען וואלט. ווען איך האב געיאגט און געטריבן פון ארט צו ארט און געמאכט א פאראלי־טיקער פון אים; און אים האב איך אויך באצייכנט אלס באַ־ליידיקנד און צעלאזן און תאוה'דיק און אומאנשטענדיק. און שפעטער איז געווען מארק, ווען איך האב אנגעשראקן און גע־מאכט צו פארשטעלן זיך אין פאיאצן־קליידער אזוי אז קיינער זאל אים ניט קאנען פארדעכטיקן אלס מאכער פון ליטע־ראטור: פארוואר, איך האב אים אזוי אנגעשראקן אז ער האט באהאלטן דעם גרעסטן טייל וואס ער האט געמאכט ביז נאך זיין טויט, און איך האב ניט געקאנט צוטרעטן צו אים. עס איז גע־ווען, דענק איך, זייער געמיין מיר אפצוטאן אזא שפיצל. דאך זיינען זיי די איינציקע דריי געבאפטע מאכערס פון ליטעראטור וועלכע האבן ווען געקוועלט דאס פיליסטערטום, א דאנק דעם איי־בערשטן און מיין וואכזאמקייט, און ווען ניט די יידע וואלטן מיר גריילאך ניט מער באפרייט זיך פון מאכערס פון ליטעראטור ווי די אנדערע לענדער".

„יא, אבער די דריי", האט יורגען אויסגעשריען, „זיינען די גלאריע פון פיליסטער־לאנד: און פון דעם גאנצן וואס דאס פיליסטערטום האט געפאסט, זיינען די דריי אליין — פון ווענען איר זייט ווינציק וואס אויסן געווען ביים לעבן — ביי היינטיקן טאג פארערט וואו נאר קונסט איז פארערט, און וואו פיליסטעריש־קייט גייט קיינעם ניט אן אזוי צי פוי".

„וואס גייט קונסט אן מיך און מיין אופן לעבן?" האט דער קליעשטש געענטפערט, געלאנגווײלט, „איך קימער זיך ווינ־ציק מיט קונסט און ליטעראטור און די אנדערע פארשייטע געמש־קעס פון פרעמדע לענדער. איך באדארף אויפפאסן אויף דעם מאראלישן וואוילשטאנד פון מיינע קריכערלאך ווען איך ראל דא פאר זיך, און פארהאפ אז מיט דעם הייליקן אנטאניס זכות וועלן זיי מיט דער צייט אויסוואקסן גאטפארכטיקע קליעשטשעס באגלייך מיט מיר, הנאה האבנדיק דערפון וואס איז זיי צוגע־פאסט בטבע. איבעריקנס, האט מיך קיינמאל ניט געארט דאס דערמאנען צו גוטן פון געשטארבענע מענטשן. ניין, ניין, מיין יונג: אזוי לאנג ווי וואס איך טו ארט דיך ניט א האר, און זינט דו ביסט ווארהאפטיק פארדארבן, ווערסטו געפינען אז דער קליעשטש

אין פריינטלאך נענוג. דערווייל צאָלט מען מיר צו פּראָטעסטירן אַז לעבעדיקע מענטשן זיינען באַליידיקנד און צעלאָזן און תאווה'דיק און אומאַנשטענדיק."

דאָן האָבן די פּיליסטער וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער זייט און אויף יענער זייט געזאָגט אין צאַרניקער איינשטימיקייט: „און מיר, די געערטע בירגער פון פּיליסטערטום, זיינען אינגאַנצן ניט איינשטימיק מיט יענע וועלכע וואָלטן אַנגענומען אַ פּראָ־טעסט קעגן דעם קליעשטש אַלס אַ באַרעכטיקונג פון וואָס זיי געפעלט אַנצורופן קונסט. דער שאָדן פאַראורזאַכט פון דעם קליעשטש זעט אונדז אויס זייער אומבאַדייטנד, בעת דער שאָדן פאַראורזאַכט פון דעם זעלבסט געקרוינטן קינסטלער קאָן זיין זייער גרויס".

יורגען האָט איצט אויפמערקזאַמער באַטראַכט די מאָדנע בריאה: און ער האָט באַמערקט אַז דער קליעשטש איז געווען שלעכטגע־רוכיק, זיכער, אָבער אין גרונד אָרנטלאַך און גוטנעזינט; און דאָס האָט יורגענען געשיינט צו זיין דאָס טרויעריקסטע וואָס ער האָט געפונען צווישן די פּיליסטער. ווארים דער קליעשטש איז געווען אויפריכטיק אין זיינע וואַנזיניקע טאַטן, און דאָס גאַנצע פּיליסטערטום האָט אים אויפריכטיק פאַרערט, אַזוי אַז עס איז אין ערגעץ ניט געווען די מינדסטע האָפנונג פאַר דעם פאָלק.

דערפאַר האָט קיניג יורגען זיך געווענדט ווי ער האָט געמוזט, אונטערוואַרפנדיק זיך די מאָדנע מנהגים פון די פּיליסטער: „איצט ניט מיר אַ געהעריקן משפט", האָט יורגען אויסגעשריען צו זיינע ריכטער. „אויב עס איז פאַראַן אַ לויט גערעכטיקייט אין דעם פאַריקטן לאַנד. און אויב עס איז ניט פאַראַן, טאָ פאַרשליידערט מיך אין דער שאול תחתיה אָדער אין וואָס פאַר אַן אַנדער פּלאַץ, אַזוי לאַנג ווי דאָרט איז דער קליעשטש ניט אַלמעכטיק און אויפריכטיק און וואַנזיניק".

און יורגען האָט געוואָרט...

## 1. פֿאַרוואָס יורגען האָט געהאַנדלט ווי אַ מאַן

דאָס איז אַ מעשה וואָס זיי דערציילן אין פּויטעס, אַזוי צו זאָגן: אין די אַלטע צייטן האָט געלעבט אַ משכון־מלוה מיט דעם נאָמען יורגען; אָבער וואָס זיין ווייב האָט אים גערופֿן איז זייער אָפֿט געווען פֿיל ערגער ווי דאָס. זי איז געווען אַ געוואַגטע פֿרוי, מיט ניט קיין באַזונדערער באַגאַבטקייט פֿאַר שטילשווייגן. איר נאָמען, זאָגן זיי, איז געווען אַדעלאַיס, אָבער מענטשן האָבן איינפֿאַך זי גערופֿן פֿרוי ליזאַ.

זיי דערציילן אויך אַז אין די אַלטע צייטן נאָך דעם פֿאַרמאַכן פֿון די קראָם־פֿענסטער אויף בײַנאַכט איז יורגען פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם ציסטערנעם מאָנאַסטיר מיט דעם וועג אַהיים: און איינער פֿון די מאָנאַכן איז געשטרויכלט געוואָרן איבער אַ שטיין אויפֿן שאָסייוועג. ער האָט געשאָלטן דעם טײַוול וועלכער האָט אַוועקגעלייגט דעם שטיין דאָרט.

„פֿע, ברודער!“ זאָגט יורגען. „צי האָבן דען ניט די ניט־גוטע געַנוג אויף זיך אַזוי אויך?“

„איך האָב קיינמאָל ניט געהאַלטן מיט אָריגענעז“, האָט דער מאָנאַך געענטפֿערט, „אויסערדעם, האָט עס מיר אַ קלאַפּ געגעבן אין גראָבן פֿוספֿינגער, צו אַלדי רוחות“.

„פֿונדעסטוועגן“, באַמערקט יורגען, „פּאַסט עס ניט פֿאַר גאָט־פֿאָרכטיקע לײַט צו רעדן מיט אומ׳כבוד וועגן דעם געטלאַכן אָנגעשטעלטן פֿרינץ פֿון חושך. פֿאַר דײַן ווייטערדיקער צעמישעניש, באַטראַכט אַקאָרשט דעם מאָנאַרכס אַרבעטזאַמקייט: טאָג ווי נאַכט קאָנסטו אים געפֿינען האָרעווענדיק אונטער דער לאַסט וואָס דער אייבערשטער האָט אויף אים אַרויפֿגעלייגט. דאָס איז אַ זאַך וואָס קאָן געזאָגט ווערן וועגן געציילטע קאָמוניקאַנטן און וועגן קיין מאָנאַך. דענק אויך וועגן זײַן פֿײַנער קינסטלערישקייט, ווי עס באַווײַזן די אַלע געפֿערלאַכע און רייצנדע נעצן פֿון דער וועלט וואָס דאָס איז דײַן געשעפֿט צו באַקעמפֿן, און מײַנס צו לייען געלט דערויף. וואָס, ווען ניט ער וואָלטן מיר ביידע געווען באַרופֿ־

לאז! דאן אויך, באטראכט זיין פילאנטראפיע, און דענק נאר ווי שווידערלאך וואלט געווען אונדזער פאל אויב דו און איך, און אלע אונדזערע קירך־מיטגלידער, וואלטן ביי היינטיקן טאג גע־פאניבראטעוועט מיט די אנדערע חיות אין גן עדן, ווי מיר ווינטשן בלומרשט אום זונטיק! אויפשטיין מיט חזירים און זיך לייגן מיט היענעס? אך, אומדערטרעגלאך."

אזוי איז ער געלאפן, אנווארפנדיק אורזאכן פאר ניט דענקען באליידיקנדיק ווענן טייוול. מערסטנס דערפון איז געווען אן אפ־קירץ פון אייניקע פערזן וואס יורגען האט פארפאסט אין לאמ־בארד ווען געשעפט איז געווען שוואך.

„איך באטראכט דאס פאר פוסטקייט און אומזין", איז גע־ווען דעם מאנאכס שמוז.

„קיין ספק ניט אז דיין מיינונג איז געשייט", האט באמערקט דער מלוה, „אבער מיינע איז שענער."

דאן איז יורגען פאריבער דעם ציסטערנעם מאנאסטיר און האט זיך דערנענט צו בעלגארד. ווען ער האט באגעגנט א שווארצן מאן, וועלכער האט אים באגריסט און געזאגט:

„א דאנק, יורגען, פאר דיין גוט ווארט."

„ווער ביסטו, און פארוואס דאנקסטו מיר?" פרעגט יורגען.

„מיין נאמען איז ניט וויכטיק. אבער דו האסט א גוט הארץ, יורגען. זאל דיין לעבן זיין פריי פון זארג!"

„באהיט אונדז פון לייד און בייז, פריינד, אבער איך בין שוין פארהייראט."

„וואס, מיינע הערשאפטן, און א פיינער פעאיקער דיכטער ווי דו!"

„דאך איז א לאנגע צייט איצט זינט איך בין געווען א פראק־טיצירנדיקער דיכטער."

„נו געוויס! דו פארמאגסט דעם קינסטלערישן טעמפעראַ־מענט, וואס איז ניט אזוי צוגעפאסט צו די באגרענעצטקייטן פון הויזלעבן. דאן שטעל איך מיר פאר אז דיין ווייב האט איר איי־גענע פערזענלאכע מיינונג איבער פאעזיע, יורגען."

„ווירקלאך, מיין האר, איר מיינונג וואלט זיך ניט געלוינט איבער'חזר'ן, ווייל איך בין זיכער אז דו ביסט ניט געוואוינט צו אזא שפראך."

„דאס איז זייער טרויעריק. איך האב מורא אז דיין ווייב פארשטייט דיך ניט דורכויס, יורגען".

„גנעדיקער האר". זאָגט יורגען דערשטוינט. „צי לייענסטו ניט אַמאָל מענטשנס אינערלאַכסטע געדאַנקען ?"

דער שוואַרצער מאַן האָט אויסגעזען זייער באַטריבט. ער האָט פאַרשנורט די ליפּן, און גענומען זיך ציילן אויף די פינגער: ווי זיי האָבן זיך באַוועגט האָבן זיינע שאַרפע נעגל זיך געמיניעט ווי פלאַם־שפּריצלאַך.

„אַלזאָ, אָבער דאָס איז אַ זייער קלענלאַכע זאַך", זאָגט דער שוואַרצער מאַן, „צו האָבן געטראָפן דעם ערשטן מענטשן וועלכן איך האָב געפונען באַרייט צו זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר שלעכטס. און דורך די אַלע יאָרהונדערטער אויך! אײ־אײ־אײ, דאָס איז אַן עכט באַדויערנדיקער פאַל פון מיספאַרוואַלטונג! עס מאַכט ניט אויס, יורגען, דער פרימאָרגן איז העלער ווי דער אָוונט. ווי איך וועל עס דיך באַלוינען, מעגסט שוין זיין זיכער!"

האָט יורגען העפלאַך באַדאַנקט דאָס איינפאַכע אַלטע באַשע־פעניש. און ווען יורגען איז אַהיימגעקומען איז זיין ווייב אין ערגעץ ניט געווען צו באַמערקן. ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן און נאָכגעפרעגט ביי יעדן איינעם, אָבער עס איז געווען נוצלאָז. פרוי ליזאַ איז פאַרשוואונדן אין מיטן פאַרטיק מאַכן וועטשערע — פּלוצים, לחלוטין און אומדערקלערבאַר, פּונקט ווי (לויט יורגענס אויסדרוק) אַווינטשטורעם גייט פאַרביי און לאָזט הינטער זיך אַ שטילקייט וואָס זעט אויס, אַלס הפּוך, אומזיכער. קיין זאַך האָט ניט גע־קאָנט דערקלערן דעם סוד, סיידן כשוף: און יורגען האָט מיט־אַמאָל זיך דערמאָנט אין דעם שוואַרצן מאַנס צוזאָג. יורגען האָט זיך איבערגע׳צלמ׳ט.

„נו, ווי אומגערעכט", זאָגט יורגען, „קריגן מאַנכע מענטשן אַ שלעכטן נאָמען פאַר דאַנקבאַרקייט! און איצט פאַרשטיי איך ווי קלוג איך בין, שטענדיק צו זאָגן אַנגענעמס וועגן יעדן איינעם, אין דער וועלט פון אַפּדערצייל׳ער."

דאַן האָט יורגען צוגעגרייט זיין אייגענע וועטשערע, איז גע־גאַנגען אין בעט אריין, און געשמאַק געשלאָפן.

„איך האָב אומבאַדינגט צוטרוי", זאָגט ער, „צו ליזאַן. איך פאַרלאָז זיך באַזונדערס אויף איר פעאיקייט אַכטונג צו געבן אויף זיך אין וועלכע עס איז אומגעבונגען".

דאָס איז אַלץ זייער גוט געווען: אָבער די צייט איז אַוועק, און דערווייל האָט מען אַנגעהויבן מורמלען אַז פרוי ליזאַ איז גע־גאַנגען אויף מאַרוועו. איר ברודער, וועלכער איז געווען אַן עסנ־וואַרג־הענדלער און אַ מיטגליד פון דעם שטאָט־ראַט, איז אַוועק

אהין אויסגעפינען ווען דעם באריכט. און געווים איז דארט גע־
ווען יורגענס ווייב שפאנענדיק אין דעמער און מורמלענדיק אומ־
אויפהערלאך.

„פע, שוועסטער!“ זאגט דער ראטמאן, „דאס איז א זייער
אומפאסיקע אויפפירונג פאר א פארהייראטער פרוי, און א זאך
וועגן וועלכער מען קאן זיכער רעדן“.

„פאלג מיר נאך!“ האט פרוי ליזא געענטפערט. און דער
ראטמאן האט איר נאכגעפאלגט א שטיק וועגס אין דעמער.
אבער ווען זי האט דערגרייכט די אמנעראן פוסטע און אלץ ווייטער
געגאנגען, איז ער געווען קליגער ווי נאכגיין.

קינפטיקן אוונט איז פרוי ליזאס עלטערע שוועסטער אוועק
קיין מארוועז. די שוועסטער האט געהייראט א נאטאריוס, און
איז געווען א דורכגעטריבענע פרוי. פאלגלאך, האט זי גענומען
מיט זיך דעם אוונט א לאנגן שטעקן פון געשיילטן ווערבע־האלץ.
און אט איז יורגענס פרוי שפאנענדיק אין דעמער און מורמלענ־
דיק אומאויפהערלאך.

„פע, שוועסטער!“ זאגט דעם נאטאריוסעס ווייב, וועלכע
איז געווען א דורכגעטריבענע פרוי. „צי ווייסטו ניט אז די גאנצע
צייט נייט יורגען אליין פאר זיך און מאכט אייגעלאך צו דער
גרעפן דאראטי?“

פרוי ליזא האט א שוידער געטאן; אבער זי האט נאר גע־
זאגט: „פאלג מיך נאך!“

און דעם נאטאריוסעס ווייב האט איר נאכגעפאלגט ביז דער
אמנעראן פוסטע, און אריבער דער פוסטע, ביז דעם ארט וואו עס
איז געווען א הייל. דאס איז געווען א פלאץ פון מיאוס'ער רעפו־
טאציע. א כארט איז געקומען באגעגענען זיי דארט אין דעם
דעמער ארויסשטעקנדיק די צונג: אבער דעם נאטאריוסעס ווייב
האט דריי מאל אנגעקלאפט מיט איר שטעקן, און די שטומע חיה
האט זיי פארלאזט. און פרוי ליזא איז שטיל אריין אין דער הייל.
און איר שוועסטער האט זיך אויסגעדרייט און אהיימגעגאנגען צו
אירע קינדער, וויינענדיק.

אין דעם קינפטיקן אוונט יורגען אליין געקומען קיין
מארוועז, ווארים דעם ווייבס גאנצע משפחה האט אים פארזיכערט
אז אזוי דארף א מאן האנדלען. יורגען האט איבערגעלאזט דאס
געשעפט אין דער אויפזיכט פון אוריען ווימארש, וועלכער איז גע־
ווען אן עכט־טיכטיקער געהילף. יורגען האט נאכגעפאלגט זיין

ווייב אריבער דער אמגעראַן פוסטע ביז זיי האָבן דערגרייכט די הייל. יורגען וואלט ליבערשט ערגעץ אנדערש געווען.

ווארים דער הונט האט זיך איינגעקאַרטשעט אויף זיינע לאַפעס און האט אויסגעזען ווי ער שטשירעט די ציין אויף יורגענען. און עס זיינען דאָרט געווען אנדערע באַשעפענישן, וואס זיינען געפלויגן נידעריק אין דעם דעמער, האַלטנדיק זיך נאָנט צו דער ערד ווי סאַוועס; אבער זיי זיינען געווען גרעסער פון סאַוועס און מער אנטמוטיקנד. און, אויסערדעם, איז דאס אלץ געשען נאָך זונפארגאנג אין דעם וואלפּורגיס־ערב, ווען כמעט אלץ איז מער ווי מעגלאַך עס זאָל געשען.

האט יורגען געזאגט עטוואס בייז: „ליזא, מיין טייערע. אויב דו גייסט אין דער הייל וועל איך דיר מוזן נאָכפאָלגן, ווייל אזוי דאַרף א מאַן האנדלען. און דו ווייסט ווי לייכט איך כאַפּ א פאַרקילונג.“

די שטים פון פרוי ליזא איז איצט געווען דין און קלאַנגדיק, א מאָדנע פארענדערטע שטים. „דו האסט א קרייץ ארום האלדז. מוזסט אים אוועקוואַרפן.“

יורגען האט געטראָגן אזא קרייץ, צוליב אורזאכן פון סענטימענט, ווייל ער האט אמאָל געהערט זיין פארשטאָרבענער מוטער. אבער איצט, צופרידנצושטעלן זיין ווייב, האט ער אראָפּגענומען דאס שטיקל שמוק און אויפגעהאנגען עס אויף א ווילדוויינשל־קוסט; און מיט דער באַטראַכטונג אז דאס וועט ווארשיינלאַך זיך אויסלאָזן א קלענלאכער עסק, האט ער נאָכגעפאָלגט פרוי ליזא אין דער הייל.

## 2. אַנגעם פון א באַדייטנדן בגד

די מעשה דערציילט אז אלץ איז פינסטער געווען דאָרט, און יורגען האט קיינעם ניט געקאָנט זען. אבער די הייל האט זיך געצויגן גלייך פאָרויס און אראָפּצו, און ביי דעם ווייטן עק האט געגליט א ליכט. יורגען האט געהאַלטן אין איין גיין, און אזוינאַך איז ער באַלד צוגעקומען צו א צענטאַוור: און דאס האט אים ניט ווייניק איבערראשט, ווארים יורגען האט געוואוסט אז צענטאַוורן זיינען איינגעבילדעטע באַשעפענישן.

זיכער זיינען זיי געווען זונדערבאַר אנצוקוקן: ווייל אָט איז געווען דער קערפּער פון א רויט־ברוינעם פערד און דערהייבנדיק זיך פון זיינע פּלייצעס, א זון־צוגעסמאַליעטער קערפּער פון א

יונגן מאנספארשוין וועלכער האט באטראכט יורגענען מיט ערנסטע און ניט אומפריינטלאכע אויגן. דער צענטאוור איז געלעגן לעבן א פייער פון צעדער און יאלאווע האלץ: לעבן אים איז געווען א שיסל אנטהאלטנדיק א פליסיקייט מיט וואס ער האט געשמירט זיינע קלויען. דער שטאף, ווי דער צענטאוור האט אים איינגעריבן מיט זיינע פינגער, האט פארוואנדלט דעם אויסזען פון זיינע קלויען אין גאלד.

„זיי געגריסט, פריינד“, זאגט יורגען, „אויב דו ביסט די מלאכה פון גאט.“

„דיין גרונדזאץ איז ניט קיין גוטער גריכיש“, האט דער צענטאוור באמערקט, „ווייל אין העלאס האבן מיר ניט געמאכט אזעלכע אויסנאמען. אויסערדעם, איז עס ניט אזויפיל מיין אורשפרונג ווי מיין אויסגאנג וואס גייט דיך אן.“

„אלזא, פריינד, טא וואוהין זשע גייסטו?“

„צו דעם גארטן צווישן טאגן און זונאויפגאנג, יורגען.“

„נו, געוויס, אבער וואס פארא וואוילער נאמען פאר א גארטן! און עס איז א פלאץ וואס איך וואלט געהאט פארגעניגן צו זען.“

„ארויף אויף מיין רוקן, יורגען, און איך וועל דיך נעמען אהין“, זאגט דער צענטאוור, און האט זיך א שטעל געטאן אויף די פיס דאן האט דער צענטאוור געזאגט. ווען דער מלוה האט זיך געקווינקלט: „ווייל ווי דו מוזסט פארשטיין, איז ניטא קיין אנדער אויסוועג: ווארים דער גארטן עקזיסטירט ניט, און האט קיינמאל ניט עקזיסטירט אין וואס מענטשן רופן שפאסיק ראיעלן לעבן; אזוי אז פארשטייט זיך נאר איינגעבילדטע באשעפענישן אזעלכע ווי איך קאנען אריינטרעטן אהין“.

„דאס קלינגט גאנץ זינלאך“, האט יורגען בארעכנט: „אבער ווי עס געשעט, זוך איך מיין ווייב, ווענען איך פארדעכטיק אז עס האט צוגענומען א טייוול, ארימער קערל!“ ..

און יורגען האט אנגעהויבן מיטטיילן דעם צענטאוור וואס איז געשען.

דער צענטאוור האט זיך צעלאכט. „עס קאן זיין אז דערפאר בין איך דא. עס איז פאראן, אלנפאלס, איין מיטל אין דעם פאל. איבער אלע טייוואלים — און איבער אלע געטער, זאגן זיי מיר, אבער זיכער איבער אלע צענטאוורן, — איז די מאכט פון קאשטשעי דעם אומשטערבלאכן, וועלכער האט געמאכט אלץ ווי עס איז.“

„עס איז ניט שטענדיק געזונט.“ האט יורגען געזאגט. „צו

רעדן וועגן קאַשטשעיען. עס איז איבערהויפּט אומווינשנסווערט אין אַ פינסטער פּלאַץ ווי דאָס."

„פונדעסטוועגן, דענק איך אַז דווקא צו אים מוזסטו גיין נאָך גערעכטיקייט."

„איך וואָלט עס ליבערשט ניט געטאָן", האָט יורגען גע־זאָגט, מיט אומגעקינסטלטער אָפנהערציקייט.

„דו האָסט מיין מיטלייד: אָבער עס איז ניט קיין פראַגע פון ליבערשט דאָרט וואו קאַשטשעי איז נוגע. צי דענקסטו אַ שטייגער אַז איך פּאַסקודיע זיך אין דעם אונטערערדישן אָרט מיט מיין אייגענעם ווילן? און האָב געוואָוסט דיין נאָמען דורך אַ צופאַל?"

יורגען איז געווען דערשראָקן, אַביסל. „נו, גוט, אָבער עס איז געוויינלאַך דער טייוול און כ'וויים וואָס, אַ־דאָס האַנדלען ווי אַ מאַן. טאָ ווי קאָן איך קומען צו קאַשטשעיען?"

„רונדאַרום", זאָגט דער צענטאַוור. „עס איז קיינמאָל ניטאָ קיין אַנדער וועג."

„און איז דער וועג צו דעם גאָרטן רונדאַרום?"

„אָך, זייער און זייער, אויף אַזויפיל ווי ער קלאַמערט אַרום ביידע — שיקזאַל און געזונטן פאַרשטאַנד."

„דאָן מוז מען", זאָגט יורגען: „אַלנפאַלס, בין איך באַרייט צו פאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל."

„עס וועט דיר זיין קאַלט, פונדעסטוועגן, צו פאָרן ווי דו גייסט. וואָרים מיר לאָזן זיך אויף אַ מאָדנעם וועג, צו זוכן גע־רעכטיקייט איבער דעם קבר פון אַ חלום און דורך דער בייזוויי־ליקייט פון צייט. דערפאַר וואָלסטו גלייכער אָנגעטאָן דאָס העמד איבער דיינע קליידער."

„עס איז ווירקלאַך אַ וואויל באַקוועם גלאַנצנדיק מלבוש, מיט זונדערבאַרע בילדער דערויף. איך נעם אָן אַזאַ בגד מיט פאַרגעניגן. און וועמען האָב איך צו דאַנקען פאַר זיין גיטיקייט?"

„מיין נאָמען", האָט דער צענטאַוור געזאָגט. „איז נ ע ־ ס ו ס".

„אויב אַזוי, פריינד נעסוס, בין איך דינסטווויליק דיינער."

און אויגנבליקלאַך איז יורגען געווען אויפן צענטאַוורס רוקן, און ביידע זיינען ווי־עס־איז אַרויס פון דער הייל און האָבן גע־קרייצט די אַמנעראָן פּוסטע. אַזוי זיינען זיי אַריין אין אַ געוועלדל, וואו דאָס ליכט פון זונפאַרגאַנג האָט נאָך געצעגערט, עטוואָס אומ־דערקלערבאַר. איצט איז דער צענטאַוור נעגאַנגען מערב־צו. און איצט האָט אַרום דעם מלוה'ס פּלייצעס און אויף זיין ברוסט און

ארום זיינע ראַרע אָרעמס געשטראַלט ווי אַ רעגנבויגן דאָס פּילפּאַר־ביקע העמד פון נעסוס.

פאַר אַ ווײַלע זיינען זיי נעגאַנגען דורכן וואַלד, וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע ביימער שטייענדיק אַ היפּש ביסל אָפּגע־רוקט איינער פון צווייטן, דעם צענטאַוורס צעגליטע קלויען שאַרכנ־דיק און זינקענדיק אין אַ געדיכטן דיוואַן פון טויטע בלעטער, אינ־גאַנצן גרוי און ברוין, אין גלייכע שטרעקעס וואָס זיינען געווען אומ־אונטערבראָכן פון ווילדגעוואַקס. און דאַן זיינען זיי געקומען צו אַ ווייסן שאַסייוועג וואָס האָט זיך געצויגן גראַדע מערב־צו, און אַזוי פאַרטיק געוואָרן מיטן וואַלד. איצט האָט פּאַסירט אַן אומגלויבלאַכע זאַך אין וואָס יורגען וואָלט קיינמאָל ניט געווען נעגלויבט ווען ער זאָל עס ניט האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן: ווייל איצט איז דער צענטאַוור געגאַנגען אַזוי שנעל אַז ער האָט ביסלאַכווייז איבערשטייגט די זון, אַזוי אַרום פאַראורזאַכנדיק איר אויפגאַנג אין מערב ביסלאַכווייז; און די צוויי זיינען געפלויגן מערב־צו אין דעם רום פון אַ געשיידטן זונפאַרגאַנג. די זון איז געפאַלן גלייך אין יורגענס נעזיכט ווייל ער איז געפאָרן גלייך צום מערב, אַזוי אַז ער האָט געבלינצט און פאַרמאַכט די אויגן, און געקוקט פריער אויף דער זייט דערנאָך אויף יענער. אַזוינאָך איז געשען אַז דאָס לאַנד אַרום אים, און די מענטשן וועלכע זיי זיינען פאַרבייגעפלויגן, זיינען געזען געוואָרן פון אים אין שנעלע העלע בליצן, ווי בילדער מיטאָמאָל געטווישטע אין אַנדערע בילדער; און אַלע זיינע דערינערונגען וועגן דעם בליאַסקעדיקן פאָרוועג זיינען פאַלגלאַך, שטענדיק געווען צעמישט און אַן אַ צוזאַמענהאַנג.

ער האָט זיך געוואונדערט וואָס עס האָבן געשיינט צו זיין אַזויפיל יונגפרויען אויפן וועג צו דעם גאָרטן. אָט איז געווען אַ דין מיידל אין ווייסן רייצנדיק אַ גרויסן ברוין־געלן הונט וואָס איז נעשפרונגען אַרום איר אומגעלומפּערט; דאָ איז אַ מיידל נע־זעסן אין די צווייגן פון אַן אָרומגעפלאַכטענעם און סענקעוואַטן בוים, און הינטער איר איז געווען אַ ברייטער בלאַטיקער טייך, קופּער־קאָלירט אין דער זון; און דאָ האָט געשיינט דער בלאָנדער קאָפּ פון אַ שלאַנק מיידל רייטנדיק אויף אַ פערד, וועלכע האָט אויסגעזעען צו וואַרטן אויף אימיצן: אין קורצן, די מיידלאָך אויפן וועג זיינען געווען אומצייליק, און יורגען האָט געדאַכט אַז ער דערקענט איינע אָדער צוויי פון זיי.

אָבער דער צענטאַוור איז אַזוי אײַליק געגאַנגען אַז יורגען האָט ניט געקאָנט זיין זיכער.

# 3. דער גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג

אזוי איז געשען אַז יורגען און דער צענטאַוור זיינען געקומען אין דעם גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג, אַריינטרעטנדיק אין דעם פלאַץ אויף אַן אופן וואָס עס איז ניט באַקוועם צו פאַרצייכענען. אָבער ווען זיי זיינען פאַריבער די בריק, זיינען דריי געפלויגן פאַר זיי, קוויטשענדיק. און ווען דאָס לעבן איז צעטראָטן געוואָרן אויס די האַריקע קערפּערלאַך וואָס די דריי האָבן מיסגעברויכט, איז ניט געווען קיינער זיך קעגנצושטעלן דעם צענטאַוורס איינטריט אין דעם גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג.

דאָס איז געווען אַ וואונדערלאַכער גאָרטן: דאָך איז קיין זאַך דאָרט ניט געווען פרעמד. אנשטאָט, האָט זיך אַלץ אַרום געדראַכט צו זיין האַרצקלעמענדיק באַקאַנט און זייער טייער יורגענען. וואָרים ער איז געקומען צו אַ ברייטער לאָנקע וואָס האָט זיך געצויגן צפון׳זייט צו אַ טייכל גוט אין זכרון: און צאָלרייכע קליאַנען און באַקסנביימער זיינען געשטאַנען דאָ און דאָרט, אומרעגלמעסיק, און מיטגעשפּילט געוואָרן פויל פון אַן אומאָנטשלאָסענעם מערב ווינט, אַזוי אַז די בלעטער האָבן געשיינט זיך צו טרייסלען און קרייזלען איבעראַל ווי גרינער שוים: אָבער האַרבסט איז געווען נאָנט, ווייל די באַקסנביימער האָבן אַראָפּגעשליידערט אַ דאַנאַיע־מענגע פון קליינע רונדע בלעטער. אַרום דעם גאָרטן האָט זיך געפונען אַן אומפאַרגעסענער קרייז פון בלויע בערגלאַך. און דאָס איז געווען אַ פלאַץ פון שיינענדיקן דעמער, אומבאַלויכטן פון דער זון אָדער פון די שטערן, און מיט קיינע שאָטנס אין ערגעץ אין דעם פאַרשפּרייטן מאַטן שטראַלן וואָס האָט אַנטפּלעקט דעם גאָרטן וואָס איז ניט זיכטבאַר קיין איין מענטשן סיידן אין דער קורצער הפסקה צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג.

„וואָס, דאָס איז דאָך גראָף עמעריקס גאָרטן אין סטאַריזאַנד," זאָגט יורגען. „וואו איך פלעג אַזוי פיין פאַרברענגען ווען איך בין געווען אַ ליאָדע בחור׳ל."

„איך וועל וועטן," האָט נעסוס געזאָגט, „אַז דו פלעגסט ניט שפּאַצירן איינער אַליין אין דעם גאָרטן."

„מממ... ניין; עס איז דאָרט געווען אַ מיידל."

„ריכטיק," האָט נעסוס צוגעשטימט. „עס איז אַן אָרטלאַכע תקנה: און דאָ זיינען פאַראַן יענע וועלכע היטן זי אָפּ."

ווייל איצט איז געקומען צו זיי, שפּאַצירנדיק צוזאַמען אין דעם טאָגן, אַ פיין אינגל און מיידל. און דאָס מיידל איז געווען

אומגלויבלאך שיין, ווייל יעדער איינער אין דעם גארטן האט זי געזען מיט דער איינבילדונג פון דעם אינגל וועלכער איז געווען מיט איר.

„איך בין רודאלף," האט דאס אינגל געזאגט. „און זי איז אן."

„און ביסטו גליקלאך דא?" האט יורגען געפרעגט.

„א, זיכער, מיין האר, מיר זיינען נשקשה'דיק גליקלאך: נאר אנס פאטער איז זייער רייך, און מיין מוטער איז ארים, אזוי אז מיר קאנען ניט זיין זייער גליקלאך ביז איך וועל ניט האבן אוועקגעפארן אין פרעמדע לענדער און צוריקגעקומען מיט א סך לאכן רופיעס און אכטיקע שטיקלאך."

„און וואס וועסטו טאן מיט אזויפיל געלט, רודאלף?"

„מיין פליכט, מיין האר, ווי איך זע זי. אבער איך קריג בירושה א פעלערהאפטע ראיה."

„איך ווינטש דיר גליק, רודאלף," האט יורגען געזאגט. „ווארים געווג אנדערע זיינען אין דיין לאגע."

דאן איז צוגעקומען צו יורגענען און דעם צענטאוור אן אנ־דער אינגל מיט דער קליינער בלויאויגיקער פערזאן פון וועלכער ער איז געווען אנטציקט. און דאס פעטע פויל־שיינבארע אינגל האט זיי באנאכריכט אז ער און דאס מיידל וועלכע איז געווען מיט אים האבן געשפאצירט אין גלאזור פון דעם רויטן גארטשיצעפלעשל. וואס האט זיך יורגענען געדאכט צו זיין קוידעריש: און דאס פעטע אינגל האט געזאגט אז ער און דאס מיידל האבן באשלאסן ניט צו וואקסן עלטער, וואס ווי יורגען האט געזאגט איז געווען אויסגעצייכנט אויב נאר זיי וואלטן עס געקאנט אויספירן.

„א, איך קאן דאס אויספירן", האט דאס פעטע אינגל גע־זאגט, נאכדענקנדיק. „אויב איך געפין נאר ניט דאס אויספירן עס פאר אומבאקוועם."

יורגען האט פאר א רגע אים באאבאכט, און דאן אים ערנסט געדריקט די האנט.

„איך פיל דיר מיט", האט יורגען געזאגט. „ווייל איך פאר־שטיי אז דו, אויך, ביסט אן אומגעהייער געשיקטער יונג; אזוי אז דאס לעבן וועט דיך בייקומען."

„אבער איז דען ניט געשיקטקייט די הויפטזאך, מיין האר?"

„די צייט וועט דיר שוין באווייזן, מיין יונג," זאגט יורגען, עטוואס פארטרויערט. „איך ווינטש דיר גליק, ווייל געווג אנדערע זיינען אין דיין לאגע."

און אַ טשאַטע אינגלאַך און מיידלאַך האָט יורגען געזען אין גאָרטן. און אַלע פּנים׳ער וואָס יורגען האָט געזען זיינען געוועזן יונג און פריידיק און זייער ליבווירדיק און האַרצוואַרעמדיק זיכער מיט זיך, אַלס יונגע נפשות אָן צאָל זיינען געקומען צו יורגענען און אים פאַרבייגעגאַנגען דאָרט, אין דעם ערשטען שאַריען אויף טאָג: אַזוי זיינען זיי אַלע געגאַנגען טריאומפירנדיק אין רום פון זייער יוגנט, און פאַרוויסווייסנדיק אַז דאָס לעבן איז אַ מינדערווערטיקער קענגער פון וועמען מען קאָן נעמען זייער לייכט אַלץ וואָס עס פאַרגלוסט זיך. און אַלע זיינען פאַרבייגעגאַנגען אין פאָרלאַך — „אַזוי ווי זיי וואָלטן געקומען פון דער תבה," האָט יורגען געזאָגט. אָבער דער צענטאַוור האָט געזאָגט אַז זיי האָבן נאָכגעפאָלגט אַ פרעצעדענט וואָס איז געווען פיל עלטער ווי די תבה.

„ווייל אין דעם גאָרטן," האָט דער צענטאַוור געזאָגט, „האָט יעדער מענטש וואָס האָט ווען געלעבט זיך אויפגעהאַלטן אַ קורצע ווײַלע, אָן וואָסער חבר׳שאַפט אויסער זיינע אילוזיעס. איך מוז דיר זאָגן נאָכאַמאָל אַז אין דעם גאָרטן באַגעגנט מען ניט קיין אַנדערע סיידן איינגעבילדעטע באַשעפענישן. און בראַווע פאַרשוינען פאַרברענגען דאָ זייער פאַרווײַלונג־שעה, און גייען פונדאַנען אומבאַגלייט צו ווערן ראַטמענער און בכבוד׳יקע געשעפטסלייט און גייסטלאַכע, און צו ווערן באַוואונדערט אַלס הויפּטלייט אויף שפּרינגענדיקע פערד, אָדער אפילו אַלס מלכים אויף הויכע טראָנען; יעדער אין זיין גראַד ניט דענקענדיק מער גאָר פון דעם גאָרטן קיינמאָל. אָבער אַמאָל קומען שרעקעדיקע פאַרשוינען, יורגען, וועלכע האָבן מורא צו פאַרלאָזן דעם גאָרטן אָן אַ באַשיצער: אַזוי אַז זיי מוזען דאָך גיין פונדאַנען מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדער איינגעבילדעט באַשעפעניש, צו פירן זיי אַרום דורכגענג און בייוועגן. ווייל איינגעבילדעטע באַשעפענישן געפינען ווייניק נאַרונג אין עפּנטלאַכע לאַנדגאַסן, און מיידן זיי אויס. אַזוי מוזן די שרעקעדיקע פאַרשווינדלאַך זיך שלייכן אין דער פינסטער מיט זייערע שעמעוודיקע און מיסטרויאישע וועגווייזער, און זיי וואַגן ניט קיינמאָל פרייוויליק צו ריזיקירן אין די שווימלענדיקע ערטער וואו מענטשן קריגן פערד און בויען טראָנען."

„און וואָס ווערט פון די שרעקעדיקע פאַרשוינען, צענטאַוור?"

„ב׳וויים, אַמאָל מאַכן זיי אַ תל פון פּאַפּיר, יורגען, און אַמאָל מאַכן זיי אַ תל פון מענטשלאַכע לעבנס."

„דאן זיינען זיי פארשאלטענע מענטשן", האט יורגען באטראכט.

„דו קערסט וויסן אמבעסטן," האט דער צענטאוור געענט־פערט.

„א, ווארשיינלאך", האט יורגען געזאגט. „דערווייל, אט האסטו איינע וועלכע שפאצירט אליין אין דעם גארטן, און איך וואונדער זיך צו זען די ארטלאכע תקנות אזוינאך פארשוועכט".

איצט האט נעסוס געקוקט אויף יורגענען פאר א ווײלע ניט רעדנדיק: און אין די אויגן פון דעם צענטאוור איז געווען אזוי־פיל באגרייפלאכקייט און מיטלייד אז עס האט יורגענען געקוועלט. ווייל עפעס האט עס יורגענען געמאכט אומרואיק און באטראכטן דאס פאר אן אומאנגענעם פערזענלאכן אופן פון קוקן אויף וועמען ניט איז.

„יא, זיכער", האט דער צענטאוור געזאגט, „די פרוי שפאצירט אליין. אבער עס איז ניטא קיין הילף פאר איר איינזאמקייט. זינט דער יונג וואס האט ליב געהאט די פרוי איז טויט."

„נעסוס, איך בין באדייט עס זאל מיר מיט יושר לייד טאן דערפאר. דאך, איז עס גויטיק אראפצולאזן אזוי שרעקלאך די נאז? נאכאלעמען, א סך אנדערע מענטשן זיינען געשטארבן, אויף און אפ. און כאטש איך וואלט געקאנט דרינגען פארקערט, האט דאך דער יונגערמאן געמעגט זיין ניט קיין באזונדערער פארלוסט פאר קיי־נעם."

ווידער האט דער צענטאוור געזאגט, „דו קערסט וויסן אמ־בעסטן."

## 4. די דאראטי וועלכע האט ניט פארשטאנען

ווייל איצט איז צו יורגענען און דעם צענטאוור געקומען א גאלדהאריקע פרוי, געקליידט אינגאנצן אין ווייסן, און שפאצירנ־דיק אליין. זי איז געווען שלאנק און רייצנד און צארט אין אויס־זען: און עס איז ניט געווען דער בלוט־און־מילך רייץ פון פילע פרויען וועלכע זיינען געווען בארימט פאר שיינקייט, נאר ניכער האט זי פארמאגט דעם דורכזיכטיקן גלאנץ פון עלפאנטביין. איך נאז איז געווען גרויס און הויך אין שטעג, איר בויגזאם מויל איז געווען ניט פון די קלענסטע: און דאך, וואס אימיצער אנ־דערש וואלט געווען געקאנט זאגן, איז פאר יורגענען דער פרויס אויסזען געווען אין אלעמען פולקאם; פילייכט דערפאר וואס

ער האָט זי קיינמאָל ניט געזען ווי זי איז געווען. וואָרים זיכער איז דער קאָליר פון אירע אויגן פאַרבליבן אַ פאַרבאָרגענע זאַך פאַר אים: גרוי, בלוי אָדער גרין, שווער געווען צו פאַסן: זיי האָבן זיך גע־ ענדערט ווי עס טוט דער ים; אָבער שטענדיק זיינען די אויגן געווען רייצנד און פריינטלאַך און באַאומרועגדיק.

יורגען האָט זיך דערמאָנט אין דעם: ווייל יורגען האָט גע־ זען אַז דאָס איז גראָף עמעריקס צווייטע שוועסטער. דאָראָטי לאַ דעזירע, וועמען יורגען האָט זייער לאַנג צוריק (אַ שיין ביסל יאָרן איידער ער האָט באַגעגנט פרוי ליזאַ און אַריין אין געשעפט אַלס מלוה) באַזונגען אין אומצייליקע פערזן אַלס באַגער פון זיין האַרץ.

„און דאָס איז די איינציקע פרוי וועמען איך האָב ווען ליב געהאַט," האָט זיך יורגען דערמאָנט, גאָר פלוצים. וואָרים מענטשן קאָנען ניט אַלעמאָל דענקען פון די זאַכן. האָט ער זי באַגריסט מיט אַזאַ אַפּשיי ווי עס קומט אַ גרעפין פון אַ קרעמער, און דאָך מיט אומפאַרגעסענע ציטערס דערוואַכנדיק אין זיין סאָלידן גוף. אָבער דאָס זונדערבאַרסטע איז נאָך אַלץ געווען פאַרויס, וואָרים ער האָט איצט באַמערקט אַז דאָס איז ניט געווען קיין שיינע פרוי אין מיטעלע יאָרן נאָר אַ יונג מיידל.

„איך פאַרשטיי ניט", האָט ער געזאָגט אין דער הויך: „ווייל דו ביסט דאָראָטי. און דאָך ווייזט זיך מיר אויס אַז דו ביסט ניט די גרעפין דאָראָטי וועלכע איז העטמאַן מייקלס ווייב."

און דאָס מיידל האָט אַ טרייסל געטאָן איר בלאָנדן קאָפּ, מיט יענער אומפאַרזיכטיקער רייצנדער באַוועגונג וואָס די גרעפין האָט פאַרגעסן. „העטמאַן מייקל איז גוט גענוג, אַלס נאָבלמאַן, און מיין ברודער שטייט צו מיר צו טאָג ווי נאָכט אים צו הייראַטן: און זיכער וועט העטמאַן מייקלס ווייב אַרומגיין אין אַטלעס און אין דימענטן איבער אַ העלפט פון די הויפן אין קריסטנטום, מיט פילע משרתים צו באַדינען איר. אָבער איך וועל אַזוינאָך ניט געקויפט ווערן."

„אַזוי האָסטו געזאָגט אַ אינגל וועמען איך געדענק, זייער לאַנג צוריק. דאָך האָסטו געהייראַט העטמאַן מייקל, נאָך דעם אַלעמען, און אין אַנגעזיכט פון אַ צאָל אַנדערע פיינע באַקאַנטמאַ־ כונגען."

„אָ, ניין, ניט איך," האָט די דאָראָטי געזאָגט, וואונדערנדיק זיך. „איך האָב קיינמאָל ניט געהייראַט וועמען, און העטמאַן מייקל האָט אויך קיינמאָל ניט געהייראַט וועמען, ווי אַלט ער איז. וואָ־

רים ער איז אכט־און־צוואַנציק, און זעט עס אויס! אָבער ווער ביסטו, פריינד, וועלכער האָט אַזעלכע מאָדנע איינפאַלן וועגן מיר?"

"די פראַגע וועל איך ענטפערן, פונקט ווי זי וואָלט געשטעלט ווערן געהעריק. ווייל געווים פאַרשטייסטו אַז איך בין יורגען."

"איך האָב קיינמאָל ניט געקענט מער ווי איין יורגען. און ער איז אַ יונגערמאַן, קוים אַרויס פון די אינגלישע יאָרן." — דאָן ווי זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין רעדן, וואָס עס זאָל האָבן געווען זיין די אנגעלעגנהייט וועגן וועלכער דאָס מיידל האָט איצט גע־טראַכט, האָבן אירע באַקן זיך צאַרט קאָלירט פון דעם געדאַנק, און אין איר וויסן פון דער זאַך האָבן אירע אויגן אומענדלאַך זיך געפרייט.

און יורגען האָט פאַרשטאַנען. ער איז צוריקגעקומען ווי־עס־איז צו דער דאָראָטי וועמען ער האָט ליב געהאַט: נאָר אָפּגע־שיידט, און אוממעגלאַך געכאַפּט צו ווערן פון די פלינקע קלויען פון צענטאַוורן, איז געווען דאָס אינגל וואָס האָט אַמאָל ליב גע־האָט די דאָראָטי, און וועלכער האָט געמאַכט גראַמען וועגן איר אַלס באַגער פון זיין האַרץ: און אין גאָרטן איז פון דעם אינגל ניט געווען קיין זכר. אַנשטאָט, האָט דאָס מיידל גערעדט צו אַ געזעצטן און בייכיקן מלוה, פון פערציק־מיט־אַ־שמיץ.

האָט יורגען אַ ציי געטאָן מיטן אַקסל, און געקוקט אין צענ־טאַוורס ריכטונג: אָבער נעסוס האָט געשייט אַוועקגעוואַנדערט פון זיי, זוכנדיק פיר־בלעטערדיקע קליי־פלאַנצן. דער מזרח איז איצט געוואָרן העלער, און זיין שאַרלאַך האָט זיך גענומען פאַרבן מיט גאָלד.

"יאָ, איך האָב געהערט וועגן דעם אַנדערן יורגען," זאָגט דער מלוה, "אָ, מאַדאַם דאָראָטי, אָבער ער איז עס געווען וועלכער האָט דיך ליב געהאַט!"

"ניט מער ווי איך האָב אים ליב געהאַט. אַ גאַנצן זומער האָב איך אים ליב געהאַט."

און וויסנדיק אַז דאָס מיידל האָט געזאָגט אַ וואונדערבאַרן אמת האָט יורגען איצט דערפילט אַ פרייד, וואָס איז געווען שאַרף ווי ווייטיק. און ער איז געשטאַנען באַוועגלאָז פאַר אַ ווייל, שטשירענדיק און בייסנדיק די ליפּן.

"איך וואונדער זיך ווי לאַנג דער אָרימער קערל האָט דיך ליב געהאַט. עס קאָן זיין אַז ער האָט דיך אויך ליב געהאַט אַ גאַנצן זומער. און, ווידעראַמאָל, איז מעגלאַך אַז ער האָט דיך ליב געהאַט זיין גאַנץ לעבן. צוואַנציק יאָר און מער ווי צוואַנ־

ציק יאָר האָב איך געשטרייט ווענן דער האַרבער אַנגעלעגנהייט: און איך בין פּונקט אַזוי באַהאַוונט ווי ווען איך האָב אָנגעהויבן.“

„אבער, פריינד, דו רעדסט רעטענישן.“

„איז דאָס ניט דער סדר ווען די עלטער רעדט מיט דער יוגנט? ווארים איך בין אַ באַיאָרטער מאַן, און די פּערציקער: און דו ווי איך ווייס איצט, ביסט קרוב צו אַכצן, — אָדער, בעסער געזאָגט, פיר חדשים קנאַפּ צו זיין אַכצן, ווייל עס איז אַווגוסט, וואָס זאָג איך, מער, עס איז אַווגוסט פון אַ יאָר וואָס איך האָב ניט דערוואַרט ווען צו זען נאָכאַמאָל; און איבעראַמאָל רעגירט דאָס מאַגועל איבער אונדז, דער אייזנשטאַרקער מאַן ווענמען איך האָב געזען שטאַרבן אַזוי שוידערלאַך. דאָס אַלץ זעט אויס אומוואַרשיינלאַך.“

דאַן האָט יורגען מעדיטירט פאַר אַ ווייַלע. ער האָט אַ ציגעטאָן מיטן אַקסל.

„נו, און וואָס האָט אימיצער געקאָנט דערוואַרטן פון מיר איך זאָל טאָן? ווי־אַרום איז געשען אַז איך, וועלכער בין בלויז דער שאָטן פון וואָס איך בין געווען, שפּאַציר איצט צווישן די שאָטנס, און מיר שמועסן אין די דינע אינטאָנאַציעס פון טויטע מענטשן. ווארים, מאַדאַם דאָראָטי, דו וועלכע ביסט נאָך ניט אַכצן, דאָ איז דעמזעלבן גאָרטן איז געווען אַמאָל אַ אינגל וואָס האָט ליב געהאַט אַ מיידל, מיט אַזאַ ליבע וואָס פאַרוואונדערט מיך צו דערנקען ווענן דעם איצט. איך גלויב אַז זי האָט אים ליב געהאַט. יאָ, געווים איז עס אַ שטאַרקונג פאַר דעם מידן און צעשלאָגענעם האַרץ וואָס פּומפּעט ביי היינטיקן טאָג בלוט פאַר מיר צו דערנקען אַז פאַר אַ קליינער ווייַלע, פאַר אַ גאַנצן זומער, זיינען די צוויי געווען אַזאַ בראַוו און שיין און ציכטיק פאַר געליבטע ווי די וועלט האָט ווען געקענט.“

אַזוי האָט יורגען גערעדט. אָבער געדענקט האָט ער אַז דאָס איז געווען אַ מיידל וועמעס גלייכן פאַר רייץ און אַנטציקונג איז ניט צו געפינען צווישןביידע אָקעאַנען. לאַנג און לאַנג צוריק האָט די צווייפלהאַפטיקייט ווענן זיך, וואָס איז אים געווען נענטער ווי זיין הויט, באַאומרואיקט יורגענען אין דעם גלויבן אַז די דאָראָטי וועלכע ער האָט ליב געהאַט איז געווען בלויז אַ טייל פון זיינע איינבילדונגען. אָבער דאָס מיידל איז זיכער געווען רעאַל. און זים איז זי געווען, און אומשולדיק איז זי געווען, און העלהאַרציק און פלינקפיסיק, איבער דער מאָס פון וואָס פאַראַ מענטשנס דער־

פינדערישקייט. ניין, יורגען האָט זי ניט גלאַט אויסגעטראַכט ; און עס האָט מאָדנע צופרידנגעשטעלט צו וויסן דאָס.

„דערציילל מיר דיין געשיכטע, מיין האַר," זאָגט זי, „ווייל איך בין פאַרליבט אין אַלע ראָמאַנען."

„אַך, מיין טייער קינד, אָבער איך קאָן דיר ניט זייער גוט דערציילן בלויז וועגן וואָס עס איז זיך פאַרלאָפן. ווי איך בליק צוריק, איז עס אַ בלענדנדיקע גלאַריע פון גרינע פעלדער און לאַנגקעס און לבנה־באַלויכטענע נעכט און טאַנצמוזיק און אוממעסיקן געלעכטער. איך געדענק אירע האָר און אויגן, און דאָס בויגן און פילן פון איר רויט מויל, און איינמאָל ווען איך בין געווען דרייסטער ווי אַלגעמיין — אָבער דאָס איז קוים ווערט אויפצושאַרן ביי היינטיקן טאָג. אַלזאָ, איך זע די זאַכן אין מיין געדעכעניש אַזוי איינפאַך ווי איך דאַכט מיר איצט צו זען דיין געזיכט: אָבער איך קאָן זיך קוים דערמאָנען וואָס זי האָט געזאָגט. פיליכט איצט אַז איך דערינער זיך אין דעם, איז זי ניט געווען קיין גרויסע חכמה און האָט ניט געזאָגט עפּעס ווערט צו געדענקען. אָבער דאָס בחור'ל האָט איר ליב געהאַט, און איז געווען גליקלאַך, ווייל אירע ליפּן און איר האַרץ זיינען געווען זיינע, און ער, ווי מען זאָגט, האָט אָפּגעריסן אַ דימענט פון דער וועלטס רינגל. פאַרוואָר, זי איז געווען אַ גראַפס אַ טאָכטער און די שוועסטער פון אַ גראַף. נאָר אין יענע צייטן האָט דער יונג גאַנץ באַשטימט גערעכנט צו ווערן אַ דוקס אָדער אַ קייסער אָדער עפּעס פון דעם מין, דערפאַר האָט די איבערגעגנלאָכע פאַרשידנקייט אים ניט געקימערט".

„איך ווייס. זיכער, אויך יורגען וועט זיין אַ דוקס," זאָגט זי, זייער שטאָלץ, „כאָטש ער האָט געדענקט, אַ שטיק צייט פאַר דעם, איידער ער האָט מיך געקענט, צו ווערן אַ קאַרדינאַל, צוליב די צערעמאָניע קליידער. אָבער קאַרדינאַלן איז ניט דערלויבט צו הייראַטן, פאַרשטייסט — און איך הייב אויך אָן צו פאַרגעסן דיין געשיכטע ! וואָס האָט דאָן פּאַסירט ? "

„זיי האָבן זיך צעשיידט אין סעפּטעמבער — מיט וואָס פאַראַ פאַרשפּרעכונגען מאַכט קוים אויס איצט — און דאָס אינגל איז אַוועק קיין גאַטינע, אויסמענטשלען זיך אין דער דינסט פון דעם אַלטן ווידאַם דע סאָיקור. און דערווייל — אַ, אַ היפּשע ווילע פאַר ווייַנאַכטן — איז אָנגעקומען די נייעס אַז דאָראָטי לאַ דעזירע האָט געהייראַט דעם רייכן העטמאַן מייקל."

„אָבער אַזוי רופט מען דאָך מיך ! און ווי דו ווייסט איז פאַ־

ראַן אַ העטמאַן מייקל וועלכער פאַרפאַלגט מיך. איז עס ניט זונ־דערבאַר! ווייל דו דערציילסט מיר אַז דאָס אַלץ האָט זיך פאַר־לאָפן אַ לאַנגע צייט צוריק."

„ווירקלאַך, די געשיכטע איז זייער אַלט, און אַלט איז זי געוועזן ווען משותלח'ן האָבן זיך געשניטן ציינדלאַך. עס איז ניטאָ קיין עלטערע און צוגענגלאַכערע געשיכטע אין ערגעץ. אַלס רע־זולטאַט, וואָלט עס געוועזן העלדיש צו דערציילן דיר אַז דעם אינגלס לעבן איז געוואָרן רואינירט. אָבער איך דענק ניט אַז עס איז געוואָרן. אַנשטאָט, האָט ער פּלוצים דערפאַרן דאָס וואָס איז צו איין־און־צוואַנציק באַרוישנדיק וויסן. דאָס איז געוועזן די שעה וואָס האָט אים געלערנט לייד און צאָרן און שפּאָט, אויך, אַלס אַ דערלייזונג. אָ, עס איז געוועזן שוצגעווער וואָס די שעה האָט אים געבראַכט, און אַ הומאָר צו באַנוצן עס, וואָרים קיין פרוי האָט איצט ניט געקאָנט אים ערנסט ווי טאָן. ניין, קיינמאָל ניט מער!"

„אָך, דער אָרימער יונג!" האָט זי געזאָגט געטלאַך צאַרט, און שמייכלענדיק ווי אַ גוטן שמייכלט, ניט דורכאויס לוסטיק.

„אַלזאָ, פרויען ווי ער האָט געוואוסט פון דערפאַרונג איצט, זיינען געוועזן די אַנגענעמסטע מיטשפּילער. האָט ער אָנגעהויבן שפּילן. אַרומטרייבנדיק זיך דורך דער וועלט איז ער געגאַנגען אין דעם שטאָלץ פון זיין יוגנט און אין דעם שוצגעווער פון זיין וואונד. און לידער האָט ער געמאַכט פאַר דעם פאַרגעניגן פון מלכים, און שווערדקונצן האָט ער געמאַכט פאַר דעם פאַרגעניגן פון מענער, און אַ שושקען האָט ער געמאַכט פאַר דעם פאַרגעניגן פון פרויען, אין פּלעצער וואו רום איז געווען, און וואו ער האָט געטראָטן דרייסט, געבנדיק פאַרגעניגן יעדן איינעם, אין יענע וואוילע צייטן. אָבער דאָס שושקען, און אַלץ וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם שושקען, איז געוועזן זיין בעסטע שפּיל, און די שפּיל האָט ער באַטריבן פאַר דער לענגסטער צייט, מיט פילע העלקאַלירטע מיטשפּילערנס וועל־כע האָבן גענומען די שפּיל ערנסטער ווי ער. און זייער גלויבן אין דער שפּילס נוצלאַכקייט, און אין אים און זיין הויכקלינגענדיקן אומזין, האָט ער זייער אָפט געפונען פאַר אַמוזאַנט: און פון זייער אַנדער האַבנגוטס אויך האָט ער געשעפּט זיין נאַטירלאַכן פאַרגעניגן. דאָן, ווען ער האָט געהאַט גענוג אָנגעשפּילט זיך, האָט ער געהאַלטן אַ באַראַטונג מיט פאַרשידענע פאַרבלאַסטע אָפּע־טיטן; און ער האָט געהייראַט די רייצנדע טאָכטער פון אַ ווירדיקן מלוה אין אַ גאַנץ נשקשה'דיקן געשעפט. און ער האָט געלעבט מיט זיין פרוי אַזוי גוט ווי צוויי מענטשן לעבן געוויינלאַך צוזאַמען.

אזוי, ארום און ארום, וואלט איך ניט געזאגט אז זיין לעבן איז רואינירט געוואָרן".

„פּאַרוואָס, זיכער יאָ." האָט דאַראָטי געזאָגט. זי האָט זיך באַוואויגן אומרואיק, מיט אַן אומגעדולדיקן זיפץ; און מען האָט געזען אַז זי איז געווען אין אַן אומבאַשטימטער פאַרלעגנהייט. „אָ, אָבער ווי עס איז דענק איך אַז דו ביסט אַ שווידערלאַכער זקן: און דו ביסט טאָפּלט שרעקלאַך אין דעם בלישטשענדיקן מאָדנעם בגד וואָס דו טראָגסט."

„קיין פרוי האָט ווען עס איז געלויבט אַז אנדער פרוים האָנטאַרבעט, און אין באַצוג צו אייגענער איז יעדע פון אייך איבערהויפּט שטרענג. אָבער דו אונטערברעכסט די זאָגע."

„איך זע ניט" — און די גרויסע ליכטיקע אויגן, פון וועלכע דער קאָליר איז געווען אַזוי אומבאַשטימבאַר און טייער יורגענען, האָבן אויסגעוויזן אַפילו גרעסער איצט — „אָבער איך זע ניט ווי עס קאָן נאָך זיין עפּעס מער."

„דאָך, לעבן מענטשן איבער די בענטשונג פון דעם גייסטלאַכן, ווי דו קאָנסט באַמערקן יעדן טאָג. דער מאַן, ווייניקסטנס, האָט גע'ירש'נט זיין שווערס געשעפט, און האָט עס געפונען, כמעט ווי ער האָט פאַרויסגעפּילט, אַלס דעם פּאָסיקסטן באַרוף פאַר אַ סקאַפּירטן דיכטער. און אַזוינאַך, מאָל איך מיר, איז ער געווען צופרידן. אַך, יאָ, אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט העטמאַן מייקל זיך צוריקגעקערט פון ווייטע וועלטטיילן, מיט זיינע באַדינער, און זילבערגעשיר, און קאָסטן אויף קאָסטן מיט וואַרע, און זיינע פערד. און זיין ווייב. און ער, וועלכער איז געווען איר געליבטער, האָט איר געקאָנט זען איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן, ווען נאָר ער האָט געוואָלט. זי איז געווען אַ רייצנדע פרעמדע פרוי. דאָס אַלץ. זי איז גיכער געווען נאַריש. זי איז געווען לחלוטין ניט מערקווירדיק, אַזוי צי אַזוי. דער רעספּעקטאַבעלער מלוה האָט דאָס געזען זייער איינפאַך; טאָג נאָך טאָג האָט ער זיך געקנייטשט און געקרימט וויסנדיק דאָס. ווארים ווי איך מוז דיר זאָגן, האָט ער ניט געקאָנט זיך האַלטן רואיק אין איר אַנוועזנהייט, אַפילו איצט. ניין, ער האָט דאָס קיינמאָל ניט געקאָנט."

דאָס מיידל האָט עטוואָס צוזאַמענגעפּרעסט אירע ברעמען איבער דעם באַריכט. „מיינסט צו זאָגן אַז ער האָט זי אַלץ ליב געהאַט. נו, געוויס!"

„מיין קינד," זאָגט יורגען מיט אַ מאָדלדיקן ווייזפינגער. „דו ביסט אַן אומהיילבאַרע ראָמאַנטיקערן. דער מאַן האָט זי פיינט

געקראָגן און זי פאַראַכט. יעדנפאַלס האָט ער זיך פאַרזיכערט אַז אַזוי איז עס. נו, אַפילו אַזוינאַך, האָט די רייצנדע נאַרישע פרעמדע פרוי געפאַנגען זיין אויג, און געפּלאָנטערט זיינע געדאַנקען, און אַריינגעשטעלט גרייזן אין זיינע רעכענונגען; און ווען ער האָט באַרירט איר האַנט איז ער ניט געשלאָפן די נאַכט ווי ער פלעגט שלאָפן. אַזוינאַך האָט ער זי געזען, טאָג נאָך טאָג. און מען פלעגט מורמלען אַז די רייצנדע און נאַרישע פרעמדע פרוי האָט געהאַט אַ נייגונג צו יונגעלייט וועלכע פלעגן איר העלפן כיטרע אָפּצונאַרן איר מאַן. אָבער זי האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן אַזאַ גונסט דעם רעספּעקטאַבעלן מלוה. וואָרים די יוגנט איז אַוועק פון אים, און עס האָט זיך געדאַכט אַז קיין אויסערגעוויינלאַכס האָט ניט פּאַסירט. אַלזא, דאָס איז געווען זיין זאָגע. ווען איך ווייס איך ניט. און איך וועל קיינמאָל ניט וויסן. אָבער זי האָט זיכער געקראָגן דעם נאָמען פון אָפּנאַרן העטמאַן מייקל מיט צוויי יונגעלייט, אָדער מיט פינף יונגעלייט, מעגלאַך. אָבער קיינמאָל ניט מיט אַ רעספּעקטאַבעלן מלוה."

„איך דענק אַז דאָס איז אַן אויסערארדנטלאַך ציניש און נאַרישע געשיכטע," האָט דאָס מיידל באַמערקט. „און אַזוינאַך וועל איך גיין זוכן יורגענען. וואָרים ער דערקלערט זיך אין ליבע זייער אַמוזאַנט," זאָגט דאָראָטי, מיט דעם זיסטן, רייצנדסטן פאַרקלערטן שמייכל וואָס איז ווען פאַרלוירן געגאַנגען דעם הימל.

און אַ פאַרווירונג איז געקומען אויף יורגענען, דאָרט אין דעם גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג, און אַ ניט גלויבן אין אַזאַ אומגערעכטיקייט וואָס האָט זיך געדאַכט צו זיין אומגלויבלאַך.

„ניין, באַגער פון מיין האַרץ", האָט ער אויסגעשריען, „איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן. וואָרים דו ביסט טייער און ריין און טריי. און מיין גאַנצער בייזער חלום, אין וועלכן דו ביסט געווען אויסגעלאָסן און מיך באַטריגט, איז ניט געווען וואָר. זיכער, מיין חלום קאָן קיינמאָל ניט זיין וואָר אַזוי לאַנג ווי עס איז פאַראַן אַ ביסל גערעכטיקייט אויף דער ערד. וואָס זאָג איך, עס איז ניטאָ קיין דענקבאַרער גאָט וועלכער וואָלט דערלויבט אַ אינגל באַרויבט צו ווערן פון דעם וואָס איז אין מיין בייזן חלום אַנטנומען געוואָרן פון מיר."

„און דאָך קאָן איך ניט פאַרשטיין דיינע רייד, ווען דעם חלום דיינעם — !"

„פאַרוואָס, עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך האָב פאַרלוירן מערסטנס פון זיך; און עס איז געבליבן נאָר אַ מאָרד וואָס האָט

געשפּילט מיט באַגריפן, און אַ קערפּער וואָס איז זיך געגאַנגען דעליקאַט איבער אַנגענעמע שטראָזן. און איך האָב ניט געקאָנט גלויבן, ווי מײַנע מיטמענטשן האָבן געגלויבט, אויך האָב איך ניט געקאָנט זיי ליב האָבן, ווי אויך האָב איך ניט באַמערקט עטוואָס אין אַלעמען וואָס זיי האָבן געזאָגט אָדער געטאָן אויסער זייערע איבערשטייגנדיקער טפּשות; ווארים איך האָב פאַרלוירן זייערע האַרציקן צוגענגלאַכן גלויבן אין דער וויכטיקייט פון וואָס פּאַרא נוץ זיי האָבן געמאַכט פון האַלבע שעה'ן און חדשים און יאָרן; און ווײַל אַ קאַקעטקע האָט געהאַט אויפגעעפנט מײַנע אויגן אַזוי אַז זיי האָבן דערזען צופיל, האָב איך פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער וויכטיקייט פון מײַנע אייגענע האַנדלונגען אויך. עס איז געווען אַ קליינע צייט דער גאַנג פון וועלכער וואָלט געקאָנט געמאַכט ווערן פאַר ניט אומדערטרעגלאַך; פון יענער זייט האָט געגענעצט אומפאַרויסזעבאַרע פינסטערניש; און דאָס איז געווען אינגאַנצן וואָס איז געווען זיכער ערגעצוואו. איצט זאָג מיר, באַגער פון מײַן האַרץ, איז דאָס ניט געווען אַ נאַרישער חלום? ווײַל די זאַכן האָבן קיינמאָל ניט פּאַסירט. וואָס, עס וואָלט ניט געווען יושר'דיק ווען די זאַכן זאָלן אַמאָל געווען געשען!"

און דעם מיידלס אויגן זײַנען געווען ברייט צעעפנט און צעפלאַנטערט און אַ ביסל דערשראָקן. „איך פאַרשטיי ניט וואָס דו זאָגסט. און עס איז עפּעס אַזוינס פאַראַן אַרום דיר וואָס קימערט מיך אומאויסשפּרעכלאַך. ווארים דו רופסט מיך מיט דעם נאָמען וואָס קיינער אויסער יורגענען האָט מיך ניט גערופן, און עס דאַכט מיר אַז דו ביסט יורגען; און דאָך ביסטו ניט יורגען".

„אָבער איך בין ווירקלאַך יורגען. און זע, איך האָב געטאָן דאָס וואָס קיין מאַן האָט קיינמאָל פריער ניט געטאָן. ווארים איך האָב זיך צוריק דערוואָרבן צו דער ערשטער ליבע וואָס יעדער מאַן מוז פאַרלירן, ניט אַכטנדיק ווען ער הייראַט. איך בין צוריקגעקומען אויפסניי, פאַרבייפליענדיק שנעל איבער דעם קבר פון אַ חלום און דורך דער בייזוויליקייט פון צייט, צום באַגער פון מײַן האַרץ! און ווי מאָדנע עס דערשיינט וואָס איך האָב ניט געוואוסט אַז די זאַך איז אומפאַרמײַדלאַך!"

„פונדעסטוועגן, פרײַנד, פאַרשטיי איך דיך ניט."

„פאַרוואָס, און איך האָב געוויילט און געערגערט זיך אין פאַרבאַרייטונג צו עפּעס אַ גרויסער און שיינער זעלטענער פּאַסירונג וואָס האָט געזאָלט טרעפן מיט מיר העט־העט שפּעטער, און פאַרבלענדעטערהייט האָב איך זיך באַמיט פאַרויס. ווײַל הינטער מיר

איז די גאַנצע צייט געווען דער גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג. און דאָרט האָסטו מיך דערוואָרט! נו, זיכער, דאָס לעבן פון יעדן מענטשן איז אַ זונדערבאַר געפורמטע געשיכטע אין וועלכער די ריב־טיקע און פאַסיקע ענדע קומט צוערשט. נאָכדעם לויפט די צייט פאָרויס, ניט ווי שול־לערער פאַבלען אין אַ גלייכער ליניע, נאָר אין אַן אומגעהייערן פאַרמאַכטן קרייז, צוריקקערנדיק צו דעם אָרט פון איר אָנהויב. און עס איז דורך אַ טונקעלן פאַרויסוויסן דער־פון, דורך עפּעס אַ בלאַסער פאָרויסזעאונג פון גערעכטיקייט און פאַרגיטונג וואָס ווערט זיי געגעבן שפּעטערצו, וואָס די מענטשן האָבן האַרץ צו לעבן. וואָרים איך ווייס איצט אַז איך האָב עס שטענדיק געוואוסט. צוליב וואָס נאָך האָט לעבן געטויגט סיידן עס זאָל מיך צוריקברענגען צו דיר?“

אָבער דאָס מיידל האָט אַ שאָקל געטאָן איר קליין בלישטשענדיק קעפּל, זייער פאַרטרויערט. „איך פאַרשטיי דיך ניט, און האָב מורא פאַר דיר. וואָרים דו רעדסט נאַרישקייטן און אין דיין גע־זיכט זע איך דאָס געזיכט פון יורגענען, ווי מען קאָן זען דאָס פּנים פון אַ טויטן דערטרונקענעם אין בלאָטיקן וואַסער.“

„דאָך בין איך ווירקלאַך יורגען און, ווי עס שיינט מיר, צום ערשטן מאָל זינט מיר האָבן זיך צעשיידט. ווייל איך בין שטאַרק און באַוואונדערונגסווערט — אפילו איך, וואָס האָב געשפּעט און געשפּאַסט אַזוי לאַנג, וואָרים איך האָב געדענקט וועגן זיך אַלס אַ זאַך פון לחלוטין קיין שום ווערט. דאָס וואָס איז געשען זינט מיר ביידע זיינען יונג געווען צוזאַמען איז אַ נעפּל וואָס פאַרגייט; און איך בין שטאַרק און באַוואונדערונגסווערט, און מיין גאַנץ וועזן איז אַן אומגעהייערער הונגער נאָך דיר, מיין טייערסטע, און איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן, וואָרים דו, און דו אַליין, ביסט מיין האַרצנס באַגער.“

איצט האָט דאָס מיידל געקוקט אויף אים זייער אויסגעהאַלטן, מיט אַ קליינעם פאַרלייגענעם שטערנקנייטש, און מיט אירע מונ־טערע יונגע ווייכע ליפּן עטוואָס צענומען. און איר גאַנצע ליבלאַכע צאַרטקייט איז געווען גלאָריפיצירט דורך דעם שיין פון הימל וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין שטויביק רעגנדיק גאָלד.

„אָך, אָבער דו זאָגסט אַז דו ביסט שטאַרק און באַוואונדערונגס־ווערט; און איך קאָן זיך בלויז חידוש'ן אויף אַזאַ מין רעדן. וואָ־רים איך זע דאָס וואָס אַלע מענטשן זעען.“

און דאַן האָט דאָראָטי אים געוויזן דאָס קליינע שפּיגעלע וואָס איז געווען צוגעהאָפטן צו דער לאַנגער קייט פון טורקוזענעם

מאַטריץ אַרום איר האַלדז; און יורגען האָט באַטראַכט דאָס דערשראָקענע נאַריש־פאַרעלטערטע געזיכט וואָס ער האָט געפונען אין דעם שפּיגעלע.

אומעטיקלאַך האָט געזונטער פאַרשטאַנד זיך צוריקגעקערט צו יורגענען: און זיין אויפבּרויז פון ליידנשאַפט איז אָפּגעשטאָרבן, און דער פיבער און שטורעם און דער ראַשיקער ווירבל פון זאַכן איז געווען געענדיקט, און דער מאַן איז געווען זייער מיד... און אין דער שטילקייט האָט ער געהערט דעם פּישטשענדיקן אויסרוף פון אַ פויגל וואָס האָט געשייגט צו זוכן דאָס וואָס ער האָט ניט געקאָנט געפינען.

„אַלזאָ, איך בין אָפּגעענטפערט,“ האָט דער מלוה געזאָגט: „און דאָך וויים איך אַז דאָס איז ניט דער לעצטער ענטפער. טייערער ווי וואָס פאַרא האַפנונג פון הימל איז געווען די רגע ווען ערפּורכטיקע השערות האָבן צוערשט דערוואַכט ווען דער נייער זונדערבאַרער ליבלאַכקייט וואָס איך האָב דערזען אין דאַראָטיס אַנבליק. עס איז געווען דאַן ווי איך האָב באַמערקט דעם נייעם בלאָסן גלאַנץ איבערציענדיק איר געזיכט פון קין ביז שטערן אַזוי אָפּט ווי מיינע אויגן האָבן באַגעגנט און געפונען נייע העלקייטן אין די שיינענדיקע אויגן וואָס זיינען ניט מער געווען אינגאַנצן פראַנק און פריי אין באַגעגנען מיינע. נו, זאָל זיין אַזוי, וואָרים איך האָב ניט ליב העטמאַן מייקלס ווייב.“

„עס טוט לייד צו געדענקען ווי אַזוי מיר האָבן נאָכגעפאָלגט דער ליבע, און געפונען איר דינסט פאַר ליבווירדיק. עס איז ביטער צו דערמאָנען זיך די זיסקייט פון די פאַרשפּרעכונגען וואָס האָבן זי דערקלערט פאַר מיינער אויף אייביק, — פאַרשפּרעכונגען וואָס זיינען פאַרלעצט געוואָרן בשעת מעשה דורך פאַרצוייגענע און אומפאַרגעסענע קושן. מיר פלעגן לאַכן פון העטמאַן מייקל דאַן; מיר פלעגן לאַכן פון אַלעמען. אַזוינאַך פאַר אַ ווייליע, פאַר אַ גאַנצן זומער, זיינען מיר געווען אַזאַ בראַוו און שיין און ציכטיק פאַר געליבטע וואָס די וועלט האָט ווען געקענט. אָבער, זאָל זיין אַזוי, וואָרים איך האָב ניט ליב העטמאַן מייקלס ווייב.

„אונדזער ליבע איז געווען שיין נאָר קורצדויערדיק. קיינער קאָן זי ניט אויפמונטערן זינט דאַראָטיס פיסלאַך האָבן צעטראָמפּלט דער קליינער ליבעס לעבן. דאָך ווען דאָס לעבן אונדזערס אויך איז פאַריבער — דאָס קאַרגלאַכע לעבן וואָס קאָן אונדז ניט באַוויליקן מער ליבע פאַר קיינעם — מוזן מיר זיך ניט דערווערבן צוריק, ווי־עס־איז, צו דער טרייהייט וואָס מיר האָבן געשוואוירן אין אַנ־

געזיכט פון דער אייביקייט? און זיין צופרידנגעשטעלט נאכאמאל. אין עפעס א העלקאלירט רייך? זיכער דענק איך אז עס וועט אזוי געשען. אבער, זאל זיין אזוי, ווארים איך האב נים ליב העטמאן מייקלס ווייב."

„זעסטו, דאס איז אויסגעצייכנט צו הערן," האט דאראטי באמערקט, „ווייל איך זע אז דו פארוואנדלסט דיין פיין אין דעם רויען מאטעריאל פון פערזן. טא וועל איך גיין זוכן יורגענען, זינט ער דערקלערט זיך אין ליבע גאנץ אנדערש און פיל אמוזאנטער."

און ווידער, וואס עס זאל האבן געווען זיין די אנגעלעגנהייט וועגן וועלכער דאס מיידל האט איצט געטראכט, האבן זיך אירע באקן קאלירט דענקענדיק דערפון, און אין איר באהאוונטקייט פון דער זאך האבן אירע אויגן געשעפט אומענדלאכע פרייד.

אזוי איז געשען פאר איין רגע בלויז: ווארים זי האט פארלאזן יורגענען, מיט דעם פריינטלאכסטן לייכטן מאד פון איר האנט; און אזוינאך אוועק פון אים, נים דענקענדיק וועגן דעם באיארטן מאן מער, ווי ער האט געקאנט זען, אפילו אין דער רגע ווען זי האט אוועקגעקערט פון אים. און זי איז אוועק צום טאנץ, זוכנדיק דעם יונגן יורגען וועמען זי, וועלכע איז געווען פולקאם אין אלעמען, האט ליב געהאט, כאטש בלויז פאר א קליינער ווייל, נים אומ־פארדינט.

## 5. פאדערונגען פון ברויט מיט פוטער

„נעסוס," זאגט יורגען, „און בין איך טאקי אזוי געענדערט? ווייל די דאראטי וועמען איך האב ליב געהאט אין דער יוגנט האט מיך נים דערקענט".

„גוטס און שלעכטס פירן זייערע פינקטלאכע רעכענונגען," האט דער צענטאוור געענטפערט, „און דאס געזיכט פון יעדן מענטשן איז זייער הויפטבוך. דערווייל גייט די זון אויף, עס איז שוין אן אנדער ארבעטסטאג: און ווען די שאטנס פון די צוויי וועלכע קומען איבערנעמען פאלן אינגאנצן איבערן גארטן, ווארן איך דיך, וועלן פאראורזאכט ווערן שטוינענדיקע ענדערונ־גען דורך די פאדערונגען פון ברויט מיט פוטער. דו האסט נים קיין צייט אויפצופרישן אלטע דערינערונגען דורך פלוידעריי מיט די אנדערע צו וועמען דו האסט געפלאפלט דא נים לאנג אין גארטן."

„אד, צענטאוור, אינם גארטן צווישן טאגן און זונאויפגאנג איז קיינמאל נים געווען קיינער אויסער דראטי לא דעזירע".

דער צענטאוור האט א צי געטאן מיטן אקסל. „עס קאן זיין אז דו פארגעסט; עס איז זיכער אז דו אונטערשאצסט די ארטלאכע באפעלקערונג. אייניקע פון די איבערגענגלאכע געסט האסטו געזען, און אין צוגאב וואוינען אין דער געגנט א קיילעכיק יאר אלערליי מינים איינגעבילדעטע באשעפענישן. די צוויבערנס וואוינען דא דרום צו, און די ערדגייסטער אויך. אין דיין רעכטער זייט איז דאס רייך פון די וואלקיריעס: די אמאזאנען און די פאוויאנען זיינען זייערע אליאירטע: אלע דריי פון די פעלקערשאפטן זיינען שטענדיק אין עקשנות'דיקער קעגנערשאפט מיט זייערע שכנים, די באבע יאגעס, פאר וועמען מארפעי קאכט, און וועמעס מאנארך איז אד, א פערזאן פון גרויסער געפאר אנצורופן ביים נאמען. אין צפון'זייט וואוינען די לעפראקאנען און די מענטשן פון הונגער, וועמעס קיניג איז קלאבהאר. מיין פאלק, וואס איז רעגירט פון כיראנען, וואוינט אפילו נאך ווייטער צפון צו. דער ספינקס פיטערט זיך אויף יענעם בארג; און איצט איז די כימערע אלט און אלגעמיינלאך פארשפאטן; זיי זאגן אז דער צערבער באזוכט דעם ספינקס אין דעמער, כאטש איך בין קיינמאל נים געווען די פערזאן צו פארשפרייטן רכילות —"

„צענטאוור," האט יורגען געזאגט, „און וואס טוט דראטי דא?"

„וואס הייסט, אלע פרויען וועלכע וואס פארא מאן האט אמאל ליב געהאט וואוינען דא," האט דער צענטאוור געענטפערט, „צוליב זייער דייטלאכע אורזאכן."

„דאס איז א הארטער זאג, פריינד."

נעסוס האט באריִרט מיט זיין ווייזפינגער יורגענס האנט. „ווארמפלייש! דאס איז דאס באשערטע עסנווארג, וואס דו זאלסט ניט טאן, פון קליינע ווייסע ווערים. דאס וועט שפעטער זיין א שטרייטנדיקע בלאסע פארדארבונג, ווי זידיקע מילך. דאס איז אויך א הארטער זאג, יורגען, אבער עס איז א ווארער זאג."

„און איז די דראטי וועמען איך האב ליב געהאט אין דער יוגנט אן איינגעבילדעט באשעפעניש?"

„מיין ארימער יורגען, דו וועלכער ביסט אמאל געווען א דיכטער! זי איז געווען דיין מייסטערווערק. ווארים עס איז בלויז געווען אן איבערפלעכלאכע, נארישע און לופטיקע, פאריסן־

נאַזיקע און ליכטיק־האַריקע פּריילן, מיט קיין מערקווירדיקער שיינ־
קייט, — און באַרעכן וואָס דיין באַגאַבטקייט האָט געמאַכט פון
אַזאַ אָרימען מאַטעריאַל! דו מעגסט זיך איבערנעמען מיט זיך!"

"ניין צענטאַוור, איך קאָן זיך ניט זייער שטאַרק איבערנעמען
מיט מיין שטות; דאָך טוט מיר ניט באַנג. איך בין באַ־
טריגט געוואָרן פון אַ העלן שאָטן פון מיין אייגענעם שאַפן,
זאָגסטו מיר, און איך גיב צו די מעגלאַכקייט דערפון. דאָך האָב
איך געדינט אַ פּרעכטיקן שאָטן; און מיין האַרץ וועט האַלטן
דאָס געדעכעניש פון דער פּראַכט ביז דאָס לעבן וועט זיך ענדיקן,
אין אַ וועלט וואו אַנדערע מענער פאַלגן פּאַרסאַפּעט נאָר שאָטנס
וואָס זיינען ניט אַפילו שיין."

"עס שטעקט עפּעס אין דעם, יורגען: עס שטעקט עפּעס אויך
אין אַ פּאַרצייטיקער מעשה וואָס מיר פלעגן דערציילן אין ט ע־
ס אַ ל י ע, וועגן אַ פוקס און געוויסע וויינטרויבן."

"גוט, אָבער זע נאָר, נעסוס, עס איז פאַראַן אַן אימפּעראַ־
טאָר וואָס רעגירט איצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און געלעגנטלאַך
פירט ער געשעפטן מיט מיר. יאָ, און איך וואָלט דיר געקאָנט
דערציילן מעשות מיט וואָס פאַרא פאַרטלען ער איז געקומען צום
טראָן —"

"מענטשלאַכע הענט זיינען אַלגעמיינלאַך באַפלעקט אין קלע־
טערן," זאָגט דער צענטאַוור.

"און 'יורגען', זאָגט דער אימפּעראַטאָר צו מיר, ניט פילע
חדשים צוריק, ווי ער איז געזעסן אין זיין פּאַלאַץ, געקרוינט און
אומעטיק און פאַרזוכנדיק צו באַשווינדלען מיך אין דעם ערלאַכן
פאַרדינסט אויף אייניקע סמאַראַגדן — 'יורגען, איך קאָן ניט
שלאָפן ביינאַכט, איבער דעם טפּוש אַלעקסיי, וועלכער קומט אין
מיין צימער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און מיט דעם שטריק נאָר
אַלץ אַרום זיין האַלדז. און מיינע וואַראַנגיער קערן
זיין אין בונד מיט דעם נאַרישן גייסט, וואָרים איך באַפעל זיי שטענ־
דיק ניט אַריינצולאָזן אַלעקסייען אין מיין שלאָפצימער, און זיי
פאָלגן מיך ניט, יורגען. צו זיין קיניג פון מזרח איז ניט פויגלדיק,
יורגען, ווען מען מוז זיך אונטערוואַרפן אַזעלכע ערגערנישן'. יאָ,
עס איז געווען צעזאַר פאַראַמאַן זעלבסט וועלכער האָט דאָס מיר
געזאָגט: און איך קום צום שלום אַז דער שאָטן פון אַ קרוין
האָט אים פאַרשלעפּט אין אַ מיאוס'ער בלאָטע, ניט אַכטנדיק דע־
רויף וואָס ער איז דער מעכטיקסטער מאַנאַרך אין דער וועלט.
און איך וואָלט זיך ניט געביטן מיט צעזאַר פאַראַמאַן, ניט איך

וואס בין א רעספעקטאבעלער מלוה, מיט מיין אייגן הויז און מיין פיצל באארבעט לאנד. יא, עס איז א מאדנע וועלט, קיין ספק נים; און דער גארטן ווערט באזוכט פון נים קיין מער זונדערבארע באשעפענישן ווי די וואס פאלן פלוצים איין אין א מענטשנס געדאנק אמאל, אז זיין ווילן ווי אזוי."

„אך, אבער דו מוזסט פארשטיין אז דער גארטן וועט שנעל ווערן איבערגעאנדערשט. דארטן קאנסטו באמערקן די צוויי ווע־מעס אויפגאבע איז צו באפרייען דאס פלאץ פון אלע פאנטאס־טישע אומלוינענדיקע באגריפן; און וועלכע וועלן אנטוויקלען די נאטירלאכע רייכטימער פון דעם גארטן לויט אלגעמיין אנערקענטע מעטאדן."

און פון ווייטן האט יורגען געקאנט זען צוויי פיגורן ארוים־קומענדיק פון מזרח, אזוינע הויכע אז זייערע קעפ האבן זיך דער־הויבן אריבער די ארומרינגלענדיקע בערג און געלויכטן אין די שטראלן פון דער זון וואס איז נאך נים געווען זעבאר. איינער איז געווען א ווייסער צעווירענער גיגאנט, מיט א פארהארטעוועטן אויסדרוק. ער האט געשפאצירט מיט דער הילף פון א שטאק. דער צווייטער איז געווען פון א בלאס־געלן קאליר. זיין געזיכט איז געווען ווי פון בוימל, און ער האט געריטן אויף אן אומגעהייער גרויסער קו וואס האט געהייסן ע ד ה ו מ ל א.

„לאז אדורך, ברודער, מיט דיין שטיצע פון לעבן," זאגט דער געלער גיגאנט, „ווארים עס איז פאראן גענוג וואס צו טאן דא ארום."

„געוויס, ברודער, דאס פלאץ מוז איבערגעאנדערשט ווערן איי־דער עס שטימט מיט אונדזערע פאדערונגען", האט דער צווייטער געענטפערט. „זאל איך געברוינט ווערן אויב איך ווייס וואו אנצוהייבן!"

דאן ווי די גיגאנטן האבן געווענדט טעמפע און גרויזאמע פנים'ער צו דעם גארטן, איז די זון געקומען איבער דעם קרייז פון בלויע בערג, אזוי אז די צונויפגעגאסענע שאטנס פון די צוויי גי־גאנטן זיינען געפאלן אין קווער פון דעם גארטן. פאר א רגע האט יורגען געזען דאס פלאץ געדריקט פון דעם פארדינטן מייל־לאנגן שאטן ווי אין די ספרי היחוס איז צו זען א שווארצן פאס געמאלן בלויז אין קווער פון עפעם א גלאנציק אויסגעצירטן הערב. דאן האט דאס שטראלן פון אלעמען א ציטער געטאן און איז פאר־שוואונדן, ווי א בלעזל פלאצט.

און יורגען איז געשטאנען אינמיטן א פעלד, זייער פיין צע־

אַקערט, אָבער נאָך אַלץ גאַרניט וואַקסנדיק אין דעם. און דער צענ־טאַוור איז נאָך געווען מיט אים, האָט זיך געדאַכט, ווארים עס זיינען געווען די קלייען פון דעם באַשעפעניש, אָבער דאָס גאַנצע גאָלד איז געווען אַוועקגעשוועגקט אָדער אַפּגעריבן פון זיי אין דער רייזע מיט יורגענען.

„זע. נעסוס!" האָט יורגען אויסגעשריען, „דער גאָרטן איז פאַרוויסט געוואָרן. אַ נעסוס. איז עס רעכט אַז אַזויפיל שיינ־קייט זאָל גיין צו גרונד?"

„ניין," האָט דער צענטאַוור געזאָגט. „ניין!" לאַנג און יאַ־מערלאַך האָט ער געהירזשעט, „ניין."

און ווען יורגען האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן האָט ער דער־זען אַז זיין באַגלייטער איז געווען ניט קיין צענטאַוור, נאָר איינ־פאַך אַ פאַרבלאַנדזשעט רייטפערד.

„ביסטו געווען דאָס באַשעפעניש דאָ," האָט יורגען געזאָגט. „און איז עס געווען אַ גאַנץ איינפאַך באַשעפעניש וואָס האָט מיך געבראַכט צו דעם גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג?" און יורגען האָט געלאַכט טרייסטלאָז. „אַלנפאַלס, האָסטו מיר אָנגע־טאָן אַ קוריעז פיין העמד. און, איצט אַז איך קוק זיך איין, איז דיין צוימל באַצייכנט מיט אַ קריינדל. טאָ וועל איך דיך צור־יקברענגען צום שלאָס אין בעלגאַרד, און עס קאָן זיין אַז העטמאַן מייקל זאָל מיך באַלוינען."

דאַן האָט יורגען באַשטיגן דעם פערד און אַוועקגעריטן פון דעם צעאַקערטן פעלד וואו עס איז נאָך אַלץ גאַרניט געוואַקסן. ווי זיי האָבן פאַרלאָזט די מעזשעס זיינען זיי געקומען צו אַ וועגשילד מיט אַן אויפשריפט דערויף אין זונדערבאַר רויטע און געלע בוכ־שטאַבן.

יורגען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויסגעפינען ווי צו לעזן דאָס.

„לעז מיך!" איז געווען געשריבן אויף דעם וועגשילד: „לעז מיך און אורטייל אויב דו פאַרשטייסט! האָסט אַזוינאָך זיך אָפּגעשטעלט אין דיין רייזע ווייל איך האָב גערופן, דערשפּירנ־דיק עפּעס אומגעוויינלאַכס, עפּעס לוסטיקס. הייסט עס, כאָטש איך בין גאָרניט, און אָפילו נאָך וויניקער, איז ניטאָ דער וואָס זאָל מיך זען און ניט אָפּהאַלטן זיך דאָ. אומבאַקאַנטער, איך בין אַ געזעץ פון דעם אוניווערז. אומבאַקאַנטער, קער אום דעם גע־זעץ וואָס געהערט צום געזעץ!"

יורגען האָט זיך דערפילט באַטריגט. „אַ זייער נאַרישער וועגשילד, פאַרוואָר! ווארים ווי אַזוי קאָן עס זיין „אַ געזעץ פון

דעם אוניווערז" ווען עס האט גיט קיין זין!" זאגט יורגען. „נו, נו, יעדעם געזעץ זאל זיין זינלאז וואלט ניט געווען פארנונפטיק."

## 6. ווייזנדיק אז סערדא איז פרויענהאפט

דאן, האבנדיק אויסגעלאכט זיך דעם נארישן ווענשילד אין פנים, וואלט יורגען געווען געווענדט זיך מזרח־צו, צו בעלגארד, אבער דאס פערד האט זיך קעגנגעשטעלט. דער מלוח האט באשלאסן דאס אנצונעמען פאר א פארצייכן.

„פארויס דאן!" האט ער געזאגט, „אין נאמען פון קאשטשעי". און דערנאכדעם האט יורגען דערלויבט דעם פערד אויסצוקלויבן זיין אייגענעם וועג.

אזוינאך איז יורגען געקומען דורך א וואלד, וואו ער האט נעזען פילע זאכן ניט ווינטשנסווערט צו באמערקן, צו א גרויס שטיינערדיק הויז ווי א טורמע, און ער האט פארזוכט זיך אפרוען דארט. אבער ער האט ניט געקאנט געפינען וועמען ארום ארט, ביז ער איז געקומען צו א גערואמער סאליע פריש אויסגעקערט. דאס איז געווען א געמיט־דריקנדיק וואוינונג, מיט א פירינדיקער אויפגערואמטער לערקייט, ווארים עס איז ניט געווען געמעבלט אויסער א הוילן געשאליעוועטן טיש אויף וועלכן עס איז געלעגן אן איילשטאק און א פאר וואגשאלן. איבער דעם טיש איז געהאנגען א געפלאכטן שטייגל מיט א בלויען פויגל, און אן אנדער געפלאכטן שטייגל מיט דריי ווייסע טויבן. און אין דער סאליע האט א פרוי, ניט מער יונג, געקליידט אינגאנצן אין בלויען, און טראגנדיק א ווייסן האנטוך אלס הויב, סארטירט טשיקאווע קאלירטע טוכן.

זי האט געהאט זייער ליכטיקע אויגן, מיט געקנייטשטע לעדלאך; און איצט אז זי האט ארויפגעבליקט צו יורגענען האבן אירע איינגעשרומפטע קינבאקן געציטערט.

„אך," זאגט זי, „איך האב א באזוכער. גאט העלף דיר, אין דיין גלאנציק העמד. עס איז א בגד וואס דאכט מיר איך דערקען."

„גאט העלף, באבעשי! איך זוך מיין פרוי, וועמען איך פארדעכטיק אז עס האט צוגענומען א טייוול, ארימער קערל! איצט, האבנדיק אראפגעבלאנדזשעט פון וועג, ביז איך געקומען פארברענגען די נאכט אונטער דיין דאך."

„זייער וואויל; בלויז נעציילטע קומען זוכן מוטער ס ע־ר ע ד א מיט זייער אייגענעם ווילן."

דאַן האָט יורגען געוואוסט מיט וועמען ער רעדט: און אי־נערלאַך איז ער באַאומרואיקט געווען, וואָרים אַלע שדים זיינען ניט טרויענסווערט אין זייערע האַנדלונגען.

אַזוינאַך ווען ער האָט גערעדט איז עס געווען זייער העפ־לאַך. „און וואָס טוסטו דאָ, באַבעשי?"

„איך פּראָביר. מיט דער צייט וועל איך פּראָבירן דאָס מלבוש וואָס דו טראָגסט, וואָרים איך נעם אַרויס די פאַרב פון אַלע זאַכן. אָט זעסטו דאָך די טוכן דאָ, ווי זיי זיינען איצט. ק ל אַ ט אַ האָט געשפּונען די שטראַלנדיקע פעדים, און ל אַ־כ ע ז י ס האָט זיי געוועבט, ווי דו באַמערקסט, אין זונדערבאַרע פּאַסאַנען, זייער וואונדערלאַך אָנצוקוקן: אָבער ווען איך וועל פאַרטיק ווערן מיט די טוכן וועט אין ערגעץ ניט זיין מער קיין פאַרב אָדער שיינקייט אָדער זונדערבאַרקייט אויגנשיינלאַך, ווי אַ שטיינער אין וואַשטיכער."

„איצט פאַרשטיי איך שוין," זאָגט יורגען, „אַז דיין מאַכט און הערשאַפט איז פיל גרעסער ווי וואָס פּאַראַ אַנדער מאַכט אין דער וועלט."

ער האָט געמאַכט אַ ליד דערפון, אין לויב פון די ש ד י ם און זייערע טעג, אָבער דערהויפּט אין לויב דער מאַכט פון מוטער ס ע ר ע ד א און פון די חורבות וואָס זיינען געפאַלן אין מיט־וואָך. ט ש ע ט וו ע ר ג און וו ט אַ ר נ י ק און ס ו־ב אַ ט אַ האָט ער אָפּגעטיילט זייערס. פּ י אַ ט י נ ק אַ און ג י ע ד י ע ל ק אַ אויך האָט יורגען געלויבט פאַר אַזעלכע צעשטערונגען וואָס האָבן פאַרצייכנט זייערע נעמען אין דעם קאַ־לענדאַר פון הייליקע, ניט ווייניקער. האָ, אָבער קיינער איז ניט געווען ווי מוטער ס ע ר ע ד א: זי איז געווען די מיט פון דער מאַכט וואָס איז די שדים'ס. די אַנדערע האָבן בלויז אַ צופּ גע־געבן צייטווייליקע זאַכן, ווי פאַר'גנב'עטע מייז: זי האָט פאַר־וויסט, ווי אַ זאַמדשטורעם, אַזוי אַז עס זיינען געווען פילע שטויב־קופּעס דאָרט וואו מוטער ס ע ר ע ד א איז פאַרבייגעגאַנגען, אָבער גאָרניט מער.

און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. דאָס ליד איז ניט גע־ווען קיין מייסטערווערק, און וואָלט ניט פאַרבעסערט געוואָרן דורך ווידערהאָלונג. אָבער עס איז געווען אינגאַנצן אומגעצוימטער שבח, און די אַלטע האָט אויסגעקלאַפּט טאַקט דערצו מיט אירע מאַגערע

הענט: און אירע איינגעשרומפּטע קינבאַקן האָבן געציטערט, און זי האָט געשאָקלט איר ווייס־פאַרוויקלטן קאָפּ אַהער און אַהין, מיט אַ וועלצנדיקער באַוועגונג, און אויף אירע דינע ליפּן איז געלעגן אַ זייער שטאָלצער און לעקישעוואַטער שמייכל.

„דאָס איז אַ גוט ליד," זאָגט זי, „אָה, יאָ, אַן אויסגע־צייכנט ליד! אָבער דו באַריכסט גאָרניט וועגן מיין שוועסטער פּ אַ נ ד ע ל י ס וועלכע קאָנטראָלירט דעם טאָג פון דער ל ב נ ה."

„מ אָ נ ט י ק!" זאָגט יורגען: „יאָ, איך האָב פאַר־נאָכלעסיקט מ אָ נ ט י ק. פּילייכט דערפאַר ווייל זי איז די עלטסטע צווישן אייך, אָבער טיילווייז צוליב דער נויטווענדיקייט פון מיין גראַם־סכעמע. מיר מוזן לאָזן פּ אַ נ ד ע ל י ס אומגעגראַמט. ווי קאָן איך געדענקען אַלץ ווען איך נעם אין אכט די מאַכט פון ס ע ר ע ד אַ?"

„גוט, אָבער", זאָגט מוטער סערעדאַ, „פּאַנדעלים קאָן פאַריבל האָבן, און זי קאָן נעמען אַ פריינען טאָג פון איר וואָשן אַמאָל איבער־צורעדן מיט דיר. אַלנפאַלס, ווידערהאָל איך, דאָס איז אַן אויסגע־צייכנט ליד. און אַלס פאַרגיטונג פאַר דיין לויבגעזאַנג אין מיין נאָמען, וועל איך דיר אויסזאָגן אַז אויב דיין ווייב איז אַוועקגע־נומען פון אַ טייוול, איז דיין אַנגעלעגנהייט אַזאַ וואָס נאָר קאַשטשעי אַליין קאָן העלפן. זיכער, איך דענק אַז צו אים מוזסטו זיך ווענדן נאָך גערעכטיקייט."

„אָבער ווי אַזוי קאָן איך קומען צו אים, באַבעשי?"

„אַ, וועגן דעם מאַכט ניט אויס וואָס פאַראַ וועג זאָלסט נאָכ־פאָלגן. אַלע שאַסייוועגן, ווי דאָס ווערטל איז, פירן רונדאַרום צו קאַשטשעיען. די איינציקע זאַך וואָס איז נויטיק איז ניט צו שטיין שטיל. אַזויפיל וועל איך דיר אויסזאָגן, צוליב דיין ליד, וואָרים עס איז געווען אַן אויסגעצייכנט ליד, און קיינער האָט ניט פאַר־פאַסט קיינמאָל אַ ליד פון מיין לויב וועגן ביז היינט."

איצט האָט יורגען זיך געוואונדערט צו זען וואָס פאַראַ איינ־פאַך אַלט באַשעפעניש איז געווען די מוטער ס ע ר ע ד אַ, וועל־כע איז געזעסן פאַר אים טרייסלנדיק זיך און מאַכנדיק העוויות און שוואַך ווי אַ טויט בלעטל, מיט איר קאָפּ אַרומגעוויקלט אין אַן איינפאַכן קיך־האַנטוך. און וועמעס מאַכט איז געווען אַזוי אומגעהייער.

„צו באַטראַכטן עס," האָט יורגען נאָכגעדענקט, „אַז די וועלט אין וועלכער איך וואוין איז איינגעריכט פון וועזנס וואָס זיינען

ניט קיין צענטל אזוי ביטערע ווי איך! איך האָב עס אָפּט כמעט פאַרדעכטיקט, און עס איז באַשטימט ניט ריכטיק. איצט לאָמיך זען צי קאָן איך ניט אַרויסקריגן עפּעס דורך דעם וואָס איך בין אַזאַ געוואַלדיק ביטערער יונג."

יורגען האָט געזאָגט אין דער הויך: „איך וואונדער זיך ניט וואָס קיין פּראַקטיצירנדיקער דיכטער האָט ווען עס איז געוואָגט צו מאַכן אַ ליד וועגן דיר. דו ביסט צו מאַיעסטעטיש. דו דערשרעקסט די גראַמענפלעכטער, וועלכע פילן זיך צו זיין אומווערט אַזאַ גרויסע טעמע. אַזוינאַך איז עס דיר פאַרבליבן צו ווערן אָפּגעשאַצט פון אַ מלוה, זינט דאָס זיינען מיר די יעניקע וועלכע לייטן און באַטראַכטן די ווערטשאַצן פון דער וועלט נאָכדעם ווי דו האָסט זיך פאַרנומען מיט זיי."

„דענקסטו אַזוי?" זאָגט זי, צופרידענער ווי ווען עס איז. „אַלזאָ, מעגלאַך אַז אַזוי איז דאָס. אָבער איך וואונדער זיך אַז דו וואָס ביסט אַזאַ וואוילער דיכטער זאָלסט אינמיטן דעריגען האָבן געוואָרן אַ מלוה."

„פאַרוואָר, מוטער סערעדאַ, דיין וואונדערן זיך איז מיר אַ צווייטער וואונדער: וואָרים איך קאָן ניט דענקען פון קיין שום באַשעפטיקונג וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט פאַר אַ צוריקגעצויגענעם דיכטער. אַ קליינייקייט, עס ליגט אין דעם די פאַרשידנאַרטיקייט פון נעזעלשאַפט! וואָרים דערהויבענע און געפאַלענע און אַפילו די אַדעליקע נויטיקן זיך אָפּט אין געלט. דאָן פאַרבראַדיעט דער אַקער־מאַן אין מיין געוועלב, און דער דוקס שיקט נאָך מיר פּריוואַט. אַזוי גיבן מיר די מענטשן וועלכע איך קען, און די ברעקלאַך פון זייערע לעבנס אין וועלכע איך בליק אַריין, אַ שיין ביסל וועגן וואָס צו ראָמאַנסירן."

„אָך, יאָ, פאַרוואָר," זאָגט מוטער סערעדאַ, פאַרזיכטיק, „דאָס קאָן באמת זיין אַזוי. אָבער איך פערזענלאַך האַלט ניט פון ראָמאַנסירן."

„אויסערדעם, זיצנדיק ביי מיר אין קראָם, וואַרט איך מיר דאָרט אַזוי געלאַסן בשעת צינז קומט מיר אָן פון אַלע עקן וועלט: אַלץ וואָס מענטשן האָבן טייער געהאַלטן ערגעצוואו, קומט פריער אָדער שפּעטער צו מיר: און צירונג און פיינע שפּילזאַכן וואָס זיינען געווען דאָס שטאָלץ פון קיניגנס ברענגען זיי מיר, און חופּה רינגען, און זילבערנע טרונק־הענטלאַך, און דעם קינדס וויג מיט די קליינע ציין־צייכנס אויפן ברעג דערפון, אָדער עס קאָן זיין אַז אַלטע פאַרגלפּאַן ברענגען זיי מיר; אָבער אַלץ קומט צו יורגענען.

אזוי אז בלויז זיצן דארט אין מיין פינסטערן לאמבארד אזוי גע־
לאסן, און וואונדערן זיך איבער דער אלטער געשיכטע פון מיינע
באטרעפונגען און ווי אזוי זיי זיינען געווארן מיינע, איז דיכטונג,
און איז דאס טיפע און הויכע און אוראלטע רענטעס פון א גאט
וואס דרעמלט צווישן דעם וואס די צייט האט איבערגעלאזט פון
א געשטארבענער וועלט, אויב דו פארשטייסט מיך, מוטער ס ע־
ר ע ד א."

„איך פארשטיי: אהא, איך פארשטיי דאס וואס איז שייך
נעטער, פאר א געגונגנדער אורזאך."

„און דאן נאך א זאך, דו מוזסט ניט האבן קיין נייגונג צו
געשעפט; מענטשן זיינען צופרידן צו קריגן וואס נאר דו דער־
ווײלסט זיי פארצולייגן, ווייל אנדערש וואלטן זיי דאך ניט געקומען.
אזוי קריגכטו די גלאנציקע און ניט גלאטע מטבעות אויף וועלכע דו
קאנסט אנטאפן דעם קיניגס שטאלצן קאפ, מיט זיין לארבערקראנץ
ווי הירזשענע קערנדלאך אונטער דיינע פינגער; און דו קריגסט
די פלאטשיקע און פארגרינטע מטבעות מיט די צעשמירטע טיט־
לען און מארדעס און אדלער־נעזער פון קייסארים וועמען קיינע־
געדענקט ניט אדער וויל ניט געדענקען מער: אלץ ווארטנדיק דארט
אזוי געלאסן און פארוואנדלענדיק איז א געפעליקייט דאס לאזן
די קונדן דיר געבן זייערע באטרעפענישן פאר א דריטל פון וואס זיי
האבן די ווערט. און דאס איז לייכטע ארבעט, אפילו פאר א דיכ־
טער."

„איך פארשטיי. איך פארשטיי זיך אויף יעדער ארבעט."

„און מענטשן באהאנדלען דיך א שיין ביסל העפלאכער ווי
עס איז נויטיק, ווארים זיי שעמען זיך צו פארקערן מיט דיר איג־
גאנצן: איך שטרייט אפ אז א דיכטער וואלט געקאנט קריגן די
העפלאכקייט אים ארויסגעוויזן אין וואס פארא אנדער באשעפטי־
קונג. און צולעצט, איז פאראן גענוג פרייע צייט צווישן געשעפט־
אינטערוויוס, מיט גארניט טאן אויסער זיצן דארט אזוי געלאסן
און טראכטן וועגן דער זונדערבארקייט פון זאכן אין אלגעמיין:
און דאס איז שטענדיק זעלטענע באשעפטיקונג פאר א דיכטער.
אפילו אז די טראנטעס פון אזוי פיל לעבנס און היימען אנגעווארפן
ארום אים ווי שפיזלאך. אזוי אז איך וואלט געזאגט דורכאויס, מו־
טער ס ע ר ע ד א: עס איז ניטא קיין פראפעסיע וואס איז
בעסער צוגעפאסט פאר אן אלטן דיכטער ווי די לאמבארד־פרא־
פעסיע."

„נו, נעווים, עס קאן עפעס זיין אין דעם וואס דו זאגסט מיר",

האָט מוטער ס ע ר ע ד א באַמערקט. „איך ווייס וואָס די ק ל י י־ג ע ג ע ט ע ר זיינען, און איך ווייס וואָס ארבעט איז, אָבער איך דענק ניט וועגן די אַלע אַנגעלעגנהייטן, ווי אויך ניט וועגן עפּעס אַנדערש. איך פאַרוויים."

„אָך, און איך וואָלט אויך פיל מער געקאָנט זאָגן, טויפמוטער וועגן ניט די מורא דיך צו לאַנגווייליגן. אויך וואָלט איך לחלוטין ניט געוועזן אַנגעגאַנגען מיט מיינע פּריוואַטע אַנגעלעגנהייטן וועגן ניט דערפאַר וואָס מיר זיינען ביידע אַזוי נאָנט פאַרוואַנדט. און קאָנטשאַפּט מאַכט אייגן, ווי לייט זאָגן."

„אָבער ווי קאָנען מיר זיין פאַרוואַנדט?"

„אַט האָסטו דיר, און בין איך ניט געבוירן אין אַ מיטוואָך? מאַכט דאָס דיך פאַר מיין טויפמוטער, צי ניין?"

„איך ווייס ניט, טייערינקער, פאַרוואָר. קיינעם איז קיינמאָל ניט געלעגן פעסטצושטעלן זיין קרובה'שאַפט מיט מוטער ס ע ר ע־ד א ביז איצט," זאָגט זי, פאַטעטיש.

„עס קאָן אָבער ניט זיין קיין ספק אין דעם פּונקט, קיין מעגלאַכער ספק. ס א ב ע ל י ו ם דערקלערט עס איינפאַך. א ר ט ע מ י ד א ר ו ס דער י ו נ ג ע ר ע ר, גיב איך דיר צו, האַלט די פראַגע פאַר שטרייטבאַר, אָבער זיינע אורזאַכן פאַר דעם זיינען נישקשה'דיק באַקאַנט. אויסערדעם, וואָס קאָן העלפן זיין גאַנצער צעשווימענער פּלפּול קעגן נ י ק א נ א ר ס פיין קאַפּיטל איבער דעמזעלבן געגנשטאַנד? איך באַטראַכט עס פאַר פאַרטיליקנדיק. זיין לאָגיק איז אַנטשידן און אומאָפּפרעגנדיק. וואָס קאָן אימיצער זאָגן קעגן ס ע ו ו י ו ס נ י ק א נ א ר? אַ, וואָס באמת?" האָט יורגען געפרעגט.

און ער האָט זיך געוואונדערט צי עס איז ניט מעגלאַך אַז עס זאָלן האָבן געוועזן זיין אומגעפער עפּעס אַזעלכע מענטשן ערגעצ־וואו, נאָך אַלעמען. זייערע נעמען אַלנפאַלס האָבן יורגענען גע־קלונגען גאַנץ שיינבאַר.

„אָך, טייערינקער, איך בין קיינמאָל ניט געוועזן קיין לער־נערין. עס קאָן זייער זיין ווי דו זאָגסט".

„דו זאָגסט, עס קאָן זיין', טויפמוטער. דאָס ברענגט מיך שוין אין אַ פאַרלעגנהייט, ווארים איך בין געוועזן באַרייט צו פרעגן פאַר מיין טויף מתנה, וואָס דו האָסט, אין די צודרינגלאַכ־קייטן פון אַנדערע עסקים, פאַרזען מיט וואָס פאַרא פערציק יאָר צוריק. דו וועסט גלייך באַגרייפן אַז דיין פאַרנאַכלעסן, ווי אומאַב־זיכטיק, קאָן מעגלאַך פאַראורזאַכן אומפריינטלאַכע קריטיק: און

רערפאַר האָב איך געפילט אַז איך מוז עס דערמאַנען, אויס איינ־פאַכער גערעכטיקייט צו דיר."

„אין דעם באַצוג, טייערינקער, בעט וואָס דו ווילסט אין די גרענעצן פון מיין מאַכט. וואָרים צו מיר געהערן אַלע סאַפּירשטיינער און טורקוזן און וואָס נאָר איז ב ל ו י אין דער שטויביקער וועלט. און צו מיר געהערן צוגלייך אַלע מיטוואָכס וואָס זיינען ווען געווען אָדער וועלן אַמאָל זיין. און יעדן פון זיי וועל איך דיר פריי געבן אין אויסטויש פאַר דיינע פיינע רעדעס און דיין מילד האַרץ."

„אַך, אַבער, טויפמוטער, וואָלט עס געווען גאַנץ רעכט פון דיין זייט צו באַוויליקן מיר אַזוי פיל מער ווי עס איז דערלויבט אַנדערע מענטשן?"

„אַך, ניין: אַבער וואָס גייט מיך אָן גערעכטיקייט? איך פּאָרוויים. אַלזאָ, קום דאַן, מאַך דיין אויסוואַל וואָרים איך קאָן דיך פאַרזיכערן אַז מיינע סאַפּירן זיינען פון ערשטן גראַד, און פילע פון מיינע קינפּסיקע מיטוואָכס וועלן די ווערט האָבן געזען צו ווערן."

„ניין, טויפמוטער, איך בין קיינמאָל ניט געווען זייער להוט נאָך צירונג: און די צוקונפט איז גאָרניט אויסער אַנטאָן און אויסטאָן און ראַזירן און עסן און צונויפרעכענען פּראָצענט, און אַזוי ווייטער; די צוקונפט גייט מיך איצט ניט אָן. דערפאַר וועל איך זיך באַשיידן צופרידנשטעלן מיט אַן אָפּגעטראָגענעם מיטוואָך, מיט אַזעלכן וואָס דו האָסט גענוצט און נויטיקסט זיך ניט מער אין אים; און עס וועט זיין אַ מיטוואָך אין דעם אווגוסט פון אַזאַ און אַזאַ יאָר."

מוטער ס ע ר ע ד א האָט צוגעשטימט דערצו. „אַבער עס זיינען פאַראַן געוויסע רעגלען אַפּצוהיטן," זאָגט זי, „וואָרים מען מוז דאָך האָבן אַ סיסטעם."

ווי זי האָט גערעדט האָט זי אָפּגעוויקלט דעם האַנטוך אַרום איר קאָפּ, און זי האָט גענומען אַ בלויען קאַם פון אירע ווייסע האָר: און זי האָט יורגענען געוויזן וואָס איז געווען אויסגע־קריצט אויפן קאַם. עס האָט יורגענען דערשראָקן, עטוואָס, אַבער ער האָט געשאָקלט צושטימונג.

„ערשטנס, פונדעסטוועגן," זאָגט מוטער ס ע ר ע ד א, „אָט איז דער בלויער פויגל. וואָלסטו ניט גלייכער אים פאַר־לאַנגט, טייערינקער, ווי דיין מיטוואָך? מערסטע מענטשן וואָלטן."

„אָך, אָבער, טויטמוטער,“ האָט ער געענטפערט, „איך בין יורגען. גיין, עס איז ניט דעם בלויען פויגל וואָס איך פאַרלאַנג.“

אַזוינאַך האָט מוטער ס ע ר ע ד א גענומען פון דער וואַנט דאָס געפלאָכטענע שטייגל מיט די דריי ווייסע טויבן: און גייענ־דיק פאַרויס אים, מיט קליינע געהאָרבטע פּלייצעס און שאַרנדיק מיט די פיס איבער די ברוקירטע שטיינער, האָט זי געפירט מיט דעם וועג אין אַ הויף וואו זיי האָבן, וואויל גענוג, געפונען אַ צוגעבונדענעם באָק. פון אַ טונקל בלויען קאָליר איז דאָס באַ־שעפעניש געווען, און זיינע אויגן זיינען געווען קליגער ווי די אויגן פון אַ חיה.

דאַן האָט יורגען זיך אַ נעם געטאָן צו דעם וואָס מוטער ס ע ר ע ד א האָט געזאָגט אַז עס איז נויטיק.

## 7. פון פּשרות זאָין אַ מיטוואָך

אַזוינאַך, רייטנדיק אויף אַ פערד וועמעס צוימל איז געווען באַצייכנט מיט אַ קריינדל, האָט פּאַסירט אַז דער מלוה האָט זיך צוריקגעקערט צו אַ פּלאַץ, און צו אַ מאָמענט, וואָס ער האָט גע־דענקט. עס איז עפּעס געווען מאָדנע צו זיין אַ וואוילער יונג אויפס־ניי, און פאַרויסזען אַלץ וואָס וועט געשען אין די קינפטיקע צוואַנ־ציק יאָר.

דורך אַ צופאַל איז די ערשטע פּערזאָן וועמען ער האָט באַ־גגנט געווען מוטער א ז ר א, וועמען ק א ט ה האָט ליב געהאַט זייער פיל אָבער ניט לאַנג. און יורגען האָט געשמועסט מיט א ז ר א ן וועגן וואָס פּערא קליידער ער וועט מן הסתם באַ־דאַרפן אין ג א ט י נ ע, און וועגן ווי אָפט ער וועט איר שרייבן. זי האָט אויסגעדריקט פאַראַכטונג דעם נייעם העמד וואָס ער האָט געטראָגן, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, זינט א ז־ר א ן איז שטענדיק געווען ליבערשט אויסצוקלייבן איר זונס קליידער איידער צו פאַרלאָזן זיך אויף יורגענס געשמאַק. זיין ניי פערד האָט זי צוגעגעבן איז געווען אַ גאַנץ פיין באַשעפעניש; און האָט נאָר געהאָפט אַז ער האָט אים ניט צוגעלאָטכנט פון אימיצן וואָס קאָן אים אָנמאַכן צרות. וואָרים א ז ר א, ווי עס מוז פאַרצייכנט ווערן, האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין צוטרוי צו איר זון; און איז געווען די איינציקע פרוי, האָט יורגען געפילט, וועלכע האָט אים ריכטיק פאַרשטאַנען.

און איצט ווען זיין שיינע יונגע מוטער האָט אים אומפאַר־

טייאיש געצערטלט און אויסגעשטראפט. האט דער בידנער יורגען געטראכט וועגן דער זייער ראיעלער אומאייניקייט און אפזונדערונג וואס האט בארארפט אין די אנקומענדיקע יארן אויפשטיין צווישן זיי; און ווי אזוי זי וועט שטארבן אז זיין וויסן וועגן איר טויט פאר גאנצע צוויי חדשים; און ווי אזוי זיין לעבן דערנאכדעם וועט ווי־עס־איז זיין אנדערש, און די וועלט וועט ווערן אן אומזיכער ארט אין וועלכן דו קאנסט מער ניט האבן קיין הארצשטארקנדיקע אמונה. און ער האט פארויסגעוואוסט די אלע געוויסנביסן וואס ער וועט אוועקמאכן מיט דער האנט, נאך דעם פארשווענדן פון אזויפיל שטאלץ און ליבע. אבער די זאכן זיינען נאך ניט געשען: און אויסערדעם, זיינען די זאכן געווען אומפארמיידלאך.

„און דאך אז די זאכן זאלן זיין אומפארמיידלאך איז באשטימט ניט רעכט", האט יורגען געזאגט.

אזוי האט פאסירט מיט אלע פערזאנען וועלכע ער האט באגעגנט. די מענטשן וועלכע ער האט ליב געהאט ווען ער האט זיך איבערטראפן אלס וואוילער יונג, האבן זייער שנעל, און צוליב קלייניקייטן, געמיינט גארניט פאר אים, און ער אליין האט באדארפט פארוואנדלט ווערן אין א געוויינלאכן קרעמער. און דאס לעבן האט יורגענען געשיינט צו זיין א פארשווענדערישער און אומגערעכטער פראצעס.

דאן האט יורגען פארלאזט די היים פון זיין יוגנט, און אוועקגעריטן קיין בעלגארד, און צוגעבונדן זיין פערד אויף דער פוסטע און איז אוועק אין שלאס אריין. אזוינאך איז יורגען געקומען צו דאראטין. זי איז געווען ליב און טייער, און דאך, אויף עפעס א מאדנעם ארט, ניט אזוי ליב און טייער ווי די דאראטי וועלכע ער האט געזען אין גארטן צווישן טאגן און זונאויפגאנג. און דאראטי, ווי יעדער איינער, האט געלויבט יורגענס וואונדערבאר נייעמד.

„עס איז געמאכט פאר אזעלכע פעסט־טעג," האט יורגען נעזאגט, באשיידן — „מיינער אן איינפאל. אייניקע מענטשן קאנען עס באטראכטן פאר עטוואס עקסטרעם אבער עס איז אוממעגלאך צו באפרידיקן יעדן איינעם. און איך האב ליב א ביסל פארביקייט."

ווארים עס איז געווען א מאסקאראד די נאכט אין דעם שלאס פון בעלגארד: און משונה׳דיק לעבערלאך און טרויעריק איז עס

געווען פאר יורגענען צו דערמאָנען זיך וואָס האָט געזאָלט פּאַ־סירן מיט פילע פון די איינטיילנעמער.

יורגען האָט ניט פאַרגעסן דעם מיטוואָך, דעם אוראַלטן מיט־וואָך אין וועלכן מאַסיע ד ע מ אַ נ ט אַ ר האָט געבראַכט די סט. מ ע ד אַ ר ברודערשאַפט פון ברונבלואַ, אויפצופירן אַ מאַסקנשפּיל פון דעם געבורט פון הערקולעס, ווי די וואַגאַבונדן האָבן איצט געהאַלטן אין טאָן, אַרויסרופנדיק ראַשיקע אַפּלאָדיס־מענטן. יורגען האָט זיך דערינערט אַז עס איז געווען אין דעם טאָג איידער בעלגאַרד האָט אַנטדעקט אַז גראַף עמעריקס גאַסט, דער וויקאָנט דע פּויזאַנזש, איז באמת געווען דער באַרימטער פאַר־ברעכער, פּעריאָן דע לאַ פּאָרע. אַזוי האָט דאָרטן דער נאָך אומ־אַנטדעקטער שווינדלער געראַדעס גאַנץ ערנסט מיט פרוי מעליסאַן: און יורגען האָט געוואוסט אַלץ וואָס דערוואַרט דאָס פּאָרל געליבטע.

דערווייל, ווי יורגען האָט איבערגעדענקט, איז דער וואָרער וויקאָנט דע פּויזאַנזש געלעגן אין היץ, אַ־דאָרטן ביי בענואַ; מאָרגן וועט דער ריכטיקער וויקאָנט דערקענט ווערן און אין משך פון אַ יאָר צייט וועט דער וויקאָנט האָבן געהייראַט פעליז דע סאַי־קור, און שפּעטער וועט יורגען זי אַנטרעפן אין סאַד; און יור־גען האָט געוואוסט וואָס עס וועט אויך דאַן פאַרקומען.

און מאַסיע דע מאָנטאָר האָט נאָכגעשפּירט פרוי מעליסאַן. פון דער זייט, בעת ער האָט געשפּאַסט מיט דער קליינער עטאַר, וועמען עס איז דעם אָוונט דערלויבט געווען צו בלייבן אויף, שפּע־טער ווי געוויינלעך, צוליב דעם מאַסקאַראַד. און יורגען האָט געוואוסט אַז דער יונגער גייסטלעכער האָט געזאָלט ווערן דער פּויפּסט פון רוים, ניט ווייניקער; און אַז דאָס קינד מיט וועלכן ער האָט געשפּאַסט האָט געזאָלט ווערן די פרוי איבער וועלכער־ניוראַן דע ראַק און דאָס זויער־אויסזעענדיקע קליין אינגל דאָרטן, מאַזשי ד׳ענגרמאַן, האָבן געזאָלט שטרייטן איינער מיט דעם צווייטן ביז די געגנט דאָ אַרום איז פאַרוויסט געוואָרן, און דער שלאָס אין וועלכן יורגען האָט זיך געפונען איז באַלאַגערט געווען, און דער־טייל זיינער פאַרברענט. און משונה׳דיק לעכערלאַך און טרויעריק איז עס יורגענען געווען אַזוינאַך צו געדענקען אַלץ וואָס האָט גע־זאָלט טרעפן די מענטשן, און אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן לוסטיק געשטיפט אין שאָטן פון זייער אורטייל און געלאַכט פון דעם טרוי־וויאַלן מאַסקנשפּיל.

וואָרים דאָ, — מיט אַזויפיל פאַרוויסטונג און דורכפאַל פאַרויסשטייענדיק, און מיט טרויער פאַרבאַרייט אַזוי ניך צו צע־

שמעטערן א שיין ביסל פון די הוליאקעס אויף אופנים וואס יור־
גען האט פארויסגעוואוסט; און מיט טויט אומווידערשטיילאך
דערנענדיק אזוי שנעל צו מאכן אן ענדע פון כמעט אט־דער גאנצער
געזעלשאפט אויף עפעס אן אפשיילאכן דרך וואס יורגען האט
פינקטלאך פארויסגעוואוסט, — דא האט געלעכטער געשיינט צו
זיין אוממעסיק און שווידערלאך. אט א שטייגער רעינא דארטן,
וועלכער האט געלאכט אזוי הויך, מיט זיין אפגעשווירענעם קאפ
צוריקגעווארפן: וואלט רעינא געלאכט אויף דעם ארט ווען ער
וואלט געוואוסט אז דער קיילעכיקער שטארקער האלדז וואס ער
האט אזוי אנטבלויזט וועט גע'שחט'ן ווערן ווי דער האלדז פון א
קאלב, בשעת דריי בורגונדיער האלטן אים פעסט? יורגען האט
געוואוסט אז דאס וועט פאסירן מיט רעינא וועגזאף איידער אק־
טאבער וועט זיין פארביי. אזוי האט ער געקוקט אויף רעינאס
האלדז און שווידערנדיק האט ער איינגעהאלטן דעם אטעם צווישן
זיינע פארשטשעמטע ציין.

„און ער איז ווערט צוויי צענדליק אזעלכע ווי איך, דער יונג!"
האט יורגען געטראכט: „און דאך וועל איך דערלעבן צו עלטערן
זיך, מיט מיין אייגן פיצל לאנד, לאנגע יארן נאך דעם ווי
שמוץ וועט האבן פארקלעפט די ליכטיקע איידלמוטיקע אויגן,
און יארן דערנאך ווי דער שיינער בראווער יונג וועט זיין צונישט!
און איך וועל אים אויך איננאנצן פארגעסן. מאריאן ל'עדאל,
דאס זעלטן שיינע מיידל הינטער אים, וועט ווערן א בלאטערדיקע
און ציינלאזע וואנדלערן פון הינטערגעסלאך און חצופ'יש שלעפן
מענער ביי די ארבל! און דער בלויאויגיקער קאלען דא, מיט זיין
קינדערש מויל, וועט געהאנגען ווערן פאר דער געשיכטע פון פאלש־
מינצן — לאמיך נאר זיך דערינערן — אין זעקס יאר ארום פון
היינטיקן אוונט! יא, אבער אין א געוויסן זין זיינען די מענטשן
געבענטשט דערמיט וואס עס פעלט זיי פארויסוויסן. ווארים זיי
לאכן, און איך קאן ניט לאכן, און פאר מיר איז זייער געלעכ־
טער שרעקלאכער פון געוויין. יא, זיי זיינען פיליכט זייער קלוג
אין זייער ניט באטריבטקייט איבער דעם וואס איז אומפארמייד־
לאך; און זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז
זיי זיינען אומגערעכט; פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט — !
און געוויס, דאס לעבן שיינט מיר אין אלעמען צו זיין א פארשווענ־
דערישער און אומגערעכטער פראצעס."

אזוינאך האט יורגען גע'חקר'נט, בשעת די אנדערע האבן פאר־
בראכט א זייער אנגענעמען אוונט.

און גלייך ווי דער מאַסקאַראַד איז פאַריבער, זיינען דאָראַטי און יורגען אַרויס אויף דער טעראַסע צו דער מזרח זייט פון בעל־גאַרד, און אַזוינאַך געקומען צו אַן אומפאַרגעסלאַכער וועלט פון לבנה־ליכט. זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ באַנק פון געשניצטן שטיין לעבן דעם פאַרענטש וואָס האָט אַריבערגעבליקט דעם טראַקט. און דער יונג און דאָס מיידל האָבן פאַר׳חלום׳ט געבליקט אַריבער יענער זייט טראַקט, איבער באַלויכטענע טאָלן און ביימערשפּיצן. אַט אַזוי זיינען זיי געזעסן דאָרט, ווי יורגען האָט פּולקאָם גע־דענקט, ווען מוטער ס ע ר ע ד א האָט צום ערשטן מאָל גע־נוצט דעם מיטוואָך.

„באַגער פון מיין האַרץ," זאָגט יורגען, „איך בין טרויעריי־היינטיקן אָוונט. וואָרים איך טראַכט וועגן וואָס דאָס לעבן וועט טאָן מיט אונדז, און וואָס פאַרא אָפּפאַל די יאָרן וועלן מאַכן פון דיר און מיר."

„מיין טייערער, מיין ליבסטער," זאָגט זי, „און ווייסן מיר דען ניט גאַנץ גוט וואָס עס וועט געשען?" און דאָראַטי האָט אָנגעהויבן רעדן פון די אַלע גלענצנדע זאַכן וואָס יורגען האָט באַדאַרפט אויפטאָן, און פון דעם גליקלאַכן צוזאַמענלעבן וואָס האָט געזאָלט זיין זייערס.

„עס איז שרעקלאַך," האָט ער געזאָגט. „וואָרים מיר זיי־נען פיל בעסער ווי מיר וועלן זיין ווען עס איז דערנאָכדעם. מיר פאַרמאָגן אַ פּראַכט פאַר וועלכער די וועלט האָט קיין געברויך. עס וועט פאַרשווענדט ווערן. און אַזאַ אויסברענגעריי איז ניט ריכ־טיק."

„אָבער באַלד וועסטו דאָך זיין דער און דער," זאָגט זי: און מיט ליבשאַפט זאָגט זי פאַרויס אַלערליי נאָבעלע טאָטן וואָס. ווי יורגען געדענקט, האָבן זיך אַמאָל אויסגעוויזן זייער שיינבאַר אים אויך. איצט האָט ער געהאַט אַ קלאָרער קענטניש אין באַ־צוג צו די פעאיקייטן פון דעם אינגל איבער וועמען ער האָט אַזוי גוט געדענקט.

„ניין, באַגער פון מיין האַרץ, ניין, איך וועל זיין פּונקט פאַרקערט."

„און צו דענקען ווי שטאָלץ איך וועל זיין מיט דיר. 'אָבער איך האָב עס שטענדיג געוואוסט', וועל איך יעדן איינעם זאָגן נדלות׳דיק —"

„ניין, באַגער פון מיין האַרץ: וואָרים דו וועסט ווענן מיר אינגאַנצן ניט דענקען."

„אך, ליבסטער! און קאָנסטו ווירקלאך גלויבן אַז איך וועל ווען האָבן אַט אַזוי פּיל איינזען מיט אימיצן אויסער דיר?"

דאַן האָט יורגען זיך צעלאַכט. ווארים העטמאַן מייקל איז געקומען איבעראַנאַנדער דער פּאַרלאָזענער טעראַסע, זוכנדיק מאַדאַם דאָראָטי; און יורגען האָט פאַרויסגעוואוסט אַז דאָס איז געווען דער מאַן וועמען דאָראָטי האָט געוואָלט אין משך פון צוויי חדשים געבן איר ליבע און די גאַנצע שיינקייט אירע, און מיט וועמען זי האָט געוואָלט טיילן די פאַרדאַרבענע יאָרן וואָס זיינען געלעגן פאַרויס.

אָבער דאָס מיידל האָט עס ניט געוואוסט, און דאָראָטי האָט געגעבן אַן אַפּטרייסלענדיקן נויג. „איך האָב צוגעזאָגט צו טאַנצן מיט אים, און דערפאַר מוז איך. אָבער דער אַלטער איז אַן אָנ־שיקעניש."

ווארים העטמאַן מייקל איז געווען קרוב צו דרייסיק, און דאָס איז פאַר דאָראָטין און יורגענען געווען אַן עלטער וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט עלטערשוועכיקייט.

„נו, ווי וואַר דער הימל איז," האָט יורגען געזאָגט, „העט־מאַן מייקל זאָל קינפּטיק האָבן געטאַנצט וואו נאָר ער וויל, אָבער ניט דאָ אַרום."

יורגען האָט באַשלאָסן וואָס ער מוז טאָן.

און דאַן האָט העטמאַן מייקל זיי העפלאַך באַגריסט. „איך האָב מורא אַז איך מוז דיך באַרויבן פון דיין שיינער דאַמע, מיין יונגער יורגען." זאָגט ער.

יורגען האָט זיך דערמאָנט אַז דער מאַן האָט פּינקטלאַך דאָס געזאָגט מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק; און אַז יורגען האָט געמורמלט העפלאַכע באַדויערונג, און זיך געשטעלט אין אַ זייט ווייל העט־מאַן מייקל האָט אַוועקגענומען דאָראָטין צו טאַנצן מיט אים. און דער טאַנץ איז געווען דער אָנהייב פון אינטימקייט צווישן העט־מאַן מייקל און דאָראָטין.

„העטמאַן," זאָגט יורגען, „די באַרויבונג מיט וועלכער דו דראָסט איז גליקלאַכערווייזע מיר פאַרשפּאַרט, זינט דער קינפּטיקער טאַנץ, ווי עס געשעט, איז מיינער."

„מיר קאָנען עס לאָזן צו דער דאַמע", זאָגט העטמאַן מייקל, לאַכנדיק.

„ניט איך," זאָגט יורגען, „ווייל איך ווייס צו גוט וואָס עס וועט אַרויסקומען דערפון. איך האָב ניט בדעה קיינעם אָנצוטרויען מיין שיקזאַל."

„דיין אויפפירונג, מיין יונגער יורגען, איז עטוואס מאָדנע,״ האָט העטמאַן מייקל באַמערקט.

„אַ, אָבער איך וועל דיר באַווייזן אַ זאַך נאָך אַ מאָדנערע. ווייל ווי דו זעסט שיינען מיר צו זיין דאָ דריי אויף דער טעראַסע דאָך קאָן איך דיך פאַרזיכערן אַז עס זיינען פאַראַן פיר.״

„לייז מיר דאָס רעטעניש, מיין יונג, און פּטור״.

„די פערטע פּערזאָן צווישן אונדז, העטמאַן, איז אַ געטין וואָס טראָגט אַ געשפּריינקלטן מאַנטל און האָט שווארצע פליגל. זי קאָן זיך ניט באַרימען מיט קיינע טעמפּלען, און קיינע גייסטלאַכע בעטן ניט צו איר ערגעצוואו. ווארים זי איז די איינציקע גאָטהייט וועמען קיינע געבעטן קאָנען ניט באַווירקן און קיינע קרבנות אונ־טערקויפן. איך בין מרמז, מיין האַר, אויף דער עלטסטער טאָכטער פון נ אַ ק ס און ע ר ע ב ו ס.״

„דו רעדסט וועגן טויט ווי איך פאַרשטיי.״

„דיין פאַסונגס־קראַפט, העטמאַן, איז פלינק. און דאָך איז עס ניט שנעל גענוג, האָב איך מורא, צו פאַרלויפן די קאַפּריזן פון די געטנס. פאַרוואָר, וואָס פאַרא פּערזאָן האָט געקאָנט פאָרויס־זען אַז די גרויזאַמע דאַמע וועט קריגן אַזאַ שטאַרקע לוסט נאָך דיין געזעלשאַפט.״

„האַ, מיין יונגער שטרייט־האַן,״ האָט העטמאַן מייקל גע־ענטפערט, „עס איז גאַנץ ריכטיק אַז איך בין מיט איר באַקאַנט. איך קאָן זיך אפילו באַרימען מיט האָבן עקספּעדירט איינעם אָדער צוויי קריגסלייט צו דינען איר אין דער שאול תחתיה. איצט, ווי איך באַגרייף דיין מיין, פּלאַנעוועסטו אַז איך זאָל פאַרקלענערן איר פאַרפליכטונג דורך שיקן איר אַן עזות׳דיקן שנעק.״

„מיין מ י י ן, העטמאַן, איז אַז זינט די טונקעלע געטין האַלט ביים פאַרלאָזן אונדז, זאָל איר ניט, אויס אַלגעמיינער גאַ־לאַנטקייט, דערלויבט ווערן צו גיין פונדאַנען אומבאַגלייט. איך שלאָג דערפאַר פאָר אַז מיר זאָלן שווין באַשליסן ווער עס זאָל זיין איר באַגלייטער.״

איצט האָט העטמאַן מייקל אַרויסגעצויגן זיין שווערד. „דו ביסט וואַנזיניק. אָבער דו לייגסט מיר פאָר אַן איינלאַדונג וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט אָנטזאָגט.״

„העטמאַן,״ שרייט יורגען אויס, אין ערלאַכער דאַנקבאַר־קייט און באַוואונדערונג. „איך טראָג אויף דיר ניט קיין האַס. אָבער עס איז דורכויס נויטווענדיק אַז דו זאָלסט שטאַרבן היינט

ביינאכט, כדי מיין זעל זאל ניט אומקומען צופיל יארן פאר מיין לייב."

דערביי האט ער אויך א פאר געטאן מיטן שווערד.

אזוי האבן זיי געשטרייט. גראד איז יורגען געווען א גאנץ אנגענומענער שווערד־פעכטער, אבער פון סאמע אנהויב האט ער געפונען אין דעם העטמאן מייקל זיין איבערהאר. יורגען האט זיך קיינמאל ניט געריכט דערויף, און ער האט עס באטראכט פאר אומאנגענעם. אויב העטמאן מייקל זאל דורכלעכערן יורגענען וואלט די צוקונפט געווען געענדערט, זיכער, אבער ניט אינגאנצן ווי יורגען האט באשטימט אז זי זאל געענדערט ווערן. אזוינאך האט די אומדערווארטעטע פארוויקלונג געשיינט צו זיין לעכערלאך, און יורגען האט גענומען ווערן אויפגעבראכט פון דעם פארדאכט אז ער הרג'עט זיך אוועק גלאט אין דער וועלט אריין.

דערווייל האט זיין אומאויפגערעגטער הויכער קעגנער אויסגעזען ווי ער שפילט זיך מיט יורגענען, אזוי אז יורגען איז פאמעלאך געווען צוריקגעשלאגן צו דעם פארענטש. און איצט איז יורגענס שווערד געווארן ארויסגעדרייט פון זיין האנט און אוועקגעשיקט בלאנקענדיק איבער דעם פארענטש, אויפן פרייען פורווענ.

„אלזא, איצט, מיין יונגער יורגען," זאגט העטמאן מייקל, „נעמט א סוף צו דיין שטות. אך, ניין, עס איז ניט קיין געלעגנהייט צו שטעלן זיך אין דער פאזע פון א סטאטוע. איך האב ניט די אבזיכט צו טייטן דיך. פארוואס, צום טייוול, זאל איך? צו טאן דאס וואלט מיר בלויז געמאכט א שלעכטן שם ביי דיינע עלטערן. און אויסערדעם איז עס אומגעהייער מער אנגענעם צו טאנצן מיט דער דאמע, פונקט ווי איך האב צוערשט באאבזיכט." און ער האט זיך פריילאך אומגעקערט צו דאראטין.

אבער יורגען האט באטראכט דעם אויסגאנג פון די אנגעלעגנהייטן פאר אומדערטרעגלאך. דער מאן איז געווען שטארקער פון אים, דער מאן איז געווען פון דעם מין וועלכער נעמט אין נוצט גאלאנט די פריזן פון דער גאנצער וועלט וואס ליאדע דיכטער קאנען בלויז אכטפול באוואונדערן. עס איז אלץ געווען אנצוהייבן אויפסניי : העטמאן מייקל, אין זיין אייגענער העסלאכער פראזע, וועט טאן פונקט ווי ער האט אין סאמע אנהייב געדענקט צו טאן, און יורגען וועט באזייטיקט ווערן פון דעם מאנס ברוטאלער קראפט. דער מאן וועט אוועקנעמען דאראטין און אייבערלאזן יורגענס לעבן פארוואנדלט צו ווערן איז אן עסק אין

װעלכן יורגען האָט זיך דערינערט מיט װידערװילן. עס איז ניט געװען ריכטיק.

האָט יורגען אַרױסגעכאַפּט זײַן קינזשאַל און אים אַרײַנגע־זאָגט אין דער אומבאַשיצטער פּלײצע פון העטמאַן מײקל. דרײַ מאָל האָט יורגען דורכגעשטאָכן און צעפּאַסעװעט דעם ריזיקן קריגס־מאַן, פּונקט אונטער די לינקע ריפּן. אַפּילו אין זײַן גרימצאָרן האָט יורגען געדענקט אָנצוגרײַפן די לינקע זײַט.

עס איז אַלץ געװען שנעל געטאָן. העטמאַן מײקלס אָרעמס האָבן זיך אַ צוק געגעבן אַרױפצו, און אין לבנה־שײַן האָבן זײַ־נע פינגער זיך צעשפּרײט און געקלאַמערט. ער האָט קוריעז גע־כאָרכלט. דאַן האָט די מאַכט פאַרלאָזט זײַנע קניען, אַזױ אַז ער האָט אָנגעהױבן פאַלן הינטערװײַלאָכס. זײַן קאָפּ האָט זיך אָנגעלענט אױף יורגענס אַקסל, רוענדיק דאָרט פאַר אַ רגע ברודערלאַך; און װי יורגען האָט אָװעקגעשװידערט פון דער העסלאַכער באַרירונג, האָט דער קערפּער פון העטמאַן מײקל צוזאַמענגעבראָכן. איצט איז ער געלעגן גלאַצנדיק אַרױפצו, טױט בײַ די פיס פון זײַן מערדער. ער האָט אױסגעזען שװידערלאַך, אָבער ער איז געװען גאַנץ טױט.

„װאָס װעט װערן פון דיר?" האָט דאָראָטי אים אײַנגערױמט, שפּעטער אַ װײַלע. „אָ, יורגען, עס איז מיאוס אָפּגעטאָן, דאָס װאָס דו ביסט באַגאַנגען איז שענדלאַך! װאָס װעט װערן פון דיר, מײַן טײַערער?"

„איך װעל אָננעמען מײַן אורטײל," זאָגט יורגען, „און ניט קלאָגנדיק זיך אַבי איך זאָל קריגן גערעכטיקײט. אָבער איך װעל שױן זען עס זאָל געשען גערעכטיקײט." דאַן האָט יורגען אױפ־געהױבן דעם קאָפּ צו די ליכטיקע הימלען. „דער מאַן איז געװען שטאַרקער פון מיר און האָט געװאָלט װאָס איך האָב געװאָלט. בין איך אײַנגעגאַנגען אױף אַ פּשרה מיט דער נױטװענדיקײט, דער אײַנציקער מיטל װי איך האָב זיכער געקאָנט קריגן דאָס װאָס איך באַגער. איך רוף נאָך גערעכטיקײט צו דער מאַכט װאָס האָט אים געגעבן קראַפט און מיר געגעבן שלאַבער, און יעדן פון אונדז געגעבן זײַנע פאַרלאַנגען. דאָס װאָס איך האָב געטאָן האָב איך געטאָן. איצט אורטײל!"

דאַן האָט יורגען גענומען שלעפּן און שלײדערן דעם שװערן קערפּער פון העטמאַן מײקל ביז ער איז געװען אינגאַנצן אַװעק פון די אױגן אונטער דער באַנק אױף װעלכער יורגען און דאָראָטי זײַנען געזעסן. „רו דאָ, בראַװער האַר, ביז מען װעט דיך געפינען. איצט, קום אַהער, באַגער פון מײַן האַרץ. גוט, דאָס איז אױס־

געצייכנט. אט זיץ איך מיט מיין ווארער געליבטער אויף דעם קערפער פון מיין פיינד, די גערעכטיקייט איז באפרידיקט און אלץ איז ווי עס באדארף צו זיין. ווארים דו מוזסט פארשטיין אז איך האבן געקראגן א פיין רייטפערד וועמעס צוימל איז באצייכנט מיט א קריינדל, — פראפעטיש ווי איך פארשטיי, — און אויף דעם רייטפערד וועסטו פארן אויף א פרויענזאטל מיט מיר קיין ליוזוארט. דארטן וועלן מיר געפינען א פריסטער צו פארהייראטן אונדז. מיר וועלן פארן צוזאמען קיין גאטינע. דערוויל איז פאראן א שטיקל פארנאכלעסיקטע אונטערנעמונג צו באזארגן.“ און ער האט צו־געצויגן דאס מיידל צו זיך.

ווארים יורגענען האט קיין זאך ניט אפגעשראקן איצט. און ער האט געטראכט:

„אך, ווען איך קאן אויפהאלטן דעם מאמענט! איך זאל קאנען מאכן פאסיקע פערזן צו פרעזערווירן דעם מאמענט אין מיין אייגן געדעכניש! איך זאל נאר קאנען איינפאסן אין ווערטער דעם גערוך און די דיקע ווייכקייט פון דעם מיידלס האר ווי מיינע הענט, וואס ציטערן אין יעדן נערוו זייערן, גלעטן אירע האר; און אויסדריקן דורך ווערטער פון לאנגן דויער דעם גלאנץ און די כמאריקע שאטירונגען פון אירע האר אין דעם דורכגעזאפטן לבנה שיין. ווארים איך וועל פארגעסן אט־די גאנצע פראכט, אדער אין בעסטן פאל וועל איך געדענקען דעם מאמענט זייער בלאסלאך.“

„דו ביסט באגאנגען א גרויס אומרעכט“ — זאגט דראטי.

זאגט יורגען, צו זיך: „דער מאמענט פארגייט שוין, דער פאראומערט־גליקלאכער מאמענט אין וועלכן דאס לעבן שוידערט ווידעראמאל און שטייט מיט א געבראכן הארץ אויף דער הייך פון גליקזעליקייט! דער מאמענט פארגייט, און איך ווייס, אפילו ווי איך הייב אויף דעם מיידלס צארט געזיכט צו מיינעם, און מערק וואס פארא צוטרוי און אונטערטעניקייט און דערווארטונגען זיינען אין איר געזיכט, אז אלץ וואס די צוקונפט האט פארבארייט פאר אונדז, און וואסער גליק מיר זאלן ביידע געניסן דערנאכדעם, וועלן מיר ניט געפינען קיין גליקלאכערן מאמענט ווי דער וואס פארגייט פון אונדז אומווידערברענגלאך בשעת איך דענק וועגן אים, ארימער נאר, אנשטאט צו האנדלען לויט די אומשטענדן.“

„— און גאט אליין ווייסט וואס עס וועט ווערן פון דיר, יורגען — “

רעדט יורגען, אלץ ווייטער צו זיך: „יא, עפעס מוז מיר פארבלייבן פון דער גאנצער אנטציקונג, זאל עס אפילו זיין בלויז

שולד און קומער: עפּעס מיין איך אַרויסצורייסן פון דעם דערהוי־
בענעם מאָמענט וואָס איז אַמאָל פּרוכטלאָז פאַרלוירן געגאַנגען.
איצט בין איך קליגער: ווייל איך וויים אַז עס איז ניטאָ קיין
דערינערונג מיט קלענערער באַפרידיקונג ווי די דערינערונג פון אַ
נסיון וואָס מיר זיינען בייגעשטאַנען. דערפאַר וועל איך ניט צע־
נישטשען די איינציקע ווירקלאַכע לײדנשאַפט וואָס איך האָב ווען גע־
וואוסט, ווי אויך ניט לאָזן אומגענערט דעם איינציקן באַגער וואָס
האָט מיר ווען פאַראורזאַכט צוליב אַ האַרצקלאַפּ צו פאַרגעסן וועגן
יורגענס וואוילשטאַנד. און דערפאַר, זאָל געשען וואָס עס וויל,
וועל איך ניט שטענדיק באַדויערן אַז איך האָב ניט אויסגענוצט
דעם מיידלס ליבע איידער זי איז צוגענומען געוואָרן פון מיר.״

אַזוינאַך האָט יורגען געמאַכט די פאַרשריט וואָס ער האָט גע־
האַלטן פאַר נויטיק. און ער האָט באַמערקט, מיט אַמוזאַנטער דע־
רינערונג וועגן דעם ווי געשייט ער איז אַמאָל געווען ניט צו שאַ־
קירן דאַראַטים באַגריפן וועגן אַנשטענדיקייט, אַז זי האָט אים ניט
אָפּגעוויזן.

„דאַ, איבער אַ טויטן קערפּער! אַך, יורגען, דאָס איז שוי־
דערלאַך! אַלזאָ, יורגען, געדענק אַז עס קאָן אימיצער אָנקומען
יעדע מינוט! און איך האָב געדענקט אַז איך מעג דיר טרויען!
אַך, און איז דאָס דער גאַנצער אָפּשיי וואָס דו האָסט פאַר מיר?״
אַזוי פיל האָט זי געפונען פאַר איר חוב צו זאָגן. דערווייל זיינען
דאָראָטים אויגן געווען ברייט צעעפנט און זייער צאַרט.

„בנאמנות, איך נעם ניט קיינע שאַנסן, דאָס צווייטע מאָל.
און אַזוינאַך, וואָס עס זאָל געשען, וועל איך ניט האַלטן אין איין
באַדויערן דאָס וואָס איך האָב פאַרפעלט צו טאָן.״

איצט איז אויף זיינע ליפּן געווען געלעכטער, און זיינע אָרעמס
זיינען געווען אַרום דעם אונטערטעניקן מיידל. און אין זיין האַרצן
איז געווען אַ ניט־געגאַנגענע באַטריבטקייט און אַן עלנט, וואָרים
אים האָט זיך געדאַכט אַז דאָס איז ניט די דאַראַטי וועלכע ער
האָט געזען אין גאַרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג. „וואָרים איז
מיינע אָרעמס געפינט זיך גלאַט אַ זייער שיין מיידל וואָס איז ניט
צו באַהיטזאַם אין אירע באַציאונגען מיט יונגלייט״, האָט יורגען
געטראַכט ווי זייערע ליפּן האָבן זיך באַגעגנט. מילא, דאָס גאַנצע
לעבן איז אַ קאָמפּראָמיס; און אַ שיין מיידל איז פאַרט ממשות׳־
דיק, יעדנפאַלס. אַזוינאַך האָט ער געלאַכט, טריאומפירנדיק, און
זיך געגרייט פאַר דעם אויסגאַנג.

אבער ווי יורגען האָט טריאומפירנדיק געלאַכט ,מיט זיין אָרעם

אונטער דאַראַטים קאָפּ, און מיט דאַראַטים צאַרט געזיכט פּאַסיוו אונטער זיינע ליפּן, און מיט אוממעסיקע דראַנגען אין זיין האַרץ, האָט דער גלאָק פון שלאָס אויסגעקלונגען די מיטנאַכט שעה. דאָס וואָס האָט פּאַסירט איז געווען קוריעז: וואָרים ווי דער מיטוואָך זיין פאַרגאַנגען, האָט זיך דאַראַטים געזיכט פאַרענדערט, איר לייב איז געוואָרן שאַרסקע אונטער זיין באַריר און אירע באַקן זיינען איינגעפאַלן, און דינע קנייטשן האָבן זיך געלייגט אַרום אירע אויגן און זי איז געוואָרן די גרעפן דאַראַטי וועמען יורגען האָט געקענט אַלם העטמאַן מייקלס ווייב. עס איז ניט געווען קיין ספק דע־ריבער אין דעם דורכגעזאַפּטן לבנה שיין: און זי האָט זיך גע'חנ'דלט פאַר אים און ער האָט זי באַרירט דורכוים, די אָפּשיילאַכע וואויל־לוסטיקע פרוי, וועלכע איז זיכער געווען אַלט גענוג ניט צו דער־לויבן אַזעלכע פרייהייטן. און איר אָטעם איז געווען זויער און איבלדיק. יורגען האָט זיך צוריקגעצויגן פון איר מיט אַ שוידער פון עקל, און ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אויסצושליסן דאָס תאוה'דיק געזיכט.

„ניין", האָט ער געזאָגט, „עס וואָלט ניט רעכט געווען פאַר דער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט צו אַנדערע. פּאַקטיש וואָלט עס גע־ווען אַ נידערטרעכטיקע זינד. מיר דאַרפן נאַכדענקען אַזעלכע באַ־דייטונגען געלעגנטלאַך, מאַדאַם."

דאַן האָט יורגען פאַרלאָזט זיין פאַרפירערן מיט איינפאַכער ווירדע. „איך גיי זוכן מיין טייערע פרוי, מאַדאַם, אין אַ געזינונגס־צושטאַנד וואָס איך וואָלט אייך זייער געראָטן אָנווענדן אין באַצוג צו אייער מאַן".

און ער האָט גלייך אָפּירגעשפּרייזט די טעראַסן פון בעלגאַרד און אויסגעדרייט זיך דרום־צו אין דער זייט וואו זיין פערד איז געווען צוגעשטאַרקט אויף דער אַמנעראַן פּוסטע: און יורגען האָט געפילט זייער טוגנטהאַפט.

## 8. אַלט שפּילצייג און אַ נייער שאָטן

יורגענס אויפפירונג איז געווען באַדייטנד איידל, האָט יורגען רעפלעקטירט, אָבער ער האָט זיך אַנפּאַרטרויט. „איך גיי זוכן מיין טייערע פרוי", האָט ער דערקלערט, באַגייסטערט פון טוגנטהאַפטע סענטימענטן. און איצט האָט יורגען זיך געפונען איינער אַליין אין אַ וועלט פון לבנה־שיין פונקט דאָרט וואו ער האָט לעצטנס געזען זיין ווייב.

„נו, אלזא", האָט ער געזאָגט, „איצט אַז איך בין פֿאַרטיק מיט מיין מיטוואָך און איך בין אויפּסנייַ אַן אַנשטענדיקער מלוה, לאָמיר זיך דערמאָנען אין דער ראַטזאַמקייט פֿון האַנדלען אַמאָל ווי אַ מאַן! דאָס איז די היל אין וועלכער ליזא איז אַריין. טאָ גיי איך אין דער היל, צום צווייטן מאָל, איידער אַהיים צו מיין ווייבס אומסימפּאַטישער משפּחה. אָדער ווייניקסטנס דענק איך אַז איך גיי" —

„שוין צייט!"

„אָ, שוין לאַנג צייט!"

„זע נאַר, זע, דער מאַן אינם דעמב!"

„אַהאָ, דאָס אירליכט!"

אַזוי האָבן פֿילע פֿאַרמישטע קולות געשריען און געגוואַלדעוועט. אָבער יורגען, שטאַרנדיק אַרום זיך, האָט ניט געקאָנט זען קיי־נעם... און אַלע דינע קול'כלאַך האָבן געשיינט צו קומען פֿון העט־העט איבער זיין קאָפּ וואו קיין זאַך איז ניט געווען צו באַמערקן אויסער די כמאַרעס וואָס האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען זאַמלען; ווייל אַ ווינט האָט זיך אויפגעהויבן און די לבנה איז שוין געווען פֿאַרטונקלט. פֿאַר אַ ווײַלע איז דער געפילדער אויבן אין דער לופֿטן געוואָרן ענלאַך צו דעם שטרייט פֿון שפּערלינגען אין וועלכן קיינע ווערטער זיינען ניט געווען צום אונטערשיידן.

דאַן האָט אַ מיזערנע גרילצנדיק קול'כל געזאָגט דייטלאַך: „באַמערקט איצט, טייערע, ווי הויך מיר טראָגן זיך איבער דער ווינט־געפלאָגטער פּוסטע, וואו די לאַסט פֿון דער תליה קרעכצט און זיפֿצט, הוידענדיק זיך אַהין און אַהער אין דער נאַכט! איצט רייסט זיך דער רעגן אויס ווי אַ רויבפויגל פֿון דעם פּאַנגער און די פֿאַרזאָרגטע קיניגן האָלדאַ ציט אירע צעפּ איבער דער לבנה'ס העלן שילד. דאָס געלעגער איז שוין געבעט, און דאָס וואַסער אָנגעשעפּט. און מיר די קראַנצפרייילנס זוכן דאָס מיידל וואָס וועט זיין סקלאָגס כלה".

זאָגט אַן אַנדערע: „אָ, זוכט אויס אַ מיידל מיט גאָלדענע האָר, וועלכע איז פּולקאָם, צאַרט און ריין, און פּאַסיק פֿאַר אַ קיניג וואָס איז אַזוי אַלט ווי ליבע, מיט קיין ליבע שפּור אין אים. שוין וואַכט אונדזער שטשירנדיקער שטויבלאַכער האָר פֿון שלאָף אויף און זיינע געלע פֿינגער טרייסלען זיך דענקענדיק וועגן די בלומען־ווייסע ליפּן פֿון דער וואָס קומט היינט ביינאַכט אין זיין מאָגערער אומאַרמונג און וואַרעמט די ריפּן וואָס אונדזערע אויגן האָבן געזען. ווער וועט זיין סקלאָגס כלה?"

און אַ דריטע האָט געזאָגט: „דאָס חופּה קלייד האָבן מיר גע־

בראכט מיט זיך, מיר וואָס פאָרן אום זוכנדיק: און אַ באַדינערן וועט פונדאַנען גיין אויף פאַרזשמאָן אין קלעאָפּאַטרעס פּילקלייד. האָה!.. אַן אירליכט וועט דאָס פאָרל פאַר'קנס'ן" —

„ניין, ניין, זאָל דער לאַנג־אַרעמדיקער!"

„ניין, לאָז קיט מיטן לייכטער!"

„אהאַ, טאָם גלעזל, געוואָרנט מיטן פּאַרמיטלער!"

„קום, בעמבאַ, קום אַוועק".

אזוי האָבן זיי אַלע גענומען ליאַרעמען און פייפן און פּילדערן הויך איבער יורגענס קאָפּ און יורגען איז גאָרניט געווען צופרידן מיט דעם אַרומיקן.

„וואָרים דאָס זיינען די מכשפות פון אַמנעראָן, באַרייט פאַר אַזאַ אַדער אַן אַנדער טייוואַליש שפּיצל, אין וועלכן איך וואָלט ליבערשט קיין איינטייל ניט גענומען. איך באַדויער איצט וואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפן אַ קרייץ אין דער געגנט ערשט ניט לאַנג, און האָף אַז דער טאַט איז פאַרשטענדלאַך. וואָלט מיין ווייב געווען ניט געמאַכט קיין עסק דערפון, און ניט דורכוים באַשטאַנען דערויף, וואָלט איך קיינמאָל ניט געווען געדענקט צו טאָן אַזאַ זאַך. איך מיין חלילה ניט צו רעדן קיין שלעכטס וועגן אימיצן. און דאַך דענק איך אַז די פּוסטע איז אומגעזונט. און אין אַלגעמיין וועל איך גיכער זוכן דאָס וואָס איך קאָן מעגלאַך אַנטרעפן אין דער הייל".

אזוינאַך איז יורגען אַריין אַהין, צום צווייטן מאָל.

און די מעשה דערציילט אַז אַלץ איז פינסטער געווען דאָרט, און יורגען האָט קיינעם ניט געקאָנט זען. אָבער די הייל האָט זיך געצויגן גלייך פאָרויס און אַראָפּצו און ביי דעם ווייטן עק האָט געגליט אַ ליכט. יורגען האָט געהאַלטן אין איין גיין און אזוינאַך איז ער צוגעקומען צו דעם אָרט וואו ער האָט געפונען דעם צענטאַוור. דער טייל הייל איז איצט געווען ליידיק. אָבער הינטער דעם פּלאַץ, וואו געסום איז געלעגן וואַרטנדיק אויף יורגענען, איז געווען אַ שפּאַרע אין דער הייל־וואַנט, און דורך דער שפּאַרע האָט אַריינגעשטראָמט דאָס ליכט. יורגען האָט זיך אָנגעבויגן און דורכגעקראָכן דורך דעם שפּאַלט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. עס האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. ביי זיינע פיס איז, פון אַלע זאַכן, געווען אַ דענקמאָל געשניצט מיט דעם אָנגעלענטן אָפּבילד פון אַ פרוי. דער טייל הייל איז געווען באַלויכטן פון לאָמפּן אויף הויכע אייזערנע שטאַנגען, אזוי אַז אַלץ איז געווען קלאָר אָנצוזען, אפילו יורגענען וועמעס ראיה איז די לעצטע יאָרן געוואָרן אָפּגעשוואַכט. דאָס איז זיכער

געווען אַ נידעריקער פלאַכער שטיין ווי יורגען האָט געזען אין פילע קלויסטערס: אָבער דאָס געפּאַרבטע אָפּבילד דערויף איז ווי־עס־איז געווען קוריעז. יורגען האָט זיך בעסער איינגעקוקט. ער האָט באַרירט די זאַך.

דאַן האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, וואָרים עס איז ניט קיין טעות דאָס פּילן פון טויטן לייב. דאָס אָפּבילד איז ניט געווען קיין קאַלירטער שטיין: עס איז געווען דער קערפּער פון אַ טויטער פרוי. נאָך אומדערקלערלאַכער — עס איז געווען דער קערפּער פון פעליז דע פּויזאַנזש, וועמען יורגען האָט ליב געהאַט זייער לאַנג צוריק אין גאַטינע, אַ שיין ביסל יאָרן איידער ער איז אַריין אין געשעפט אַלס מלוה.

זייער מאָדנע איז עס יורגענען אויסגעקומען נאָכאַמאָל צו זען איר געזיכט. ער פלעגט זיך אָפט וואונדערן וואָס האָט פּאַסירט מיט דער היפּשער ברוינער פרוי; וואונדערן צי איז ער ווירקלאַך געווען דער ערשטער מאַן צוליב וועמען זי האָט באַטראָגן איר מאַן; און וואונדערן וואָס פאַרא סאָרט פערזאָן מאַדאַם פעליז דע פּויזאַנזש איז ווירקלאַך געווען.

„צוויי חדשים איז עס געווען אַז מיר האָבן געשפּילט אין אינטימקייט, אָדער ניין, פעליז? פאַרשטייסט, מיין טייערע, איך געדענק ווירקלאַך זייער ווייניק וועגן דיר. אָבער איך דערינער זיך גאַנץ דייטלאַך וועגן דער עטוואָס אָפּן־געלאָזטער טיר, און ווען נאָר איך האָב זי שטיל געעפנט פלעג איך פאַר אַלעמען זען דעם לאָמפּ אויף דיין טואַלעט טישל, אויסגעדרייט כמעט צום צאַנקען, און דעם בליאַסקעדיקן שטויב אויף זיין גלעזערנעם אַבאַזשור. איז עס ניט זונדערבאַר אַז אונדזער אויסעראָרדנטלאַכע זינדיקייט זאָל האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט אויסער דער דערינערונג פון שטויב אויף אַ לאָמפּגלאָז? דאָך ביסטו געווען זייער שיין, פעליז.. איך בין זיכער אַז איך וואָלט געווען דיך האָלט געהאַט וואָלט איך דיך ווען נאָר געווען געקענט. אָבער ווען דו האָסט מיר דערציילט וועגן דעם קינד וואָס דו האָסט פאַרלוירן, און מיר געוויזן זיין קינדערש בילד, האָב איך דיך פיינט געקראָגן. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז דו האָסט פאַראַטן דאָס קינד האַנדלענדיק צו מילד מיט מיר און באַשטענדיק איז צווישן אונדז שפּעטערצו געווען זיין קליינער גייסט. דאָך האָבן מיר אינגאַנצן ניט געאַרט די הערנער וואָס האָסט אָנגעטאָן דיין מאַן. עס איז וואָר אַז איך האָב דיין מאַן געקענט גאַנץ אינטים — נו, און מען דערציילט מיר אַז דער גוטער וויקאַנט איז געווען געוואַלדיק

צופרידן פון דעם זון וועלכן דו האסט אים געבוירן אייניקע חדשים נאכדעם ווי מיר זיינען זיך צעגאנגען. אזוי אז קיין גרויסער שאדן איז פארט ניט געווען, נאך אלעמען". —

דאן האט יורגען באמערקט אז עס איז דארט געווען אן אנדער פרוים קערפער ליגנדיק ווי אן אפבילד אויף אן אנדער נידעריקן פלאכן דענקמאל און דארינטער אן אנדערע, און דאן נאך אנדערע. און יורגען האט צוגעסמאטשקעט.

„וואס, אלע !" האט ער געזאגט. „מוז איך זיך אנשטויסן אויף יעדן פונט צארט לייב וואס איך האב ווען אומארמט ? יא, אט איז גרעןּ, און ראזאמאן, און מארקעוו, און עלינאר. דאס מיידל פונדעסטוועגן הייב איך ניט אן צו געדענקען. און די גלויב איך, איז די קליינע אידישקע וועלכע איך האב געקויפט ביי האסאן בעי אין סידון, אבער ווי קאן מען זיין זיכער ? דאך, דאס איז אן ספק יהודית, און דאס איז מירינא. עס פאלט מיר איין נאכאמאל אויפזוכן די בארדאוויקע, אבער איך מאל מיר אז עס וואלט געווען אומפאסיק. גאט מיינער, וואס פארא צעטל פרויען איך וואלט גע־קאנט צונויפשטעלן !... עס מוזן זיין עטלאכע צענדליק אין סכום. עס איז די סארט דערשיינונג וואס וועגדט א מאן צו ערנסטע געדאנקען. נו, עס איז א גרויסע טרייסט אבער צו רעפלעקטירן אז איך בין זיך לייטיש באגאנגען מיט יעדער פון זיי. איינצלנע האבן מיך באהאנדלט זייער אומלייטיש דערצו. אבער דאס איז שוין פאר־גאנגען און אדיע : און איך טראג ניט קיין בייזוויל אויף אזעלכע לייכטזיניקע און קורצזיכטיקע באשעפענישן וואס האבן זיך ניט געקאנט באפרידיקן מיט איין געליבטן, אי דאס דער געוועזענער יורגען !"

דערנאך האט יורגען, שטייענדיק צווישן זיינע טויטע, אויס־געשפרייט זיינע ארעמס אין אן אומארמיקן זשעסט.

„זייט געגריסט, דאמען, און א גוטן אייך ! ווייל מיר זיינען פטור פון דער ליבע. מילא, די ליבע איז זייער אנגענעם צו באאבאכטן ווי זי גייט פארויס, צעשטערנדיק אלע אוראלטע דערוי־נערונגען מיט געלעכטער. און פונדעסטוועגן, פאר יעדן פריילאכן ליבהאבער וועלכער גיט נאך דער אויבערהערשאפט פון דער ליבע, און טראגט אומדערשראקן דער ליבעס ליווריען, איז דער סוף פון אלעמען דער טויט. דער ליבעס פארזייען איז אנגענעמער ווי דער ליבעס שניט : אדער, לאמיר עס אויסדרוקן, זי פארפירט אונדז אויף שטעגן וואס פירן אין ערגעץ ניט, צווישן שפראצונגען וואס פאלן פאר דעם ערשטן רויען ווינט : אזוי באטש, מיט פיל אויפ־

רעגונג און אָטעם און נוצלאָכער צייט גאַנץ פאַרשוועגדט, געפינען מיר אַז דער סוף פון אַלעמען איז דער טויט. וואָלט עס דאַן געווען שאַרפזיניקער, טייערע דאַמען, צו האָבן אויסגעמיטן די ליבע? פאַרקערט, מיר זיינען געווען אומאויסשפּרעכלאַך קלוג אָפּצוגעבן זיך דער דרייסטער פאַרווירונג וואָס ליבע פאַראורזאַכט: זינט ליבע אַליין קאָן לייסטן פאַר יונגע מענטשן אַנטציקונג, ווי קורצדויערנדיק, אין אַ וועלט וואו דער אויסגאַנג פון יעדער מענטשלאַכער באַמיאונג איז פאַרגעננלאַך, און דער סוף פון אַלעמען איז דער טויט".

דאַן האָט יורגען זיך העפלאַך פאַרנייגט פאַר זיינע טויטע לי־בעס און זיי פאַרלאָזן, און פאַרויסגעגאַנגען ווי די הייל האָט זיך געצויגן.

אָבער איצט איז דער שיין געווען הינטער אים, אַזוי אַז יורגענס שאָטן, ווי ער איז געקומען צו אַ פּלוצימדיקער ווענדונג אין דער הייל, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מיט אַמאָל אויף דער הייל־וואַנט, פונקט אַנטקעגן אים. דער שאָטן איז געווען דייטלאַך און אומבאַשטרייטבאַר.

יורגען האָט אים באַטראַכט אויפמערקזאַם. ער האָט זיך אויס־געדרייט אין דער זייט, דערנאָך אין יענער; ער האָט אַ בליק געטאָן הינטער זיך, אויפגעהויבן איין האַנט, געשאָקלט מיטן קאָפּ אַלס פּראָבע; דאַן האָט ער אויסגעבויגן דעם קאָפּ מיט דער זייט, קין אַרויפצו, און קרומלאַך געקוקט אַזוי אַז ער זאָל קריגן אַ פּראָפיל־אָנבליק פון דעם שאָטן. וואָס נאָר יורגען האָט געטאָן האָט דער שאָטן ווידערהאָלט, אַ זאַך וואָס איז געווען נאַטירלאַך גענוג. אויפפאַלנדיק איז געווען דאָס וואָס ער איז מיט גאָרניט געווען ענלאַך צו דעם שאָטן וואָס באַגלייט יעדן מענטשן, און דאָס איז געווען אַן אומאַנגענעמע אַנטדעקונג צו מאַכן אין דער איינזאַמקייט טיף אונטער דער ערד.

„עס געפעלט מיר ניט אַזוי שטאַרק", האָט יורגען געזאָגט. „אויף מיין וואָרט, עס הייבט מיר ניט אָן צו געפעלן. עס איז ניט ריכטיק. עס איז פּולקאָם זינלאָז. מילא" — און דאָ האָט ער אַ ציי געטאָן מיטן אַקסל — „מילא, און וואָס קאָן אימיצער דער־וואַרטן פון מיר איך זאָל טאָן? אַך, וואָס באמת? וועל איך זיך באַציען צום אינצידענט מיט ווירדיקער פאַראַכטונג, און אָנגיין מיט מיינע אויספאָרשונגען פון דער הייל".

## 9. די רעכטגלוביקע רעטונג פון געגעוויר

איצט דערציילט די מעשה ווי די הייל האט זיך פארשמאלט און ווידעראמאל פארדרייט פלוצים אין א זייט, אזוי אז יורגען איז געקומען ווי דורך א קארידאר אין א גאנץ אנדער מין אונטער־גרונט חדר. דאך איז דאס אויך געווען אן אומבאקוועם ארט.

דא איז פון דעם סופיט־געוועלב אראפגעהאנגען א קעסל מיט ברויזנדיקע רויטע פלאמען. זיי האבן באלויכטן א זייער אלטן און פארדארבן־אויסזעענדיקן מאן, מיליטעריש געקליידט, אנגע־גורט מיט א שווערד און באקרוינט קיניגלאך: ער איז געזעסן אויסגעצויגן אויף א טראן, באוועגלאז, מיט שטארנדיקע אויגן וואס האבן גארניט געזען. הינטער אים האט יורגען באמערקט פילע קרינסלייט אויסגעזעצט אין רייען, און אלע שטארנדיק אויף יורגענען מיט די ווייט־צעעפנטע אויגן וואס האבן גארניט געזען. דער רויטער פלאם פון קעסל איז געווען אפגעשפיגלט אין די אלע אויגן, און דאס צוקוקן האט ניט פארשאפט קיין פארגעניגן.

יורגען האט פאסיוו געווארט. עס איז גארניט געשען. דאן האט יורגען דערזען אז ביי דעם אומאנגענעמען מאנארכס פיס זיינען געשטאנען דריי קאסטנס. צוויי פון זיי, מיט אויפגעריסענע דעקן, זיינען געווען אנגעפילט מיט זילבערנע מטבעות. אויף דעם מיטלסדיקן קאסטן, פונקט אנטקעגן דעם קיניג איז געזעסן א פרוי, איר געזיכט אנגעלענט אויף די קניען פון דעם גלאנצנדיקן, פאר־וועלקטן, באוועגלאזן אלטן תרח.

„און דאס איז א יונגפרוי. ווארשיינלאך! זע נאר דאס מיניען פון דעם געדיכטן קנויל האר! דעם וואונדערלאכן בויג פון האלדזנאקן! א, עס איז איינפאך א ביסן פאר וועלכן עס איז ווערט צו קעמפן, ווי מעסיק די שאנסן זיינען!"

דאס איז געווען יורגענס געדאנקענגאנג. דרייסט ווי א דראקאן איצט האט ער פארויסגעטראטן און אויפגעהויבן דעם מיידלס קאפ.

אירע אויגן זיינען געווען צו. אפילו אזוינאך איז זי געווען דאס פראכטפולסטע באשעפעניש וואס יורגען האט ווען זיך פאר־געשטעלט.

„זי אטעמט ניט. און דאך, סיידן מיין געדעכעניש איז שלאַ־בעריק, איז די פרוי אין מיינע ארעמס זיכער לעבעדיק. ווארשיינלאך איז עס א שלאף באווירקט פון נעקראמאנס. נו, ניט אומ־זיסט האב איך געלעזן אזויפיל צויבער־מעשות. עס זיינען

פאַראַן גלויבנס־מנהגים אַפּצוהיטן אין דעם אויפוועקן פון יעדער פאַר׳כשופ׳טער פּרינצעסן. און ליזאַ, וואו נאָר זי געפינט זיך איצט יעבאַר, איז ניטאָ דאָ אַרום, ווייל איך הער קיינעם ניט רעדן. אַזוי אַז איך מעג זיך באַטראַכטן פאַר פריי צו האַנדלען בפי מנהג מיט דער פּרינצעסן. פאַרוואָר, עס איז די איינציקע שטאַנדהאַפטע זאַך וואָס איך קאָן טאָן, און גערעכטיקייט פאָדערט עס".

פאָלגלאַך האָט יורגען אַ קוש געטאָן דעם מיידל. אירע ליפּן האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט און פאַרווייכט, און זיי האָבן אָנגענומען אַ ניט־פריקרע נאָכגיביקן באַגער. אירע אויגן, אומגעהייער גרויסע ווען באַאָבאַכט אַזוי נאָענט, האָבן זיך אין זיסער שמאַכט צעעפנט, באַטראַכט אים אומפאַרוואונדערט, און דאַן זיינען די לעדלאַך געפאַלן, אַרום אַ העלפט, פּונקט ווי, האָט זיך יורגען דערמאָנט, די אויגנלעדלאַך פון אַ פרוי באַדאַרפן טאָן ווען זי ווערט געהעריק געקושט. זי האָט זיך עטוואָס צוגעטוליעט און דאַן עטוואָס געציטערט, אָבער ניט פון קעלט: יורגען האָט פולקאָם געדענקט דעם עקסטאַטישן שוידער קאָנוואַלסירנדיק אַ פרוים לייב: אַלץ, הייסט עס, איז געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַזוי האָט יורגען געמאַכט אַ סוף צו דעם קוש, וואָס, ווי איר קאָנט אייך מאָלן, איז געווען אַ נשקשה׳דיק פאַרצויגענע אַנגעלעגנהייט.

זיין האַרץ האָט געהאַמערט גלייך ווי עס האָט באַשלאָסן אַרויסצופלאַצן פון זיין גוף און ער האָט געקאָנט פילן דאָס בלוט ריזלען אין זיינע פינגערשפּיצן. ער האָט זיך געוואונדערט וואָס אַ שטייגער איז געשען מיט אים, וועלכער איז געווען צו אַלט פאַר אַזעלכע געפילן.

דאָך, פאַרוואָר, איז עס געווען דאָס רייצנדסטע מיידל, וואָס יורגען האָט זיך ווען פאַרגעשטעלט. עס איז געווען שיין צו קוקן אויף איר, מיט אירע לייכטנדיקע גרויע אויגן און קליינע שמייכלענדיקע ליפּן, אַ שענערע פרוי קאָן זיך קיין מאָן ניט באַרימען צו האָבן געזען. און זי האָט יורגענען מילד באַטראַכט, מיט אירע באַקן פאַרפלאַמט פון דעם רויטן פלאַטער אויבן. זי איז געווען געקליידט אין אַ מאַנטל פון פלאַם־קאָלירטן זייד, און אַרום איר האַלדז איז געווען אַ קאָלנער פון רויטן גאָלד. ווען זי האָט גערעדט איז איר שטים געווען מוזיק.

„איך האָב געוואוסט אַז דו וועסט קומען". האָט דאָס מיידל געזאָגט, גליקלאַך.

„איך בין זייער צופרידן וואָס איך בין געקומען", האָט יורגען באַמערקט.

„אָבער די צייט שטייט ניט".

„די צייט פּאַסט אַ פּאַרטרעפלאַכן ביישפּיל, מיין טייערע פרינ־צעסן" —

„מיין האַר, אָבער פילסטו דען ניט אַז דו האָסט אַריינגע־בראַכט לעבן אין דעם שווידערלאַכן פּלאַץ ? דו האָסט מיר באַ־וויליקט אַ טייל פון דעם לעבן, אויף דעם גראַדסטן און שנעלסטן אופן. אָבער דאָס לעבן איז זייער זאַראַזענדיק. עס פאַרשפּרייט זיך שוין דורך אנשטעקונג".

און יורגען האָט באַטראַכט דעם אַלטן קיניג, ווי דאָס מיידל האָט אָנגעוויזן. דער פּאַרוועלקטער גזלן איז נאָך אַלץ געווען באַ־וועגלאָז : אָבער פון זיינע נאָזלעכער זיינען געקומען לאַנגזאַמע פּאַרמערטע שפּריצלאַך פּאַרע, גלייך ווי ער וואָלט אָנגעהויבן אָטעמען אין אַ פּאַרפרוירן פּלאַץ. דאָס איז געווען איבעראַשנד, ווייל די הייל איז ניט געווען קאַלט.

„און די אַלע איבעריקע שנאַרכן מיט רויך", זאָגט יורגען. „אויף מיין וואָרט, איך דענק אַז דאָס איז אַ וואונדערבאַר פּלאַץ צו פּאַרלאָזן".

צום ערשטן, פונדעסטוועגן, האָט ער אָפּגעבונדן דעם קיניגס שווערדגאַרטל און אַרומגעגורט זיך דערמיט, שווערד, קינזשאַל און האַק־און־פּאַק. „איצט האָב איך געווער וואָס פּאַסט זיך מיין לייטיש העמד", זאָגט יורגען.

דאַן האָט דאָס מיידל אים געוויזן אַ מין דורכגאַנג, מיט וועלכן זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען ניין־און־פערציק טרעפּ גראָב געהאַקט פון שטיין, און אַזוינאַך אַרויס אין טאָגליכט... ביים סאַמע שפּיץ פון די טרעפּ איז געווען אַן אייזערנע פּאַלטיר און די טיר האָט יורגען לויט דעם מיידלס אונטעריכט אַראָפּגעלאָזט. עס איז ניט געווען ווי צו פאַרהאַקן די טיר פון אויסנווייניק.

„אָבער טראַניאַרן איז ניט צום אָפּהאַלטן מיט ריגלען און הענגשלעסער", האָט דאָס מיידל געזאָגט. „אנשטאָט מוזן מיר שוין באַצייכענען די טיר מיט אַ קרייץ, זינט דאָס איז אַ סימבאָל וואָס טראַניאַר קאָן ניט אַריבערטרעטן".

יורגענס האַנט איז אינסטיקטיוו אַוועק צו זיין האַלדז. איצט האָט ער אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. „מיין ליבע פריילין, איך טראָג מער ניט קיין קרייץ. איך מוז באַקעמפן טראַניאַרן מיט אַנדער געווער".

„צווי שטעקלאך וועלן דינען, אוועקגעלייגט קרייצוויז" —

יורגען האָט אָנגעגעבן אַז עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך ווי אויפהויבן די פּאַלטיר און אַזוינאַך אומאָרדענען די שטעקלאַך. „זיי וועלן זיך צעפאַלן אָן קיינעמס באַרירונג. און וואָס וועט דאַן ווערן פון דיין קרייץ?"

„זע נאָר זע ווי פלינק דו באַטראַכסט אַלץ!" האָט זי געזאָגט, באַוואונדערנדיק. „אָט האָסטו אַ פאָס פון מיין אַרבל, דאַ. מיר וועלן צוזאַמענבינדן די ריטלאַך".

יורגען האָט אַזוי געטאָן און אַוועקגעלייגט אויף דער פּאַלטיר אַ דערקענבאַרן קרייץ. „פונדעסטוועגן, אַז אימיצער וועט אויפהויבן די פּאַלטיר וועט וואָס עס זאָל נאָר ליגן דערויף אַראָפּפאַלן. ניט צווייפלענדיק אין דער מאַכט פון דיין צויבער, מוז איך אָבער באַמערקן אַז אין דעם פאַל איז עס באַזונדערס שווער אַרויסצופירן אויף אַ לאַד. יאָ מאַגיקער צי ניט, וואָלט איך גיכער געטרויט אין אַ היפּשן הענגשלאָס".

האָט דאָס מיידל אָפּגעריסן נאָך אַ פאָס, פון דעם זוים פון איר קלייד, און נאָך איינעם פון איר רעכטן אַרבל, און דערמיט צוגעשטאַרקט דעם קרייץ צו דער פלאַך פון דער פּאַלטיר, אויף אַזאַ אַרט אַז די ריטלאַך האָבן ניט געקאָנט צעוואָרפן ווערן אונטן. זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אויף דעם פיינעם רייטפערד וועמעס צוימל איז געווען באַצייכנט מיט אַ קריינדל, דאָס מיידל פאַרנדיק ווי אויף אַ פרויען זאָטל, און זיי האָבן זיך געווענדט מערבֿ־צו, זינט דאָס מיידל האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַמבעסטן.

וואָרים ווי זי האָט איצט דערציילט יורגענען איז זי געווען געּ נעוויר די טאָכטער פון גאָגירוואַן, קיניג פון גלאַטיהאָן און די רויטע אינדזלען. האָט יורגען איר געלאָזט וויסן אַז ער איז דער דוקס פון לאָגרעי, וואָרים ער האָט געפילט אַז עס איז ניט פּאַסיק פאַר אַ מלוה צו רעטן פרינצעסנס: און ער האָט אויך געשוואוירן אַז ער וועט זי צוריקברענגען בשלום צו איר פאָטער, טראַניאַר זאָל אפילו צעשפּרונגען ווערן. און די גאַנצע געשיכטע וועגן איר שענדלאַכער געפענגשאַפט און פאַרהאַפטונג ביי דעם קיניג טראַניאַר האָט די הויכגעבירטיקע גענעוויר איבערגעגעבן יורגענען ווי זיי האָבן צוזאַמענגעריטן אין דעם אָנגענעמען מאַי־פרימאָרגן.

זי האָט גערעכנט אַז דער שרעטל־קיניג קאָן זיי ניט לייכט באַלעסטיקן. „וואָרים איצט האָסטו זיין צויבער־שווערד, קאַליבורן, דאָס איינציקע געווער מיט וועלכע טראַניאַר קאָן געטייט ווערן.

אויסערדעם קאָן ער נים אריבערטרעטן דעם קרייץ־צייכן. ער קוקט און עס וואַרפט מיט אים".

„מיין טייערע פּרינצעסן, ער דאַרף בלויז אַ שטופּ טאָן די פּאַלטיר פון אונטן, און דער קרייץ איז תּכף־ומיד אויסערן וועג. גערעכט איז דאָס ניט, קאָן ער שטענדיק אַרויסקומען פון דער הייל דורך דער צווייטער שפּאַרע, דורך וועלכער איך בין אַריינגע־גאַנגען... אויב דער דאָזיקער טראַניאַר פאַרמאָגט נאָר אַביסל געהירן און אַ דערלאָזבאַרע מאָס האַרטנעקיקייט, וועט ער באַלד דאָ זיין".

„אפילו אַזוי קאָן ער קיין שלעכטס ניט טאָן, סיידן מיר זאָלן אָננעמען אַ געשאַנק פון אים. די שוועריקייט איז וואָס ער וועט קומען פאַרשטעלט".

„טאָ וועלן מיר ניט אָננעמען קיין געשאַנק פון קיינעם דאָן".

„עס איז אויסערדעם דאָ אַ סימן לויט וועלכן עס איז צו דער־קענען טראַניאַרן. ווייל אויב דו לייקנסט וואָס ער זאָגט, וועט ער דיר באַלד צוגעבן אַז דו האָסט רעכט. דאָס איז די קללה וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן פון מיראַמאָן לואַגאַר, איבער אַן אויסשפּיר און אַ הינדערניש".

„לויט דעם אוממענטשלאַכן שטריך", זאָגט יורגען, „דאַרף זיין ניט שווער טראַניאַרן צו דערקענען".

## 10. טראַניאַרס נעבאַכדיקע מאַסקירונגען

קינפּטיק, דערציילט די מעשה אַז ווען יורגען און די פּרינצעסן האָבן זיך דערנענטערט צו גיהאָן, איז אַ מאַן געקומען רייטנדיק אין זייער ריכטונג, דורכוים באַוואָפנט אין שוואַרצן, מיט אַ רויטער שלאַנג און אַז עפּל אין איר מויל אויסגעמאָלן אויף זיין הערב.

„האַר ריטער", זאָגט ער רעדנדיק פאַרדומפּט פון זיין פאַר־מאַכטער קאַסקע, „דו מוזסט מיר אָפּגעבן די פרוי".

„איך דענק", זאָגט יורגען, העפלאַך, „אַז דו מאַכסט אַ טעות".

אַזוינאַך האָבן זיי געקעמפט, און באַלד, זינט קאַליבורן איז געווען אַן אומבאַשטרייטבאַר געווער און דער וואָס האָט געטראָגן קאַליבורנס שייד האָט ניט געקאָנט פאַרוואונדעט ווערן, האָט יורגען ביינעקומען, און דערלאַנגט דעם פרעמדן ריטער אַזאַ שווערן כמאַל אַז דער ריטער איז געפאַלן אַ באַוואוסטלאָזער.

„דענקסטו", זאָגט יורגען האַלטנדיק ביים אויפשנורן זיין פייגדס קאַסקע, „אַז דאָס איז טראַניאַר?"

„עס איז אוממעגלאַך צו זאָגן", האָט גענעוויר געענטפערט:

„אויב עס איז דער שרעטל־קיניג האָט ער דיר באַדאַרפט פאַרלייגן געשאַנקן, און ווען דו האָסט אים ווידערשפּראָכן האָט ער באַדאַרפט צוגעבן אַז דו ביסט גערעכט. אַנשטאָט, האָט ער גאָרניט אָנגע־באָטן, און אויף דעם ווידערשפּרוך האָט ער גאָרניט געענטפערט. אַזוי אַז עס באַווייזט גאָרניט".

„אָבער שווייגן איז אַ שפּריכווערטלאַכע פאָרם פון צושטימונג. אַלנפאַלס וועלן מיר כאַפּן אַ קוק אויף אים".

„אָבער דאָס וועט אויך גאָרניט באַווייזן, זינט טראַניאַר טוט אַן אַלדאָס ביז אַזוי פאַרשטעלט דורך צוויבעריי כדי באַשטענדיק אויסצוזען ווי אימיצער אַנדערש און לחלוטין נים ווי ער זעלבסט".

„אַזעלכע אומאָרנטלאַכע געוואוינהייטן, גיב איך דיר צו, ברענגען אַריין אַן עלעמענט פון אומזיכערקייט", זאָגט יורגען. „פונדעסט־וועגן איז עס זעלטן מעגלאַך צו מאַכן אַ טעות האַלטנדיק זיך ביי דעם וואָס איז זיכער. דער פאַרשוין איז יעדנפאַלס אַ שלעכט דערצויגענער חברה־מאַן מיט וואַרשיינלאַכע אוממאָראַלישע צוועקן. יאָ, פאַרזיכט איז די הויפּטזאַך, און אוים גערעכטיקייט צו זיך זעלבסט וועלן מיר זיך האַלטן ביי דעם וואָס איז זיכער".

און נים לויז מאַכנדיק די קאַסקע האָט יורגען אָפּגעהאַקט דעם פרעמדן ריטערס קאָפּ און אַזוי אים געלאָזט. די פּרינצעסן איז איצט געווען רייטנדיק אויף דעם פערד פון זייער טויטן אַנ־גרייפער.

„געוויס". זאָגט יורגען. „אַ צוויבערשווערד איז אַ וואוילע זאַך. און אויך אַ זייער נויטיקער אויסריכט פאַר אַ וואַנדערדיקן ריטער אין מיינע יאָרן".

„אָבער דו רעדסט ווי דו וואָלסט געווען אַן אַלטער מאַן, מיין האַר דע לאַגרעי".

„אַלזאָ", טראַכט יורגען, „דאָס איז אַ פּרינצעסן פון זעלטענעם געשמאַק. וואָס, נאָך אַלעמען, מיינט פערציק־מיט־אַ־שמיצל ווען מען האַלט זיך אַזוי יונג? דאָס אויסערגעוויינלאַך פאַרשטענדיק מיידל דערמאָנט מיר אַביסל אין דער קליינער מאַרקוועו, וועמען איך האָב ליב געהאַט אין אַרטען. אויסערדעם קוקט זי נים אויף מיר ווי פרויען קוקן אויף אַן עלטערן מאַן. די פּרינצעסן געפעלט מיר, אין פאַקט, איך פאַרער די פּרינצעסן. איך וואונדער זיך וואָס וואָלט זי געזאָגט ווען איך דערציייל איר דאָס?".

אָבער יורגען איז בייגעשטאַנען דעם נסיון דאָס מאָל ווייל פונקט דאַן האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ אינגל וועלכער האָט געהאַט געקרייזלטע האָר און געפאַרבטע באַקן. ער האָט זאַנפט געשפּאַנט.

אין אַ מאָדנעם שוואַרצן מאַנטל פליטערדיק באַצירט, מיט גאָלדענע פירעקיקע געמעלן, און ער האָט געטראָגן אַ געגילטן מיסט־גאָפּל.

* * *

דאָן זיינען יורגען און די פּרינצעסן געקומען צו אַ שוואַרץ־און־זילבער פּאַוויליאָן שטייענדיק ביים וועגזייט. אַ צעבלומטער עפּלבוים איז געווען ביי דער טיר פון דעם פּאַוויליאָן ;.. פון אַ צווייג אויפן בוים איז אַראָפּגעהאַנגען אַ שוואַרצער יאַגדהאָרן, זילבער באַצירט. אַ פרוי האָט דאָרט געוואַרט אַליין. פאַר איר האָט זיך געפונען אַ שאַך־ברעט, מיט די עבענע און זילבערנע פיגורן אויס־געשטעלט צום שפּילן, און אויפן טיש, לינקס פון איר, האָבן גע־בליאַסקעט פלעשער און בעכערס פון זילבער. אייפעריק האָט זיך די פרוי אויפגעשטעלט און גענענט צו די רייזנדע.

„אָ, מיין טייערער יורגען", זאָגט זי. „ווי פיין דו זעסט אויס אין דעם נייעם העמד וואָס דו טראָגסט! אָבער עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין מאַן וועלכער זאָל האָבן בעסערן געשמאַק אין קליידונג. ווי איך האָב עס שטענדיק באַהויפּט: — און עס איז שוין לאַנג אַז איך וואַרט אויף דיר אין דעם פּאַוויליאָן וואָס געהערט צו אַ שוואַרצן האַר וועלכער איז, ווייזט אויס, אַ גרויסער פריינד דיינער. און ער איז אוועק אין טאַטערישן קריג דעם פרימאָרגן, מיט אייניקע מיסיאָנערן, דורך דעם ערגסטן צופאַל, ווייל איך ווייס ווי לייד עס וועט אים טאָן דיך ניט צו באַגעגענען, ליבער. אַלזאָ, אָבער איך פאַרגעס אַז דו מוזסט זיין זייער מיד און דאָר־שטיק, מיין טייערינקער, נאָך דיינע רייזעס. טאָ נעמט אַ זופּ, דו און דיין באַגלייטערן, פון דעם, און דאָן וועלן מיר זיך דערציילן איינער דעם צווייטן וועגן אונדזערע אַוואַנטורעס".

וואָרים די דאַמע האָט אויסגעזען ווי יורגענס ווייב, פרוי ליזאַ, און ווי קיין אַנדערע.

יורגען האָט זי באַטראַכט מיט צווייערליי אויגן. „דו זעסט זיי־כער אויס צו זיין ליזאַ. אָבער עס איז אַ שיינע ווײַלע זינט איך האָב ליזאַן געזען אין אַזאַ ליבווירדיקער שטימונג".

„מוזסט וויסן", זאָגט זי אַלץ שמייכלענדיק, „אַז איך האָב גע־לערנט צו שעצן דיך זינט מיר זיינען צעשיידט געוואָרן".

„דער לץ וואָס האָט דיך צוגע'גנב'עט ביי מיר קאָן מעגלאָך האָבן באַוויזן דעם קונץ. פונדעסטוועגן האָסטו מיך באַגעגנט אויף אַן אַוואַנטורישער רייזע מיט אַ יונגער פרוי. און דו ביסט ניט אַנגעפאַלן אויף קיינעם פון אונדז, דו האָסט אפילו ניט געהעכערט

דיין שטים. ניין, גאנץ באשטימט, דאס איז א וואונדער אויסער דער מאכט פון וואס פארא לץ".

„אך, אבער איך האב א היפש ביסל נאכגעדענקט, יורגען טייערער, וועגן אונדזערע שוועריקייטן אין דער פארגאנגענהייט. און עס שיינט מיר אז דו ביסט כמעט שטענדיק געווען גערעכט".

געגעוויר האט באריט יורגענען. „האסט עס באמערקט? דאס איז זיכער טראניאר פארמאסקירט".

„איך הייב זיך אן צו באדענקען אז ליזא איז עס ניט אלנ־פאלס". דאן האט יורגען באפעלעריש זיך פרייגערעדט. „ליזא, אויב דו ביסט ווירקלאך ליזא, מוזסטו פארשטיין אז איך האב מיט דיר ניט מער צו טאן. דער איינפאכער אמת איז אז דו לאנגווייל'סט מיך. דו רעדסט און רעדסט: קיין לעבעדיקע פרוי קאן זיך ניט פארגלייכן מיט דיר אין דער בלויזער מאס און אומדערשעפלאכקייט פון רייד: אבער דו זאגסט גארניט אזוינס וואס איך האב ניט געהערט דרייצן שאק מאל אויב ניט אפטער".

„דו ביסט פולקאם גערעכט, מיין טייערער", זאגט פרוי ליזא נעבאכדיק. „אבער איך האב דאך קיינמאל ניט פרעטענדירט צו זיין אזוי געשייט ווי דו".

„לאז מיך געמאך מיט דיינע חניפה'לאך, איך בעט דיך. און אויסערדעם בין איך פארליבט אין דער פרינצעסן. איצט לאז מיך צורו מיט דיינע באשולדיקונגען אויך, ווארים דו האסט ניט קיין רעכט זיך צו קלאגן. וואלסטו געווען פארבליבן די יעניקע וועמען איך האב צוגעזאגט דעם גייסטלאכן ליב צו האבן, וואלט איך געווען פארגעזעצט צו האלטן א וועלט פון דיר. אבער דו האסט עס ניט אנגעהויבן צו זיין. פון א ליב און פריילאך מיידל, וואס האט געדענקט אז אלץ וואס איך האב געטאן איז געווען געטאן פולקאם, האסטו דערוויילט צו אנטוויקלען זיך אין אן איינפאכער מרשעת". און יורגען האט זיך אפגעשטעלט. „הא, פיליכט איז עס ניט געווען אזוי?"

פרוי ליזא האט געענטפערט טרויעריק: „מיין טייערער, האסט פולקאם רעכט, פון דיין שטאנדפונקט. יעדנפאלס האב איך זיך ניט געקאנט העלפן ווערן עלטער".

„אך, אבער וואס רעדסטו וואס!" זאגט יורגען, „דאס איז דער־שטוינלאך פעלערהאפטע מאסקירונג, ווי יעדער פארהייראטער מאן קאן באלד איינזען. אלזא איך האב ניט געשלאסן קיין אפמאך ליב צו האבן אזא איינפאכע מרשעת. איך ווארף אפ די פאדע־רונגען פון אזא וועזן אלס אפנבאר אומגערעכטע. און איך פאר'ערב

אומפאַרגענגלאַכע ליבע דער ערהאַבענער און נאָבעלער פּרינצעסן גענעוויר, וועלכע איז די שענסטע פרוי וואָס איך האָב ווען געזען".

„ביסט גערעכט", האָט פרוי ליזאַ געיאָמערט, „און איך בין דורכויס שולדיק. עס איז געווען ווייל איך האָב דיך ליב געהאַט, און געוואָלט דיך זען דערפאָלגרייך און זיין אַ שיינדל אין מיין פּאַטערס פּאַד, וואָס איך האָב דיך אַזוי געפּלאָגט. אָבער דו וועסט קיינמאָל ניט פאַרשטיין די געפילן פון אַ ווייב, ווי אויך דאָס אַז אפילו איצט באַגער איך דיין גליק מער ווי אַלץ. נאַ דיר דעם חופּה־רינג דאַן, יורגען. איך גיב דיר צוריק דיין פרייהייט. און איך בעט נאָר אַז די פּרינצעסן זאָל דיך זייער גליקלאַך מאַכן, מיין טייע־דער. ווייל זיכער האָסטו די ווערט אַ פּרינצעסן אויב אימיצער האָט ווען די ווערט געהאַט".

יורגען האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „עס איז צו שטויגען אַז אַ טייוול ווען ווען מען האַלט אין איין רעדן זאָל זיך אַזוי אָרים פאַרמאַסקירן. עס רירט אויף די קאָפּ־שווינדלדיקע השערה אַז די מערהייט פאַרהייראַטע פרויען מוז אודאי גיין אין גן עדן. און אין באַצוג צו דיין רינגל, נעם איך ניט אַז קיינע געשאַנקען דעם פרימאָרגן פון קיינעם. אָבער פאַרשטייסט דאָך, גלויב איך, אַז איך בין האָפנונגסלאָז פאַרליבט אין דער פּרינצעסן צוליב איר שיינקייט".

„אָ, און איך קאָן דיר ניט פאַרדענקען, מיין טייערער. זי איז די שענסטע פרוי וואָס איך האָב ווען געזען".

„האַאַ, טראַניאַר!" זאָגט יורגען, „איצט ביסטו מיינער. אַ פרוי וואָלט מעגלאַך געקאָנט בלויז צושטימען צו איר אייגענער מיאוס־קייט, אָבער קיין פרוי וואָס האָט ווען געלעבט וואָלט געווען צו־געגעבן אַז די פּרינצעסן פאַרמאָגט אַ שמץ פון שיינקייט".

אַזוינאַך האָט ער מיט קאַליבורנען דערשלאָגן און אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון דעם ווען וואָס האָט נארישעוואַטע פּרעטענדירט צו זיין פרוי ליזאַ.

„פיין געהאַנדלט! אָ, בראַוו געהאַנדלט!" האָט גענעוויר אויס־געשריען. „איצט איז דער צויבער אויפגעלייזט און טראַניאַר איז אומגעבראַכט פון מיין קלוגן קעמפער".

„הלואי וואָלט געווען אַ זיכערער באַווייז פון דעם", האָט יורגען געזאָגט. „איך וואָלט גערן געווען געוואָלט אַז דער פּאַוויליאָן און דער געקעפּטער שרעטל־קיניג זאָלן האָבן פאַרשוואונדן דורך אַ דונערקנאַל און אַן ערדציטערניש און אַנדערע אַזעלכע מערק־ווירדיקע דערשיינונגען ווי עס געשעט געוויינלאַך. אַנשטאָט איז

גאַרניט געענדערט אויסער דעם וואָס די פרוי וועלכע האָט גערעדט צו מיר אַ מאָמענט צוריק ליגט איצט ביי מיינע פיס אין אַ זייער אומזויבערן צושטאַנד. פאַרשטייסט דאָך, מאַדאַם, אַז איך פלעג זיך רייצן מיט איר איבער דעם צעקרומטן קליינעם פינגער, אין יענע יאָרן איידער מיר האָבן אָנגעהויבן זיך אַרומקריגן. און עס פאַרדריסט מיך וואָס טראַניאַר זאָל ניט האָבן פאַרפעלט אפילו ליזאַס צעקריפּלטן פינגער אויף איר לינקער האַנט. יאָ, אַזאַ מיזאַמע פאַרזיכטיקייט ערגערט מיך. וואָרים פאַרשטייסט דאָך אויך, מאַדאַם, אַז עס וואָלט געווען מער־ווייניקער אומגעלומפּערט אויב איך זאָל האָבן געמאַכט אַ טעות, און אויב דער אָנבליק וואָלט וואָרהאַפטיק געווען וואָס ער האָט זיך געדאַכט צו זיין, וואָרים איך בין געווען זייער ניט צום דערליידן אָפּטמאַל. אַלנפאַלס האָב איך געטאָן דאָס וואָס איז לפנים געווען גערעכטיק, און איך האָב קיין פאַרגעניגן ניט פון דעם טאַט, און דאָס פּלאַץ געפעלט מיר ניט".

## 11. דוקס פון לאַגרעים אויסזען

אַזוינאַך האָט יורגען אַראָפּגעשאַרט פון טיש די שאַך־פיגורן אויסגעשטעלט צום שפּילן, און ער האָט אויסגעלייריקט די זילבערנע פלעשער אויף דער ערד. ער האָט אָנגעגעבן דער פּרינצעסן זיינע אורזאַכן פאַר צורו לאָזן דעם האַרן : זי האָט אַ ציטער געטאָן און געזאָגט אַז אין אַזאַ פאַל איז ער זיכער זיך רעכט באַגאַנגען. דאַן האָבן זיי זיך אויפגעזעצט רייטנדיק און אָפּשיד גענומען פון דעם שוואַרץ־און־זילבער פּאַווילאָן. זיי זיינען געקומען אַזוינאַך אַן ווייטערע צופאַלן צו גאַגירוואַן גאַרם שטאָט, קאַמעליאַר.

איצט האָט זיך דאָרט גע'רעש'ט און די גלאָקן האָבן געקלונגען ווען דאָס פאָלק האָט זיך דערוואוסט אַז די פּרינצעסן איז זיי צוריק־געקערט געוואָרן : די הייזער זיינען געווען באַהאַנגען מיט געמאָלטע טוכן און פאָנען, און טרומייטן האָבן געשאַלט, אַלס געגעוויר און יורגען זיינען געקומען צום קיניג אין זיין געריכטזאַל. און דער גאַגירוואַן, וועלכער איז געווען קיניג פון גלאַטיהאַן און הערשער איבער ענסינאַרט און קאַמווי און סאַרגיל, האָט אַראָפּגענידערט פון זיין ברייטן טראָן, און ער האָט אומאַרמט פריער געגעווירן, דאַן יור־גענען.

„און בעט ביי מיר וואָס דו ווילסט, דוקס פון לאַגרעי", האָט גאַגירוואַן געזאָגט, ווען ער האָט געהערט דעם זיגערס נאָמען, „און עס וועט דיר גלייך באַוויליקט ווערן, וואָרים דו האָסט מיר צור־

ריקגעקערט די באַליבטסטע טאָכטער וועלכע איז ווען געווען דער שטאָלץ פון אַ געהויבענעם קיניג".

„מיין האר", האָט יורגען געענטפערט, פאַרנונפטיק, „אַ געפעליקייט וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ פאַרגעניגן דאַרף זיין איר אייגענע פאַרגיטונג. דערפאַר בעט איך אַז דו פון דיין זייט זאָלסט מיר צוריקגעבן די פרינצעסן געגעווייר, אין געהעריקער הייראַט, פאַרשטייסטו מיך. ווייל איך בין מער־ווייניקער זיכער אַז איך בין אַן אָרימער איינזאַמער אַלמן, אָבער איך בין גאַנץ זיכער אַז איך האָב ליב דיין טאָכטער מיט דעם גאַנצן האַרצן".

אַזוינאָך יורגען, וועמעס פונקטן זיינען געווען צעמישט דורך געפילן.

„איך זע ניט איין וואָס דער צושטאַנד פון דיין האַרץ האָט צו טאָן מיט אַזאַ אוממעסיקער פאָדערונג. און עס איז זיכער ניט געשייט פון דיר דאָס פון מיר צו בעטן, ווען דאָ געפינען זיך די הויפלייט פון אַרטורן, וועלכער איז איצט קיניג פון די בריטן, וואָס זיינען געקומען בעטן מיין טאָכטער פאַר זיין ווייב. דו דערציילסט מיר, אַז דו ביסט דוקס פון לאָגרעי, און איך גיב צו אַז אַ דוקס איז אַ גאַנץ וואוילע זאַך : אָבער איך דערוואַרט דערפאַר פון דיר מיר צוגעבן אַז אַ קיניג האָט פאָרצוג ביי יעדן מאַן. וועמעס טאָכטער איז ראוי לחופה. אָבער מאָרגן אָדער איבערמאָרגן מעגלאָך וועלן מיר אַרומרעדן דיין באַלוינונג מער פריוואַט. דערווייל זעסטו אוים זייער טשיקאַווע און צו דערשראָקן צו זיין דער זיגער. וועלכער האָט ביי‌געקומען טראַניאַרן".

וואָרים יורגען האָט דערשטוינט געקוקט אין גרויסן שפיגל הינטער דעם קיניגס טראָן. אין שפיגל האָט יורגען געזען די הינטערזייט פון גאָגירוואָנס באַקרוינטן קאָפּ, און דאַרינטער האָט יורגען באַמערקט אַ מאָדנעם און דערשראָקן־אויסזעענדיקן יונגנמאַן מיט פאַרגלעטע שוואַרצע האָר, און אַ פאַריסענער נאָז, און ברייט־צעעפנטע ליכטיקע ברוינע אויגן, וואָס האָבן שטרענג טאַראַשטשעט אויף יורגענען : און דעם יונגס צו־רויטע און צו־שווערע ליפּן זיינען געווען צענומען, אַזוי אַז מען האָט געזען וואָס פאַראַ פיינע שטאַרקע ציין ער האָט : און ער האָט געטראָגן אַ גלאַנציק העמד מיט טשיקאַווע געמעלן דערויף.

„איך האָב נאָכגעדענקט". האָט יורגען געזאָגט. און ער האָט געזען דעם יונג אין שפיגל אויך רעדן, „איך האָב נאָכגעדענקט אַז עס איז אַ מערקווירדיקער שפיגל וואָס דו האָסט דאָ".

„עס איז ווי וואָס פאַר אַן אַנדער שפיגל", ענטפערט דער קיניג,

„אויף וויפל ער ווייזט זאכן ווי זיי זיינען. נאר מאמער ווילסטו איס אלס דיין באלוינונג, טא נעם דיר איס מיט פארגעניגן."

„און דו רעדסט נאך אלץ וועגן באלוינונגען!" שרייט יורגען אויס. „אזוי, אויב דער שפיגל ווייזט זאכן ווי זיי זיינען, בין איך ארויס פון מיין געבארגטן מיטוואך אלס איין־און־צוואנציק יאר אלט. אך, וואס פארא געשיקטער יונג איך בין עס געווען, צו שמייכלען מוטער סערעדא אזוי ביטרע, און ארייננארן זי אין אזא פרייגיביקייט! און איך וואונדער זיך וואס דו וועלכער ביסט בלויז א קיניג, מיט קורצזיכטיקע אויגן אונטער דיין קרוין, און מיט אן אראפגעלאזטן בויך הינטער אלע דיינע קיניגלאכע קליידער, זאלסט רעדן פון באלוינען א ספריטנעם יונג פון איין־און־צוואנציק, ווייל דו האסט גארניט אזוינס וואס מיר זאל זיך איצט גלוסטן."

„דאן וועסטו מיך מער ניט דולן מיט דיינע שטות'ערייען וועגן מיין טאכטער: און דאס איז אויסגעצייכנטע נייס".

„אבער איצט נוימיק איך זיך ניט אין דיין געגאר", זאגט יורגען. „ווי אויך ניט אין גוטן ווילן פון וואס פארא מאן ערגעץ וועלכער האט א שיינע טאכטער אדער א שיין ווייב. ווייל איצט האב איך די הילף פון א יונג וואס איז ערשט ניט לאנג געמאכט געווארן דוקס פון לאנגרעי, און איך קאן מיר קריגן גערעכטיקייט איבעראל, אין אלע שלאפצימערן פון דער גארער וועלט".

און יורגען האט א קנאק געטאן מיט די פינגער, און געזאלט זיך אוועקדרייען פון דעם קיניג. עס איז געווען נענוג זונליכט אין דעם זאל, אזוי אז יורגען האט אין דעם האלבן אומקער אנגעטראפן זיין שאטן ווי ער איז געלעגן־איינפאך אויף די ברוקשטיינער. און יורגען האט אים באטראכט זייער אויפמערקזאם.

„נאטירלאך", זאגט יורגען דאן, „איך האב נאר געמיינט גלאט אזוי זיך, מיין האר: און האב פאראפראזירט דעם גלענצנדן אויב אפילו אויסגעדראשענעם פאסאזש פון סארנאטיוס, מיט וואס דו ביסט אן צווייפל באקאנט, אין וועלכן ער זאגט ווייטער, אזוי פיל שענער ווי איך קאן מעגלאך אויסדריקן ניט ציטירנדיק אים ווארט פאר ווארט, אז דאס אלץ איז געזאגט אין שפאס, און אן דער מינדסטער אבזיכט צו באליידיקן אימיצן, אי וועמען ניט איז, איך פארזיכער דיך, מיין האר".

„גוט", האט גאגירוואן נאר געזאגט: און ער האט געשמייכלט, צוליב וואס פארא אורזאך האט יורגען, וועלכער האט אלץ געהיט זיין שאטן פון דער זייט, ניט פארשטאנען. „מארגען, ווידערהאל איך, מוז איך רעדן מיט דיר מער פריוואט. היינט מאך איך

אזא מאַלצייט וואָס מען האָט קיינמאָל ניט געזען נאָך אין דער געגנט, ווארים מיין טאָכטער איז מיר צוריקגעשטעלט געוואָרן, און ווייל מיין טאָכטער גייט זיין די קיניגן איבער אַלע בריטן״.

אזוי האָט געזאָגט גאַגירוואַן, וועלכער איז געווען קיניג פון גלאַטיהאַן און הערשער איבער עניסגארט און קאַמווי און סארגיל: און אזוי איז געטאָן געווען. און איבעראַל ביים מאַלצייט האָט יורגען געהערט רעדן וועגן דעם קיניג אַרטור וועלכער האָט געזאָלט הייראַטן פרוי גענעוויר, און וועגן דער נבואה וואָס מערלין אמבראָ־זיוס האָט פאָרויסגעזאָגט אין באַצוג צו דעם יונגן מאָנארך. ווארים מערלין האָט פּראָפעצייט:

„ער וועט פארשאַפן הילף און וועט טרעטן אויף דעם האַלדז־נאַקן פון זיינע פיינט: די אינדזלען פון דעם אָקעאַן וועלן ווערן באַצווינגען דורך אים, און אים וועלן געהערן די וועלדערייען פון די גאַלן: דאָס הויזגעזינט פון ראָמולוס וועט פאַרכטן זיין צאָרן, און זיינע מעשים וועלן ווערן שפּייז פאַר די דערציילער״.

„אזוי, דאַן״, זאָגט יורגען צו זיך, „דער מאָנארך דערמאָנט מיר מיט אַלעמען אין דוד בישראל, וועלכער איז געווען אזוי גלענצנד און באַרימט, און אזוי גיריק, אין די אַמאָליקע צייטן. ווארים צו די וועלדערייען און אינדזלען און האַלדזנאַקנס און אַנדערע רייכטי־מער מוז דער אַרטור פענדראַקאָן צוליינען מיין איינציק לעמעלע, און מיר פעלט אַ נתן צו באַקערן אים צו באַרייאונג. אַלזאָ דאָס איז אָן ספק אַ זייער אומגערעכטע זאַך״.

דאַן האָט יורגען נאָכאַמאָל אַריינגעבליקט אין שפּיגל: און איצט האָבן די אויגן פון דעם יונג וואָס ער האָט דאָרט געפונען אַנגעהויבן צו בלישטשען.

„איך הער דיך, דוד!״ האָט יורגען געזאָגט, העלדיש: „ווייל נאָך אַלעמען זע איך ניט קיין אורזאַך צו זיין פאַרצווייפלט״.

## 12. מסעה פון יאַלאַנדס צוגרונדגיין

איצט האָט יורגען, דער זעלבסט באַשטימטער דוקס פון לאָגרעי, געוויילט אין הויף פון קיניג גאַגירוואַן. דער חודש מאַי איז פאַרי־בער שנעל און אַנגענעם: נאָר דער שרעקלאַכער שאָטן וואָס האָט נאָכגעפאָלגט יורגענען איז ניט פאַרגאַנגען. דאָך האָט אים קיינער ניט באַמערקט: דאָס איז געווען די הויפּטזאַך. ער זעלבסט האָט ניט מורא געהאַט פאַר קיינע שאָטנס, און די זונדערבאַרקייט פון

דעם שאָטן איז ניט גענוג געווען אַוועקצורייסן זיינע געדאַנקען פון געגנעווירן ווי אויך ניט פון זיין שפּילן אין ליבע מיט געגנעווירן.

וואָרים די צייט איז געווען אַ שטילע אין גלאַטיהאַן, איצט אַז די מלחמה מיט ריענס פון גאַרטגאַלים איז באַפרידיקנד געווען געענדיקט: און ליבע־דערקלערונגען זיינען איצט איבעראַל געווען אין פולן גאַנג. אַלס צייטפאַרטרייב זיינען אַדעליקע געגאַנגען אויף יאַגד, כאַפּן פיש, פייגל און פריינטלאַך צעפּאַסעוועט און גע׳ממית׳ט איינער דעם אַנדערן אויף רייטגעפעכטן: אַבער זייער ווירקלאַכע באַשעפטיקונג איז געווען ליבע־שפּילעניש. לויט דעם אַרט פון ריטער, וועלכע האָבן געוואוסט אַז דעם קיניגס טרומייטן וועלן באַלד זיי רופן אין ווייניקער־ווייכגעבעטע פעלדער פון טאַטן, פונוואַ־נען זיי וועלן, ניט דאָס מאָל איז שפּעטער, זיך אומקערן מיט די פיס צו דער טרונע. אַזוי האָט יורגען געזיפצט און געוואָרקעט און געוואַונקען צוגלייך מיט פילע אויסגעצייכנטע קריגסלייט: און די פּרינצעסן האָט צוגעהערט צוגלייך מיט פילע אַנדערע פרויען וועמעס הערצער זיינען ניט געווען פון קרעמען. און גאַגירוואַן האָט מעדיטירט.

עס איז געווען דער קיניגלאַכער מנהג פון גאַגירוואַן ווען זיין אַנבייסן איז געווען צעשטעלט מיטאַגצייט, ניט צו פאַרזוכן קיין שפּייז ביז אַלע יענע וואָס זיינען געקומען נאָך גערעכטיקייט צו אים זיינען געווען באַשטאַט מיט אַ קעמפער צו פאַרגיטיקן זייערע קריוודעס. טרעפט זיך איינמאָל ווי דער דאַרער אַלטער קיניג זיצט אַזוי אין זיין הויפּטזאַל, אויף אַ געזעס פון גרינעם שאַוואַר באַדעקט מיט געלן אַטלעס, און מיט אַ קישן פון געלן אַטלעס אונטער זיין עלנבויגן, און מיט זיינע בראַנען אַרומגעזעצט אַרום אים לויט זייערע אויסצייכנונגען, טרעט אַריין אַ מיידל מיט אַ האַרץ קלעמנדיקער געשיכטע פון אַן אונטערדריקונג וואָס איז געווען אויף איר.

גאַגירוואַן האָט געבלינצט מיט די אויגן אויף איר, און צוגע־שאָקלט. „דו ביסט די שענסטע פרוי וואָס איך האָב געזען פאַר אַ לאַנגער צייט“, זאָגט ער, אָן אַ שייכות. „דו ביסט אַ פרוי אויף וועלכער איך האָב געוואַרט. דוקס יורגען פון לאַגרעי וועט אויף זיך נעמען דעם עסק“.

ניט קאָנענדיק זיך העלפן, איז יורגען אַפּגעפאָרן מיט דער פרוי יאַלאַנד, ניט זייער שטאַרק צופרידן: אַבער ווי זיי זענען געפאָרן האָט ער געשפּאַסט מיט איר. און אַזוי, מיט פיל געלעכטער בניה ביה, האָט אים יאַלאַנד געפירט צו דעם גרינעם שלאָס, פונ־

וואַנען עס האָט זי אַרויסגעוואָרפֿן גרעמאַגאַג, אַ פֿאַרכטבאַרער ריז.

„איצט מאַך זיך באַרייט צו באַגעגענען דעם טויט, האַר ריטער!" האָט גרעמאַגאַג אויסגעשריען, לאַכנדיק שוידערלאַך, און פּאַכנדיק זיין דובינע. „ווייל אַלע ריטער וועלכע קומען אַהער האָב איך געשוואוירן צו טייטן!".

„הע, אויב וואָר־זאָגן וואָלט געווען אַ זינד וואָלסטו געווען אַ זייער טונגטהאַפטער ריז", זאָגט יורגען, און ער האָט אַפּירגענומען טראַניארס שווערד, דעם אומווידערשטיילאַכן קאַליבורן.

דאַן האָבן זיי געקעמפּט און יורגען האָט דערמאָרדט גרעמאַ־גאַגן. אַזוי איז דער גרינער שלאָס צוריקגעקערט געווען דער פֿרוי יאָלאַנדע, און די פּריילנס וועלכע האָבן איר צוערשט באַדינט זיינען געלעגנטלאַך באַפּרייט געוואָרן פֿון דעם סקליעף. זיי זיינען איצט געווען פּריילנס בלויז אויס העפלאַכקייט, אָבער אַזוי ווייד איז דאָס האַרץ פֿון אַ פֿרוי אַז זיי האָבן אַלע באַוויינט גרעמאַגאַגן.

יאָלאַנד איז געווען זייער דאַנקבאַר, און פֿאַרגעשלאָגן אַלערליי פֿאַרגיטונגען.

„אָבער, ניין, איך וועל ניט נעמען קיין איינעם פֿון די ברי־ליאַנטן, און ניט קיין געלט, און גיטער אויך ניט", זאָגט יורגען. „וואָרים לאַגרעי, מוז איך דיר זאָגן איז אַ נשקשה'דיק פֿאַרמעגלאַך הערצאָגטום און דאָס טייטן פֿון ריזן איז אַ באַליבטע פֿאַרוויילונג מיינע. דער איז וואויל באַלוינט, וועלכער איז וואויל באַפֿרידיקט. דאָך אויב דו מוזסט מיך באַגיטיקן פֿאַר אַזאַ קליינער דינסט, שווער צו טאָן וואָס דו קאַנסט כּדי צו קריגן פֿאַר מיר די ליבע פֿון מיין האַרץ, און דאָס וועט זיין גענוג".

יאָלאַנד האָט, אָן דעם מינדסטן ענטוזיאַזם, צוגעשטימט צו פֿאַרזוכן דאָס: און ווירקלאַך האָט יאָלאַנד, נאָך יורגענס פֿאָדער־רונג, געגעבן אַ שבועה ביי די פֿיר עוואַנגעליער אַז זי וועט טאָן אַלץ אין איר מאַכט צו העלפֿן אים.

„אַלזאָ גוט", האָט יורגען געזאָגט, „דו האָסט געשוואוירן, און עס איז דו ווועמען איך האָב ליב".

איבעראַשונג האָט איר געמאַכט רייצנד איצט. יאָלאַנד איז אָפּנבאַר געווען אַנטציקט פֿון דעם געדאַנק צו הייראַטן דעם יונגן דוקס פֿון לאַגרעי, און פֿאַרגעשלאָגן שוין צו רופֿן אַ גייסטלאַכן.

„מיין טייערע", זאָגט יורגען, „עס איז ניט נויטיק אַריינצו־מישן אַ גייסטלאַכן אין אונדזערע פּריוואַטע אַנגעלעגנהייטן".

זי האָט פֿאַרשטאַנען זיין מיין, און געזיפֿצט: „איצט באַ־

דויער איך", האָט זי געזאָגט, „וואָס איך האָב געגעבן אַזאַ ערנסטע שבועה. דיין שפּיצל איז אומגערעכט".

„אָ, עס הייבט זיך ניט אָן", האָט יורגען געזאָגט: „און באַלד וועסטו עס ניט באַדויערן. ווייל, פאַרוואָר, די שפּיל האָט די ווערט דאָס ליכטל".

„ווי אַזוי ווערט דאָס באַוויזן, מיין האַר דע לאַגרעי?"

„ווי אַזוי? ביים ליכט־שיין", — זאָגט יורגען, — „נאַטירלאַך".

„אין דעם פאַל, וועלן מיר ניט רעדן וועגן דעם ביז אָוונט".

אַזוינאַך האָט דעם אָוונט יאַלאַנד געשיקט נאָך אים. זי איז געווען, ווי גאָגירוואַן האָט געזאָגט, אַ מערקווירדיקע שיינע פרוי, גלאַט און פּרעכטיק און באַקרוינט מיט אַ פאַרמעגן קופּער־קאָלירטע האָר. דעם אָוונט איז זי געווען אַמבעסמן אין אַ טוניק פון שי־מערירנדיקן בלוי, מיט אַן אויבערקלייד פון גאָלד שטיקעריי, און מיט גאָלד געשטיקטע נאָכהענגיקע אַרבל וואָס האָבן באַרירט דעם דיל. אַזוי איז זי געווען ווען יורגען איז געקומען צו איר.

„איצט", האָט יאַלאַנד געזאָגט, קנייטשנדיק זיך, „מעגסטו שוין גלייכער אַרויסקומען אָפן מיט דעם וואָס דו האָסט בלויז אָנגעדייט דעם פרימאָרגן".

אָבער צוערשט האָט יורגען אַרומגעקוקט די וואוינונג, און עס איז געווען באַלויכטן דורך אַ הויכן געגילטן שטאַנג אויף וועלכן ליכט האָבן געברענט.

ער האָט זיי איבערציילט, און ער האָט אַ פייף געטאָן. „זיבן ליכט! אויפן וואָרט, מיין טייערע, דו פאַרשאַפסט מיר גרויס כבוד, וואָרים דאָס איז אַ וואָרע אילומינאַציע. צו באַטראַכטן עס, מאָל דיר, אַז דו זאָלסט מיך ערן, ווי מענטשן טוען די הייליקע, מיט זיבן ליכט! נו, איך בין בלויז אַ שטערבלאַכער, פונדסעטוועגן אָבער בין איך יורגען, און איך וועל זיך באַמיען אָפּצוצאָלן די זיבנפאַכיקע געפע־ליקיים אַן הנחה".

„אָ, מיין האַר דע לאַגרעי", האָט אויסגעשריען פרוי יאַלאַנד, „אָבער וואָס פאַראַ אומפאַרשטענדלאַכע נאַרישקייטן דו פּלאַפּלסט! דו מיספאַרטייטשסט אַנגעלעגנהייטן. וואָרים איך קאָן דיך פאַרזיכערן אַז איך האָב אַזעלכעס ניט געהאַט אין זין. אויסערדעם הייב איך ניט אָן צו וויסן וואָס דו רעדסט אַזוינס".

„פאַרוואָר, איך מוז דיך וואָרנען אַז מיינע טאַטן רעדן אָפט פיל קלאָרער ווי מיינע ווערטער. עס איז דאָס וואָס געלערנטע רופן אַן „אידיאָסינקראַטיע".

„—און איך זע ניט איין ווי ווער פון די הייליקע האָט עפּעס

צו טאָן דערמיט. וואָלסטו באַטש געווען געזאָגט די פיר עוואַנגעל־
ליער — ווארים מיר האָבן גערעדט איבער די פיר עוואַנגעליער,
ווי דו געדענקסט, אינדערפרי — אָה, אָבער ווי נאַריש עס איז
פון דיר, מיין ווערטער דע לאַגרעי, צו שטיין דאָרט שטשירענדיק
און באַטראַכטנדיק מיך אַזוי אַז עס מאַכט מיך רויטלען זיך!"

„נו, דאָס קאָן מען לייכט פאַריכטן", האָט יורגען געזאָגט,
ווי ער האָט אויסגעבלאָזן די ליכט, „זינט פרויען רויטלען זיך ניט
אין דער פינסטער".

„וואָס פּלאַנעווסטו, מיין האר דע לאַגרעי?"

„אַך, נאָר ניט איבעראַשט!" האָט יורגען געזאָגט. „איך
וועל דיך געהעריק באַהאַנדלען".

און ווירקלאַך האָט יאָלאַנד צוגעגעבן שפּעטער אַז דער דוקס
דע לאַגרעי, באַטראַכטנדיק אַלץ מיט אַנאַנדער, איז געווען זייער
גרויסמוטיק. יורגען האָט גאָרניט צוגעגעבן; און ווי דאָס צימער
איז געווען שטאָק פינסטער האָט קיינער ניט געקאָנט רעדן מיט
אַווטאָריטעט וועגן דעם וואָס איז דאָרט געשען. עס איז גענוגנד אַז
דער דוקס דע לאַגרעי און די פרוי פון דעם גרינעם שלאָס זיינען
זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען שפּעטער אויפן פריינטלאַכסטן אופן.

„דו האָסט מיך מבטל געמאַכט, מיט דיינע שפּילן און דיינע
ליכט און דיין פאַרזכיטיקן אַפּצאָלן פון העפלאַכקייטן", האָט יאָלאַנד
געזאָגט, און געגענעצט, ווארים זי איז געווען שלעפעריק; „אָבער
איך האָב מורא אַז איך האָס דיך ניט אַזויפיל ווי איך וואָלט
באַדאַרפט".

„קיין פרוי איז קיינמאָל ניט אַנדערש", האָט יורגען געזאָגט,
„אין דער שעה". ער האָט געפרישטיקט, דאַן געקושט יאָלאַנדן,
— ווייל דאָס, ווי יורגען האָט געזאָגט, איז געווען זייער שעה פון
אָפּשיד, — און ער איז אָפּגעפאָרן פון דעם גרינעם שלאָס זייער
אויפגעלייגט.

„נו, נו, וואָס פאַר אַן אַנטיק עס איז אויפסניי צו זיין אַ
פיינער יונג!" האָט יורגען געזאָגט. „מילא, כאָטש אירע גרויסע
ברוינע אויגן סטאַרטשען צופיל — עפּעס ווי ביי אַ קרעבס — איז
זי דאָך אַ פּרעכטיגע פרוי, די מאַדאַם יאָלאַנד: און עס איז אַ
טרייסט צו געדענקען אַז איך האָב געזען דערצו אַז גערעכטיקייט
זאָל איר געטאָן ווערן".

דאַן איז ער צוריקגעפאָרן קיין קאַמעליאַר, זינגענדיק אַנטציקט
פון דעם געדאַנק אַז ער פאַרט צו דער פרינצעסן גענעווירע, וועמען
ער האָט ליב געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן.

## 13. פילאָסאָפיע פון גאַגירוואַן גאַר

אין קאמעליאַד האָט דער יונגער דוקס פון לאָגרעי פאַרבראַכט זיין צייט מערסטן אין דער געזעלשאַפט פון געַנעווייר, וועמעס פאָטער האָט גאַרניט געהאַט אויסצוזעצן לפנים. גאַגירוואַן האָט געהאַט זיין צוגעזאָגטן געשפּרעך מיט יורגענען.

„עס טוט מיר לייד וואָס פרוי יאַלאַנד האָט געהאַנדלט צו שפּאַרזאַם מיט דיר", האָט דער קיניג געזאָגט, פאַר אַלעמען: „וואָרים איך האָב אויסגערעכנט אַז איר וועט ביידע זיין ווי אַ פונק מיט אַ שפּענדל, אָנצינדנדיק צווישן זיך אַ ליבע פלאַקער וואָס זאָל פאַרברענען די גאַנצע נאַרישקייט וועגן מיין טאָכטער".

„שפּאַרזאַמקייט, מיין האַר", האָט יורגען געזאָגט, פאַרנונפטיק, „איז אַ שפּריכווערטלאַכע טוגנט, און פלאַם־פייער קאָן ניט פאַרברענען וואָרע ליבע".

„דאָס איז וואָר", האָט גאַגירוואַן צוגעגעבן, „ווער נאָר זאָל עס זאָגן". און ער האָט אַ זיפץ געטאָן.

דאַן איז ער פאַר אַ ווײַלע געזעסן אין קאָפּ־שאָקלדיקער מעדיטאַציע. דעם אָוונט האָט דער קיניג געטראָגן אַ מיאוס'ן פאַרראָסטעטן מאַנטל פון שוואַרצן שטאָף, מיט פוטער אַרום האַלדז און אַרבל און זיינע שיטערע ווייסע הערעלאַך זיינען געווען צוגעדעקט דורך אַ זייער אָפּגעטראָגענעם שוואַרצן מיץ. אַזוי האָט ער זיך איינגעקנורט אַרום אַ קליין פייערל אין אַ גרויסן שטיינערנעם קאַמין געשניצט מיט הערבן; לעבן אים איז געווען ווייסער וויין און רויטער, וואָס איז געשטאַנען אומפאַרזוכט בעת גאַגירוואַן האָט מעדיטירט איבער זאַכן וואָס האָבן אים גענאָגט.

„נו, דאַן!" זאָגט גאַגירוואַן גאַר: „די הייראַט מיט דעם גרויסן קיניג פון די בריטן מוז פאָרקומען, נאַטירלאַך. דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן לעצט יאָר, ווען אַרטור און זיינע טייוולשע מעקלערס, די פרוי פון דער אַזערע און מערלין אַמבראַזיוס, האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו רעטן מיך ביי קאַראָהעז. איך רעכן אַז אַרטורס אַמבאַסאַדאָרן, וואַרשיינלאַך די טייוולשע מעקלערס זעלבסט, וועלן קומען נאָך מיין טאָכטער איידער יוני איז פאַריבער. דערווייל פאַרמאָגט איר ביידע יוגנט און ליבע אַלס שפּילזאַכן, און עס איז פרילינג".

„וואָס באַטייט דער סעזאָן פון יאָר פאַר מיר", האָט יורגען געזיפצט, „ווען איך דערמאָן זיך אַז אין ערך פון אַ וואָך וועט די פרוי פון מיין האַרץ צוגענומען ווערן פון מיר אויף אייביק?

ווי קאָן איך זיין גליקלאַך ווען די גאַנצע צייט ווייס איך אַז די לאַנגע יאָרן פון עלנט און יאוש זיינען גאַנץ?"

„דו זאָגסט דאָס", האָט דער קיניג באַמערקט, „טיילווייז דער־פאַר וואָס דו האָסט געטרונקען צופיל לעצטע נאַכט, און טיילווייז דערפאַר וואָס דו דענקסט אַז עס ווערט דערוואַרט פון דיר. ווארים אין דער אמת'ן ביסטו פונקט אַזוי גליקלאַך ווי עס איז אימיצן דערלויבט צו זיין אויף דער וועלט, דורך דער איינפאַכער אורזאַך וואָס דו ביסט יונג. עלנט, ווי דו באַנוצסט דאָס וואָרט, באַטראַכט איך פאַר אַ פּאָעטישער בילדלאַכקייט: אָבער איך קאָן דיך פאַר־זיכערן אַז אין דעם מאָמענט ווען דו ווערסט אויס יונג וועלן די יאָרן פון יאוש זיך אָנהייבן, אַזוינאַך צי אַנדערש".

„דאָס איז וואָר", האָט יורגען געזאָגט, הארציק.

„פונוואַנען ווייסטו? אַלזאָ דאָן, נעם אָן אַז איך בין וואַנ־זיניק געגנוג צו פאַרהייראַטן מיין טאָכטער פאַר אַ ליאַדע דוקס, וואָלט זי דיר פאַרדאָמט נמאס געוואָרן: איך קאָן דיך פאַרזיכערן אין דעם אויף, וויל בטבע פעלט געגעווירן ניט קיין אויג פון איר גאָטזעליקער מוטער. זי זעט אויס שיין, נאַטירלאַך, ווארים דערמיט איז זי געראָטן אין מיין משפחה: אָבער צווישן אונדז גערעדט, איז זי ניט געוואַלדיק איבערגעשפּיצט, און זי וועט זיך שטענדיק חנ'דלען צו דעם מאַן אָדער אַן אַנדערן. הייגט שיינסט דו צו זיין איר אויסוואַל אַלס צילברעט, אין אַ פיין גלאַנציק העמד וואָס אַזעלכעם איז קיינמאָל ניט געזען געוואָרן אין גלאַטיהאָן. איך באַדויער, אָבער אפילו אַזוינאַך קאָן איך ניט לייקענען, דיין רעכט אַלס געווינער וועלכער האָט זי געראַט: און איך מוז דיך לאָזן אויסנוצן די געלעגנהייט".

„דערווייל קומט מיר אויפן זינען, מיין האַר, אַז עס איז אויסערגעוויינלאַך צו פאַר'קנס'ן דיין טאָכטער צו איין מאַן און זי לאָזן וואוילגיין מיט אַן אַנדערן."

„אויב דו שפּאַרסט זיך איין דערויף", האָט גאַגירוואַן גאַר געזאָגט, „קאָן איך נאַטירלאַך אייך ביידע פאַרשליסן, אין באַזונדע־רע געפענגנישן, ביז דעם חופה טאָג. דערווייל קומט מיר אויפן זינען אַז דו באַדאַרפסט זיין דער לעצטער אויסטייטשער צו מורמלען".

„פאַרוואָס, איך זאָג דיר איינפאַך, מיין האַר, אַז קריטישע מענטשן וואָלטן גע'טענה'ט אַז דו באַמיסט זיך ווינציק וואָס איבער דיין טאָכטערס ערע".

„אויף דעם זיינען פאַראַנען עטלאַכע ענטפערס", האָט דער

קיניג געזאגט. „איין ענטפער איז אז איך האלט מיין פארשטאַר־בענע פרוי אין געדעכעניש אזוי טייער ווי מעגלאך, און איך דערמאָן זיך אז איך האָב בלויז איר וואָרט דערויף אויף וויפל געגעוויר שיינט צו זיין מיין טאָכטער. א צווייטער ענטפער איז דער: כאָטש מיין טאָכטער איז אַ שטילע יונגפרוי פון אַ גוטער אויפפירונג, האָב איך קיינמאָל ניט געהערט וועגן קיניג טראַניאר אַלס עפּעס ענלאָכס פון דעם מין."

„אַ, מיין האר", האָט יורגען געזאָגט, אויפגעשווידערט, „וואָס אַזוינס דייטסטו אַן!"

„אַלערליי זאַכן. פּאַסירן דאָך אין היילן, זאַכן וואָס עס איז געשייטער צורו לאָזן אין זונליכט. טאַ מאַך איך זיך ניט ווייסנדיק; איך שטעל ניט קיין פראַגן: מיין געשעפט איז צו פארהייראַטן מיין טאָכטער ווי עס באַדאַרף צו זיין, און בלויז דאָס. אַזעלכע אַנטדעקונגען ווי עס קאָנען געמאַכט ווערן פון איר מאַן דערנאָכדעם, געהערן אים אַן, ניט מיר. אַזויפיל קאַן איך דיר זאָגן, מיין האר דע לאַגרעי, אַלס ענטפער. אָבער דער ריכטיקער ענטפער איז הייסן דיר באַטראַכטן אַט וואָס: אַז אַ פרוים ערע באַציט זיך אויף איין זאַך בלויז, און עס איז אַ זאַך אויף וועלכער די ערע פון אַ מאַן באַציט זיך אינגאַנצן ניט".

„אָבער איצט רעדסטו רעטענישן, קיניג, און איך וואונדער זיך וואָס ווילסטו איך זאָל טאָן".

גאַנירוואַן האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. „ווארשיינלאַך ראָט איך דיך צו זיין דאַנקבאַר פאַר געבוירן ווערן אַ מאַן, ווייל דער דרייסטערער געשלעכט באַדאַרף זיך ווינציקער זאָרגן וועגן שברות."

„וואָס פאַרא שברות?"

גאַנירוואַן האָט אים אויסגעזאָגט.

דוקס יורגען האָט דאָס צווייטע מאָל געהעריק אויפגעשווידערט. „דיינע אַפאַריזמען קיניג, זיינען אַפשיילאָכע, און קוים פון דעם מין צו שטילן מיינע ליידן. אָבער צוריק געשמועסט האָבן מיר גערעדט וועגן דיין טאָכטער, און עס איז גיכער זי וואָס מוז גענומען ווערן אין באַטראַכט איידער איך".

„איצט פארשטיי איך אַז דו ווייסט פּולקאָם וואָס איך מיין. יאָ, אין אַלע געלעגנהייטן וואָס באַציען זיך אויף מיין טאָכטער דערוואַרט איך פון דיר צו זאָגן ליגן ווי אַן ערנמאַן".

„נו, איך האָב מורא, מיין האר", האָט יורגען געזאָגט, נאָך אַן הפסקה, „אַז דו ביסט אַ מענטש מיט עטוואָס נידעריקע אידעאַלן".

„א, אבער דו ביסט יונג. די יוגנט קאָן זיך דערלויבן אידעאַלן, זייענדיק שטאַרק גענוג צו כאַפּן די שווערע קלעפּ וואָס זיי פאַר־דינען פאַר זייער באַזיצער. אָבער איך בין אַן עלטערער מענטש, פאַרשאָלטן מיט אַ ווייך האַרץ און גאַנץ שאַרפע אויגן. די קאָמ־בינאַציע, מיין האַר דע לאַגרעי, איז אַזאַ וואָס צווינגט מיך גאַנץ אָפט צו שפּאַטן אין ניט פּאַסיקע אומשטענדן, בלויז דערפאַר ווייל איך פיל אַז איך געפין זיךביים ראַנד פון פיל אומפּאַסיקערע טרערן".

אזוי האָט גאַגירוואַן געענטפערט. ער האָט געשוויגן אַ ווייַלע. און ער האָט באַטראַכט דאָס פייער. דאַן האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט אַ געקנייטשטער האַנט צו דעם פענסטער, און גאַגירוואַן האָט אָנגעהויבן צו רעדן, פאַרטאָן אין געדאַנקען:

„מיין האַר דע לאַגרעי, עס איז נאַכט אין מיין שטאָט קאַ־מעליאַר. און ערגעץ שיצט איינער פון די דעכער אַ מיידל וואָס מיר וועלן אָנרופן לינעט. זי האָט אַ געליבטן — מיר וועלן זאָגן אַז ער הייסט סאַגראַמאָר. די נעמען ־אַכן ניט אויס. דעם אָוונט, ווי איך רעד מיט דיר, ליגט לינעט באַוועגלאָז אין אַ געשניצט ברייט בעט וואָס איז פריער געווען איר מוטערס. זי טראַכט פון סאַגראַמאָרן. דאָס צימער איז פינסטער אויסער וואו די לבנה־שיין זילבערט די דימענט־געפורמטע שויבן פון אַמאַליקע פענסטער. אין יעדן אַנדערן ווינקל פון דעם צימער לויערן פאַרבאָרגענע ציטערנ־דיקע אַנדייטונגען".

„אַך, מיין האַר", זאָגט יורגען, „דו אויך ביסט אַ דיכטער!"

„שלאָג־זשע מיר ניט איבער! לינעט, ווידערהאָל איך, האַלט אין טראַכטן פון סאַגראַמאָרן. ווידעראַמאָל זיצן זיי ביי דער אָזע־רע, אונטער אַן עפּלבוים עלטער ווי רוים. די געפלאָכטענע צווייגן פון בוים זיינען אויפגעהויבן ווי אין אַ בענטשונג: און בלעטלאַך — בלעטלאַך, פלאַטערדיקע, ווירבלדיקע, קרייזנדיקע, — אומענדלאַ־כע ווייסע בלעטלאַך פאַלן געלאַסן אין דער שטילקייט. קיינער רעדט ניט: וואָרים עס איז ניט נויטיק. שטילערהייט ווישט ער אַ בלעטל אַוועק פון דער שוואַרצקייט פון אירע האָר, און שטילערהייט קושט ער זי. די אָזערע איז טונקל און אזוי האַרט־אויסזעענדיק ווי ביטערשטיין. צוויי איינזאַמע שטערן הענגען נידעריק אין דעם גרינעם הימל. עס איז קאָמיש וואָס די ברוסט פון אַ מאַן איז אזוי האַריק, אַך, זייער קאָמיש! און אַ פויגל זינגט, אַ זילבערנע נאָדל פון קלאַנג באַוועגט זיך ציטערנדיק אין דער שטילקייט. זיכער איז דער ווייטער הימל אזוינאַך שטילערהייט געפאַרבט און אזוי־

נאָך זונדערבאַר וואונדערלאַף. אַזוי כאַטש דענקט די קליינע ליי־נעט, ליגנדיק באַוועגלאָז ווי אַ מייזל, אין דעם געשניצטן ברייטן ברעט וואו ליגעט איז געבוירן".

„אַ זייער ווארימער שטריך, אַט־דער", האָט יורגען אַריינ־געשטעלט.

„איצט איז פאַראַן אַן אַנדער אַרט געזאַנג: ווייל איצט ווערט דער שענק פאַרמאַכט, גרויסע לאַדנס האַלטן אין האַקן, פיס שאַרן, אַ שכור שלוקעכצט אין זיין זינגען. עס איז אַ ליבעליד וואָס ער ממית'ט. ער פאַרגיסט אומבאַגרייפלאַכע טרערן ווי ער שלייכט נענטער און נענטער צו ליגעטס פענסטער, און זיין האַרץ איז דורכוים איידלמוטיק. ווארים סאַגראַמאַר יובל'ט זיין לעצטן זיג. דענקסטו ניט אַז דאָס אַדער עפּעס זייער ענלאַכס דערצו פּאַסירט דעם אָוונט אין מיין שטאָט קאַמעליאַר, מיין האר דע לאַגרעי?"

„עס פּאַסירט אוינגבליקלאַך", האָט יורגען געזאָגט „איבעראַל. ווארים אַזוי איז יעדע פרוי פאַר אַ קורצער ווײלע, און אַזוי איז יעדער מאַן די גאַנצע צייט".

„אַזוי ווי דאָס איז אַ שוידערלאַכער אמת", האָט גאַגירוואַן פאַרגעזעצט, „מעגסטו עס אננעמען פאַר איינער פון די פילע אורזאַכן פאַרוואָס איך שפּאַט אין אומפּאַסיקע געלעגנהייטן כדי צו פאַרהאַלטן פיל אומפּאַסיקערע טרערן. ווארים אַט־דאָס פּאַ־סירט: אין מיין שטאָט פּאַסירט עס, און אין מיין שלאָס פּאַ־סירט עס. יאָ קיניג צי ניין, בין איך מאַכטלאָז צו פאַרמיידן דאָס פּאַסירן. אַזוינאַד קאָן איך בלויז קוועטשן מיט דעם אַקסל און שטאַרקן מיין אַלט בלוט מיט אַ פרישער פלאַש. פונדעסטוועגן שטערט מיר דאָס ניט צו באַטראַכטן די יונגפרוי, וועלכע איז זייער מעגלאַך מיין טאַכטער, מיט אַ היפשער מאָס ליבשאַפט: און עס וואָלט געווען לויבווירדיק פאַר דיר צו נעמען דאָס אין אכט, מיין האר דע לאַגרעי, אויב עס וואָלט זיך דיר פאַרגלוסט ווען צו זיין אַפנהערציק".

יורגען איז געווען אויפגעשוידערט. „אָבער מיט דער פרינ־צעסן, מיין האַר, איז עס אומדענקבאַר אַז איך זאָל ניט האַנדלען געהעריק".

קיניג גאַגירוואַן האָט געהאַלטן אין קוקן אויף יורגענען. גאַ־גירוואַן גאָר האָט גאָרניט געזאָגט, און ניט אַ מוסקול האָט ערגעצוואו אין אים גערעגט.

„כאַטש פאַרשטייט זיך", האָט יורגען געזאָגט, „אַז איך וואָלט,

אוים איינפאכער גערעכטיקייט צו איר, קיינמאל נים באוויליקט קיינע באקאנטמאכונגען וואס קאנען פארשאפן שמערצן".

„איך זע ווידעראמאל", האט גאגירוואן געזאגט. „אז דו פארשטייסט מיך. דאך האב איך נים גערעדט וועגן מיין טאכטער בלויז, נאר אין אלגעמיין".

„ווי דאן, מיין הער, וואלסטו וועלן איך זאל האנדלען אין אלגע־מיין ?"

„נו, איך קאן בלויז ווידערהאלן מיינע ווערטער", זאגט גא־גירוואן, זייער גערולדיק, „איך דערוואַרט פון דיר צו זאגן ליגן ווי אן ערנמאן. און איצט נעם אפשיד, ווארים איך גיי שלאפן. איך וועל נים זיין צופיל וואכזאם נאכאמאל ביז מיין טאכטער וועט בשלום פארהייראט ווערן. און דאס איז להלוטין אלץ וואס איך קאן טאן פאר דיר".

„דענקסטו אז דאס איז ערנהאפטע אויפפירונג, קיניג ?"

„א, ניין", זאגט גאגירוואן, איבעראשט. „עס איז וואס מיר רופן פילאנטראפיע".

## 14. פרעלימינערע צוגן פון דוקס יורגען

אזוי האט יורגען פארבראכט אין הויף, און איז געווען נשקשה'־דיק צופרידן פאר א קליינער ווילע. ער האט ליב געהאט א פרינ־צעסן, די שענסטע און פולקאמסטע צווישן שטערבלאכע פרויען; און זי ליב געהאט (א פאל צו וועלכן ער פלעגט זיך אפט צוריק־קערן) ווי קיין אנדער מאן האט ווען ליב געהאט אין דער וועלטס געשיכטע. און קירצלאך האט ער געזאלט שטיין און זי צוזען פאר־הייראט צו אן אנדערן. דאס איז געווען א לאגע צו דערפרייען דעם ריטערלאכן הויף פון גלאטיהאן, און יעדע פאדערונג פון ראַ־מאנטיק איז געווען פינקטלאך דערפילט.

אט ווי גענעוויר, וועמען יורגען האט ליב געהאט מיט דעם גאנצן הארצן, האט אויסגעזען: זי איז געווען פון מיטעלן וואוקס, מיט א פיגור נאך נים אינגאנצן די פיגור פון א פרוי. זי האט געהאט פיינע און זייער געדיכטע האר, און דער קאליר זייערער איז געווען די געלקייט פון זאנגען־פלאקס. ווען גענעוויר האט צענומען אירע האר איז עס געווען א וואונדער פאר יורגענען צו באמערקן ווי ארומנעמענדיק די האר זיינען געפאלן איבער איר קליין קעפל און צארטן האלדז און דאן פריי זיך פארשפרייט און זי באקליידט מיט א לויזן ווייכן שוים פון בלאסן גאלד. ווארים

יורגען איז געווען אנטציקט פון אירע האר, און וואס אמאל איג־מימער, ליב געהאט צו ציען גרויסע האר־פאסמעס הינטער זיין קאפ, פלעכטנדיק זיי דארט, און פרעסנדיק ווייכע גערוכיקע זשמעניעס פון זיי צו זיינע באקן, ווי ער האט געקושט די פרינצעסן.

דער קאפ געגעוווירס, צו ווידערהאלן, איז געווען מיניאטור. עס איז געווען צו באוואונדערן די שטאלצע פרייע באוועגונגען פון דעם קליינעם קעפל וואס האט בעדארפט אויפהאלטן די לאסט פון אזוי פיל האר. דאס געזיכט געגעוווירס איז געווען צארט און ווייך אין קאליר: עס האט געמאכט די פנים'ער פון אנדערע פרויען אויסזען ווי די ארבעט פון א שילד־פארבער, גלאט געשמירט ווי־עס־איז. גרויע אויגן האט געגעוויר געהאט, פארשלייערט מיט אימגלויבלאך לאנגע שווארצע וויעס וואס האבן זיך געבויגן אומגלויבלאך. אירע ברעמען האבן זיך געוועלבט גאנץ הויך איבער אירע אויגן: דאס איז געווען כמעט א פעלער. איר נאז איז געווען איידל און פאריסן: איר קין איז געווען אומפארשעמטקייט פארוואנדלט אין ליבע: און איר מויל איז געווען א קליינינקער און אומווידערשטייזלאבער נסיון.

„און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער! אבער פארוואר, עס האט אינגאנצן קיין זין ניט צו באשרייבן דאס רייצנדע מיידל פונקט ווי איך וואלט געמאכט א צעטל פון מיין לאמבארד פענ־סטער", האט יורגען געזאגט. „פארגלייכונגען זיינען גוט און וואויל, און זיי האבן די אומבאאנטווארטלאכע הסכמה פון מנהג: פונדעסטוועגן ווען איך דערקלער אז מיין געליבטערס האר דער־מאנען מיר אין גאלד, זאג איך גאנץ באוואוסטזיניק א ליגן. זיי זעען אוים ווי געלע האר, און דאס אלץ: אויך וואלט איך ניט באוויליקט צו שטיין אין די צען איילן פון וואס פארא פרוי פון וועמעס קאפ עס וואלט געשפראצט דראט, פון וואס פאר א מעטאל. און צו ברייען אז אירע אויגן זיינען אזוי גרוי און טיף ווי דער ים איז אויך צו דערליידן, און די ארט זאך וואס איז צו דער־ווארטן פון מיר: אבער מאלט אייך ווי שוידערלאך עס וואלטן געווען קאלוזשעס וואסער פליסנדיק שמוציקלאך אין א פרוים אויגן־גריבלאך! ווען מיר דיכטער זאלן קאנען ממש זען פאר זיך די פארזעעניישן וואס מיר ריימען, וואלטן מיר געקוויטשט און אנטלאפן. דאך האלט איך גראד פון די פאעטישע איבערטרייבונגען".

ווארים ער האט געהאלטן אין פארפאסן אזא קאמפלימענטארן שיר אין געגעוווירס לויב. עס איז געווען די אנגענעמע אויפפירונג פון גאגירוואנס הויף אז יעדער ריטער מוז פארפאסן פערזן לכבוד דער

פרוי אין וועמען ער איז געווען האפנונגסלאז פארליבט : פונקט ווי אין די פערזן האט ער געמוזט אנרופן די פרוי (ווי יענע וועמעס נאמען איז געווען צו הייליק צו דערמאנען) אנדערש ווי עס האבן זי גערופן אירע קאווירער. אזוי האט דוקס יורגען געהעריק ראפ־סאדירט וועגן זיין פילידא.

„איך ליי אוים דעם צונאמען פאר מיין טייערער ביי דער באַ־רימטער אבער פיל אומוויכטיקערער פרוי וועלכע איז געווען באַ־ליבט פון אריפוס פון בעלסיז", האט ער פארטיימשט. „עס איז צו געדענקען פאליגערם פארדאכט אז זי איז געווען א פרינצעסן פון סקלעראווייער אפשטאם : און איר געדענקט זיכער פיזאנדערם מייסטערהאפטע סומירונג פון די ווארשיינלאכקייטן, אין זיין ווערק הערא‎קליא".

„א, זיכער", האבן זיי געזאגט. און אויף די הויפלייט פון גאנירוואן גאר, ווי אויף מוטער סערעדא, האט א שטארקן איינדרוק געמאכט דוקס יורגענס געלערזאמקייט.

ווארים יורגען איז געווען דוקס פון לאגרעי היינט צו טאג, מיט זיין גלאנציק העמד און דעם קריינדל אויפן צוימל צו באַ־שטעטיקן עס. אומגעלומפערטערהייט איז עס גאר געווען א גרעפיש קריינדל, אבער לעפישקייטן זיינען נים שטענדיק אומדערקלער־באר.

„עס איז געווען גראף גיארמידס פערד. איר האט זיכער געהערט וועגן גיארמידן : אבער נאכצופרעגן זיך איז א באליידי־קונג".

„אך, ניין, ניין. עס איז א שפאס. מיר פארשטייען פולקאם דיין שפאס, דוקס".

„און פארא גאנץ נישקשה'דיקן קעמפער האב איך געפונען דעם באריממן גיארמיד ווי איך בין געפארן מערב־צו. און זינט ער האט דער'הרג'עט מיין רייטפערד בשעת דער אויפרעגונג אין אונדזער געשפרעך, בין איך געניוט געווען איבערנעמען זיין פערד, נאכדעם ווי איך האב דעם ארימן גיארמיד געהעריק באערדיקט. א, יא, א גאנץ נשקשה'דיקער קעמפער, און איך האב גענוג גע־הערט וועגן אים אין לאגרעי. ער איז געווען אויבערהאר פון ארק און פערזאן, ווי איר געדענקט, כאטש זיכער איז דאס גוט געקומען פון זיין מוטערס צד".

„יא געווים," האבן זיי געזאגט. „דו מוזסט נים דענקען אז מיר גלאטיהאנער זיינען אפגעשלאסן פון דער גרויסער וועלט. מיר

האָבן געהערט פון דעם אַלעמען. און מיר האָבן אויך געהערט פיינע זאַכן וועגן דיין הערצאַגטום לאַגרעי, גנעדיקער האַר".

„אַז צווייפל", האָט יורגען געזאָגט; און האָט זיך ווייטער גענומען זינגען.

„פאַרנעם, וואָרים איך בעט צו דיר, מיין הילפּלאָזע ליבע", האָט ער גע'גוזמא'ט, „אַז דו זאָלסט היינט אָפּענטפערן אויף מיין ליבע; צו פּילידאַן, וועמען איך, אַרימער לאַגרעי, דערקלער זיך אין ליבע אַזוי צאַרט, ניט אָפּצוזאָגן מיר אין ליבע; געפּרעגט פּאַרוואָס, זאָג דאָן אַז מיין וואַסער און ברויט איז ליבע, אין די טעג ווען איך דענק און טרוים פון ליבע, און געפין פּאַרוואָר קיין זין אין גאָרניט אויסער ליבע, זינט פּילידאַ האָט מיך געלערנט וואָס איז ליבע".

דאַ האָט יורגען אַ זיפץ געטאָן מיט אַ געשמאַק מאָדולירטן ברען; און ער האָט פאָרגעזעצט: „אויב זי זאָל דערקלערן אַזאַ באַשטענדיקע דערווידערונג צו ליבע וואָס וואָלט פּאַרזען מיין גרויסע און באַשטענדיקע ליבע, טענה ניט מער; מיט גלייכגילטיקן לאַר פון ליבע פאַר'קנס זיך הילפּלאָז מיט דעם טויט, הילפּלאָזע ליבע, אַנשטאָט מיט איר וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ פאַראַכטונג דער ליבע ווי עס גיט צו דעם טויט רייץ און חן פון מיין ליבע".

דאַן האָט יורגען מעלאַדיש געזונגען וועגן זיין פּילידאַ, און דערמיט געמיינט (ווי יעדער האָט געוואוסט) די פּרינצעסן גענע־וויר. זינט דער מנהג האָט אים געצוואונגען צו האַנדלען אין פאַר־גלייכונגען, האָט ער געהאַנדלט אַגולנע. איידלשטיינער און מעטאַלן, די געוואוקסן פון פעלד און גאָרטן, פייערן און וואונדן און זונ־אויפגאַנגען און ווייַרויך, קריגסגעווער קאַמערן מיט טויטלאַכע וואָפן, אייז און אַ גערדענג פון מיפּאָלאָגישע געצן האָבן אים געדינט פאַר אַ שטיצפּונקט. דאַן זיינען די ימים און הימלען צעמישטערט גע־וואָרן נאָך מערקווירדיקייטן דערמאָנט צו ווערן מיט שפּאָט אין פאַרגלייך מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדער שטריך פון דוקס יורגענס פּילידאַ. זאָאָלאָגיע און געשיכטע, און אין אַלגעמיין, די זאַכן פון זיין לאַמ־באַרד וואָס ער האָט אָנגעדענקט, זיינען איבערגעשאַצט און פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין צילברעטער פאַר אונטערשעצונג: בעת באַ־האַנדלענדיק די באַריכטע פּרויען פון פריערדיקע דיכטער איז יורגען פּאָזיטיוו געווען באַליידיקנד, דערלאָזנדיק קוים אַ פּונק פון אַ מעלה. דאָך איז ער געווען פאַרזיכטיק צו זיין יושר'דיק: און ער האָט צוגעגעבן אַז די אָרימע באַשעפענישן האָבן געקאָנט האָבן אַ גענוגנ־דיקן פּאַרצוג אין יענע אויגן וואָס האָבן קיינמאָל ניט געזען זיין

פילידא. און צו דער גאַנצער באַקאַנטמאַכונג האָט די פרוי, וועמען ער האָט באַזונגען, האַרציק צוגעשטימט.

„זי איז אַ פּרינצעסין", האָט יורגען רעפלעקטירט. „זי איז זייער שיין. זי איז יונג, און וואָס עס זאָל ניט זיין איר פּאַטערס מיינונג, איז זי דערלאַזבאַר געשייט, ווי פרויען זיינען. קיינער קאָן ניט פאָדערן מער. פּאַרוואָס־זשע בין איך ניט פּאַרווירט געוואָרן פון איר? זי דערלויבט שוין אַ קוש, צוויי, ווען קיינער איז ניטאָ אַרום, און באַלד וועט זי דערלויבן מער. און זי דענקט אַז איך בין דער געשיקסטער מענטש וואָס לעבט. אַלזאָ, יורגען, נו! איז ניטאָ קיין האַרץ אין דעם ספּריטנעם יונגן קערפּער וואָס דו האָסט צוריקגעוואונען? קום־זשע, לאָמיר זיין אַן אַרנטלאַך ביסל אַנטציקט און איבעראַשט פון דער צוזאַגנדיקער סיטואַציע!"

אָבער ווי אַזוינאַך האָט עס יורגען ניט געקאָנט באַווייזן. ער איז געווען פאַרינטערעסירט אין דעם וואָס ער האָט געוואוסט אַז עס וועט געשען. יאָ, אָן צווייפל האָט ער געהאָפט אויף אַן אינטימערן געשפּרעך מיט דער שיינער יונגער פּרינצעסין, אָבער עס איז גיכער געווען ווי איינער פילט פאַרוים דאָס טועם זיין פון אַ באַליבטן צימעס. יורגען האָט געפילט אַז אַ ליבע־פאַרבינדונג געשלאָסן אין דעם גייסט איז ניט אַהין און ניט אַהער.

„ווען איך זאָל נאָר קאָנען פילן ווי אַ קאַלטובלוטיקער גזלן איצט, וואָלט איך אין ערגסטן פאַל געקאָנט קלאַסיפיצירט ווערן. אָבער איך מיין דעם מיידל קיין שלעכטס ניט, איך בין ווירקלאַך צוגעבונדן צו איר. איך וועל רעדן אמבעסטן, פאַרברייטערן אירע באַגריפן, און פאַרשאַפן איר, איך שמייכל זיך זעלבסט, אַ היפּש ביסל פאַרגעניגן: אויסער וואָס פאַראַ וואולגאַרע פאַרורטיילן, וועל איך זי לאָזן ניט אַ האָר ערגער ווי געווען. וואָס, דער טייערינקער? ניט פאַר דעם פאַרמעגן פון זיבן מאַנאַרכן וואָלט איך איר וויי געטאָן! און אין אַזעלכע אַנגעלעגנהייטן איז פאַרנונפטיקייט אַלץ, אָבער גאָר. ניין, גאַנץ באַשטימט, איך בין ניט קיין קאַלטבלוטיקער גזלן; און איך וועל האַנדלען לייטיש מיט דער פּרינצעסין".

דאָן איז יורגען אַנטוישט געוואָרן פון זיינע אייגענע געפילן, ווי ער האָט זיי געדרייט פון איין זייט צו דער צווייטער, און זיי געשטורכעט, און געווענדט צו אַ פרישן שטאַנדפונקט, בלויז צו געפינען אים פאַר ניט פיל גינסטיקער ווי דעם אויפגעגעבענעם: אָבער ער האָט פאַרשלייערט די אומאַרטיקייט פון זיינע געפילן מיט רירנדן אייפער. די מעשה דערציילט ניט זיינע געשפּרעכן מיט

גענעווירן: ווארים יורגען האט איצט גלאט געבעבעט, ווי איינער באזארגט א קינד מיט נאשערייען אין ליבער פארוואונדערונג איבער דעם ליבלינגס אפעטיט. און יורגען האט געלאסן געמאכט פארשריט: עס איז ניט געווען וואס צו איילן זיך מיט וואכן בארוים אלץ אויסצופירן: דערווייל האט די געוויינלאכע באַשעפטיקונג געהאט א באקאנטע אנגענעמלאכקייט.

ווארים דער אמאטאר שטעלט צונויף זאכן, וויסנדיק אז איינס פירט אקסיאמאטיש צום צווייטן. עס שטעקט ניט קיין בייז אין העפלאכע אנדייטן אויף א ליבע וואס פארשטייט איר האפנונגסלאזיקייט: עס איז בלויז געווען א פאקט וואס יורגען האט אנגערירט, און שוין געזאלט פארבייגיין. נאר גענעוויר, אויס באשיידנקייט, איז געווען געצוואונגען צונישט מאכן אירע אייגענע מעלות, אלס א מאנגלהאפטע אורזאך פון אזויפיל ליידן. אלגעמיינע העפלאכקייט האט געפאדערט אז יורגען זאל דאס אפּענטפערן. אונטערצושטרייכן איין פונקט פון דער באהויפטונג, איז דער רעדנער געגויט געווען אננעמען זיין צוהערערן ביי דער האנט. אבער פרעמדע מענטשן האבן דאס געטאן יעדן טאג, און וועמעס אויסזעצן קעגן דעם; נאכמער, די האנט איז דא געווען ניט אזוי אנגעכאפט, ווי אויסגעשטעלט פון דעם פארהאלטער, אלס עדות פון דעם וואס ער האט באהויפט. ווי אנדערש האט ער געקאנט באווייזן אז די פרינצעסן פון גלאטיהאן האט פארמאגט די שענסטע האנט אין דער וועלט? עס איז ניט געווען קיין אנגעלעגנהייט וואס ער האט געקאנט פאדערן אז גענעוויר זאל אננעמען בלויז פון הערן־זאגן: און יורגען האט געוואלט באגיין זיך לייטיש מיט איר.

נו, אבער פאר דעם אפלאזן פון דער שענסטער האנט אין דער וועלט וועט א מבין נאטירלאך אויסקושן יעדן פינגערשפּיץ: דאס איז בלויז שטייער דער פולקאמענהייט און עס האט ניט קיין פערזענלאכן באצוג. אויסערדעם, א קוש, וואו נאר אפגעזעצט, ווי יורגען האט אנגעדייט, איז, ווען איר איבערדענקט עס, בלויז א צערעמאניאל, פון קיין אייגנטלאכער אומגערעכטיקייט. דאס מיידל, צווייפלענדיק אין דעם הויכקלינגענדיקן שפרוך — ווי דער מנהג האט ווידעראמאל געפאדערט — איז געווען, נאך אלץ אוים אלגעמיינער גערעכטיקייט, איבערצייגט אין איר טעות. אזוינאך, זאגט יורגען איצט, קאנסטו עס אליין זען. האט זיך עפעס געביטן צווישן אונדז? זיצן מיר ניט דא, פונקט אזוי ווי פריער? נו, געווים! א קוש איז איצט גאנץ באשטימט א

ריין אומשעדלאכע האנדלונג, און וואסער מורא דערפאר, אזוי צו אנדערש. עס איז אפילו פאראן עפעס אנגענעמעס אין דעם. אזוי־נאך איז נימא צוליב וואס א געטומל צו מאכן איבער קושן אדער איבער א האנט ארום דיר, ווען עס איז באקוועם אזוי צו זיצן: וואס פאר א זין האט עס אפצוזאגן אז ערנסטן פריינד אין דעם וואס ווערט באוויליקט א שוועסטערקינד אדער אן אלטן מאנטל? עס וואלט געווען נאריש, ווי יורגען האט באוויזן דורך א גאנץ פאסיקער שטעלע פון נאפסאקוס.

דאן, זיצנדיק אזוי, זשעסטיקולירט נאטירלאך א רעדנער אין אויפרעגונג פון געשפרעך: און א היפש ביסל פון זיין שיינרעדנעריי הענגט אפ פון זיינע הענט. ווען אימיצער רעדט איז נים העפלאך אונטערצוברעכן, בעת גלייך אנכאפן א מאנספארשוין ביי דער האנט, ווי יורגען האט אריינגעשמוגלט, איז א ביסל צו דרייסט. ניין, ער האט ווירקלאך נים געדענקט אז עס וואלט געווען פאסיק פאר גענעווירן אננעמען אים ביי דער האנט. לאמיר אנהאלטן די העפלאכקייט, אפילו אין קליינקייטן.

„אך, אבער דו ווייסט אז דו האנדלסט אומריכטיק!"

„איך האנדל אומריכטיק! איך, וואס זיץ מיר גלאט אזוי דא, און רעד אמבעסטן ווי איך קאן, באמיענדיק צו אונטערהאלטן דיך! נו, קום, פרינצעסן, אבער זאג מיר וואס דו מיינסט!"

„דו דארפסט גאנץ גוט וויסן וואס איך מיין".

„אבער איך פארזיכער דיך אז איך הייב נים אן צו וויסן. ווי קאן איך וויסן וואס דו מיינסט ווען דו אנטזאגסט זיך אויסצוזאגן מיר וואס דו מיינסט?"

און זינט די פרינצעסן האט נים איינגעוויליקט אויסצודריקן דורך ווערטער וואס זי האט פינקטלאך געמיינט איז אלץ פארבליבן ווי געווען, דערוויילן.

אזוי האט יורגען אלץ באשטאט, וויסנדיק אז איין זאך פירט אקסיאמאטיש צו א צווייטער. און קירצלאך האבן די געשעעניש געגומען די שנעלע ווענדונג וואס יורגען האט כמעט דערווארט.

אלגעמיינלאך האט יורגען גערעדט מיט גענעווירן אין בלאסבאלויכטענע פלעצער. אים איז דאס ליבערשט געווען, ווייל דאן האט אים נים באאומרואיקט דער אומדערקלערבארער שאטן וועמעס אנוועזנהייט אין זונליכט האט אים געקימערט. קיינער האט ווען געשיינט צו באמערקן דעם לעבערלאכן שאטן! עס איז געווען באשטימט, פארוואר, אז קיינער האט אים נים געקאנט זען אויסער יורגענען: פונדעסטוועגן האט עס יורגענען געערגערט. אזוי

אפילו פון סאמע אנהייב האט ער געדענקט גענעווירן ווי א ווייבע שטים און א זעלטענע גערוכיקייט אין דעמער, ווי א שיינקייט ניט קלאר דערזען.

און גאגירוואנס לייט האבן אים געקוועלט. דעם אדלער־נאזיקן הויכן אלטן קיניג האט יורגען אוועקגעמאכט פון געדאנק אלס א רעטעניש פון ניט גענוגנדער וויכטיקייט וואס זאל די ווערט האבן די מי געלייזט צו ווערן. גאגירוואן האט מיטאמאל געשיינט שלום צו מאכן מיט געדולד אדאנק עפעס א פריוואטער פלאג, און ווי ער וואלט זיך ארומגעטראגן אין געדאנק מיט עפעס א סוד׳עסדיק שפיצל; ער איז געווען א טשיקאוו באשעפעניש, און מסתם אפ־שיילאך: אבער צו זיין גערעכט צום אלטן תרח, האט ער זיך ניט געמישט אין פרעמדע געשעפטן.

די לייט ארום גאגירוואן אבער האבן געמאכט צום חידוש׳ן. די מענטשן וועלכע האבן באטראכט אז אלץ וואס דו באזיצסט איז דיר אנטליען געווארן כדי צו ווידמען זיך דער דינסט פון דיין גאט, דיין קיניג און יעדער פרוי וואס וועט דיר אנטקעגן קומען, האבן קוים געקאנט האנדלען פארנונפטיק. צו רעדן וועגן דינען גאט האט געקלונגען אזוי הילכיק און אזוי באגייסטערנדיק ווי א פויק: יא, און א פויק האט בלויז לופט אין זיך. די גייסטלאכע האבן געזאגט אזוי־און־אזוי: אבער האט אימיצער געגלויבט אז אויף דעם גאלאנטן בישאפ פון מעריאן, למשל, האט מען זיך שטענדיק געמעגט פארלאזן?

„איך וואלט געוואלט די מיינונג פון פרינץ עווראקס פרוי מכח דעם", האט יורגען געזאגט, מיט א שמייכלענדיקער מינע. ווארים עס איז געווען גוט באוואוסט אז אלע באציאונגען צווישן פרוי אלונדין און דעם בישאפ זיינען געווען אזוי פארזיכטיק אנ־געפירט אז עס איז ניט געווען קיין אורזאך פאר וואסער סקאנדאל.

אין באצוג צו דינען דעם קיניג, האט יעדער אייגער דארט געקאנט איינפאך זען גאגירוואן גאר, יעדער איינער וואס האט אזוי דערוויילט, צו באטראכטן און ווערן ענטוזיאסטיש איבער אים: גאגירוואן מעג זיך זיין דורכגעטריבן גענוג, אבער ביי יור־גענען האט ער קוים געשיינט צו זיין א גאט־געזאלבטער. פאר־קערט, ער האט דערמאנט אין יורגענס שוואגער, דער עסנווארג־הענדלער, אז דעם חן פון דעם קלייטניקס פריינטלאכן אנטייל אין זיינע קונים. גאגירוואן גאר איז געווען א פערזאן וועמען יורגען האט איינפאך ניט געקאנט זיך מאלן אז וואס פארא פארנונפטיקע גאטהייט זאל אויסקלויבן אלס שטעל־פארטרעטער. און ענדלאך, ווען

עס איז געקומען צו דינען פרויען, וואָס פּאַרא מין דינען שעצן פרויען אַמבעסטן? יורגען האָט געהאַט אַ בלאַטן ענטפער גוט גענוג, אָבער עס איז געווען אַן ענטפער אומפּאַסיק אויסצודריקן אין אַ געמישטער געזעלשאַפט.

„פאַקטיש איז קיין איינע פון מיינע אויפריכטיקע מיינונגען, ניט צוגעפּאַסט צו פאַרשפּרייטן מיין רום אין גלאַטיהאַן, ווארים איך בין אַן אומגעהייער ביטערער יונג וואָס טוט גערעכטיקייט צו זאַכן ווי זיי זיינען. דערפאַר מוז איך שטענדיק געדענקען, אויס גערעכ־טיקייט צו זיך זעלבסט, אַז איך האָב ווארשיינלאַך צו טאָן מיט משוגעים. דאָך איז רוים געווען אַ וואוילע שטאָט, און גענדז האָבן זי געראַטעוועט. די מענטשן מעגן זיך זיין גערעכט; און זיכער קאָן איך ניט גיין אַזוי ווייט ווי צו זאָגן אַז זיי זיינען אומגערעכט: פונדעסטוועגן, צו דער זעלבער צייט — ! יאָ, אַזוי פיל איך ווייס דעם".

אַזוינאַך האָט יורגען געוויילט אין ריטערלאַכן הויף פון גלאַטי־האַן, און אויפגעפירט זיך לויט אַלע זיינע מנהגים. אין באַצוג צו ליבע־לידער האָט קיינער ניט פאַרזיכערט מער רירנד אַז די פרוי וועמען ער האָט ליב געהאַט (גאַנץ האַפנונגסלאָז, פאַרשטייט זיך), האָט פאַרקערפּערט אַלע געטלאַכע פולקאָמנהייטן: און ווען עס איז געקומען צו ריטערלאַכער דינסט, האָט דאָס באַזיצן פון קאַליבורנען געמאַכט דאָס משלח זיין פון די גנבים און ריזן און דראַקאָנען אויסצוזען קוים העלדיש. דאָך האָט יורגען אונטער־געקעמפט עטוואָס, פון צייט צו צייט, בכדי זיך צוצופּאַסן צו די מנהגים פון גלאַטיהאַן: און דער דוקס דע לאַגרעי איז געווען ווייט גערימט אַלס אַ זייער פאַרשפּרעכנדער יונגער ריטער.

און די גאַנצע צייט האָט ער זיך געערגערט ווארים ער האָט בלויז בלאַסלאַך געקאָנט אָנען דעם אידעאַל וואָס מען האָט געדינט אין גלאַטיהאַן, און די שיינקייט פון דעם אידעאַל, אָבער עס איז ניט געווען מעגלאַך פאַר אים צו גלויבן אין דעם. דאָס איז ווי־דעראַמאָל געווען אַ וואונדערלאַכקייט געאַנט אין דעמער, אַ שיינקייט ניט קלאָר דערזען.

„דאָך בין איך ניט אַן אומגעהייער ביטערער יונג", פלעגט ער זיך טרייסטן, „צו פאַרנאַרן זיי אַלע אין זאַך? עס איז אַ שפּאַס, דענק איך, וועלכן איך טו פולע גערעכטיקייט".

אַזוי האָט יורגען געוואוינט צווישן די מענטשן פאַר וועמען דאָס לעבן איז געווען אַ געוואַגטע רייזע אַהיים־צו. גאַט דער פאָ־טער האָט געוואַרט אויף דיר דאָרט, גרייט צו שטראָפן אויב גוי־

טיק, אָבער גערן צו פאַרגעבן ,לויט דעם סדר פון אַלע טאַטעס: אַז מען ווערט אַביסל צוגעשמוצט אין ארומרייזן, און אַמאָל פאַר־בלאָנדזשעט אויף אַ קרומער סטעזשקע, איז געווען אַ זאַך וואָס טאַטעס האָבן פאַרשטאַנען: דערווייל איז דאָ געווען אַן אַל־אַנווענגד דערמאָנען פון זיין ליבן נאָמענס פולקאָמנהייט אין געשטאַלט פון אַ פרוי. דאָס פיינסטע און נאָבלסטע פון זיינע שאַפונגען. אַזוינאַך איז יעדע פרוי געווען אַ סימבאָל געשעצט צו ווערן גרויסמוטיק און ערווירדיק. אַזוי האָבן זיי אַלע געזאָגט.

„נו, פאַרשטייט זיך!" האָט יורגען צוגעשטימט. און אַלס עדות צו זיין שטעלונג האָט ער באַלערנדיק ציטירט פון אַפּעליאַז, און פּאַביאַנוס פּאַפּיריוס, און אַראָפּצו ביז סעקסטיוס ניגער.

## 15. פון פשרות אין גלאַטיהאָן

די מעשה פאַרצייכנט אַז עס האָט ניט לאַנג גענומען איידער דוקס יורגען האָט, אויס איינפאַכער גערעכטיקייט צו גענעווירן, באַוויליקט איר די גינסטיקייט פון אַן אָפענעם געשפּרעך אין ממשות'דיקער פּריוואַטקייט. וואָרים דער סדר העולם דאַרף אָפּגעהיט ווערן, פאַרשטייט זיך. אַזוינאַך איז די צייט פון אַ פּרינצעסן ניט איר אייגנס, און צו יעדער שעה פון טאָג זיינען אַלערליי מינים מענטשן פּעאיק צו פאָדערן אַן אוידיענץ פּונקט דאַן ווען עפּעס אַ פאַרבעסערטער געשפּרעך מאַכט פאַרשריט אויפן וואונדערבאַרסטן אופן: נאָך דער געריכטזאַל איז געשטאַנען ליידיק און אומגעהיט ביינאַכט.

„אָבער איך וואָלט קיינמאָל ניט געטראַכט צו טאָן אַזאַ זאַך", האָט גענעוויר געזאָגט, „און וואָס קערסטו דענקען וועגן מיר, צו מאַכן אַזאַ פאָרשלאָג!"

"דאָס אויך, מיין טייערסטע, איז אַן אַנגעלעגנהייט וואָס איך קאָן אויפקלערן בלויז אין אָפּגעזונדערטקייט."

„און אויב איך זאָל צו וויסן געבן מיין פאָטער וועגן דיין חוצפה —"

„וואָלסטו אים אויסעראָרדנטלאַך פיל געערגערט: און פון אַזעלכע ליידן איז עס אונדזער חוב צו שיצן די באַיאָרטע."

„און אויסערדעם, האָב איך מורא."

„אָ, מיין טייערע", זאָגט יורגען, און זיין שטים האָט גע־ציטערט, ווייל זיין ליבע און זיין לייד האָבן אים געשיינט צו זיין אומגעהייער: „אָבער, אַך, מיין טייערסטע, איז עס

מעגלאך אז דו האסט ניט קיין צוטרוי צו מיר! ווארים מיט לייב און זעל האב איך דיך ליב, ווי איך האב דיך ליב געקראגן זינט איך האב אויפגעהויבן דיין געזיכט, אין מיינע הענט, און פארשטאנען אז איך האב קיינמאל פאר דעם ניט געוואוסט פון קיין שיינקייט. פארוואר, איך האב דיך ליב ווי, איך דענק, קיין מאן האט קיינמאל ניט ליב געהאט קיין פרוי וועלכע האט געלעבט אין דער לאנגער צייט וואס איז פארגאנגען, ווארים מיין ליבע איז פארגעטערונג, און ניט ווייניקער. דאס אנרירן פון דיין האנט מאכט מיך צו ציטערן, טייערע; און דער בליק פון דיינע גרויע אויגן מאכט מיך צו פארגעסן אז עס איז פאראן ווייטיק אדער לייד צי אלדאס בייז ערגעצוואו: ווארים דו ביסט דאס וואונדערלאכסטע באשעפעניש וואס גאט האט געמאכט, מיט פרייד פון דער נייער געשיקטקייט וואס איז אריין אין זיין ליבן נאמענס פינגער. און דו האסט ניט קיין צוטרוי צו מיר!"

דאן האט די פרינצעסן געגעבן א קליינעם וויינענדיקן לאך פון צופרידנקייט און חרטה, און זי האט זיך איינגעקלאמערט אין דער האנט פון איר געקומערטן געליבטן.

„פארגיב מיר, יורגען, ווארים איך קאן ניט איבערטראגן צו זען דיך אזוי אומגליקלאך!"

„אך, און וואס גייט דיר אן מיין קומער!", פרעגט ער זי, בייסנד.

„פיל, א, זייער פיל, מיין טייערער!" האט זי געוויספערט.

אזוינאך לסוף איז יורגענען קיינמאל ניט באשערט געווען צו פארגעסן דעם מאמענט אין וועלכן ער האט געווארט פון יענער זייט טיר, און דורך דעם שפאלט צווישן דער האלב־צעעפנטער טיר און דעם טיר־געשטעל האט ער דערזען געגעוויירן דערנענטערן זיך אומאנטשלאסן, א קווינקלענדיקן ווייסן פלעק אין דעם פינסטערן קארידאר. זי איז געקומען רעדן מיט אים דארט וואו זיי וועלן ניט געשטערט ווערן פון אונטערברעכונגען: אבער זי איז געקומען אנטציקנדיק פארפומירט, אין איר נאכט־העמד, און אין ווייטער נארניט. יורגען האט זיך געוואונדערט וועגן דעם אופן פון די פרויען אפילו בשעת זיינע ארעמס האבן געוואנדלט ארום איר אין דער פינסטער. ער האט געדענקט אויף שטענדיק דאס אנטאפן פון דעםווארעמען און צארטן און נאכגיביקן לייב, נאקעט הינטער דעם דינעם געוועב פון העמד, ווי זיינע ארעמס האבן צוערשט געוואנדלט ארום איר: פון אלע זייערע מאמענטן צוזאמען איז די לעצטע

אַטעמלאָזע רגע איידער אימיצער פון זיי האָט גערעדט פאַרבליבן אין זיין נעדעבעניש אַלס די פּולקאָמסטע.

און דאָך איז דאָס וואָס האָט נאָכגעפאָלגט געווען אַנגענעם גענוג, וואָרים איצט איז עס געווען צום ברייטן און ווייך־אויסגעבעטן טראָן פון אַ קיניג, נים ווייניקער, וואָס גענעוויר און יורגען האָבן זיך געוואונדערט, אַזוי אַז זיי זאָלן רעדן דאָרט וואו זיי וועלן נים געשטערט ווערן פון אונטערברעכונגען. נאָגירוואָנס טראָן איז געווען פולקאָם פינסטער, אונטער דעם באַלדאַכאָן, אין דעם אומ־באַלויכטענעם זאַל, און אין דער פינסטער קאָן קיינער נים זען וואָס עס געשעט.

נאָכדעם האָבן די צוויי שוין געזעסן צו רעדן צוזאַמען יעדע נאַכט אויף דעם טראָן פון גלאַטיהאָן: אָבער וואָס עס איז פאַר־בליבן אין יורגענס נעדעבעניש איז געווען דער לעצטער מאָמענט הינטער דער טיר, און די זעקס גרויסע פענסטער אין מזרח־זייט פון דעם זאַל, די פענסטער וואָס זיינען געווען פון געמישטן בלוי און זילבער, אָבער זיינען אינגאַנצן געווען אַ מענגע פליטער־גאָלד, דורך דער גאַנצער צייט ביינאַכט ווען די לבנה איז געווען ריין פון די שפּיצביימער און האָט זיך נאָך נים אויפגעהויבן הויך גענוג פאַרשטעלט צו ווערן פון די דאַך־רינעס. וואָרים דאָס איז געווען אַלץ וואָס יורגען האָט ווירקלאָך געזען אין דעם געריכטזאַל. עס פלעגט זיין אַ קורצע ווײַלע ווען אויף דעם דיל אונטער יעדן פענסטער האָט זיך באַוויזן אַ שמאָלער פיר־עק פון לבנה־ליכט: אָבער די פענסטער זיינען געווען איינגעפאַסט אין אַזאַ טיפער וואַנט אַז עס איז שנעל פאַריבער. אין מערב זייט זיינען אויך געווען זעקס פענסטער, אָבער אַרום זיי איז געווען אַ קאָלאָנאַדע; אַזוי האָט קיין שיין קיינמאָל נים דערגרייכט פון מערב־זייט.

אַזוי פלעגן זיי אין דער פינסטער לאַכן און רעדן אויף אַ שטיל קול. יורגען איז נעקומען צו די באַגעגענישן גוט אונטער־געלעגט מיט וויין, און אַזוינאָך, ווי ער האָט גוט פאַרשטאַנען, גערעדט ווי אַ מלאך, נים באַגרענעצנדיק זיך אויסשליסלאַך מיט הימלישע ענינים. ער איז אָפט געווען אַנטציקט פון זיין אייגענער ברי־ליאַנטקייט, און עס האָט אים געשיינט צו זיין אַ שאַד וואָס עס איז אימיצער נים געווען דערביי צו פאַרצייכענען דאָס: אַזויפיל פון זיין געשפּרעך איז נויטיקערוויז געווען עטוואָס אַריבער דעם פאַרשטענדניש פון וואָס פאַרא מיידל, ווי שיין און פּראַכט־פול זי זאָל זיין.

און גענעוויר, האָט ער אויסגעפונען, האָט גערעדט אַז אַ שיעור

בעסער ביינאכט. עס איז ניט געווען אינגאנצן דער וויין וואס האט אים געמאכט צו דענקען דאס, ניין: דאס מיידל האט אנטפלעקט א שטריך וואס זי האט פארהוילט בייטאג. א מיידל, פיל ווינציקער א פרינצעסן, טאר ניט וויסן מער ווי עס שטימט מיט א מאנספארשוינס באגריף וועגן מיידלשער אומוויסנהייט. האט זי געברייעט.

„קיינער האט מיר קיינמאל גארניט דערציילט וועגן אזויפיל אינטערעסאנטע זאכן. איך געדענק —" און גענעוויר האט גענומען דערציילן א טשיקאווע רירנדע מעשה'לע, וואס האט דא קיין שייכות ניט, וועגן וואס עס האט פאסירט מיט איר וועלכע דריי אדער פיר יאר צוריק. „מיין מוטער האט געלעבט דאן: אבער זי האט קיינמאל מיט קיין ווארט ניט דערמאנט וועגן אזעלכע זאכן, און ווי דערשראקן איך בין געווען, אבער צו איר בין איך ניט גע־גאנגען".

יורגען האט געשטעלט פראגן.

„נו, געווים. עס איז קיין אויסוועג ניט געווען. איך קאן ניט רעדן פריי מיט מיינע דינערנס און דאמען אפילו איצט. איך קאן זיי, דאס הייסט, ניט אויספרעגן: פארשטייט זיך איך קאן הערן ווי זיי רעדן צווישן זיך. איך זאל טאן מער ווי דאס וואלט ניט געפאסט פאר א פרינצעסן. און איך וואונדער זיך שטילערהייט וועגן אזוי פיל זאכן!" זי האט אנגעגעבן פאלן. „דערנאך פלעג איך באמערקן די חיות און די עופות. אזוינאך פלעג איך מיר לייזן די פראבלעמען, אויף א געוויסן אופן. אבער קיינער האט מיר קיינמאל גלייך גארניט דערציילט".

„דאך בין איך זיכער אז טראניאר, — אזוי צו זאגן, דער שרעטל־קיניג, זייענדיק זייער א קלוגער, האט געמוזט פיל קלארער מאכן זאאלאגיע".

„טראניאר איז געווען א געשיקטער מכשף", זאגט א שעמעוו־דיק קול אין דער פינסטער; „און איבער דער מאכט פון זיינע אפשיילאכצע מיטלען קאן איך ניט געדענקען וואס וועגן טראניארן".

יורגען האט טרויעריקלאך א לאך געטאן. דאך איז ער נישקשה־דיק זיכער געווען וועגן טראניארן איצט.

טא האבן זיי גערעדט: און יורגען האט זיך גע'חידוש'ט, ווי מיליאנען מאנספארשוינען פאר אים, און נאך אים, אויף דעם מיידלס אייפעריקייט, איצט אז די מחיצה איז געווען צעשטערט, ארומ־צורעדן מיט באדייטנדע איינצלהייטן אלע יענע אנגעלעגנהייטן וואס עטיקעט האט ביז אהער געגויט צו פארזען. וועגן אירע חופּ־

דאַמען, למשל, האָט זי אים פאַרשאַפט אייניקע זייער משיקאַווע מאַטזאַכן: און אין באַצוג צו מענער אין אַלגעמיין האָט זי אים געשטעלט אומצייליקע פראַגן וואָס יורגען האָט געגאַפט.

אַזאַ אומשולד פאַראייניקט — אַלס אַ גאַנצעס — מיט אַ גע־וויסער מאָראַלישער טעמפּקייט האָט געשיינט צו זיין אומבאַגרייפ־לאַך. וואָרים יורגענען האָט איצט זיך געדאַכט אַז גענעוויר האָט זיך קוים אויפגעפירט מיט דער ווירדע וואָס פּאַסט פאַר אַ פּרינצעסן. נידערשלאַגנקייט ווייניקסטנס איז געווען צו דער־וואַרטן, אַדאַנק דעם פּאַרטאַיעניש אין ווינקלען און אין לעכער: און עס האָט אים גערעגערט צו באַמערקן אַז גענעוויר האָט אָנגע־הויבן צו באַטראַכטן די לאַגע פאַר גאַנץ נאָרמאַל. זיכער האָט זי ניט פאַרדעכטיקט אַז עס שטעקט אין דעם זינדיקייט ערגעצוואו: דאָס גרעסטע וואָס זי האָט אָנגעדייט איז געווען די נויטווענדיקייט צו זיין זייער פאָרזיכטיק. און כאָטש זי האָט אים קיינמאָל ניט קעגנגעשפּראָכן אין די פּריוואַטע אונטעררעדענישן, און אים נאָכ־געגעבן אין אַלעמען, האָט איר אורזאַך איצט געשיינט צו זיין קוים וואָס מער ווי אַ פאַרלאַנג אים צופרידנצושטעלן. עס איז געווען כמעט ווי זי וואָלט אים צוליב געטאָן אין זיין שטות׳עריי. און דאָס אַלץ אין אַ משך פון זעקס וואָכן! האָט יורגען נאָכגעדענקט: און ער האָט געגריזשעט די פינגער־נעגל, מיט אַ געדאַנקלאָכן זייטנ־בליק צו די מיינונגען פון קיניג גאָגירוואַן גאָר.

אָבער אין טאָגליכט איז די פּרינצעסן פאַרבליבן אומגעענדערט. אין טאָגליכט האָט יורגען זי פאַרערט, אָבער אָן אַ געפיל פון אינ־טימקייט. זייער זעלטן איז עס אויסגעפאַלן פאַר זיי צו זיין ווירק־לאַך אַליין בייטאָג. איינמאָל אָדער צווייִמאָל, דאַך, האָט ער איר אַ קוש געטאָן אין אָפענעם שיין: און דאָן האָבן אירע אויגן זיך געשמאָלצן אָבער מיט פאָרזיכט, און די גאַנצע געשיכטע איז געווען גאַנץ געשמאַקלאָז. זי האָט אים ניט אָפּגעוויזן: אָבער זי איז פאַרבליבן אַ פּרינצעסן, מיט דער ווירדע פון איר שטאַנד, און האָט לחלוטין ניט געדאַכט צו זיין די אומזעבאַרע פערזאָן וואָס האָט גערעדט מיט אים בייַנאַכט אין דעם געריכטזאַל.

איצט, לויט דער צווייזייטיקער פאַרשטענדניש, האָבן זיי אָנ־געהויבן אויסמיידן איינס ס׳אַנדערע אין טאָגליכט. פאַרוואָר, דער פּרינצעסנס צייט איז איצט געווען מער ווי פאַרנומען: וואָרים איצט איז געקומען קיין גלאַטיהאָן אַ שיף מיט זאַפרען־קאָלירטע זעגלען, און האָבנדיק פאַר אַ שיפשנאָבל אַ דראַקאָן וואָס איז געווען געמאָלט אין דרייסיק קאָלירן. דאָס איז געווען די שיף וואָס האָט

געבראַכט דעם האַר מערלין אַמבראַזיוס און פרוי אַנאַאיטיס, די פרוי פון דער אַזערע, מיט אַ גרויסער סוויטע, צו ברענגען די יונגע גענעוויר קיין לאָנדאָן, וואו זי האָט געזאָלט פאַרהייראַט ווערן צו קיניג אַרטור.

אַפריער איז דאָרט געווען אַ וואָך פון פעסטן און טורנירן און פאַרווייַלונגען פון יעדן מין. איצט האָבן טרומייטן געשאַלט, און אויף אַ בינע וואָס איז געווען באַפּוצט מיט פענדלאַך און געשמאַקפולע טעפּיכער איז קיניג גאַגירוואַן געזעסן נייגנדיק זיך און בלינצנדיק אין זיינע שענסטע קליידער, אורצוטיילן ווער עס האָט זיך אויסגעצייכנט. און אויפן פעלד האָט זיך באַוויזן אַ געדרענג פון דוקסן און הערצאָגן און באַראָנען און פילע באַריִמטע ריטער, צו שטרייטן פאַר כבוד און אַ פּליטערקרענצל פון פּערל.

יורגען האָט געצויגן דעם אַקסל, און געערט דעם מנהג. דער דוקס פון לאַגרעי האָט זיך אויסגעצייכנט אין דעם ערשטן רייט־קאַמף, אַראָפּוואַרפנדיק פון פערד סער דאַדינאַ לע סאַוואַזש, הער־צאָג ראָט פון מעליאַ, סער עפינאַגרי, און סער העקטאַר דע מאַרי: דאַן האָט דער הערצאָג דאַמאַ פון ליסטעניז דערלאַנגט ווי אַ ווי־בער, און יורגען האָט צופרידן זיך אַראָפּגעגליטשט מיט דעם עק פון זיין וואוילן פערד. זיין איינטייל אין דעם רייטקאַמף איז געווען געענדיקט, און ער איז געווען האַרציק צופרידן דערמיט. ער האָט ליבערשט געוואָלט באַטראַכטן איידער טיילנעמען אין אַזעלכע פעסטן; און ער האָט איצט נאָכגעפאָלגט זיין נייגונג מיט דעם פּאַרטערפלאַכסטן קומער, וואָרים ער האָט גערעכנט אַז קיינמאָל האָט וואָס פאַר אַן אַנדער דיכטער זיך ניט געפונען אין אַ סיטואַציע וואָס איז ראָמאַנטיש רייצנדער.

ביי טאָג איז ער געווען דער דוקס דע לאַגרעי, וואָס איז אַן און פאַר זיך אַ היפּשע פאַרבעסערונג איידער וועקלייען אויף משכנות: איז די נאַכט צוגעפאַלן, האָט ער דיסקאַנטירט די ספּעציעלע פּרי־ווילעגיעס פון אַ קיניג. עס איז געווען די געהיימקייט, דאָס אָפּנאַרן פון יעדן איינציקן, וואָס האָט אים באַזונדערס הנאה געטאָן: און נעדענקענדיק וואָס פאַראַ אומגעהייער ביטערער יונג יורגען איז געווען, האָט ער כמעט פאַרגעסן אין דעם וואָס ער איז געווען אומ־גליקלאַך איבער דער דערוואַרטער הייראַט פון דער פרוי וועמען ער האָט ליב געהאַט.

איינמאָל אָדער צוויימאָל האָט ער איבערגענומען אַ שפּיץ פון אַ בליק פון גאַגירוואַנס ממזר׳יש אַלט אויג. יורגען האָט צו דער

ציים פארהאסט גאַגירוואַנען אַלס פערזאָן פון מיאוס'ע אומגערעכטע האַנדלונגען.

„ניט אכטונג צו געבן בעסער אויף זיין אייגענער טאָכטער", האָט יורגען באַטראַכט, „איז שענדלאַך, דער מאַן פאַרנאַכלעסיקט זיין פליכט אַלס פאָטער, און אַזוי צו טאָן איז ניט רעכט".

## 16. פאַרשידענע פּלאָנטערן פון קיניג סמאָיט

איצט האָט פּאַסירט פאַר דריי נעכט איינע נאָך דער אַנדערער ווי דער פּרינצעסין איז געווען אוממעגלאַך צו פירן געשפּרעך מיט יורגענען אין געריכטזאַל. האָט אין איינעם פון די דריי אומפאַר־גומענע אַוונטן דוקס יורגען געמאַכט אַ הוליאַנקע מיט אַריבערן און אורינען, צוויי פון גאַגירוואַנס באַראַנען, וועלכע האָבן זיך ערשט צוריקגעקערט פון פענגווער־גיר, און האָבן געהאַט מאָדנע מעשיות צו דערציילן ווען דער קאָמפּאַניע צויבערנס וואָס באַפעסטיקן דאָס פּלאַץ.

אַלע דריי זיינען געווען געברענטע שכורים, אַזוי אַז יורגען איז געגאַנגען אין בעט אַריין באַרייט פאַר אַלץ. שפּעטער האָט ער זיך אויפגעזעצט אין בעט, און געפונען אַז עס איז געווען פּונקט ווי ער האָט דערוואַרט. דאָס צימער איז געווען אין רשות פון גייסטער, און צופוסן ביי זיין נעלעגער זיינען געווען צוויי פון זיי: איינער, אַ פּרעכע און קרום־בליקנדיקע צויבער־דערשיינונג, געקליידט אין אַלטמאָדישן קריגסגעווער, און דער צווייטער, אַ שיינע בלאַסע פרוי, אין די געוויינלאַכע פּלאָטערנדיקע ווייסע טוכקליידער.

„גוט מאָרגן אייךביידע", זאָגט יורגען, „און עס טוט מיר נאָר לייד וואָס איך קאָן ניט צוגעבן אַז עס פרייט מיך אייך צו זען. כאָטש צוריק געשמועסט זייט איר ווילקאָמען אויב איר קאָנט באַטריבן אייערע גייסטער־אַנגעלעגנהייטן דאָ אין צימער אין דער שטיל". דאָן, זעענדיק וויביידע צויבער־דערשיינונגען האָבן אויסגעזען פאַרוואונדערט, האָט יורגען פאַרגעזעצט צו דערקלערן. „לעצט יאָר, ווען איך בין אַרומגעפאָרן צוליב געשעפט אין וועסט־פאַליע, איז עס געווען מיין מיאוס גליק צו פאַרברענגען אַ נאַכט אין דעם גייסטער־באַזוכטן שלאָס פון נויעדעסבערג, וואָרים איך האָב ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג אפילו אין דעם פּלאַץ. עס איז דאָרטן געווען אַ גייסט אין אויפזיכט וואָס האָט ניט אַנדערש ווי געקלאַפּערט מיט גרויסע אייזערנע קייטן און שוידערנדיק געעבעצט דורך דער גאַנצער נאַכט. דאָן, צו מאָרגן־צו, האָט ער זיך פאַר־

וואנדלט אין א סטראשידלע א קאטער, און ארויפגערדראפעט זיך צופוסן. אין מיין בעט: און דארט האט ער זיך איינגעקארטשעט מיאוקענדיק ביז באגינען. און אזוי ווי איך קען ניט קיין דייטש, איז עס פאר מיר געווען אוממעגלאך אים לאזן ווי־עס־איז צו וויסן וועגן מיין אומצופרידנקייט מיט זיין אויפפירונג. איצט האט איך אז אלס לאנדסלייט, אדער ווי איך וואלט געקאנט זאגן מיט גרעסערער פינקטלאכקייט, אלס געוועזענע לאנדסלייט, וועט איר פארשטיין אז אזא אויפפירונג האט לחלוטין קיין זין ניט".

„מיין האר", זאגט דער מאנסבילשער גייסט, און ער איז אויפגעשוואומען צו זיין גאנצער הויך, „עס איז העזה'דיק פון דיר צו האבן אזא פארדאכט. איך קאן בלויז האפן אז עס שטאמט פון דיין עם־הארצות."

„ווארים איך בין זיכער", האט די פרוי אריינגעשטעלט, „אז איך האב שטענדיק פיינט געהאט קעץ, און מיר האבן זיי קיינמאל ניט געהאט ארום שלאס".

„און דו מוזסט מיר אנטשולדיקן די אפנהערציקייט, מיין האר", האט דער מאנסבילשער גייסט פארגעזעצט, „אבער דו האסט ניט געקאנט האבן פארקערט צופיל אין נאבעלער געזעלשאפט אויב דו ביסט ווירקלאך אוםפעאיק צו אונטערשיידן צווישן מיטגלידער פון קעצישן מין און מיטגלידער פון דעם רעגירנדיקן שטאם אין גלאטיהאן".

„מילא, איך האב געזען אלמנות־קיניגנס וועלכע בארעכטיקן אזא מין טעות", האט יורגען באמערקט, „דאך בעט איך אנטשולדיקונג ביי אייךביידע, ווארים איך האב ניט געהאט דעם מינדסטן געדאנק אז איך ווענד מיך צו קיניגטום".

„איך בין געווען קיניג סמאיט", האט דער מאנסבילשער גייסט דערקלערט, „און דאס איז געווען מיין ניינט ווייב, קיניגין סילוויא טערעי".

יורגען האט זיך פארנייגט אזוי העפלאך, האט ער זיך געשמייכלט, ווי עס איז געווען מעגלאך אין זיינע אומשטענדן. עס איז ניט לייכט צו פארנייגן זיך העפלאך אויפגעזעצטערהייט אין בעט.

„אפט און איבעראמאל האב איך געהערט וועגן דיר, קיניג סמאיט", זאגט יורגען: „דו ביסט געווען דער זיידע פון גאנירוואן נאר, און דו האסט געטייט דיין ניינט ווייב, און דיין אכט ווייב, און דיין פינפט ווייב, און דיין דריט ווייב אויך; און דו ביסט געווען באקאנט אונטער דעם צונאמען „דער שווארצער קיניג", ווארים

אלס מאַנאַרך ביסטו געווען פאַרדעכנט פאַר דעם ערגסטן אויס־וואורף וואָס האָט ווען רעגירט אין גלאַטיהאַן און די רויטע אינדז־לען".

עס האָט יורגענען געשיינט אַז קיניג סמאַיט איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער עס איז שווער צו זיין גאַנץ זיכער ווען אַ גייסט ווערט רויט פאַר שאַנדע. "מעגלאַך אַז מען האָט וועגן מיר גערעדט אויף אַזאַ אופן", זאָגט סמאַיט, "וואָרים די שכנים זיינען געווען טאַדלענדיקע פּליאַטקעמאַכערס, און איך האָב קיין מזל ניט געהאַט צו מיינע שידוכים. און איך באַדויער, איך באַדויער זייער און זייער, צוצוגעבן אַז אין אַ רגע פון עקסטרעמער דאַך ניט לחלוטין אורזאַכלאָזער אויפרעגונג האָב איך געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף דער פרוי וועמען דו זעסט איצט פאַר זיך".

"און איך בין זיכער, אַז ניט דורך מיין שולד", זאָגט סילוויאַ טערעי.

"געוויס, מיין טייערע, דו האָסט זיך ווידערגעשטעלט מיט דיין גאַנצער קראַפט. איך ווינטש נאָר אַז דו זאָלסט האָבן געווען זיין אַ גרעסערע און קרעפטיקערע פרוי. אָבער דו, מיין האַר, קאָנסט איצט זיך פאָרשטעלן, גלויב איך, ווי נאַריש עס איז צו דערוואַרטן פון אַן ערהאַבענעם קיניג פון גלאַטיהאַן, און דער קיניגן פון וועלכער ער איז געווען אַנטציקט, זיך זעצן אויף דיין בעט און וואַיען".

נו דאַן, איבערלייגנדיק זיך, האָט יורגען מודה געווען אַז ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט די דערפאַרונג; אויך, האָט ער חנ'עוודיק צוגעגעבן, האָט ער זיך ניט געקאָנט דערמאַנען איבער אַן ענלאַכן אינצידענט צווישן זיינע פריינט.

"דער באַגריף איז זיכער אַן אַבסורדישער", איז קיניג סמאַיט אַנגעגאַנגען, און ער האָט אַפשיילאַך געשמייכלט. "מיר ווערן גע־צווינגען אַהערצו צוליב גאַנץ אַנדערע צוועקן. פאַרוואָר, מיר פאַר־לאַנגען פון דיר, אַלס מיטגליד פון אונדזער משפּחה, אַרויסהעלפן אונדז אין אַ דעליקאַטער אַנגעלעגנהייט."

"איך וואָלט געווען צופרידן", האָט יורגען געזאָגט, "צו העלפן אייך מיט וואָס איך קאָן נאָר. אָבער פאַרוואָס רופט איר מיך אַ מיטגליד פון דער משפּחה?"

"אַלזאָ, צו רעדן אָפענע דבורים", זאָגט סמאַיט, מיט אַ שטש־רענדיקער העויה, "איך באַהויפּט ניט אַז איך בין פאַרוואַנדט מיט דעם דוקס פון לאַגרעי — —"

„אמאל“, זאגט יורגען, „ווילט זיך ליבערשט ארומפארן איני־קאגניטא. אלס א קיניג, בעדארפסטו דאס פארשטיין“.

„מיין אינטערעס איז ניבער אין דעם אייניקל פון שטיינוואר. אלזא, דו געדענקסט זיכער דיין באבע שטיינוואר ווי, איך צווייפל ניט, א חנ׳עוודיקע אלטע פרוי. אבער איך געדענק די שטיינ־ווארי לודוויקס ווייב, אלס איינע פון די רייצנדסטע מיידלאך אויף וועמען א קיניגס אויגן האבן ווען געשיינט“.

„אך, מיין האר“, האט יורגען געזאגט, אויפגעשווידערט, „און וואס איז דאס אזוינס וואס דו דערציילסט מיר!“

„בלויז אז איך האב שטענדיק געהאט א צערטלאכע טבע“, האט קיניג סמאיט געענטפערט, „און אז איך בין געווען א וואוילער אייפעריקער יונגער קיניג אין יענע ציימן. און איינע פון די פאלגן פון מיין זיין די אלע זאכן איז געווען דיין פאטער, וועמען מענטשן האבן גערופן קאטה דער זון פון לודוויק. אבער איך קאן דיר פארזיכערן אז לודוויק האט גארניט געטאן צו פארדינען עס“.

„אזוי, אזוי!“ האט יורגען געזאגט: „דאס אלץ איז זייער סקאנדאליעז: און עס איז אויך זייער צערודערנדיק צו האבן ארויפגענויט אויף דיר א שפאגל נייעם זיידן אין דער פרימארגנדי־קער שעה. דאך, עס איז געשען א היפשע ווײלע צוריק: און אויב לודוויק האט זיך ניט אויסגעעסן דערפאר, זע איך ניט קיין אורזאך פארוואס איך זאל עס טאן. און אויסערדעם, קיניג סמאיט, איז מעגלאך אז דו דערציילסט מיר ניט דעם אמת“.

„אויב דו צווייפלסט אין מיינע רייד, מיין הויכגעבוירן איי־ניקל, דארפסטו בלויז אריינקוקן אין דעם ערשטן שפיגל. עס איז טאקע את צוליב דעם וואס מיר האבן געוואגט צו צעשטרייען דיך פון דיין שלאף. ווארים פאר מיר פארמאגסטו א מערקווירדיקע ענלאכקייט. דו האסט דאס משפחה־אויסזען“.

איצט האט יורגען באטראכט די געזיכטסציגן פון קיניג סמאיט פון גלאטיהאן.

„ווירקלאך“, האט יורגען געזאגט, „פארשטייט זיך אז עס איז זייער שמייכלענדיק צו הערן אז דיין אנבליק איז קיניגלאך. איך וויים לחלוטין ניט וואס צו זאגן אלס ענטפער צו דעם געמיינטן קאמפלימענט ניט צו ווייזן זיך פאר אומהעפלאך. איך וואלט קיינמאל פאר א רגע אפילו ניט געקאנט צווייפלען אין דיין האבן געווען זיין באוואונדערט אין דיין צייט, מיין האר, און אז צווייפל האסטו עס פארדינט. פונדעסטוועגן — יא, מיין נאז.

למשל, פון דעם וואס איך האב ביז איצט באמערקט אין שפיגל, שיינט ניט אויס צו זיין קורנאסע".

"אך, אבער דערשיינונגען זיינען שפריכווערטלאך באטריגעריש", האט קיניג סמאיט באמערקט.

"און ארום דער לינקער זייט", האט די קיניגן סילוויא טערעזי צוריקגעוויזן, "באמערק איך אן אויסגעשפראכענע ענלאכקייט".

"איצט קאן איך אויסזען צו זיין אומגעהעריק טעמפ", האט יורגען געזאגט, "ווארים איך בין עטוואס טעמפ. עס איז א געוואוינהייט מיינע, א זייער שלעכטע געוואוינהייט פון קליינערהייט אן, און איך האב קיינמאל ניט געקאנט זיך אפגעוואוינען דערפון. און אזוינאך האב איך ניט דעם מינדסטן באגריף וואוהין איר צילט".

האט געענטפערט דער גייסט פון קיניג סמאיט: "איך וועל דיר דערקלערן. פונקט מיט דריי און זעכציק יאר צוריק האב איך דערמארדט מיין ניינט ווייב אין אומשטענדן פון זונדערבארער ברוטאליטעט, ווי דו האסט מיט גאנץ צווייפלהאפטן געשמאק דערמאנט".

דאן האט זיך יורגען עטוואס פארשעמט, און דערפילט אז עס פאסט ניט פאר אים, וועלכער האט אנומלט אפגעהאקט דעם קאפ פון זיין איינן ווייב, אנצונעמען די מינע פון א צדיק. "פארשטייט זיך", זאגט יורגען, בריימזיניקער, "די קליינע משפחה־אונטערשידן זיינען שטענדיק מסוגל צו פאסירן אין פארהייראטן לעבן".

"זאל זיין אזוי! כאטש איך שווער ביי דער ראבער קאץ און דער פארברענטער קאטשערע, עס איז געווען א צייט ווען איך וואלט ניט געדולדט אזעלכע באמערקונגען. נו, מילא, די צייט איז פארביי, און איך בין א בלוטלאז וועזן וואס דער ווינט קערט מיט דעם ווינטס ווילן דורך לענדער אין וועלכע ערשט נעכטן איז קיניג סמאיט געווען פארכטבאר. אזוינאך לאז איך דאס וואס איז געווען ז י י ן".

"נו, דאס ליגט זיך אויפן שכל", האט יורגען געזאגט, "און צו זיין עטוואס מליצה'דיק איז די פריווילעגיע פון זיידעס, דערפאר בעט איך דיך, מיין האר, זעץ פאר".

"צוויי יאר נאכדעם האב איך באגלייט דעם אימפעראטאר לאקרין אין זיין צוג קעגן די סוווועטים, א בייז און לוקסוריעז פאלק וואס פארערט גאזארינען אויף א זונדערבארן אופן, דורך קליינע שיפלאך. איך מוז דיר זאגן, מיין אייניקל, דאס איז

געווען שוין איינמאָל אַן איבערפּאַל, אַגעפּירט דורך אַ באַנדע פון אויסגעצייכנטע קעמפּערס אין אַ לאַנד פון רייכטום און פיינע פרויען. אָבער לײדער, ווי דאָס ווערטל גייט, איז אין אונדזער צו־ריקקער פון אַסנאָך מיין באַליבטער גענעראַל לאָקרין געפאַנגען געוואָרן פון דעם בייזן שונא דוקס קאַרינעאוס פון קאָרנוואַל: און איך, צווישן פילע אַנדערע וואָס האָבן באַגלייט דעם אימפּעראַטאָר, האָב באַצאָלט פאַר אונדזער וואוילינגישן מאַסנרויב און גאַרגל־שניידן אַ זייער ביטערן פּרייז. קאַרינעאוס איז לחלוטין ניט געווען ברייטזיניק, ניט וואָס דו וואָלסט גערופן אַ וועלטלאַכער מענטש. אַזוינאָך איז עס אין אַ פאַרפּעסטעטער תפיסה וואָס איך בין איינגעקערקערט געוואָרן, — איך, סמאָיט פון גלאַטיהאָן, וואָס האָב איינגענומען עניסגאַרט און סאַרגיל אין אַן אָפענער שלאַכט און פאַרכטלאָז געהייראַט די יורש׳טע פון קאַמווי! אָבער איך וועל דיר פאַרשפּאָרן די אומאַנגענעמע איינצלהייטן. עס גענוגט צו זאָגן אַז איך בין געווען אומצופרידן מיט מיין וואוינונג. דאָך ווי גערן איך וואָלט זי פאַרלאָזן, איז דאָן געווען בלויז איין אויס־וועג. עס האָט געמיינט דאָס דערמאָרדן פון מיין געפענגעניש־וועכטער, אַ טריט וואָס, איך מוז מודה זיין, איז מיר געווען דער־ווידער. איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן עלטער, און בין געוואָרן מיד פון מאָרדן מענטשן. דאָך, נאָך רייפער באַדאַכטזאַמקייט, האָט דאָס לעבן פון אַ גאַטלאָזן שורקע, אַן וואָסער איידלקייט און מיט קיין געפיל פון מיטלייד, און טויב צו די אָנצוהערענישן וועגן כּבֿוד, געשיינט צו זיין פון קיין איבערוועלטיקטער וויכטיקייט״.

„איך קאָן מיר שוין מאָלן, זיידע, אַז דו ביסט ניט געווען טיף פאַרטאָז סיי אין כאַראַקטער סיי אין דער אַנאַטאָמיע פון דיין געפענגעניש־וועכטער. האָסטו געטאָן דאָס וואָס איז געווען אומפאַרמיידלאָך״.

„יאָ, איך האָב אים פאַרעטעריש דערמאָרדט, און געמאַכט פּליטה אומדורכדרינגלאָך פאַרקליידט קיין גלאַטיהאָן, וואו איך בין ניט לאַנג דערנאָך געשטאָרבן. מיין שטאַרבן פּינקטלאָך דאַן איז געווען דאָס דערוווידערדיקסטע, וואָרים איך האָב אָקאָרשט געזאָלט פאַר־הייראַט ווערן, און זי איז געווען אַ מערקווירדיק צוציענד מיידל, — קיניג טירנאָגס טאָכטער, פון אַרום קריינטנאָר. זי וואָלט געווען מיין דרייצנט ווייב. און ניט קיין וואָך פאַר דער חופּה האָב איך זיך אויסגעגליטשט און אַראָפּגעפאַלן פון מיינע איינענע שלאָס־טרעפּ, און צעבראָכן מיין האַלדזנאַקן. עס איז געווען אַ דערנידערנ־דיקער סוף פאַר איינעם וועלכער איז געווען אַ קריגסמאַן מיט אַ

חיפשן שם. אויף מיין וואָרט, עס האָט מיך געמאַכט צו דענקען אַז עס שטעקט פּאָרט עפּעס, נאָך אַלעמען, אין דעם פּאַרצייטיקן אַבער־גלויבן וועגן דרייצן אַלס אַן אומגליקלאַכע צאָל. אָבער וואו האַלט איך? — אַ, יאָ! עס איז אויך אומגעזונט צו זיין נאָב־לעסיק מיט מאָרדטאַטן. דו פאַרשטייסט דאָך שוין אַז פּאָר איינער אָדער צוויי אַזעלכע אנגעלעגנהייטן בין איך פאַראורטיילט צו באַ־זוכן דאָס אָרט פון מיין פאַרברעכן צום יאָרצייט: אַזאַ איינאָרד־נונג איז רעכט נענוג, און איך קלאָג זיך ניט, כאָטש פאַרשטייט זיך, עס מאַכט אַ לאָך אין דעם אוונט. אָבער עס האָט פּאַסירט אַז איך האָב פאַרעטעריש געטויט מיין געפּענגניש־וועכטער מיט אַ גרויסן ברוקשטיין דעם פּיפּצנטן יוני. איצט איז דער אומ־גליקלאַכער פאַל, דער ווירקלאַך אומגעלומפּערטער שטריך, געווען דאָס וואָס עס איז צו דער שעה־צו געווען דער יאָרצייט פון דעם טויט פון מיין נײַנטן ווייב".

„און דו גייסט און ברענגסט אום דער רוח ווייסט וועמען אין אַזאַ טאָג!" האָט די קיניגן סילוויאַ טערעי געזאָגט. „דו קלע־טערסט אַרויס פון געפּענגניש־פענסטער אין די פייגנבלעטער פון אַ מאַנאַשקע אין אַ יאָרצייט ווען דו וואָלסט באַדאַרפט זיין אויף דיינע קניען אין נוצלאָזן תשובה־טאָן! אָבער דו ביסט געווען אַ האַרטער מענטש, סמאָיט, און עס איז געווען ווינציק וואָס ליבע־העפלאַכקייט וואָס דו האָסט אַרויסגעוויזן•דיין פרוי אין אַ צייט ווען זי וואָלט געמעגט געהעריק אַרויסקוקן אויף דיין דערמאָנען זיך, און דאָס איז ווירקלאַך אַזוי".

„מיין טייערע, איך בין מודה אַז עס איז אומבאַזינט געווען פון מיר, איך האָב ניט ליידער מער וואָס צו זאָגן. יעדנפאַלס, איינינקל, האָב איך אַנטדעקט נאָך מיין טויט אַז אַזאַ אומבאַזינטקייט האָט פאַראורזאַכט מיין באַזוך יעדן פּיפּצנטן יוני אַרום דריי ביינאַכט אין צוויי באַזונדערע פּלעצער".

„נו, אָבער דאָס איז דאָך געווען גערעכטיקייט", האָט יורגען געזאָגט.

„עס האָט געמעגט זיין גערעכטיקייט", האָט סמאָיט צוגעגעבן: „אָבער וואָס איך באַהויפּט איז אַז עס האָט געשיינט צו זיין אומ־מעגלאַך. ווי־עס־איז, האָט מיר אַרויסגעהאָלפן מיין עלטער־עלטער־עלטער זיידע פּענפיניאָן ווריקווראַס אַפּ מילוואַלד גלאַזאַניף. ער האָט אויך געהאַט דעם משפּחה־אַנבליק, און איז געווען ענלאָך צו מיר אויף אַזויפיל אַז יעדער איינער איז געווען גאַנץ צופרידנגעשטעלט מיט זיין שפּילן מיין ראָל; און מיט מיין ווייבס הילף האָט ער ווי־

דערהאַלט מיין שלימ׳מזל׳דיק פאַרברעכן אויף דעם אָרט וואו עס איז געשען, יוני נאָך יוני".

„פּאַרוואָר", האָט קיניגן סילוויאַ געזאָגט, „ער האָט גענוצט זיין שווערד אומגעהייער בעסער ווי דו, מיין טייערער. עס איז געווען אַ אַנטציקטער פאַרגעניגן דערמאָרדט צו זיין פון פּעפּיניאָן ווריקווראָס אַפּ מילוואַלד גלאַזאַניף, און ער וועט מיר שטענדיק באַנג טאָן".

„וואָרים דו מוזסט פאַרשטיין, אייניקל, אַז דער טערמין פון קיניג פּענפּיניאָן ווריקווראָס אַפּ מילוואַלד גלאַזאַניפּס אויפהאַלט אין גהינום איז איצט אויסגעגאַנגען, און ער איז דאָ ניט לאַנג אַריין אין הימל. דאָס איז געווען אַנגענעם פאַר אים, מעג איך זאָגן, טאָ קלאָג איך זיך ניט. דאָך, לאָזט עס מיך אָן ווען צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. מלאכים, פאַרשטייסטו דאָך, איז ניט דערלויבט צו באַגיין מערדערייען, אַפילו אַלס אַ טובה. מען מעג רעבענען אַז עס וואָלט באַפּעסטיקט אַ געפערלאַכן פּרעצעדענט".

„דאָס אַלץ", האָט יורגען געזאָגט, „שיינט צו זיין באַדויערנדיק, אָבער ניט מערקווירדיק קלאָר. איך בין אַנדערהאַלבן מאָל באַרייט צו דינען דיר, מיין האַר, ניט האָבנדיק קיין זיבן אַכטלען פון אַ באַגריף וואָס דו פאַרלאַנגסט פון מיר. קום, קלעפּ אָן אַ נאָמען דעררויף!"

„דו האָסט, ווי איך האָב געזאָגט, דעם משפּחה־אָנבליק. דו ביסט, באמת, דאָס לעבעדיקע געשטאַלט פון סמאָיט פון גלאַטיהאָן. טאָ בעט איך דיך דרינגנד, מיין הויכגעבוירן אייניקל, פאַר דער איינער נאַכט צו פאַרשטעלן זיך אַלס מיין גייסט, און מיט דער הילף פון קיניגן סילוויאַ טערעי זע, איך בעט דיך, אַז דריי אַ זייגער זאָל דער ווייסער טורעם זיין גייסט־באַזוכט פאַר יעדן איינעמס באַפרידיקונג. זאָנסט", האָט קיניג סמאָיט געזאָגט, באַטריבט, „וועלן די פאָלגן זיין קלעגלאַכע".

„אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין דערפאַרונג אין גייסט־פאַרפאָלגונג", האָט יורגען צוגעגעבן. „עס איז אַ באַשעפטיקונג אין וועלכער איך פּרעטענדיר ניט צו קיין פעאיקייט: און איך הייב אַפילו ניט אָן צו וויסן פּינקטלאַך ווי אָנצוגיין דערמיט".

„דאָס איז זייער איינפאַך, באַטש געהיימניספולע איינלייטונגען וועלן, פאַרשטייט זיך, זיין נויטיק, כדי צו פאַרוואַנדלען אַ לעבעדיקן מענטשן אין אַ גייסט —"

„פון די געוויינלאַכע איינלייטונגען, מיין האַר, איז אָפּגערעדט: און איך מוז לחלוטין זיך אָפּזאָגן פון ווערן געשטאָכן, אָדער פאַר׳סמ׳ט אָדער עטוואָס פון דעם אַרט, אַפילו צוליב מיין זיידן".

ביידע, סמאָיט און סילוויא, האָבן פּראָטעסטירט אַז אַן ענ־לאַכער ווייטגייענדיקער שריט וואָלט געווען איבעריק, זינט יורגענס גייסטשאַפקייט האָט געזאָלט זיין פאַרגענגלאַך. פאַרוואָר, אַלץ וואָס יורגען האָט באַדאַרפט טאָן איז אויסלערן דעם געמאָלטן בעכער וואָס סילוויא טערעי האָט אים אויסגעשטרעקט, מיט דרואידישע ברכות.

און פאַר א ווײַלע האָט יורגען זיך געקווײַנקלט. דער גאַנצער עסק האָט געשיינט צו זיין עפּעס אומגלויבלאַך, דאָך זיינען די פעדים פון פאַרוואַנדשאַפט געווען שטאַרקע, און ניט אָפּט שטייט אימיצן פאַר דער צופאַל אַרויסהעלפן, ווי אומבאַדייטנד, זיין לאַנג פאַרשטאַרבענעם זיידן: אויסערדעם האָט דער געטראַנק אים זייער פאַרשמעקט.

„מילאָ", זאָגט יורגען, „איך בין באַרייט צו פאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל". דאַן האָט יורגען א טרינק געטאָן.

דער טעם איז געווען אויסגעצייכנט. דאָך האָט דער געטראַנק ניט אָנגעהויבן צו אַרן יורגענען, צוערשט. דאַן האָט ער אָנגעהויבן פילן א ביסל קאָפּדרייעניש. נאָכדעם האָט ער אַראָפּגעקוקט און זיך געוואונדערט צו באַמערקן אַז עס איז קיינער ניט געווען ביי אים אין בעט. א טיכטיקער אונטערזוך האָט אַנטפּלעקט א שאָטנ־דיק געמעל פון א מענטשלאַך געשטאַלט, דורך וועלכן דאָס בעט־געוואַנט איז איינגעפאַלן. דאָס, האָט ער באַשלאָסן, איז אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון יורגענען. און עס האָט אים געמאַכט צו פילן מאָדנע. יורגען איז אויפגעשפּרונגען ווי א צעפּאָלאָשעט פערד, און מיט אַזא שרעק אַז ער איז אַרויסגעפלויגן פון בעט, און האָט זיך געפונען שוועבנדיק לייכט ווי א פעדער איבערן צימער.

איצט האָט יורגען פולקאָם דערקענט דאָס געפיל. ער האָט עס אָפּט געהאַט אין שלאָף, אין חלומות אין וועלכע ער פלעגט אויסבייגן די ליטקעס ביי די קניען אַזוי, אַז זיינע פיס פלעגן נאָכקומען הינטער אים, און ער האָט דורכגעשוועבט דורך דער לופטן אַן וואַסער מי. דאַן האָט עס געשיינט צו זיין אבסורדיש איינפאַך, און ער פלעגט זיך וואונדערן פאַרוואָס ער האָט קיינמאָל ניט געדענקט דערפון פריער. און דאַן האָט ער נאָכגעדענקט. „עס איז אַן אויסגעצייכנטער אופן פון באַוועגן זיך. איך וועל קומען צום איבערבייסן אַזוי־אַ־נאָך אינדערפרי, און ווייזן ליזאַן ווי איינ־פאַך עס איז. ווי דאָס וועט איר שטוינען, קיין פראַגע ניט, און ווי געאיבט זי וועט דענקען איך בין!" און דאַן פלעגט יורגען אויפ־וואַכן, און געפינען אַז ווי־עס־איז האָט ער פאַרגעסן דעם פאָקוס.

אבער גראד איצט איז די ארט באוועגונג געווען אומשטרייט־באר לייכט. האט יורגען געשוועבט ארום בעט איינמאל אדער צווייכאל, דאן צו דעם באלקן צוליב איבונג. דורך אומדערפארונג האט ער מיסגערעכנט די גויטיקע וואג, און דורכגעשוואונגען ארויפצו אין דעם אייבערשטן צימער אריין, וואו ער האט זיך געפונען פלאטערנ־דיק גלייך ארום דעם בישאפ פון מעריאן. זיין עמינענץ איז ניט געווען אליין, אבער אזוי ווי ביידע באזיצער פון דער וואוינונג זיינען געווען אנטשלאפן האט יורגען ניט בייגעלעבט קיין אומעפיסקאפישע זאך. איצט האט יורגען זיך פאראייניקט מיט זיין זיידן, און אנגע־גורט דעם באצויבערטן קאליבורן, און געפרעגט וואס איז דאן צו טאן.

„דאס דערמארדן וועט געשען אין דעם ווייסן טורעם, ווי גע־ווינלאך. קיניגן סילוויא וועט דיך אונטעריכטן אין די איינצל־הייטן. דו קאנסט דיר צוטראכטן דאס מערסטע פון דער האנד־לונג, פונדעסטוועגן, זינט די פרוי פון דער אזערע, וועלכע פאר־נעמט דאס צימער היינטיקע נאכט, איז זייער מעגלאך אומבאקאנט מיט אונדזער שרעקלאכער געשיכטע".

דאן האט קיניג סמאיט באמערקט אז עס איז שוין לאנג צייט פאר אים צו האלטן די באשטעלונג אין קארנוואל, און ער איז צע־רינען אין דער לופט, מיט א רואיקער זיכערקייט וואס האט בא־שפראכן לאנגע איבונג: און יורגען האט נאכגעפאלגט דער קיניגן סילוויא טערעי.

## 17. וועגן א האן וואס האט געקרייעט צו גיך

קינפטיק דערציילט די מעשה ווי יורגען און דער גייסט פון קיניגן סילוויא טערעי זיינען געקומען אין דעם ווייסן טורעם. די פרוי פון דער אזערע איז געווען אין בעט: זי איז געשלאפן אן א ביישלעפער, ווי יורגען האט באמערקט מיט צופרידנקייט, ווארים ער האט ניט געוואלט אריינפאלן מער אין קיינע טעט־א־טעטס. און פרוי אנאאיטים האט צוערשט ניט אויפגעוואכט.

דאס איז געווען א פינסטערע און הויך־ראמיקע וואוינונג, מיט פינקטלאך דער טראדיציאנעלער מאס לבנה־ליכט פליסנדיק דורך צוויי פענסטער. יעדער גייסט, אפילו א לעריונג, וואלט זיך געווען קוויטירט מיט ערע אין אזא אומגעבונג, און יורגען האט געטראכט אז עס גייט אים אויסערגעוויינלאך גוט. ער איז געווען אור־שטאמלאך ברוטאל, און צו אימפראוויזירן דעם באגלייטנדן

דיאַלאָג האָט ער ניט געפונען פאַר שווער. אַזוינאַך איז אַלץ געגאַנגען גלאַט, און מיט אַזאַ ברען אַז אַנאַאיטים איז באַלד אויפגעוועקט געוואָרן דורך קיניגן סילוויאַס ביז גאַר רירנדע אויסגעשרייען נאָך געגנאַד, און האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, גלייך ווי עטוואָס אויפגעפאַלן. דאַן האָט די פרוי פון דער אַזערע זיך צוריקגעלייגט אין די קישנס, און בייגעוואוינט דאָס איבעריקע פון דער שוידערלאַכער סצענע מיט מערקווירדיקער רואיקייט.

אַזוי איז געשען ביז די טראַגעדיע איז אויסגעוואַקסן צו איר שוידערלאַכן קלימאַקס, און היפּשלאַך געזונקען. מיט דער הילף פון קאַליבורן האָט יורגען דערמאָרדט זיין צייטווייליק ווייב. ער האָט געשלעפּט איר אוממעכטיקן קערפּער איבער דעם דיל, ביי די האָר פון קאָפּ, און האָט פאַרזיכטיק געדענקט צוערשט אַריינצולעגן איר קאָפּ אין זיין קעשענע, ווי קיניגן סילוויאַ האָט געהייסן, אַזוי אַז עס זאָל ניט פאַרלוירן גיין. ער האָט אַרויסגעלאָזט עטלאַכע טייוולשע „האַ־האָס" און אַלע אַלטע געשמאַקע קללות וואָס ער האָט געדענקט: אין קורצן, אַלץ איז געשען פאַרטרעפלאַך ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם ווייסן טורעם, מיט אַ געפיל פון זעלבסט־צופרידנקייט און קיניגן טרעי.

ביידע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף די שווינדל־שטיגן; און אין דער פינסטער, נאָכדעם ווי ער האָט צוריקגעקערט איר קאָפּ, האָט די קיניגן דערציילט יורגענען ווי לייד עס טוט איר צו שיידן זיך מיט אים.

„וואָרים עס איז צוריק צום קאַלטן גרוב וואָס איך מוז גיין איצט, מיין האַר יורגען, און צו די גרויסע פלאַמען פון גהינם: און עס איז מעגלאַך אַז איך וועל דיך מער קיינמאָל ניט זען".

„דער צופאַל וועט מיר באַנג טאָן, מאַדאַם", זאָגט יורגען, „וואָרים דו ביסט דאָס שענסטע וועזן וואָס איך האָב ווען געזען".

די קיניגן איז צופרידן געווען. „דאָס איז אַנגענעמע אינגלשע רייד, און מען קאָן זען אַז זיי קומען פון האַרצן. איך ווינטש נאָר איך זאָל קאָנען זיך באַגעגענען מיט אַזעלכע אומסאָפּיסטישע וועזנס אין מיין איצטיקן וואוינאָרט. אַנשטאָט, געפין איך זיך אין אַ הירט פון פאַרהאַרטעוועטע בעל־עבירה'ניקעס וואָס זיינען אַן האַרץ, וועלכע זיינען ניט פריי און אויסגעשפּראָכן ווען קיין זאַך, און איך פאַרהאָס זייערע אַפעקטאַציעס".

„אַך, ביסטו דאַן ניט גליקלאַך מיט דיין מאַן, סילוויאַ? איך האָב דאָס פאַרדעכטיקט".

„איך זע סמאַיטן ווינציק וואָס. עס איז וואָת ער האָט אַבט

אנדערע ווייבער, אַלע איינוואווינערנס אין די זעלבע פלאַמען, און קאַן נים אַרויסווייזן קיין פּאַרטייאישקייט. צוויי פון זיינע קי־ניגנס, פונדעסטוועגן, זיינען אַוועק גלייך אין הימל אַריין: און זיין אַכט ווייב, גודרון, זיינען מיר געגוים מורא צו האָבן, האָט געמוזט זיין אַ תשובה'לאָזע זינדערין, וואָרים זי האָט קיינמאָל נים דערגרייכט דעם גהינם. אָבער איך זעלבסט האָב שטענדיק מיסטרויט דער גודרון: אַנדערש וואָלט איך קיינמאָל נים געווען פאַרגעשלאָגן סמאָיטן צו דערשטיקן איר כדי צו מאַכן מיך פאַר זיין קיניגן. פאַרשטייסטו איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ פיינער זאַך צו זיין אַ קיניגן, אין יענע צייטן, יורגען, ווען איך בין געווען אַן איינפאַך בתולה'כן. און סמאָיט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט האָניק און בשמים און סאַמעט, אין יענע צייטן, יורגען, און איך האָב ווינציק וואָס פאַרדעכטיקט דעם גרויזאַמען גורל וואָס איז מיר באַשערט געווען".

„פאַרוואָר, עס איז זייער טרויעריק, סילוויאַ, דערמאָרדט צו ווערן פון דער האַנט וואָס האָט, אַזוי צו זאָגן, געשוואוירן צו האַלטן אַן אויג אויף דיין וואוילשטאַנד, און וואָס דאַרף על פּי יושר דינען דיר אויף די קניען".

„ניט דאָס האָט מיך געאַרט. סמאָיט האָט מיך אומגעבראַכט אין אַן אַנפאַל פון אייפערזוכט. און אייפערזוכט איז אויף איר פּע־לערהאַפטן אופן אַ קאָמפּלימענט. ניין, אַן ערגערע זאַך ווי די האָט פּאַסירט מיט מיר, יורגען, און פאַרביטערט מיר מיין גאַנץ לייב־און־לעבן". און סילוויאַ האָט אָנגעהויבן וויינען.

„און וואָס איז דאָס געווען פאַרא זאַך, סילוויאַ?"

קיניגן סילוויאַ האָט אים איינגערוימט דעם שרעקלאַכן אמת. „מיין מאַן האָט מיך ניט פאַרשטאַנען".

„נו, ביי וואָס הייליק איז," זאָגט יורגען, „ווען אַ פרוי זאָגט מיר דאָס, ווען אפילו די פרוי איז טויט, ווייס איך וואָס זי דער־וואַרט פון מיר".

האָט יורגען אומאַרמט דעם גייסט פון קיניגן סילוויאַ טערעי, און געטרייסט איר. דאַן, געפינענדיק אַז זי איז גאַנץ גרייט געטרייסט צו ווערן, איז יורגען געזעסן פאַר אַ ווײַלע אויף די פינסטערע שטיגן, מיט איין האַנט אַלץ אַרום דער קיניגן סילוויאַ. די ווירקונג פון דעם געטראַנק איז וואַרשיינלאַך פאַרגאַנגען, וואָרים יורגען האָט געפונען אַז ער באַשטייט ניט מער פון קילער אומדורכ־דרינגלאַכער פּאַרע, נאָר פון וואַרעמסטן און שטייפסטן מין לייב דורכ־אויס. נאָר וואַרשיינלאַך איז די ווירקונג פון דעם וויין וואָס

יורגען האָט געהאַט געטרונקען פריער ביינאַכט ניט פאַרגאַנגען: וואָרים איצט האָט יורגען אָנגעהויבן ווילד צו רעדן אין דער פינ־סטער, וועגן דער גוטווענדיקייט פון זיין, אויף וואָס פאַרא אופן, נקמה נעמען פאַר דעם שאָדן וואָס איז אָנגעטאָן געוואָרן זיין נאָמענטלאַכן זיידן לודוויג, און יורגען האָט אפירגעצויגן זיין שווערד, דעם באַצויבערטן קאַליבורן.

„ווייל, ווי דו פאַרשטייסט", האָט יורגען געזאָגט, „טראָג איך אַזאַ געווער וואָס איז געגונגנד פאַר אַלע אַלגעמיינע געפעכטן. און זאָל איך עס ניט באַנוצן כדי אָפּצוצאָלן קיניג סמאָיטן פאַר דעם אומרעכט וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דעם אָרימען לודוויג? נו, זיכער מוז איך. עס איז מיין פליכט".

„אָך, אָבער סמאָיט איז איצט שוין צוריק אין גהינום", האָט קיניגן סילוויא פּראָטעסטירט, „און צו ציען דיין שווערד קעגן אַ פרוי איז אַ פייגהייט".

„יורגענס נקמה־נעמענדיקער שווערד, מיין חנ׳עוודיקע סיל־וויאַ, איז די שרעק פון קנאה׳דיקע מענער, אָבער ער איז די טרייסט פון אַלע שיינע פרויען".

„ער איז אומצוווייפלהאַפט אַ גאַנץ היפּשער שווערד", זאָגט זי: „אָך, אַ וואונדערבאַרער שווערד, ווי איך קאָן פילן אפילו אין דער פינסטער. אָבער סמאָיט, ווידערהאָל איך, איז ניטאָ דאָ צו פאַרמעסטן זיך אין געווער מיט דיר".

„דיינע באַווייזן צערייצן מיך, ווייל אַן אָרנטלאַכע פרוי וואָלט אכטונג געגעבן אַז אַלע צוואות (ירושות) פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן זאָלן זיין געהעריק באַפרידיקט".

„אוי, אוי! און וואָס מיינסטו — ?

„נו, אָבער זיכער איז אַן אייניקל — מיט איין גראַד ווייטער, גיב איך צו — אַ מין ירושה (צוואה)".

„עס שטעקט עפּעס אין דעם וואָס דו שלאָגסט פאָר —"

„עס שטעקט זייער פיל אין דעם וואָס איך שלאָג פאָר, איך פאַרזיכער דיך. עס איז דאָס נאַטירלאַכסטע און דורכדרינגלאַכסטע אַרט דענקען; און איך פאַרלאַנג בלויז צו דערפילן אַ פליכט —"

„אָבער דו האָסט מיך צעטריוסלט, מיט דעם גרויסן שווערד דיי־נעם, דו מאַכסט מיך נערוועז, און איך קאָן ניט אַרגומענטירן אַזוי לאַנג ווי דו פאָכסט אַרום מיט אים. נו, קום, שטעק אַריין דעם שווערד! אָך, וואָס קאָן מען טאָן מיט דיר! אָט האָסטו די שייד פאַר דיין שווערד", זאָגט זי.

ביי דעם פונקט זיינען זיי אונטערבראָכן געוואָרן.

„דוקס פון לאַגרעי". זאָגט די שטים פון פּרוי אַנאַאיטיס. „דענקסטו ניט אַז עס וואָלט געווען בעסער צוריקצוציען זיך, אייער אַזעלכע שפּאַסן ביי דער טיר פון מיין שלאָפצימער גיבן די מעגלאַכקייט פאַר אַ סקאַנדאַל?"

ווארים אַנאַאיטיס האָט האַלב צעעפנט די טיר פון איר שלאָפצימער, און מיט אַ לאָמפּ אין איר האַנט, אַרויסגעבליקט אין דעם שמאָלן טרעפּגאַנג. יורגען האָט זיך אַביסל פאַרשעמט, ווארים זיין וואַרשיינלאַכע אינטימקייט מיט אַ פרוי וואָס איז געווען טויט פאַר דריי־און־זעכציק יאָר צייט וואָלט געווען, האָט ער געפילט, אַן אַנגעלעגנהייט וואָס איז שווער צו דערקלערן. אַזוינאַך האָט זיך יורגען אויפגעשטעלט אויף די פיס, און איילִיק פאַרשטעקט דאָס געווער וואָס ער האָט באַוויזן דער קיניגין סילוויאַ, און באַשלאָסן פאַרבייצוגיין לייכט דעם גאַנצן עסק. און אין דרויסן האָט אַ האָן געקרייעט, ווייל עס איז געווען איצט טאָג.

„אַ גוטן מאָרגן דיר, פרוי אַנאַאיטיס", האָט יורגען געזאָגט. „די טרעפּנעגג דאַ אַרום מאַכן מאַכן מבולבל, און איך האָב געקערט פאַרבלאָנדזשען. איך בין געגאַנגען פאַר אַ שפּאַציר. דאָס איז מיינע אַ ווייטע קרובה קיניגין סילוויאַ טעדעי, וועלכע האָט געפעליק באַוויליקט צו באַגלייטן מיך. מיר האָבן געהאַט בדעה צו זאַמלען שוואָמען און צו זען דעם זונאויפגאַנג, שטעל דיר פאָר".

„מיין האַר דע לאַגרעי, איך רעכן עס וואָלט פיל גלייכער געווען פאַר דיר צו גיין צוריק אין בעט אַריין".

„פאַרקערט, מאַדאַם, עס איז מיין עפנטלאַכע פליכט צו דינען אַלס קיניגין סילוויאַס באַגלייטער".

„נאָך דעם גאַנצן טאַראַראַם, מיין האַר, זע איך ניט קיין קיניגין סילוויאַ . ."

יורגען האָט זיך אַרומגעקוקט. און זיכער איז זיין זיידנס גיינט ווייב ניט מער זעבאַר געווען. „יאָ, זי איז אַנטרונען. אָבער דאָס איז געווען צו דערוואַרטן מיט דעם האָנס קריי, דאָך האָט דער האָן געקרייעט גראַד אין דעם אומריכטיקן מאָמענט", האָט יורגען געזאָגט, באַדויערנדיק. „עס איז ניט געווען ריכטיק".

און פרוי אַנאַאיטיס האָט געזאָגט: „גאַגירוואַנס קעלער איז גוט אָנגעפּאַקט: און דו ביסט שפּעט געזעסן מיט אורינען און אַריבערן: און אומצווייפלהאַפט זיינען זיי אויף גענוג גליקלאַך געווען צו אַנטדעקן אַ קיניגין אָדער צוויי אין גאַגירוואַנס קעלער. און דאָך דענק איך אַז דו ביסט נאָך אַ ביסל שכור".

„איצט ענטפער מיר דערויף פרוי אנאאיטים: האבן דיך באזוכט צוויי גייסטער ביינאכט?"

„נו, דאס איז ווי עס קאן זיין", האט זי געענטפערט: „אבער דער ווייטער טורעם איז פול מיט גייסטער, און זייער ווינציק שטילע נעכט האב איך פארבראכט דארטן, ווארים נאגירוואנס משפחה איז א מיאוס בינטל".

„אויף מיין ווארט", גאפט יורגען, „וואס פארא מין פארשוין איז די פרוי אנאאיטים, וואס פארבלייבט אומגערירט פון אזא ברוטאלער מערדעריי ווי איך בין באגאנגען, און מאכט זיך ניט אויסן פון גייסטער ווי איך וואלט פון מאיל? איך האב געהערט אז זי איז א צויבערן, איך בין זיכער אז זי האט א פיין פרויען־געשטאלט: און אין קורצן, איז דאס אן אנגעלעגנהייט וואס עס וואלט געלוינט געמען אין באטראכט, וואלט ניט די יונגע געגעוויר געווען די הארנטע פון מיין הארץ".

אין דער הויך האט ער געזאגט: „נו, אפשר בין איך שכור, מאדאם. פונדעסטוועגן דענק איך נאך אלץ אז דער האן האט געקרייעט גראד אין דעם אומריכטיקן מאמענט".

„שפעטער אמאל מוזסטו מיר דערקלערן דעם זין דערפון", זאגט זי. „דערווייל גיי איך זיך צוריקלייגן, און איך ראט דיך ווידער צו טאן דאס זעלבע".

דאן האט זיך די טיר פארמאכט, דער ריגל פארהאקט, און יורגען איז אוועקגעגאנגען, נאך אלץ היפשלאך אויפגערעגט.

„די פרוי אנאאיטים איז אן אינטערעסאנטע פערזענלאכקייט", האט ער נאכגעדענקט, „און עס וואלט געווען א פארגעניגן, איצט, צו דעמאנסטרירן פאר איר מיין ערגערניש אויף דעם האן, וואלט די געלעגנהייט דערלויבט. מילא, חריפות'דיקערע זאכן ווי די האבן פאסירט. דאן אויך איז זי אנגעקומען ווען מיין שווערד איז געווען ארויסגעשטעלט, און פאלגלאך ווייסט זי אז איך באהערש א בכבוד'יק געווער. זי קאן דערפילן דאס באדערפניש פון א געשיקטן פעכטער אמאל, די שיינע פרוי פון דער אזערע וועלכע האט ניט קיין מאן. טא לאמיר קולטיווירן געדולד. דערווייל שיינט עס אז איך בין פון קיניגלאכן אפשטאם. נו, איך מאל מיר אז עפעס שטעקט אין דעם רכילות, ווארים איך באמערק אין זיך טיילווייזע געמיינזאמקייט מיט דעם קיניג סמאים. צוועלף ווייבער פונדעסטוועגן! ניין, דאס איז צופיל. איך וואלט ניט באגרענעצט קיין מאנס ליבע־פארבינדונגען, אבער צוועלף ווייבער אין געהעריקער הייראט באווייזט אן אפטימיזם וואס איז מיר אומבאקאנט. ניין,

איך דענק ניט אז איך בין שכור: אבער עס איז קיין פראגע ניט אז איך שפאן ניט זייער גלייך. אויך איז זיכער אז מיר האבן א היפש ביסל געטרונקען. טא וועל איך מיר בעסער גיין שטי־לערהייט צוריק אין בעט אריין, און ניט דערמאנען מער וועגן די ביינאכטיקע געשעענישן".

אזויפיל האט ער געטאן, און דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס יורגען, וועלכער איז געווען א מלוה, האט געהאט א פירורייד מיט פרוי אנאאיטיס וועמען מענטשן האבן גערופן די פרוי פון דער אזערע.

## 18. פארוואס מערלין האט גערעדט אין דעמער

עס איז געווען צוויי טעג שפעטער ווי מערלין אמבראזיוס האט געשיקט נאך יורגענען. דער דוקס פון לאגרעי איז געקומען צו דעם מאגיקער אין דעמער, ווייל די פענסטער פון דעם צימער זיינען געווען פארדעקט מיט ציכן וואס האבן אויסגעשלאסן דאס פולע שטראלן פון טאג. אלץ אין דעם צימער איז אזוינאך געווען זעבאר אין א צעשפליטערט און באגרענעצט ליכט וואס האט ניט געווארפן קיינע שאטנס. אין זיין האנט האט מערלין געהאלטן א קליין שפיגעלע, ארום דריי צאל אין קוואדראט, פון וועלכען ער האט אויפגעהויבן זיינע טונקעלע אויגן פאר'חידוש'ט.

„איך האב גערעדט צו מיין מיט־געזאנדעטער, פרוי אנאאיטיס. און איך האב זיך געוואונדערט, מיין האר דע לאגרעי, אויב דו האסט ווען אויפגעבראכט דריי ווייסע טויבן."

יורגען האט געקוקט אויף דעם קליינעם שפיגעלע. „עס איז געווען א פרוי פון די ניט־גוטע וועלכע האט ניט לאנג צוריק געוויזן מיר א געברויך פאר וועלכן מען קאן באנוצן דאס בלוט פון ווייסע טויבן. זי האט אויך באנוצט אזא שפיגעלע. איך האב געזען וואס עס האט נאכגעפאלגט. אבער איך מוז דיר זאגן אפנהער־ציק, אז איך האב ניט אנגעהויבן צו פארשטיין וועגן וואס עס האט זיך געהאנדלט."

מערלין האט צוגעשאקלט מיטן קאפ. „איך האב פארדעכטיקט עפעס פון דעם מין. טא האב איך דערוויילט צו רעדן מיט דיר אין א צימער וואו, ווי דו באמערקסט, עס זיינען ניטא קיינע שאטנס."

„אויף מיין ווארט", זאגט יורגען, „אבער דא לסוף איז פאר־ראן אימיצער וואס קאן זען מיין באגלייטער! פארוואס איז עס איך בעט דיך, וואס מער קיינער קאן דאס ניט באווייזן?"

„עס איז געווען מיין אייגענער שאָטן וואָס האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף דיין נאָכפאָלגער. וואָרים מיר, אויך, איז אַ שאָטן געגעבן געוואָרן. עס איז געווען די מתנה פון מיין פאָטער, וועגן וועמען דו האָסט וואָרשיינלאַך געהערט".

עס איז געווען יורגענס רייע צוצושאָקלען. יעדער איינער האָט געוואוסט ווער עס האָט געהאַט מערלין אַמבראָזיוס, און פאַר־נונפטיקע מענטשן האָבן גלייכער ניט גערעדט דערפון. דאָן האָט מערלין פאַרגעזעצט צו רעדן וועגן דעם פאַרקער צווישן מערלינען און מערלינגס שאָטן.

„אַזוי און אַזוי," זאָגט מערלין, „איך גיב נאָך מיין שאָטן. און אַזוי און אַזוי דינט מיר מיין שאָטן. עס איז אַ טובה פֿאַר אַ טובה, ווי עס פאָדערט זיך איבעראַל".

„איך פאַרשטיי," זאָגט יורגען : „אָבער האָט קיין אַנדער ווער ניט באַמערקט דעם שאָטן דיינעם ?"

„איינמאָל נאָר, ווען מיין שאָטן האָט פאַר אַ ווײַלע מיך פאַר־לאָזט." האָט מערלין געענטפערט: „עס איז געווען אין אַ זונטיק ווען מיין שאָטן האָט מיך פאַרלאָזט, אַזוי אַז איך האָב געשפּאַצירט אומבאַגלייט אין נאַקעטן זונליכט, בעת מיין שאָטן האָט אַרומגע־נומען דעם קירך־טורעם, וואו קירך־באַזוכער האָבן געקניט אונטער אים. די קירך־באַזוכער זיינען געווען ווי־עס־איז באַאומרואיקט ניט פאַרדעכטנדיק פאַרוואָס, וואָרים זיי האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן. דער גייסטלאַכער און איך בלויז האָבן אים קלאָר געזען — דער גייסטלאַכער ווייל די זאַך איז געווען אַ זינדיקע, און איך ווייל די זאַך איז געווען מיינע."

„נו, איצט וואונדער איך זיך וואָס האָט דער גייסטלאַכער גע־זאָגט צו דיין דרייסטן שאָטן ?"

„'אָבער דו מוזסט אַוועקגיין !' — און דער גייסטלאַכער האָט גערעדט אַן מורא. פאַרוואָס איז עס וואָס זיי שיינען קיינמאָל ניט מורא צו האָבן, די טעמפּע שטיל־אויגיקע גייסטלאַכע ? 'אַזאַ אויפפירונג איז אומפּאַסיק. וואָרים דאָס איז דעם אַלערהעכסטן גאָטס הויז, און די ווייטסטע מענטשן זיינען געוואָרנט פון דעם מעסטן שפּיץ, אַנווייזנדיק שטענדיק צום הימל־צו, אַז דאָס אָרט איז הייליק', האָט דער גייסטלאַכער געזאָגט. און מיין שאָטן האָט געענטפערט, 'אָבער איך ווייס בלויז אַז קירך־שפּיצן זיינען פון ערלה־אורשפּרונג.' און מיין שאָטן האָט געוויינט, געוויינט לעבערלאַך, קלעפּנדיק זיך צו דעם טורעם וואו קירך־־באַזוכער האָבן געקניט אונטער אים."

„נו, און פארוואר האט דאס געמוזט האבן געבראכט אין א פארלעגנהייט, מיין האר מערלין. דאך, ווי דו האסט דיין שאטן צוריק געקראגן, איז ניט געשען קיין בייז. אבער פארוואס איז עס וואס אזעלכע באגלייטער פאלגן נאך אייניקע מענטשן בשעת אנ־דערע איז דערלויבט צו לעבן אין אנשטענדיקער יחידות? עס שיינט ניט צו זיין גאנץ ריכטיק."

„פיליכט וואלט איך דאס געקאנט דיר דערקלערן, פריינד, אבער איך וועל דאס זיכער ניט טאן. דו ווייסט שוין צופיל אזוי אויך. ווארים דו זעסט אויס אין דעם ליכטיקן בגד דיינעם ווי וואלסט געקומען פון א לאנד און א צייט וואס אפילו איך, וואס בין א געשיקטער מאגיקער, קאן בלויז וואלקנדיק אויפכאפן, און קאן ניט אנהייבן צו פארשטיין. וואס מאכט מיך צו שטוינען. איבעריקנס, —" און מערלינס ווייזפינגער האט פארויסגעשאסן. „וויפל פים האט געהאט דער ערשטער וואס האט געטראגן דיין העמד? און ביסטו ווען געווען אן אלטער מאן?" זאגט ער.

„נו, פיר, און איך האב אנגעהויבן צו עלטערן זיך." זאגט יורגען.

„און איך האב ניט געטראפן! אבער דאס איז עס זיכער, — אז אלטער דיכטער האט געליען מיטאמאל א יונגנמאנס גוף און דעם צענטאוורס העמד. „אדער" האט פרייגעלאזט א נייעם שפאס אין דער וועלט ארויס, צוליב אירע אייגענע אורזאכן."

„אבער דו רעדסט קאפויר. עס איז געווען סערעדא, וועמען איך האב געקיבעצט גאנץ פיין."

„נעמען וואס ווערן געגעבן פון מענטשן מיינען ווינציק וואס אין אזא פאל. דעם שאטן וואס פאלגט דיר נאך דערקען איך — און פארער — ווי דאס געשאנק פון אדרע, א שוידערלאכע מו־טער פון קליינע געטער. קיין צווייפל ניט אז זי האט א ים מיט אנדערע נעמען. און דו האסט איר געקיבעצט, דענקסטו! איך וואלט ניט געוואלט ארומגיין אין דעם העמד פון א פארשוין וועלכער דענקט אזוי. אבער זי וועט דיך אויפקלערן, מיין פריינד, אין דער באשטימטער צייט."

„נו, כדי זי זאל האנדלען געהעריק —" האט יורגען גע־זאגט, און געצויגן דעם אקסל.

איצט האט מערלין אוועקגעלייגט דאס שפיגעלע. „דערווייל איז עס געווען איינגאנצן אן אנדער אנגעלעגנהייט וואס פרוי אנא־איטיס און איך האבן דיסקוסירט, און ווענן וואס איך האב גע־וואלט איבעררעדן מיט דיר. גארגיוואן שיקט צו דעם קיניג ארטור.

צוזאמען מיט גאגירוואנס טאכטער, דעם רונדן טיש וואס יוטהער פענדראקאן האט געגעבן גאגירוואנען, און א הונדערט ריטער אויס־צופילן די געזעסן ארום דעם טיש. גאגירוואן, וועלכער באזיצט מיט געהעריקער אכטונג, א קלעגלאכן געפיל פון הומאר, האט דיך פארעכנט צווישן די ריטער. איצט גייט ארום א קלאנג אז די פרינצעסן פירט א היפש ביסל געשפרעכן מיט דיר גאנץ פריי־וואט און ארטור האט קיינמאל ניט געהאלטן פון פלוידעריי. טא ווארן איך דיך אז פאר דיר צו קומען מיט אונדז קיין לאנדאן וואלט ניט געווען באקוועם".

„איך דענק כמעט אזוי, אויך," האט יורגען געזאגט, מיט פאסיקן אומעט; „פאר מיר וואלט דאס פארזעצן פון דעם עסק אויף ווייטער בלויז געפירט צו פארשווערכן דאס וואס וועט אזוי־נאך אויף שטענדיק פארבלייבן א פערפעקטע דערינערונג פון אלער־ליי ביז־גאר מונטערע געשפרעכן."

„אלטער דיכטער, דו ביסט גוט בארעטן," האט מערלין געזאגט, — „באזונדערס איצט אז די קליינע פרינצעסן וועמען מיר קענען האלט ביים ארייננטרעטן אין קיניגטום און ווערן א סימ־באל. עס טוט מיר לייד פאר איר, ווייל זי וועט פארערט ווערן ווי אן אנטפלעקונג פון געטלאכער פראכט, און זייענדיק בלוט און פלייש, וועט עס איר ניט געפעלן. און עס איז גאנץ אומזיסט וואס איך האב פירגעווארנט קיניג ארטור, ווייל דאס מוז געשען וואס וועט שטענדיק געשען אזוי לאנג ווי חכמה איז אוממעכטיק קעגן מענטשלאכער דומהייט. אזוינאך קאן חכמה טאן דאס בעסטע לויט די אומשטענדן, און צופרידנשטעלן זיך מיט באגעגענען פנים אל פנים די פאקטן פון א גרויסער מיסטעריע."

דערביי האט זיך מערלין אויפגעשטעלט, און פארהויבן דעם טעפיך הינטער אים. אזוי אז יורגען האט געקאנט זען וואס דער טעפיך האט ביז איצט פארדעקט.

* * *

„דו האסט מיך געוואלדיק פארשעמט," האט יורגען גע־זאגט, „און איך קאן פילן ווי איך בין נאך פארדויטלט, ארום די קנעכלען. נו, איך האב געהאט א טעות: לאמיר מער ניט רעדן וועגן דעם."

„איך האב דיר געוואלט ווייזן," האט מערלין געענטפערט, „אז איך ווייס וואס איך זאג. אבער, מיין איצטיקער צוועק איז דיר ארויסצושלאגן געגעווירן פון קאפ: ווארים אין דיין הארצן רעגט איך איז זי קיינמאל ניט געווען, דו אלטער דיכטער, וואס

גייסט זיך אזוי באשיידן ארום אין דעם צענטאוורם העמד. קום, זאג מיר איצט ! טוט דער געדאנק וועגן איר דערנענגדיקער היי־ראט דיך ווירקלאך באאומרואיקן ? "

„איך בין דער אומגליקלאכסטער מאן וואס אטעמט," האט יורגען געזאגט, מיט הארץ. „א גאנצע נאכט ליג איך וואך אין מיין צעווארפן בעט, און טראכט וועגן דעם עלנטן טאג וואס איז פארגאנגען, און וועגן וואס עס וועט פאסירן דעם צוגלייך עלנטן טאג וועמעס אויפגאנג איך באוואך מיט א קראנק הארץ. און איך שריי אוים אין דער הויך, אין די אומשטערבלאכע ווערטער פון אפאלאניוס מיראניד — "

„פון וועמען ? " זאגט מערלין.

„איך פאררוף זיך אויף דעם פארפאסער פון „מיראזים", האט יורגען דערקלערט, „וועמען אזוי פיל מענטשן נעמען אומ־באזינט אן פאר אפאלאניוס העהאפילעיוס."

„אך, יא, פארשטייט זיך ! דיין ציטאטע איז גאנץ פאסיק, אבער, דאן איז דיין לאגע א טרויעריקע, נאר ניט קיין אומהייל־בארע. ווארים איך האלט ביים גיבן דיר א קמיע, מיט וועל־כער דו וועסט, אויב דו ביסט דרייסט גענוג, זיך באגיין אזוי און אזוי."

„אבער דאס איז ווירקלאך אן עטוואס טשיקאווע קמיע, און די הענט און פיס, און אפילו דער קאפ, פון דעם מענטשעלע האבן א מערקווירדיקע ענלאכקייט ! נו, און דו זאגסט מיר אזוי און אזוי. אבער ווי געשעט עס, מיין האר מערלין, וואס דו האסט קיינמאל ניט באנוצט די קמיע אויף דעם אופן ווי דו לייגסט מיר פאר ? "

„ווייל איך האב מורא געהאט. דו פארגעסט, אז איך בין בלויז א מאגיקער, וועמעס כשוף באווירקט ניט קיין ערגערע סטראש־שידלעס ווי שדים. אבער דאס איז א שטיקל פון דער אלטער מאגיק וואס איז ניט מער פארשטענדלאך. און איך וויל גלייכער ניט האבן צו טאן דערמיט. דו, פארקערט, ביסט א דיכטער, און די אלטע מאגיק איז שטענדיק צום גונסטן פון דיכטער".

„גוט, איך וועל זיך באדענקען", זאגט יורגען, „אויב דאס זאל ווירקלאך מיר ארויסשלאגן געגעווירן פון קאפ."

„זיי זיכער אז יא", האט מערלין געזאגט. „ווייל מיט שכל טום די „דירגאגאמא" דערקלערן, דאס שיינען פון א גליווארם קאן ניט פארגליכן ווערן מיט דעם שיינען פון א לאמפ".

„אַ גאַנץ פיין ווערקל, די „דירגאַנאַמאַ". האָט יורגען געזאָגט, מאַלעראַנט — „כאַטש אויבערפלעכלאַך, פאַרשטייט זיך."

דאַן האָט מערלין אַמבראָזיוס געגעבן די קמיע, און אַן עצה.

אַזוי האָט יורגען אין דער נאַכט געזאָגט געזעגענווירן אַז ער וועט ניט פאַרן מיט איר סוויטע קיין לאַנדראַן. ער האָט איר געזאָגט גאַנץ אָפן אַז מערלין האָט פאַרדעכטיקט זייערע באַציאונגען.

„און דערפאַר, כדי צו באַשיצן דיך און צו באַשיצן דיין רום, מיין טייערסטע טייערע," האָט יורגען געזאָגט, „איז עס נויט־ווענדיק אַז איך זאָל מקריב זיין זיך און אַלץ וואָס איך האַלט טייער אין לעבן. איך וועל ליידן זייער פיל. נאָר מיין טרייסט וועט זיין וואָס איך האָב געהעריק באַהאַנדלט דיך ווען איך האָב ליב מיטן גאַנצן הארצן, און וועל דיך באַוואָרן דורך מיין עלנט".

אָבער געניעוויר האָט ניט געשיינט צו באַמערקן ווי נאָבל דאָס איז געווען פון יורגענען. אַנשטאָט, האָט זי געוויינט אין דער שטיל, אויף אַ האַרצברעכנדיקן אופן וואָס יורגען האָט געפונען פאַר אומדערטרעגלאַך.

„וואָרים קיין מאַן, קיניג אָדער פויער," זאָגט די פרינצעסין. „איז ווען געליבט געווען טייערער אָדער טרייער אָדער מער אין אַלגעמיין אַן וואָסער צוריקהאַלט אָדער פירגעדאַנק ווי דו, מיין טייערסטער, ביסט געווען געליבט פון מיר. אַלץ וואָס איך האָב פאַרמאָגט האָב איך דיר געגעבן. אַלץ וואָס איך האָב פאַרמאָגט האָסטו צוגענומען, פאַרצערנדיק עס. און איצט פאַרלאָזסטו מיך אָן דער מינדסטער זאָך צו געבן דיר מער, אַפילו ניט קיין פאַר־דראָס אָדער פאַראַכטונג, איצט אַז דו לאָזסט מיך ווי אויפן וואַ־סער. וואָרים עס איז גאָרניטאָ אין מיר ערגעצוואו עפּעס אויסער ליבע צו דיר, וואָס ביסט אומווערט."

„אָבער איך נעם איין פילע מיתות," האָט יורגען געזאָגט, „ווען דו רעדסט אַזוי צו מיר." און פאַרוואָר, ער האָט טאַקע גע־פילט פריקרע.

„איך זאָג דעם אמת, פונדעסטוועגן. דו האָסט געהאַט אַלץ: און אַזוי נאָך ביסטו אַ ביסל געלאַנגווײַלט, און פיליכט האָסטו עטוואָס מורא פאַר וואָס עס קאָן געשען אויב דו צעגייסט זיך ניט מיט מיר."

„איצט מיסאָורטיילסטו מיך, ליבע —"

„ניין, איך מיסאָורטייל דיך ניט, יורגען. אַנשטאָט, צום ערשטן מאָל אורטייל איך איבער אונדז ביידע. דיר פאַרגיב איך, ווייל איך האָב דיך ליב, אָבער זיך זעלבסט פאַרגיב איך ניט, און

איך קאָן קיינמאָל ניט פאַרגעבן, פאַר האָבנדיק געווען אַ פאַר־שווענדערישער נאַר."

און יורגען האָט געפונען די רייד פאַר פּריקרע און נודנע און זייער אומגערעכט אין זיין באַצוג. "ווייל עס איז גאָרניט פאַר־ראַן מיט וואָס איך זאָל קאָנען אַרויסהעלפן אין דער אַנגעלעגנ־הייט", זאָגט יורגען. "טאַקע, וואָס קאָן מענטש אימיצער דער־וואַרטן אַז איך זאָל טאָן? און אַזוינאַ פּראָוואָס ניט זיין גליק־לאַך בשעת מיר קאָנען? גלייך ווי מיר וואָלטן געהאַט ווער ווייסט וויפל צייט צו פאַרלירן."

וואָרים דאָס איז געווען די לעצטע נאַכט, אויסער איינער, פאַר דעם טאָג וואָס איז געווען באַשטימט פאַר געגעווירם אָפּפאָר.

## 19. דער ברוינער מאַן מיט טשיקאַווע פּיס

דעם קינפטיקן פרימאָרגן האָט יורגען פאַרלאָזט קאַמעליאַר, פאַרנדיק מיטן וועג קיין קאַראַהעז, און איז אַריין אין דעם דרואידן וואַלד דאָרטן, און נאָכגעפאָלגט מערלינס אונטעריכטן.

"ניט וואָס איך גלויב פאַר אַ רגע אין אַזעלכע נאַרישקייטן," האָט יורגען געזאָגט: "נאָר עס וועט זיין אַמוזאַנט צו זען וואָס עס וועט ווערן פון דעם עסק, און עס איז אומרעכט אָפּצוזאָגן אפילו דער נאַרישקייט פון אַ געהעריקן פּרואוו."

אַזוי האָט ער באַלד באַמערקט אַ זון־פאַרברוינטן מוסקוליעזן יונג, וועלכער איז געזעסן אויפן ברעג פון אַ טייך, פּאַטשנדיק מיט די פיס אין וואַסער, און שפּילנדיק אויף אַ פייפל געמאַכט פון זיבן טראַסטניקס פון אומרעגלמעסיקער לענג. פאַר אים האָט יורגען באַוויזן, אויף אַזאַ אַרט ווי מערלין האָט פאָרגעשריבן, די קמיע וואָס מערלין האָט געגעבן. דער מאַן האָט געמאַכט אַ זונדערבאַרן צייכן, און זיך אויפגעשטעלט. יורגען האָט דערזען אַז דעם מאַנס פיס זייי־נען געווען אומגעוויינלאַכע.

יורגען האָט זיך טיף פאַרנייגט, און ער האָט געזאָגט, ווי מער־לין האָט געהייסן: "געבענטשט זאָלסטו זיין, דו אויבערהאַר פון די צוויי אמת'ן! איך בין געקומען צו דיר, אָ, דו צווישן אַלע חכמים דער קליגסטער, כדי איך זאָל קאָנען דערלערנען דיין סוד. איך וואָלט וועלן קענען דיך, און וועלן קענען די צוויי־און־פערציק אַל־מעכטיקע וואָס וואוינען מיט דיר אין דעם בית פון די צוויי אמת'ן, און וואָס ווערן גענערט פון בייז־טוערס, און וואָס טיילנעמען פון

זינדיק בלום יעדן יום־הדין פאר װענאפרי. איך װאָלט װעלן קעד־גען דיך װי דו ביסט."

דער ברוינער מאַן האָט געענטפערט: „איך בין אַלץ װאָס איז געװען און װאָס װעט זײַן. קײן שטערבלעכער האָט װען גע־קאָנט אױסגעפונען װאָס איך בין."

דאַן האָט דער ברוינער מאַן געפירט יורגענען צו אַן אָפענעם טאָל, אינם האַרץ פון װאַלד.

„מערלין אַלײן האָט ניט געװאָגט צו קומען, װײַל," האָט דער ברוינער מאַן באַמערקט, „מערלין איז קלוג. אָבער דו ביסט אַ דיכטער. אַזױנאָך װעסטו גלײַך פאַרגעסן דאָס װאָס דו װעסט באַלד זען, אָדער איין ערגסטן פאַל װעסטו דערצײלן ליגנס װעגן דעם, דערהױפּט זיך זעלבסט."

„װעגן דעם װײס איך ניט," זאָגט יורגען. „אָבער איך בין באַרײט צו פּאַרזוכן יעדן געטראַנק אײנמאָל. װאָס װילסטו מיר װײַזן?"

דער ברוינער מאַן האָט געענטפערט: „אַלץ."

אַזױנאָך איז עס געװען באַלד נאָכט װען זײ זײַנען אַרױס פון דעם טאָל. עס איז געװען טונקל איצט, װאָרים אַ שטורעם האָט זיך אױפגעהױבן. דער ברוינער מאַן האָט געהאַלטן אין שמײכלען, און יורגען האָט געהאַלטן אין ציטערן.

„עס איז ניט װאָר," האָט יורגען פּראָטעסטירט. „דאָס װאָס דו האָסט מיר געװיזן הײבט זיך אָפּילו ניט אָן. עס איז דעגראַ־דירטע משוגעת פון אַ כּלומר'שטן רעאַליסט. עס איז צױבערײ און הױלע קינדערשקײט און אָפּשײַלעכע לעסטערונג. עס איז, מיט אײן װאָרט, עפּעס אַזױנס אין װאָס איך דערװײַל ניט צו גלױבן. דו באַדאַרפסט זיך שעמען אין טיפן האַלדז אַרײַן!"

„אָפּילו, אַזױנאָך, גלױבסטו מיר דאָך, יורגען!"

„איך גלױב אַז דו ביסט אַן אָרנטלעכער מענטש און איך בין דײַן שװעסטער־קינד: אַט האָסטו דיר נאָך צװײ ליגנס."

דער ברוינער מאַן האָט געזאָגט, אַלץ שמײכלענדיק: „יאָ, דו ביסט זיכער אַ דיכטער, דו װאָס האָסט אױסגעבאָרגט דעם בגד פון מײַן שװעסטערקינד. װאָרים דו קומסט אַרױס פון מײַן טאָל און פון מײַן אָפּנהערציקײט, פּונקט אַזױ באַזינט װי דו האָסט אַרײַנגעטראָטן. דאָס איז ניט פיל געזאָגט, נאַטירלאַך, אין לױב פון אַ דיכטערס באַזינטקײט צו יעדער צײַט. אָבער מערלין װאָלט געװען געשטאָרבן, און מערלין װאָלט געװען געשטאָרבן אַן חרטה

אויב מערלין וואלט געזען וואס דו האסט געזען, ווארים מערלין פארנעמט פאקטן לויט דער פארנונפט".

„פאקטן! באזינטקייט! און פארנונפט!" האט יורגען געצארנט: „אך, וואס פאר א נארישקייטן דו רעדסט! ווען עס זאל זיין א טראפן אמת אין דיין לעכערלאכער פופנשפיל וואלט די וועלט פון צייט און רוים און באוואוסטזיין געווען א בלעזל, א בלעזל וואס אנטהאלט די זון און די לבנה און הויכע שטערן, און דאך פארבליבן בלויז א בלעזל אין א יוירענדיקער פאמאיניצע! איך מוז אוועק אויסצורייניקן מיין מח פון דער העסלאכקייט. דו ווילסט מיך מאכן צום גלויבן אז מענטשן, אז אלע מענטשן וואס האבן ווען געלעבט אדער וועלן לעבן פון איצט אן, אז אפילו איך באטייט גארניט! עס וואלט ניט געווען קיין גערעכטיקייט אין אזא ארדנונג, קיין גערעכטיקייט ווארניט־איז!"

„דאס האט דיך געפלאגט, איז עס ניט אזוי? עס פלאגט מיך צייטנווייז, אפילו מיך, וואס אונטער קאשטשעים ווילן בין דער איינציקער אומגעענדערטער."

„איך ווייס גארניט וועגן דיין טוישבארקייט: אבער איך האלט זיך ביי מיין מיינונג וועגן דיין ווארהאפטיקייט," זאגט יורגען, ווייל נאך אלעמען איז ער געווען ביים ברעג פון היסטעריע. „יא, אויב ליגנס זאלן קאנען מענטשן דערשטיקן וואלט דער הארייקער האלדז דיינער זיכער געווען אויף צרות."

דאן האט דער ברוינער מאן א טופע געטאן מיטן פוס, און דער קלאפ פון זיין פוס אויף דעם מאך האט פאראורזאכט א שפאגל נייעם גערויש ווי יורגען האט קיינמאל ניט געהערט: ווארים דער גערויש האט געשיינט צו קומען פילפאכיק פון יעדער זייט, צוערשט גלייך ווי יעדער בלאט אין וואלד וואלט אויפן דינסטן ארט געקייכט; און דאן האט דער גערויש פארמערט זיך דורך דער לוסטיקייט פון גרעסערע באשעפענישן, און ווידער־קולות האבן געשפילט מיט דעם גערויש, ביז עס האט זיך דארטן איבערגעקייקלט ווי ווען עס דונערט. די ערד האט זיך באוואויגן אונטער זייערע פיס זייער ענלאך צו א חיה דזיאבענדיק די הויט אירע אונטער דעם דערעסענעם אנפאל פון פליגן. אן אנדער טשיקאווע זאך האט יורגען באמערקט, און עס איז געווען דאס וואס די ביימער ארום דעם טאל האבן זיך געקרומט און געקארטשעט אין שטאם, און אזוינאך איינגעבויגן, ענלאך צום אויסבייגן פון ליכט אין הייבן וועטער, אוועקצולייגן זייערע העכסט בלעטערווערק ביי די פיס פון דעם ברוינעם מאן. און דעם ברוינעם מאנס אויסזען האט זיך

פאַרענדערט ווי ער איז געשטאַנען דאָרט, שרעקלאַך איז אַן אומי־
אויפהערלאַכן ברוינעם שיין פון נידער־הענגענדיקע כמאַרעס, און
דער וואַלד פאַרנייגנדיק זיך, און שוידער און געלעכטער איבעראַל.

„גיב אַן ענטפער, דו וואָס פלאַפּלסט וועגן גערעכטיקייט!
ווי וואָלט געווען ווען איך דערמאָרד דיך איצט?" זאָגט דער
ברוינער מאַן, „איך זייענדיק וואָס איך בין?"

„דערמאָרד מיך, דאַן!" זאָגט יורגען, מיט פאַרמאַכטע אויגן,
ווארים אים האָט ניט אָנגעהויבן צו געפעלן דאָס אויסזען פון זאַכן.
„יאָ, דו קאָנסט מיך טויטן אויב דו דערוויילסט, אָבער עס איז
אויסער דיין מאַכט מיך צו מאַכן גלויבן אַז עס איז קיין גערעכטי־
קייט אין ערגעץ ניט פאַראַן, און אַז איך בין אומוויכטיק. ווארים
איך וויל זאָלסט וויסן, אַז איך בין אַן אומגעהייער כיטרער יונג.
און אין דיין באַצוג, ביסטו אָדער אַ פאַרבלענדעניש אָדער אַ גאָט
אָדער אַ דעגראַדירטער רעאַליסט. אָבער וואָס דו זאָלסט ניט זיין
האָסטו מיר ליגן געזאָגט, און איך ווייס אַז דו האָסט ליגן געזאָגט
און איך וועל ניט גלויבן אין דער נישטיקייט פון יורגען".

אייזקאַלט איז געקומען אַ וויספּער פון דעם ברוינעם מאַן:
„אַרימער נאַר! אַ, שווידערנדיקער, קשי־עורף׳דיקער נאַר! און
האָסטו ניט נאָר וואָס געזען דאָס וואָס דו קאָנסט ווען קוים פאַר־
געסן?"

„פונדעסטוועגן, דענק איך אַז עס איז עפּעס דאָ אין מיר אַזוינס
וואָס וועט האָבן אויסדויער. איך בין געפּענטעט מיט פיינהייט.
איך בין אָפּגעשוואַכט דורך אומגליקלאַכע גערעכעניש; און איך
בין צעקאַליעטשעט פון אַלטע זאַבובאַנעס. דאָך, שיינט מיר אַז
איך באַמערק אין זיך עפּעס אַזוינס וואָס איז פּערמאַנענט און גאַנץ
פאַרנעם. אונטער אַלעמען, און טראָץ אַלעמען, שיינט מיר ווירק־
לאַך אַז איך באַמערק דעם „עפּעס". וואָס פאַר אַ ראַליע דער
„עפּעס" באַדאַרף שפּילן נאָכן טויט פון מיין גוף, און אויף וואָס
פאַראַ סצענע, קאָן איך ניט טרעפן. ווען דאָס מזל וועט אַנקלאַפּן
וועל איך עפענען די טיר. דערוויייל זאָג איך דיר גאַנץ אָפן, די
ברוינער מאַן, עס איז עפּעס דאָ אין יורגענען אַזוינס וואָס איז צו
באַוואונדערונגסווערט אַז וואָס פאַראַ דערפאַרענער פשרה־מאַכער
זאָל עס ווען אַריינשליידערן אין מיסטבאַרג. איך בין, אויב ניט
עפּעס אַנדערש, אַן אומגעהייער כיטרער יונג: און איך דענק אַז
איך וועל דויערן, ווי־עס־איז. יאָ. היטל איז האַנד גייט׳ס דורכן
לאַנד, ווי דאָס ווערטל איז: און איך גלויב אַז איך קאָן פאַלן
אויף אַ שפּיצל ווי צו פאַררעדן די ציין דעם הבל הבלים ווען עס

ווען זיין נוימוועגדיק," זאגט יורגען, ציטערנדיק און שלוקנדיק, און זיינע אויגן שטייף צו, אבער אפילו אזוינאך, מיט א פעסטן באשלוס אין זיין געדאנק וועגן דעם. „פארשטייט זיך, דו מעגסט זיין גערעכט; און זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז דו ביסט אומגערעכט: אבער דאך, צו דערזעלבער צייט — "

„נו, אין באצוג צו א נארס מיינונג וועגן זיך," האט דער ברוינער מאן אויסגעשריען, „זיינען די געטער אוממעבטיק. יא, יא, און קנאה'דיק, אויך!"

און ווען יורגען האט זייער פארזיכטיק צעעפנט די אויגן האט דער ברוינער מאן אים פארלאזט פיזיש ניט געשעדיקט. נאר דער צושטאנד פון יורגענס בינטל נערוון איז געווען א קלעגלא־כער.

## 20. ווירקזאמקייט פון געבעט

יורגען איז ציטערנדיק געגאנגען אין דעם קאטעדראל פון הייליקן דארן אין קאמעליאר. א גאנצע נאכט האט יורגען מתפלל געווען דארט, ניט אויס תשובה, נאר אויס מורא. פאר זיינע טויטע האט ער געבעטן, אז זיי זאלן ניט אפגעמעקט ווערן, פאר די טויטע פון זיין משפחה ווען ער האט ליב געהאט אלס אינגל, און פאר די דאזיקע בלויז. פאר די מענער און פרויען וועמען ער האט געקענט זינט דאן האט אים, ווייזט אויס, ניט געקימערט, אדער ווייניקסטנס ניט זייער צודרינגלאך. אבער ער האט פארפאסט אן ארט געבעט פאר פרוי ליזא — „וואו נאר מיין טייער ווייב זאל ניט זיין, און, נאט, טאטע ליבער, באוויליק מיר ענדלאך צוריקצו־קערן צו איר, און פארגעבן ווערן!" האט ער געקלאגט, און זיך געוואונדערט אויב ער האט עס ווירקלאך געמיינט.

ער האט פארגעסן וועגן געגעווירן און קיינער ווייסט ניט וואס עס זיינען יענע נאכט געווען די געדאנקען פון דער יונגער פרינצעסן, אויך ניט צי זי האט תפילה געטאן, אין דעם פאר־לאזענעם געריכטזאל.

אינדערפרי זיינען געצײלטע מענטשן געקומען צו דער פרי־מארגן־מעסע. יורגען האט מתפלל געווען מיט ברען, און זיך געלאזט צו דער טיר מיט די אנדערע. פונקט פאר אים האט א געשעפט־מאן זיך אפגעשטעלט ארויסצונעמען א שטיינדל פון זיין שוך, און דעם געשעפטמאנס ווייב איז פארויסגעגאנגען צו דעם טויף־בעקן.

„גנעדיקע פרוי, דערלויב מיר.“ האט א שיינער יונגער גוט־באזיצער געזאגט, און דערלאנגט איר היילִיק וואסער.

„עלף א־זייגער,“ האט דעם סוחר׳ס ווייב געזאגט, אויף נידעריקע טענער. „ער וועט זיין אוועק א גאנצן טאג.“

„מיין טייערע,“ זאגט איר מאן, ווי ער האט זיך צוריקגעקערט, „ווער איז דער יונגערמאן געווען ?“

„ווער, איך ווייס נית, טייערינקער. איך האב אים קיינמאל פריער נית געזען.“

„ער איז זיכער זייער העפלאך געווען. הלואי וואלטן געווען מער אזעלכע ווי ער. און נית קיין מיאוס׳ער יונג, אויך !“

„טאקע ? איך האב גארנית באמערקט,“ האט דעם געשעפט־מאנס ווייב געזאגט, נית אויסן.

און יורגען האט געזען און געהערט און באטראכט דאס אפ־גייענדיקע דריילינג באדויערנדיק. עס האט אים געשיינט צו זיין אומגלויבלאך אז די וועלט זאל אנגיין פונקט ווי איידער ער האט געוואגט צו זיין אין דעם דרואידן וואלד.

ער האט זיך אפגעשטעלט פאר א יעזוס־קרייץ, און ער האט געקניט און ארויפגעבליקט ערנסט. „ווען מען זאל נאר קאנען ווי‏סן“, זאגט יורגען. „וואס עס האט ווירקלאך פאסירט איז יהודה ! ווי געוואלדיק פאראיינפאכט וואלט אלץ געווען ווען אימיצער זאל בלויז וויסן דעם אמת וועגן דיר, מאן אויפן קרייץ !“

איצט איז דער בישאף פון מעריאן אים פארבייגעגאנגען, קומענ־דיק פון פראווען די פרימארגן־מעסע. „גנעדיקער האר בישאף,“ זאגט יורגען, איינפאך. „קאנסטו מיר דערציילן דעם אמת וועגן דעם קריסטוס ?“

„נו, פארוואר, מיין האר דע לאגרעי,“ האט דער בישאף גע־ענטפערט. „מען קאן בלוז סימפאטיזירן מיט פילאטן דענקענדיק אז עס איז זייער שווער צו דערגריבלען זיך צום אמת וועגן יעזוסן, אפילו ביי היינטיקן טאג. איז ער געווען מלכי־צדק, אדער שם, אדער אדם ? אדער איז ער געווען ווארהאפטיק דער לאגאס ? אנגענו־מען אז ער איז געווען א גאט, זיינען די אריער אדער די סאבעליער געווען גערעכט ? האט ער שטענדיק עקזיסטירט, אלס טייל־עיקר מיט דעם פאטער און הייליקן גייסט, אדער איז ער געווען די יצירה פון דעם פאטער, א מין זאגרעאוס בישראל ? איז ער גע־ווען דער מאן פון אבראמוס, די דעגראדירטע סאפיא, ווי די וואַ־לענטינער באהויפטן ? אדער דער זון פון פאנטערוס, ווי עס זאגן די אידן ? אדער קאלאקאו, ווי עס דרינגט באזילידעס ? אדער איז

עס געווען, ווי די ראַצעטן האָבן געלערנט, בלויז אַ קאַלירטע כבוֹ־רע אין דעם געשטאַלט פון אַ מאַן וואָס האָט געוואַנגלט פון ירדן קיין גאַלגאַטאַ? אָדער זיינען די מערינטיער געוועזן געווען דאָס זיינען עטלאַכע פון די פראַגן, מיין האַר דע לאַגרעי, וואָס מען קאָן נאַטירלאַך שטעלן. און ניט אַלע קאָנען גלאַט אַבי פאַר־ענטפערט ווערן."

אַזוינאַך רעדנדיק, האָט דער גאַלאַנטער אויבער־בישאָף זיך פאַרנייגט, דאָן אויפגעהויבן דריי פינגער פאַר אַ ברכה, און אַזוי פאַרלאָזט יורגענען, וועלכער האָט גאָר אַלץ געקניט פאַר דעם יעזוס־קרייץ.

„אײ־אײ!" זאָגט יורגען צו זיך, „אָבער וואָס פאַרא פּיל־פאַבקייט פון אינטערעסאַנטע פּראָבלעמען ווערט באמת אויפגע־וואָרפן אַ דאַנק רעליגיע. און וואָס פאַרא אַנגענעמע איבונג וואָלט דאָס פאַרענטפערן פון די פּראָבלעמען, איינמאָל פאַר אַלע־מאָל, געווען פאַר דעם שכל פון אַן אומגעהייערן כיטרען יונג! אַל־זאָ, עס לוינט זיך מיר פּיליכט צו ווערן אַ גייסטלאַכער. עס קאָן זיין אַז איך בין בארופן."

נאָר מענטשן האָבן געשריען אין גאַס. האָט זיך יורגען אויפ־געשטעלט און אָפּגעשטויבט זיינע קניען. און ווי יורגען איז אַרויס־געקומען פון דעם קאַטעדראַל פון הייליקן דארן האָט דער פאַראַד פאַרביימאַרשירט וואָס האָט אַוועקגעפירט פרוי גענעוויר אין די אָרעמס און צום טראָן פון איר זיווג. יורגען איז געשטאַנען אויף דעם זיילנגאַנג פון קאַטעדראַל, זיין געדאַנק טיילווייז פאַרנומען מיט טעאָלאָגיע, ניט פאַרפעלנדיק פונדעסטוועגן צו באַמערקן ווי שיין די יונגע פּרינצעסן איז געווען, ווי זי איז פאַרבייגעריטן אויף איר ווייסן פאַראַד־פערד, גרין געקליידט, און געקרוינט און בליאַס־קענדיק מיט איידלשטיינער. זי האָט געשמייכלט ווי זי איז אים פאַרבייגעפאָרן, בייגנדיק איר צאַרט־קאַלירנדיק יונג פּנים'ל אין איין זייט און אין דער צווייטער, צו דעם צעווילדעוועטן המון, און ניט באַמערקנדיק יורגענען אינגאַנצן.

אַזוי איז זי געפאָרן צו איר הייראַט, די גענעוויר וועלכע איז געווען דער סימבאָל פון דעם אַל־שיינעם און צניעות'דיקן צו די ריטער פון גלאַטיהאָן. דער המון האָט איר פאַרגעטערט; און זיי האָבן גערעדט גלייך ווי עס וואָלט געווען אַ מלאך וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען.

„אונדזער וואונדערשיינע יונגע פּרינצעסן!"

„אָך, עס איז ניטאָ איר גלייכן אין ערגעץ!"

„און קיינמאָל ניט קיין בייז וואָרט ווען אימיצן זאָגן זיי —"

„אָך, אָבער זי איז די באַוואונדערונגווערטסטע צווישן פרויען — !"

„און אַזאַ בראַווע אויך, דאָס רייצנדע שמייכלדיקע קינד וואָס פאַרלאָזט איר היים אויף שטענדיק!"

„און אַזוי, אַזוי חנ'עוודיק!"

„אַזוי מילד!"

„קיניג אַרטור דאַרף זיך גוט אונטערגאַרטלען ער זאָל איר די ווערט האָבן!"

האָט יורגען געזאָגט: „עס איז גאַנץ קאָמיש אַז צו די אמת'ן באַדאַרף איך צולייגן בלויז נאָך איין אמת כדי מען זאָל איר פאַרוואַרפן מיט גרויסע ברוקשטיינער!. און איך זאָל אין דער סומאַטאָכע צעריסן ווערן אויף פיצלאַך פון די פריקרע שווייסיקע מענטשן וועלכע, אַ דאַנק גאָט, שטויסן מיך שוין מער ניט אין געדרענג".

וואָרים דער זיילנגאַנג האָט זיך פּלוצים אויסגעליידיקט, ווייל ווי די פּראָצעסיע איז פאַרבייגעגאַנגען האָבן העראָלדן צעזייט זילבער־שטיקלאַך צווישן די צושויער.

„אַרטור קריגט אַ ליבווירדיקע קיניגן," זאָגט אַ לאַשטשענדיק פויל קול.

און יורגען האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען לעבן זיך די פרוי אַנאַאיטיס, וועמען מען האָט גערופן די פרוי פון דער אַזערע.

„יאָ, מען מעג אים גוט מקנא זיין," האָט יורגען געזאָגט העפלאַך. „אָבער פאַרסטו דען ניט מיט זיי קיין לאַנדאָן?"

„זיכער ניין," זאָגט די פרוי פון דער אַזערע, „ווייל מיין טייל אין דער הייראַט איז געווען אָפּגעטאָן ווען איך האָב פאַרמישט דעם פוס־געשטעל בעכער פון וועלכן די פרינצעסן און דער יונגער לאַנסעלאָט האָבן געטרונקען דעם פרימאָרגן. ער איז דער זון פון קיניג באַן פון בענוויק, דער הויכער יונגערמאַן איז בלויען פאַנצער. איך האָב אַ שוואַכקייט צו לאַנסעלאָטן, ווייל איך האָב אים אויפגעבראַכט, אויפן גרונד פון אַן אַזערע וואָס געהערט מיר, און איך רעכן אַז ער איז מיר לכבוד. איך דענק אויך אַז גענעוויר שטימט מיט מיר איין אין איצטיקן מאָמענט. און אַזוינאַך, אָפּגעטאָן מיין חלק דינענדיק מיין באַשעפער, פאַרנעם איך זיך קיין קאַקאַאין".

„און וואָס אַזעלכעס איז דאָס קאַקאַאין?"

„עס איז אַן אינדזל אויף וועלכן איך רעגיר."

„איך האָב ניט געוואוסט אַז דו ביסט אַ קיניגן, מאַדאַם."

„נו, עס זיינען פאַרוואָר דאָ גענוג זאַכן וואָס זיינען פאַרבאָרגן פון דיר, מיין האַר דע לאַגרעי, אין אַ וועלט וואו קיינער איז ניט זיכער אַז ער ווייסט עפּעס. ווייל עס איז אַ וועלט וואו אַלע וואָס לעבן האָבן בלויז אַ קורץ שטיקל צייט צו לעבן, און קיינער ווייסט ניט וואָס זיין גליק וועט אויסטראָגן אויף שפּעטער. אַזוי אַז אַ מענטש באַזיצט זיכער גאָרניט אויסער אַ קורצער הלואה פון זיין אייגענעם גוף: און דאָך איז דער גוף פון מענטש פּעאיק אויף פילע זונדערבאַרע פאַרגעניגן."

„איך גלויב," האָט יורגען געזאָגט, ווי זיינע געדאַנקען האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון וואָס ער האָט געהאַט געזען און געהערט אין דעם דרואידן וואַלד, „אַז דו רעדסט ווייזהייט."

„דאַן זיינען מיר אין קאַקאַאין אַלע קלוג: ווייל דאָס איז אונדזער גלויבן. אָבער פון וואָס טראַכסטו, דוקס דע לאַגרעי?"

„איך האָב געטראַכט," זאָגט יורגען, „אַז דיינע אויגן זיינען ניט ווי די אויגן פון וואָס פאַרא פרוי וואָס איך האָב ווען געזען."

שמייכלענדיק האָט די טונקעלע פרוי אים אַ פרעג געטאָן מיט וואָס זיי האָבן זיך אונטערשיידט, און שמייכלענדיק האָט ער געענטפערט אַז ער ווייסט ניט. זיי האָבן געקוקט באַהיטזאַם איינס אויף ס'אַנדערע. אין יעדן בליק האָט אַ דערפאַרענער שפּילער אַנערקענט אַ ווערטפולן קעגנער.

„אויב אַזוי, מוזסטו קומען מיט מיר קיין קאַקאַאין," זאָגט אַנאַאיטיס, „און זען צי דו קאָנסט ניט אויסגעפינען וואָס דער אונטערשיד איז. ווארים עס איז ניט אַזאַ זאַך וואָס איך זאָל וועלן לאָזן הענגען."

„אָה, דאָס שיינט צו זיין בלויז יושר'דיק אין דיין באַצוג," זאָגט יורגען. „יאָ, זיכער מוז איך האַנדלען געהעריק מיט דיר."

דאַן האָבן זיי פאַרלאָזט דעם קאַטעדראַל פון הייליקן דאָרז, שפּאַצירנדיק צוזאַמען. דער עולם וואָס איז אַוועק קיין לאַנדאַן איז איצט ניט געווען צום זען אַדער הערן, וואָס איז מעגלאַך די אורזאַך פון דעם פאַקט וואָס יורגען האָט איצט אין קיין פאַל ניט געטראַכט וועגן געגעווירן. אַזוי איז געשען אַז געגעוויר איז אַרויס פון יורגענס לעבן פאַר אַ ווײַלע: און ווי זי האָט געריטן האָט זי גערעדט מיט לאַנסעלאָטן.

# 21. ווי אנאַאיטים האָט גערייזט

איצט דערציילט די מעשה אז יורגען און דידאָזיקע פרוי פון דער אזערע זיינען אנגעקומען צו דעם האַפן פון קאַמעליאַר, און ארויף אויף דער שיף וואָס האָט געבראַכט אַנאַאיטיסן און מערלי־נען קיין גלאַטיהאַן. די שיף איז איצט לפנים געווען אינגאַנצן פאַרלאָזט: דאָך זיינען אירע זאַפרען־קאָלירטע זעגלען געווען צע־שפרייט, גלייך ווי אויסגעפערטיקט פאַר דער שיפס אָפּפאָר.

„די מאַנשאַפט רייסט זיך קאַן זיין איבער די מטבעות, און שלאָגט זיך פאַר גאַגירוואַנס שטיקלאַך זילבער," זאָגט אַנאַאיטיס. „אבער איך דענק עס וועט זיי ניט לאַנג נעמען אומצוקערן זיך. וועלן מיר אָט־דאָ זיצן אויף דעם שיפשנאַבל, און וואַרטן אויף זייער פריי ווערן."

„אבער די שיף איז שוין אין גאַנג," זאָגט יורגען, „און איך הער הינטער אונדז דעם קלימפּער פון זילבערנע קייטן און דעם פלאַטער פון אויפגעשטעלטע זאַפרען־קאָלירטע זעגלען."

„זיי זיינען שעלמישע יונגען", זאָגט אנאַאיטיס, שמייכלענדיק. „זיי האָבן זיך וואַרשיינלאַך אויסבאַהאַלטן פון אונדז, כלומר'שט ווי עס איז קיינער ניטאָ אויף דער שיף. איצט דענקען זיי צו אי־בעראַשן אונדז ווען די שיף וועט ארויס אין ים גלייך ווי זי וואָלט עס אַליין באַוויזן. אבער מיר וועלן אנטוישן די שורקעס, מאַכנ־דיק זיך ווי מיר באַמערקן ניט קיין אויסערגעוויינלאַכס."

אזוי איז יורגען געזעסן מיט אנאַאיטיסן אין די גרויסע צוויי שטולן וואָס זיינען געווען פון פאַרנט אויף דער שיף, אונטער א באַלדאַכאַן פון שאַרלאַך שטאָף אויסגעהעפט מיט גאָלד דראַקאָ־נען, און פונקט הינטער דעם שיפשנאַבל, וואָס איז געווען א דראַקאָן אויסגעמאָלן אין דרייסיק קאָלירן; און די שיף האָט זיך ארויס־באַוועגט פון דעם האַפן, און אזוינאַך אין דעם אָפענעם ים אריין. אזוי זיינען זיי פאַרביי עניסגאַרט.

„און עס איז א מאָדנע מאַנשאַפט וואָס באַדינט דיך, אנאַאי־טיס, וואָס ביסט קיניגן פון קאַקאַאין: ווארים איך קאָן זיי הערן רעדן, העט־העט הינטער אונדז, און זייער שפּראַך איז אינגאַנצן א מין פישטשען און צווישטשערן, גלייך ווי די ראַצן און פלעדערמייז וואָלטן אָפּגעהאַלטן א פאַרזאַמלונג."

„נו, דו מוזסט פאַרשטיין אז דאָס זיינען אויסלענדער, וועלכע רעדן אין אייגענעם דיאַלעקט, און זיינען ניט ענלאַך צו קיין אנדערע מענטשן וואָס דו האסט ווען געזען."

„פּאַרוואָר, דאָס קאָן טאַקע זיין אַזוי, ווארים איך האָב ניט געזען קיינעם פון דיין מאַנשאַפט. אַפּטמאָל איז עס גלייך ווי בלעזלאַך וואָלטן פאַרבייגעלאָפן איבער דער דעק, און דאָס אַלץ.“

„עס איז בלויז די היץ־כוואַליעס וואָס קומען פון דער דעק, וואָרים דער טאָג איז הייסער ווי דו דענקסט, זיצנדיק דאָ הינטער דעם באַלדאַכאָן. און אויסערדעם, וואָס גייט דיך און מיך אָן צו פאַרנעמען זיך מיט די שפּאָסן פון פּראָסטע מאַטראָסן, אַזוי לאַנג ווי זיי טוען געהעריק וואָס זיי באַדאַרפן ?“

„איך האָב געקלערט, אַך פּרוי מיט די אומגעווינלאַכע אויגן, אַז דאָס זיינען קוים איינפאַכע מאַטראָסן.“

„און איך האָב געקלערט, דוקס יורגען, אַז איך וועל דיר דערציילן אַ מעשה פון די אַלטע געטער, צו מאַכן די צייט פאַרבייגיין אַנגענעמער ווי מיר זיצן דאָ אומבאַטריבט ווי אַ גאָט און אַ געטין.“

איצט זיינען זיי פאַריבער קאַמווי : און אַנאַאיטיס האָט אָנגעהויבן צו דערציילן די געשיכטע פון אַניסטאַר און קאַלמוראַ און וועגן די אומגעווינלאַכע הנחות וואָס זיי האָבן דערלויבט איינס ס'אַנדערע, און וועגן ווי קאַלמוראַ האָט צופרידנגעשטעלט אירע פינף געליבטע : און יורגען האָט געפונען די מעשה פאַר צעשטרויכנדיק.

ווי אַנאַאיטיס האָט גערעדט איז דער הימל געוואָרן פאַרטונקלט, גלייך ווי די זון וואָלט זיך פאַרשעמט און פאַרדעקט איר שאַנדע מיט כמארעס : און זיי זיינען פאַרויסגעפאָרן אין אַ גרויען דעמער וואָס האָט געהאַלטן אין אויסשפּרייטן זיך איבער דעם שטילן ים. אַזוי זיינען זיי פאַריבער די באַלייכטונג פון סאַרניל, דעם ווייטסטן פון די רויטע אינדזלען, בשעת אַנאַאיטיס האָט גערעדט וועגן פּראָקרי און קיניג מינאָס און פּאַזיפאַע. ווי אַ קאַליר האָט נאָר פאַרלאָזן די לופט זיינען נייע קאָלירן אַריינגעטראָטן אינם ים, וואָס האָט איצט אָנגענומען די פאַרשידענע אויסשטראַלונגען פון וואַסער פאַרוואַנדלט אין אַ קאַלוזשע. און אַ שטילשווייגעניש האָט געהויבט אויפן ים, אַזוי אַז עס איז ניט געווען קיין גערויש ערגעצוואו אויסער דעם קלאַנג פון אַנאַאיטיס' קול, אַזוי צו זאָגן : „אַלע וואָס לעבן האָבן בלויז אַ קורץ שטיקל צייט צו לעבן, און קיינער ווייסט ניט וואָס זיין גליק וועט אויסטראַגן אויף שפּעטער. אַזוי אַז אַ מענטש באַזיצט זיכער גאָרניט אויסער אַ קורצער הלוואה פון זיין אייגענעם גוף : און דאָך איז דער גוף פון מענטש פּעאיק אויף פילע זונדערבאַרע פאַרגעניגן“.

זיי זיינען געקומען אזוינאַר צו אַ פלאַכן זאַמדיקן ברעג, וואו עס איז ניט געווען קיין צייכן פון איינוואוינער. אנאאיטים האָט געזאָגט אַז דאָס איז דאָס לאַנד וואָס זיי האָבן געזוכט, און זיי זיינען אַראָפּ פון שיף.

„אפילו איצט," זאָגט יורגען, „האָב איך ניט געזען קיינעם פון דער מאַנשאַפט וואָס האָט אונדז געבראַכט אַהער."

און די וואונדערשיינע טונקעלע פרוי האָט אַ צי געטאָן מיטן אַקסל, און זיך געוואונדערט פאַרוואָס ער מוז זיך אומאויפהערלאַך קימערן איבער די טואכצן פון פראַסטע מאַטראָסן.

זיי זיינען פאַרויסגעגאַנגען איבער דעם ברעג, דורך זאַמד בערגלאַך, צו אַ זומפּ־צונ, ניט זעענדיק קיינעם, און שפּאַנענדיק אין אַ גרויען נעפּל. זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען פילע גרויע פעטע פויזנדיקע ווערים און אייניקע זונדערבאַרע גרויע שלאַנגען, אַזעלכע וואָס יורגען האָט קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט זיך אַז עס עקזיסטירן. אָבער אנאאיטים האָט געזאָגט אַז זיי באַדאַרפן אים ניט קימערן.

„אַזוי אַז עס איז ניט נויטיק דו זאָלסט האַלטן אין איין טאַפּן דיין צויבער שווערד ווי מיר שפּאַצירן דאָ," דוקס יורגען, ווייל די גרויסע ווערים טוען די לעבעדיקע קיין בייז ניט."

„פאַר ווערמען ליגן זיי, אויב אַזוי, און וואַרטן דאָ, אין דעם גרויען נעפּל, דורך וועלכן די גרינע ליכט פינקלען, און דורך וועלכן איך הער צומאָל אַ דין און ווייט געוויין ? "

„וואָס גייט עס דיר אָן, דוקס יורגען, זינט מיר זיינען ביידע אַלץ נאָך בלוט־און־פלייש ? זיכער, עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין מאַן וואָס האָט געשטעלט אומנויטיקערע פראַגן."

„דאָך איז דאָס אַן אומבאַקוועמער דעמער."

„פּונקט פאַרקערט, דו באַדאַרפסט זיך פרייען וואָס עס איז אַ צו־געדיכטער נעפּל פאַר דער לבנה דורכצודרינגען."

„אָבער וואָס האָב איך צו טאָן מיט דער לבנה ? "

„גאָרניט, דערווייל. און דאָס איז אַז וואויל צו דיר, דוקס יורגען, זינט עס איז גאַנץ עכט באַריכט אַז דו האָסט באַשפּעט דעם טאָג וואָס איז הייליק דער לבנה. די לבנה האָט גאָרניט ליב קיין חוזק, ווי איך ווייס גוט, ווייל טיילווייז דין איך דער לבנה."

„האָ ? " זאָגט יורגען : און ער האָט אָנגעהויבן נאָכדענקען.

זיינען זיי געקומען צו אַ וואַנט וואָס איז געווען הויך און גרוי, און צו דער טיר וואָס איז געווען אין דער וואַנט.

„דו מוזסט אָנקלאַפּן צוויי אָדער דריי מאָל," זאָגט אנאאיטים, „אַריינצוטרעטן קיין קאַקאַאיון."

יורגען האָט באַטראַכט דעם בראָנזענעם קלאָפּער אויף דער טיר, און ער האָט אויסגעשטשירעט די ציין כדי צו פאַרבאָרגן זיין קווייטקלעניש.

„עס איז אַ מאָדנע שפּילכל," האָט ער געזאָגט, „און די צוויי טיילן דערפון שיינען צו זיין מאָדעלירט פון לעבעדיקע קאָפּיעס".

„זיי זיינען קאָפּירט זייער פינקטלאַך פון אדם און חוה," זאָגט אנאַאיטים, „וועלכע זיינען געווען די ערשטע מענטשן צו עפענען דעם טויער."

„נו, דאַן," זאָגט יורגען, „איז קיין שום צווייפל ניט אַז מענטשן דערגענערירן, זינט איך האָב דאָ אונטער מיין האַנט דעם באַוויז דערפון."

דערביי האָט ער אָנגעקלאַפּט און די טיר האָט זיך צעעפנט, און זיי זיינען ביידע אריין.

## 22. מכח אַ שלייער וואָס זיי האָבן צעריסן

אַזוי האָט פּאַסירט אַז יורגען איז געקומען קיין קאָקאַאין, וואו עס איז דאָס שלאָפצימער פון ציים. און „ציים", לויט דער ידיעה, איז אַריינגעטראָטן מיט יורגענען, זינט יורגען איז געווען אַ שטערב־לאַכער: און „ציים", זאָגן זיי, האָט זיך דערפרייט מיט דעם אָפּרו פון דער שטופנווייזער האַרעוואַניע פון צעשטערן שטעט, שטיין ביי שטיין, און מיט אירע אויגן פאַרמאַטערט פון דער גע־צירטער מלאכה צו גראַווירן אין קנייטשן, איז זי גליקלאַך אַריינ־געטראָטן אין איר שלאָפצימער, און אַנשלאָפן געוואָרן פּונקט נאָך זונפאַרגאַנג דעם וואַרעמען אָוונט אין שפּעטן יוני: אַזוי אַז דער וועטער איז פאַרבליבן שיין און אומגעטרישט, מיט קיין בלענדנדיקע זונשטראַלן אין ערגעץ, און מיט איין גרויסן שטערן בלויז שיינענ־דיק אין קלאָרן טאָגליכט. דאָס איז געווען דער שטערן פון ווע־נוס מעכאַניטים, און פאַר יורגענען איז עס שפּעטער געווען אַ היפּש ביסל אַמוזאַנט צו באַמערקן ווי דער שטערן איז געקייקלט געוואָרן אַרום דעם הימל־הויב פון אַ היפּשלאַכן זשוק, מיטן נאָמען קהעפּר. און די ביימער איבעראַל האָבן אָנגעהאַלטן זייער ערשט פּריש בלעטערוועריק, און די פייגל זיינען אָנגעגאַנגען מיט זייערע צעצווי־גנגע אָוונט געזאַנגען, די גאַנצע ווייַלע וואָס יורגען איז פאַרבליבן אין קאָקאַאין, ווייל די „ציים" איז אַנשלאָפן געוואָרן אין דער אָנ־גענעמסטער שעה פון דעם יאָרס אַנגענעמסטן סעזאָן. אַזוי דער־ציילט די מעשה.

און יורגענס שאַטן איז אויך אַריינגעטראָטן מיט יורגענען, אָבער אין קאַקאַאין ווי אין גלאַטיהאַן, האָט קיינער אויסער יור־גענען ניט געשיינט צו באַמערקן דעם טשיקאַוון שאַטן וואָס האָט איצט נאָכגעפאָלגט יורגענען איבעראַל.

אין קאַקאַאין האָט קיניגן אַנאַאיטיס געהאַט אַ פּאַלאַץ וואו טורעמס און שפּיצן אָן צאָל האָבן געגלימערט מיט אַ ווייבער ווייס־קייט איבער דער הויך פון אַן אַלטן דעמערדיקן וואַלד. אין וועלכן דאָס געוואוקס איז ניט געווען ענלאך צו דעם וואָס ווערט געהאָ־דעוועט פון אַלגעמיינער ערד. עס איז געווען צו באַמערקן אין די וועלדערייען, למשל, אַ מין מאַך וואָס האָט יורגענען געמאַכט שוידערן. אַזוי זיינען אַנאַאיטיס און יורגען געקומען דורך שמאָלע שטעגן, ווי מורמלענדיקע גרינע היילן, אין אַ הינטערהויף, די ווענט און דיל פון געלן מירמלשטיין, וואו עס איז גאָרניט געווען אויסער דער בלאָסלאַך קאָלירטער סטאַטוע פון אַ געץ מיט צען קעפּ און פיר־און־דרייסיק הענט : ער איז געווען פאַרגעשטעלט ווי זייער שטאַרק פאַרנומען מיט אַ פרוי און מיט זיינע אומפאַרנומענע הענט האָט ער געהאַלטן נאָך אַנדערע פרויען.

„דאָס איז דזשיגסביעד,“ האָט אַנאַאיטיס געזאָגט.

האָט יורגען געזאָגט : „איך זעץ גאָרניט אויס. פונדעסט־וועגן, דענק איך דער דזשיגסביעד גייט שוין אַביסל צו ווייט.“

דאַן זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען די סטאַטוע פון טאַנגאַראַ לאָלאַקוואַנג, און דערנאָך די סטאַטוע פון לעגבאַ. יורגען האָט זיך געגלעט דעם קין, און צוגעקראָגן קאָליר אין פנים. „נו זיכער, קיניגן אַנאַאיטיס,“ האָט ער געזאָגט, „דו האָסט אַן אומגעוויינ־לאָכן געשמאַק אין סקולפּטור.“

פון דאָרטן איז יורגען געקומען מיט אַנאַאיטיסן אין אַ ווייס צימער, מיט קופּערנע פלאַקן אויף די ווענט, און דאָרטן האָבן פיר מיידלאַך געוואָרעמט וואַסער אויף אַ מעשן דרייפיסיק געשטעל. זיי האָבן יורגענען אַרומגעוואַשן, צערטלנדיק אים דערשטוינענדיק אין דערזועלבער צייט — מיט דער צונג, די האָר, פינגערשפּיצן און די שנעבלאַך פון די בריסט — און זיי האָבן אים אַנגעשמירט מיט פּירערליי אוילן, דאַן אים ווידער אַנגעטאָן אין זיין שטראַלנדיק העמד. אין קאַליבורנען, לויט אַנאַאיטיס׳ רייד, האָט ער זיך דער־ווייל ניט גענויטיקט : אַזוי איז יורגענס שווערד געווען אויפגע־האַנגען אויף דער וואַנט.

די פיר מיידלאַך האָבן געבראַכט צעטראָגן זילבערנע בעקנס אַנטהאַלטנדיק ווייַן געמישט מיט האָניק, און זיי האָבן געבראַכט

מילגרוימען און אייער און גערשטענע גרויפּן, און דרייעקיקע רויט־
לאַכע חלות, וועלכע זיי האָבן באַשפּריינקלט מיט זיס־געדרוביקע
קערנדלאַך באַוועגנדיק זיך צערעמאָניעל. דאָן האָבן אנאאיטיס און
יורגען איבערגעכאַפּט דעם הונגער עסנדיק צוזאַמען ווי די פיר מייד־
לאַך האָבן זיי באַדינט.

„און איצט," זאָגט יורגען, „און איצט, מיין טייערע, וואָלט איך
פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן זיך אַ נעם טאָן צו יענע טשיקאַווע פאַרגע־
ניגנס וועגן וועלכע דו האָסט מיר דערציילט."

„איך בין גאַנץ באַרייט," האָט אנאאיטיס געענטפערט, „זינט
עס איז ניטאָ קיין איין פאַרגעניגן וואָס זאָל ניט געקויפט ווערן
דורך עפּעס אַ פאַרוויילונג פון דער מענטשלאַכער טבע. אָבער צו־
ערשט, ווי איך דאַרף דיר קוים צו וויסן געבן, איז פאַראַן אַ צערע־
מאָניאַל וואָס מוז אָפּגעהיט ווערן."

„און וואָס, כ'בעט דיך, איז דער צערעמאָניאַל?"

„הא, מיר רופן עס דאָס צערייסן פון שלייער." און קיניגן
אנאאיטיס האָט דערקלערט וואָס זיי מוזן טאָן.

„נו," זאָגט יורגען, „איך בין באַרייט צו פאַרזוכן יעדן גע־
טראַנק איינמאָל."

אזוי האָט אנאאיטיס אריינגעפירט יורגענען אין אַ מין קאַפּעלע,
באַפּוצט מיט אומקירכלאַכע געמעלן. עס זיינען דאָרט געווען פיר
אַלטאַרן, געווידמעט באַזונדער דעם הייליקן קאָסמאַ, דעם הייליקן
דאַמיאַנוס, דעם הייליקן גיניאָל פון ברעסט, און דעם הייליקן פּוטען
דע וואַראי. אין דער קאַפּעלע זיינען געווען: אַ פאַרשלייערטער
מאַן, אנגעטאָן אין לאַנגע קליידער מיט ווייסע און געלע שטרייפן,
און צוויי נאַקעטע קינדער, ביידע מיידלאַך. איין קינד האָט גע־
טראָגן אַ ווייראויך־פאַן: דאָס צווייטע האָט געהאַלטן אין איין האַנט
אַ ליכטיק־בלויען קרוג האַלב אָנגעפילט מיט וואַסער, און אין דער
לינקער האַנט אַ זאַלצמעסטל.

פאַר אַלעמען האָט דער פאַרשלייערטער מאַן צוגענייט יור־
גענען. „באַטראַכט דעם שפּיז," האָט דער פאַרשלייערטער מאַן גע־
זאָגט, „וואָס מוז דיר דינען אין דיין אונטערנעמונג."

„איך בין באַרייט פאַר דער אונטערנעמונג," האָט יורגען גע־
ענטפערט, „ווייל איך גלויב אַז דאָס געווער איז טרויענסווערט."

האָט געזאָגט דער פאַרשלייערטער מאַן: „זאָל זיין אזוי!
אָבער ווי דו ביסט, אזוי בין איך אַמאָל געווען."

דערווייל האָט דוקס יורגען געהאַלטן דעם שפּיז אויפגעשטעלט,

טרייסלענדיק אים מיט זיין רעכטער האנט. דער שפּיז איז געווען אַ היפּשער, און דער שפּיץ זיינער איז געווען רויט פון בלוט.

„זע,“ האָט יורגען געזאָגט, „איך בין אַ מאַן געבוירן פון אַ פרוי אומבאַגרייפלאַך. איצט בין איך, וואָס בין וואונדערלאַך, זוכה צו פאַרזוכן אַ וואונדער, און צו באַשאַפן דאָס וואָס איך קאָן ניט באַנעמען.“

אַנאַאיטיס האָט גענומען זאַלץ און וואַסער פונם קינד, און זיי אויסגעמישט. „זאָל דאָס זאַלץ פון דער ערד שטאַנדמאַכן דער שיטערער פליסיקייט אַנצונעמען די אייגנשאַפט פון דעם פרוכטבאַרן ים.“

דאַן, קניענדיק, האָט זי באַרירט דעם שפּיז, און אָנגעהויבן גלעטן אים מיט ליבשאַפט. צו יורגענען האָט זי געזאָגט: „איצט זאָלסטו באַנערן מיט לייב און זעל! זאָל די ענדלאָזע שלאַנג זיין דיין קרוין, און דער פרוכטבאַרער פלאַם פון דער זון דיין קראַפט!“

האָט דער פאַרשלייערטער מאַן געזאָגט, ווידעראַמאָל: „זאָל זיין אַזוי!“ זיין שטים איז געווען הויך און מעקענדיק, אַ דאַנק דעם וואָס אים איז געטאָן געוואָרן.

„אַזוינאַך רופן מיר אויך צו דעם וואָס מיר קאָנען ניט באַנע־מען“, האָט יורגען געזאָגט. „מיט דער מאַכט פון דעם אויפגעשטעלטן שפּיז“, און איצט האָט ער מיט דער לינקער האַנט אָנגענומען די האַנט פון אַנאַאיטיס, — „טו איך, זייענדיק אַ מאַן געבוירן פון אַ פרוי אומבאַגרייפלאַך, זיך איצט באַפעסטיקן אויף דעם וואָס איך באַגער אויסשליסלאַך מיט מיין גאַנץ וועזן. איך פיר דיך צום מזרח. איך דערהויב דיך אַריבער דער ערד און אַלע ערדישע זאַכן“.

דאַן האָט יורגען אויפגעהויבן קיניגן אַנאַאיטיס אַזוי אַז זי איז געזעסן אויף דעם אַלטאַר, און דאָס וואָס איז דאָרט פריער געווען איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר׳ערד. אַנאַאיטיס האָט צוזאַמענגעלייגט די שפּיצן פון אירע פינגער, אַזוי אַז אירע הענט האָבן געפורעמט אַ צעעפענטן דרייעק; און אַזוינאַך געוואַרט. אויף איר קאָפּ איז געווען אַ שטיקערייַ פון רויטע קאָראַלן, מיט צווייגן לויכטנדיק אַראָפּצו: איר געשטיקטע טוניק האָט געהאַט צוויי־און־צוואַנציק שפּאַלטן, צו דערלויבן אַלע מעגלאַכע צערטלאַכקייטן, און איז באַשטאַנען פון צוויי קאָלירן, באַשפּריינקלט מיט שוואַרץ און שאַרלאַך, טשיקאַווע געמישט: אירע טונקעלע אויגן האָבן געשטראַלט און זי האָט קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

איצט האָבן דער פאַרשלייערטער מאַן און די צוויי נאַקעטע מייד־לאַך אָפּגעטאָן זייער חלק אין דעם צערעמאָניאַל, אַ זאַך וואָס איז ניט

וויכטיק צו פאַרצייכענען. אָבער יורגען איז געווען פֿולקאָם דער־שטוינט פֿון דעם.

פֿונדעסטוועגן האָט יורגען געזאָגט : „אַ שנור וואָס בינדט דאָס וועלצן פֿון די שטערן ! אַ בעכער וואָס אַנטהאַלט אַלע צייטן, אַלע קאָלירן, און אַלע געדאַנקען ! אַ זעל פֿון רוים ! מיר דערוואָרבן זיך ניט צו קיין געשטאַלט פֿון דיר סיידן דיין געשטאַלט באַווייזט זיך אין דעם וואָס מיר האַלטן ביים טאָן. דערפֿאַר אָנען מיר דיך דורך יעדן פֿלאַנץ וואָס פֿאַרשפּרייט זיין זריעה און דורך יעדן פֿייכטן וואַרעמען גאָרטן וואָס פֿאַרנעמט און נערט זי, דורך דעם צוזאַמענ־בלענדן פֿון בלוטפֿאַרגיסונג און גענוס, דורך דער פֿרייד וואָס מימיקט דער אַגנסט מיט זיפֿצן און שווידערונגען, און דורך דער באַפֿרידיקונג וואָס מימיקט דעם טויט, — אין דעם אַלעמען אָנען מיר דיך. אַ דו אומאויפֿהערלאָכער, וועמעס ווילן די קינדער פֿאָלגן אויס, און וועמען איך פֿאַרער איצט אין דעם העלן נאָכגיביקן פֿרויענלייב, עס איז דו וועמען איך טו ערן, ניט קיין פֿרוי, טוענדיק דאָס וואָס געפֿינט חן אין מיינע אויגן : און עס איז דו וואָס וועט באַלד רעדן, און ניט זי".

דאַן האָט אַנאַאיטיס געזאָגט : „יאָ, וואָרים איך רעד מיט דער צונג פֿון יעדער פֿרוי, און איך שיין אין די אויגן פֿון יעדער פֿרוי, ווען דער שפּיז איז אויפֿגעשטעלט. מיר צו דינען איז בעסער ווי וואָס. ווען דו רופֿסט מיך אַרויס מיט אַ האַרץ אין וועלכן עס ברענט דער שלאַנג פֿלאַקער, אויב בלויז פֿאַר אַ מאָמענט אַפֿילו, קאָנסטו פֿאַרשטיין די פֿאַרגעניגנס פֿון מיין גאָרטן, וואָס פֿאַר אַ פֿרייד אומווערטערדיקע עס שלאָגט דערין. און ווי מעכטיק עס איז דער איינציקער באַגער וואָס נוצט גענצלאָך דעם מאַן. מיר צו דינען וועסטו דאַן זיין גערן אָפּצוזאָגן זיך פֿון אַל־אַנדערן אין דיין לעבן. און אַנדערע פֿאַרגעניגנס וועסטו נעמען מיט דיין לינקער האַנט, ניט דענקענדיק וועגן זיי איינגאַנצן. וואָרים איך בין דער באַגער וואָס נוצט גענצלאָך דעם מאַן. און אַזוינאָך לאָזט גאָרניט גיין אין ניוועץ. און איך נעם דיך אָן, איך באַווייליק דיך, איך וואָס בין די טאָכטער און עפּעס מער ווי אַ טאָכטער פֿון דער זון. איך, וואָס בין דורכויס גענוס, דורכויס צעשטערונג, און אַ שכרות פֿון דעם אינערסטן געפֿיל, באַגער דיך".

איצט האָט יורגען געהאַלטען דעם שפּיז אויפֿגעשטעלט פֿאַר אַנאַאיטיסן. „אַ, סוד פֿון אַלע זאַכן פֿאַרבאָרגן אין וועזן פֿון אַלץ וואָס לעבט, איצט אַז דער שפּיז איז דערהויבן שרעק איך זיך ניט פֿאַר דיר : וואָרים דו ביסט אין מיר, און איך בין דו. איך בין דער פֿלאָם וואָס פֿלאַקערט אין יעדן שלאַנגדיקן האַרץ און אין תּוכן פֿון דעם

ווייססטן שטערן. איך בין אויך דאָס לעבן און דער וואָס שענקט דאָס לעבן, און אין מיר איז אויך פאַראַן דער טויט. מיט וואָס ביסטו בעסער פאַר מיר? איך בין איינצל: מיין ווילן איז גערעכטיגקייט: און עס קומט אַהין ניט קיין אַנדער גאָט וואו איך בין".

האָט דער פאַרשלייערטער מאַן הינטער יורגענען געזאָגט: „זאָל זיין אַזוי! אָבער ווי דו ביסט, אַזוי בין איך אַמאָל געווען."

די צוויי נאַקעטע קינדער זיינען געשטאַנען פון ביידע זייטן לעבן אַנאַאיטיס, און האָבן דאָרט געוואַרט ציטערנדיק. די מיידלאַך, ווי יורגען איז שפּעטער געוואָר געוואָרן, זיינען געווען אַלעקטאָ און טיר־זיפאָנע, צוויי פון די עוומענידן. און איצט האָט יורגען איבערגערוקט דעם רויטן שפּיץ פון שפּיז, אַזוי אַז ער האָט גערוט אין דעם אָפענעם דרייעק געפורעמט דורך די פינגער פון אַנאַאיטיס.

„איך בין דאָס לעבן און דער וואָס שענקט דאָס לעבן", האָט יורגען געשריען. „דו וואָס ביסט איינע, וואָס נוצט אונדז אַלע אויס! איך וואָס בין אַ מאַן געבוירן פון אַ פרוי, איך אין מיין גראַד פאַרער דיך פאַרערנדיק דעם באַגער וואָס נוצט גענצלאַך דעם מאַן. מאַך אָפן דערפאַר דעם וועג פון באַשאַפט, דערמוטיק דעם פלאַקערדיקן שטויב וואָס איז אין אונדזערע הערצער, און העלף אונדז אין דעם פלאַמס פאַראייביקונג. וואָרים איז דאָס ניט דיין געזעץ?"

אַנאַאיטיס האָט געענטפערט: „עס איז ניטאָ קיין אַנדער געזעץ אין קאָקאַאין אויסער, ,טו דאָס וואָס עס געפעלט דיר!'"

דאַן האָבן די נאַקעטע קינדער געזאָגט: „פיליכט איז עס דאָס געזעץ, אָבער עס איז זיכער ניט קיין גערעכטיקייט. דאָך זיינען מיר מינדעריעריקע און גאַנץ הילפלאָז. טאָ וועלן מיר אַקאַרשט ווערן ווי איר זייט. וואָרים איצט זייט איר ביידע ניט צוויי מער, און אייערע גופים טיילט איר ניט בלויז איינער מיט דעם אַנדערן, וואָרים אייער ליב ווערט אונדזער ליב, און אייערע זינד אונדזערע זינד: און מיר האָבן ניט קיין אויסוועג"

יורגען האָט אויפגעהויבן אַנאַאיטיסן פונם אַלטאַר, און זיי זיינען אַריין אין קאַראַל און אויסגעזוכט דעם פאַרבאַרגענעם היכל. עס האָבן ניט אויסגעזען צו זיין קיינע טירן אין דעם קאַראַל: אָבער באַלד האָט יורגען געפונען אַ שפּאַרונג פאַרדעקט פון אַ בלאַס־רויטן שלייער. יורגען האָט דערלאַנגט מיטן שפּיז און צעריסן דעם שלייער. ער האָט דערהערט דעם קלאַנג פון איין קורצן יאָמערלאַכן אויסגעשריי: עס איז געווען נאָכגעפאָלגט פון שטילן געלעכטער. אַזוי איז יורגען אַריינגעקומען אין פאַרבאַרגענעם היכל.

שוואַרצע ליכט האָבן געברענט אין דעם פּאַלאַץ, און שוועבל האָט

אויך געברענט דאָרט, פאַר אַ שאַרלאַך־קאָלירטן קרייז, פון וועלכן דער שפּיץ איז געווען אַ צירקל, און וואו עס איז געווען צוגעגאָסן אַ פּראָש. און אַנדערע מערקווירדיקייטן האָט יורגען אויך באַמערקט.

ער האָט אַ לאַך געטאָן און אויסגעדרייט זיך צו אַנאַאיטיסן :

איצט אַז די ליכט זיינען געווען הינטער אים איז זי געשטאַנען אין זיין שאָטן. „נו, נו ! אָבער דו ביסט עטוואָס אַלטפּרענקיש, מיט די אַלע צווייידייטיקע רמזים ! און איך האָב ניט געוואוסט אַז ציוויליזירטע מענטשן פאַרמאָגן נאָך גענוג גלייכגלויביקייט הנאה צו האָבן פון גאָט־העצע. דאָך, מוזן פרויען געשמייכלט ווערן, געבענטש זאָלן זיי זיין, און לסוף, ווי איך פאַרשטיי, האָבן מיר גאַנץ געהעריק אויסגעפירט דעם צערעמאָניאַל וואָס איז נויטיק פאַר דעם באַשטרעבן פון קוריעזע פאַרגעניגנס“.

קינינן אַנאַאיטיס איז געווען זייער שיין, אַפילו אונטער זיין פאַרטונקלדיקן שאָטן. טריאומפירנדיק איז אויך געווען דאָס שטאָלצע געזיכט אונטער דער זונדערבאַרער קאַראַל־שמיקעריי, און דאָך איז דער פרוים געזיכט געווען פאַרטרויערט.

„ליבער נאַר“, האָט זי געזאָגט, „עס איז ניט געווען געשיינט, ווען דו האָסט באַזונגען די שדים, צו באַליידיקן דעם מאַנטיק. אָבער דו האָסט דאָס פאַרגעסן. און איצט לאַכסטו ווייל דאָס וואָס מיר האָבן געטאָן פאַרשטייסטו ניט : און פּונקט אַזוי פאַרשטייסטו ניט דאָס וואָס איך בין.“

„ניט אַכטנדיק וואָס דו זאָלסט ניט זיין, מיין טייערע, בין איך זיכער אַז דו וועסט עס מיר באַלד אויסזאָגן. וואָרים איך נעם אָן אַז דו מיינסט צו האַנדלען געהעריק מיט מיר.“

„איך וועל טאָן דאָס וואָס פּאַסט מיר, דוקס יורגען —“

„אָט אַזוי, מיין טייערע, אַזוי ! דיין אַבזיכט איז צו זיין אויפריכטיק צו זיך זעלבסט, וואָס עס זאָל ניט געשען ! דער דראַנג שוין איז פאַר דיר דער גרעסטער כבוד, און איך וועל זען צו העלפן דיר. איצט האָב איך באַמערקט אַז יעדע פרוי איז אַמאָויפריכטיקסטן צו זיך“, האָט יורגען געזאָגט, נביאות׳דיק, „אין דער פינסטער“.

דאַן האָט יורגען באַטראַכט איר פאַר אַ מאָמענט, מיט פינקלדיקע אויגן : דאַן האָט אַנאַאיטיס, שטייענדיק אין זיין שאָטן, אַ שמייכל געטאָן מיט שטראַלנדיקע אויגן : דאַן האָט יורגען אויסגעלאָשן די שוואַרצע ליכט : און דאַן איז געוואָרן גאַנץ פינסטער.

## 23. פּעלערן פון פּרינץ יורגען

אלזא, די געשעעניש נאָר וואָס פאַרצייכנטע זיינען אויסגעפאַלן ערב דעם געבורט טאָג פון הייליקן יוחנן המטבל: און נאָכדעם האָט יורגען געוויילט אין קאַקאַאין, און אויפגעפירט זיך לויט די מנהגים פון דעם לאַנד.

אין דעם פּאַלאַץ פון קיניגן אַנאַאיטים זיינען אַלערליי פאַר־ווייַלונגען באַטריבן געוואָרן אָן אויפהער. יורגען, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שמיקל מבין אין אַזעלכע אַנגעלעגנהייטן, האָט זיך שנעל געגעוג דערפילט געפּלעפט פון זיין אייגענער אומוויסנהייט. ווייל אַנאַאיטים האָט אים באַוויזן אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן אין קאַ־קאַאין, אַזוינאָך און אַנדערשנאָך, אונטער דעם אַנפיר פון אַנאַאיטים, וועמען יורגען האָט אויסגעפונען אַלס נאַטור־מיף פון צווייפלהאַפטן אורשפּרונג פאַרבונדן מיט דער לבנה; און וועלכע האָט, פאַלגלאַך־רעגירט ניט בלויז אין קאַקאַאין נאָר שעלמיש באַוואויגן דעם פלוס, צו און אָפּ, פון לעבן איבעראַל וואו די לבנה האָט וואָס פאַר אַ מאַכט איבער דעם פלוס. עס איז געווען אַנאַאיטים' עובדא צו טוישן, און ווענדן אין אַ זייט, און אָפּווייכן: אין דעם האָט די אייפערזיכטיקע לבנה איר מיטגעהאָלפן ווייל זונליכט איז די אורזאַך פון גראַדלי־ניקייט. אַזוי זיינען אַנאַאיטים און די לבנה געווען פעסט אַליאירט. די מיסטעריעז פון זייערע פּריוואַטע באַציאונגען פונדעסטוועגן, ווי אַנטפּלעקט פאַר יורגענען, זיינען ניט זייער פיין צו ווידערהאָלן.

„אָבער דו האָסט באַליידיקט די לבנה, פּרינץ יורגען, אָפּזאָגנדיק זיך צו לויבן דעם טאָג פון דער לבנה. אָדער אַזוי, וויניקסטן, האָב איך געהערט".

„איך געדענק אַז איך האָב אַזוינס ניט אָנגעהויבן טאָן. אָבער איך געדענק אַז איך האָב באַטראַכט פאַר אַן אומרעכט צו ערן אַ ליאַדע טאָג בלויז פון דער לבנה'ס מאַיעסטעט וועגן. ווארים די נאַכט איז הייליק דער לבנה, יעדע נאַכט וואָס איז וועז געווען דער פריינד פון געליבטע, — די נאַכט באַנייענדיק און געבערנדיק דאָס גאַנצע לעבן."

„יאָ, פאַרוואָר, עס איז עפּעס פאַראַן אין דעם באַוויז", זאָגט אַנאַאיטים, צווייפלהאַפטיק.

" ,עפּעס', זאָגסטו! אָבער לויט מיין אַרט דענקען באַווייזט עס אַז די לבנה איז פּינקטלאַך זיבן מאָל מער בכבוד'יק ווי וועד פון די שרים. עס איז בלויז, מיין טייערע, אַ פראַגע פון אַריפמעטיק."

„איז דאס געווען די אורזאך וואס דו האסט ניט געליבט פאנ־דעליסן און אירע מאנטיקס מיט די אנדערע שדים?"

„נו, אן צווייפל," האט יורגען געזאגט. „איך האב עס ניט געפונען פאר גאנץ לויבווערטיק אז אזא אומבאדייטנדע ניט־גוטע ווי פאנדע־ליס זאל איר טאג אנרופן נאך דער לבנה *) : מיר האט עס געשיינט צו זיין פארשוועכונג." דאן האט יורגען א הוסט געטאן, און געווארפן קרימלאך אן אויג אויף זיין שאטן. „זאל עס האבן געווען זיין סערעדא, נו, וואלט דער עסק אויסגעזען גאנץ אנדערש, און די לבנה וואלט געווען אפגעשאצט דעם איידעלן קאמפלימענט."

אנאאיטיס איז לפנים לינדערער געווארן. „איך וועל באריכטן דיין דערקלערונג. אפנטלאך גערעדט, זיינען שלעכטע זאכן אנגעגרייט געווען פאר דיר, פרינץ יורגען, דערפאר וואס דיין שפראך איז מיס־פארשטאנען געווארן. אבער דאס וואס דו זאגסט איצט ווארפט אן אנדער ליכט אויף דעם עסק".

יורגען האט געלאכט, ניט פארשטייענדיק די מיסטעריע, אבער גלויבנדיק אז ער קאן באשטענדיק ליפערן דאס וואס עס פאדערט זיך.

„איצט לאמיר ארומזען קאקאאין עטוואס מער!" שרייט אויס יורגען.

ווארים יורגען איז געווען שטארק פארינטערעסירט אין דעם ארט לעבן פון קאקאאין, און פאר א וואך אדער צען טעג צייט האט ער אין דעם איינטייל גענומען גאנץ פלייסיק. אנאאיטיס, וועלכע האט באריכט אז דער לבנה'ס ערע איז געווען באפרידיקט, האט איצט געטאן אלץ אין דער וועלט צו אמוזירן אים, און זיי האבן אונטערזוכט פארוויילונגען אן צאל צוזאמען.

„ווארים אלע וואס לעבן האבן בלויז א קורץ שטיקל צייט צו לעבן," האט אנאאיטיס געזאגט, „און קיינער ווייסט ניט וואס זיין גליק וועט אויסטראגן אויף שפעטער. אזוי אז א מענטש באזיצט זי־בער גארניט אויסער א קורצער הלואה פון זיין אייגענעם גוף : און דאך איז דער גוף פון מענטש פעאיק אויף פילע וונדערבארע פאר־גניגן. און אזוי און אזוי," זאגט אנאאיטיס. און זי האט אנטפלעקט קלוגע איינפאלן דעם פרינץ־באגלייטער.

ווארים יורגען האט געפונען אז ניט־וויסנדיק איז ער אויף א געהעריקן און פאסיקן אופן געווארן דער מאן פון קיניגן אנאאיטיס, מיט זיין איינטייל אין דעם צערייסן פונם שלייער, וואס איז די הייר־ראט־צערעמאניע אין קאקאאין. זיינע פריערדיקע באציאונגען מיט

*) Monday—Moon

פרוי ליזאַ האָבן, גאַסטירלאַך, קיין געזעצלאַכן שטאַנד נים געהאַט אין קאַקאַאין, וואו די קירך איז ניט קיין קריסטלאַכע און דער געזעץ איז, ,טו דאָס וואָס עס געפעלט דיר'.

„נו, ווען מען איז אין רוים," האָט יורגען געזאָגט, „מוז מען זיין ראָמאַנטיש. אָבער זיכער באַווייזט דאָס אַז קיינער קאָן ניט וויסן ווען ער ווערט פאַרנאַרט אין דעם זאַך פון רעספּעקטאַבלקייט: און קיינמאָל האָט אַ פיינער יונג נים געהייראַט אַז ערהאַבענע קיניגן מיט ווינציקער פאַרדענקונג."

„אַך, מיין טייערער," זאָגט אַנאַאיטיס, „דו ביסט געווען קאָנטראָלירט פון דעם פינגער פון שיקזאַל."

„עס איז מיר ניט איינגאַנצן אָנגענעם די פאָרם פון אויסדרוק. עס מאַכט דיך אויסצוזען צו נישטיק, קאָנטראָלירט צו זיין פון אַ ליאָדע פינגער. ניין, עס איז ניט זייער שמייכלענדיק אָנצורופן דאָס וואָס האָט מיך באַוואויגן אַ פינגער."

„פון דעם לאַנגן אָרעם פון צואַמענטרעפונג, דאָן".

„פיל מער פּאַסנד, מיין ליבע, זאָגט יורגען, מיט צופרידנהייט: „עס קלינגט ווירדיקער, און באַליידיקט ניט מיין זעלבסט־אַכטונג."

אַלזאָ, די דאָזיקע אַנאַאיטיס וועלכע איז געווען קיניגן פון קאַקאַאין איז געווען אַ לוסטיקע הויכע טונקעלע פרוי, שלאַנקלאַך, און רייצנד, און זייער אַז אומרואיקע. פון סאַמע אָנהייב איז איר נייער פרינץ באַגלייטער געווען אין אַ פאַרלעגנהייט פון איר אייפער, און באַלד געווען געערגערט פון דעם. ער האָט עניוות'דיק פאַרפעלט איינצוזען ווי אימיצער קאָן אַזוי פאַרווירט ווערן איבער יורגענען. עס האָט געשיינט צו זיין ניט מעסיק. אין אירע אייפעריקערע מאָמענטן האָט דער נאַטור־מיף אויף אים ממש אָנגעוואָרפן אַ מורא: וואָרים אַזעלכע עקסטאַזן ווי די דאָזיקע האָבן בלויז געקאָנט אויפוועקן אומבאַקוועמע געדעכענישן פון דער זי־שפּין, וואָס פאַרענדיקט אַזעלכע פאַרווײלונגען מיט דעם פאַרצערן פון איר שותף.

„אַזוי געליבט צו זיין איז זייער שמייכלענדיק", פלעגט ער נאָכדענקען, „און איך בין יורגען אויפסניי, ניט פאַרערנדיק קיין גענאַד פון קיינעם. אָבער אַפילו אַזוינאַך, בין איך פאַרט אַ שטערבלאַכער. זי באַדאַרף דאָס געדענקען, אויס איינפאַכער גערעכטיקייט".

דאָן איז די אייפערזוכט פון אַנאַאיטיס, כאָטש פונקט אַזוי שמייכלענדיק, געווען פונקט אַזוי אויסן זינען. זי האָט פאַרדעכטיקט אַלעמען, געשיינט צו זיין זיכער אַז יעדע ברוסט האָט געהיימט אַ וואָנזיניקע ליידנשאַפט צו יורגענען, און אַז פאַר קיין רגע אפילו טאָר מען אים ניט טרויען. מילא, ווי יורגען האָט אָפנבאַר צוגעגעבן,

האט זיין אויפפירונג קעגן סטעלא, דער שלים/מזל'דיקער יאגיני פון אינדיאוואדי, באמת אנטפלעקט, ווען באטראכט פון א באזונדערן און גאנץ אומדערקלערבארן שטאנדפונקט, א שטריך וואס, ווען אפגע־טיילט פון מענטשן וואס משפט'ן אין איילעניש, וואלט געקאנט, בלויז מעגלאך, אויסזען עטוואס ענלאך, אויף איין אופן אדער צוויי, צו א צייטווייליקן פארגעסן אין אנאאיטיסן, אויב עס זאלן פארוואר זיין לויזקעפיקע מענטשן ערגעצוואו וואס וואלטן געקאנט געפינען אזא פארגעסן פאר באגרייפלאך.

אבער די הויפטזאך, דער ווירקלאך ווערטפולער שטריך, וואס עס איז ניט מעגלאך געווען צו מאכן אנאאיטיסן פארשטיין, איז געווען וואס זי האט איבערגעשלאגן איר באגלייטער אין א ווארן פילאזאפישן עקספערימענט, נויטווענדיק פארמאסטן אין דער פינסטער. דער אזוי און אזוי וואס פאדערט זיך אין דעם אזוי און אזוי איז שטענדיק אויסגעפירט געווארן אין דער פינסטער: יעדער איינער האט דאס געוואוסט. אין באצוג צום רעשט, האט די סטעלא באשטעטיקט אזוי און אזוי; אויס איינפאכן יושר איז זי געווען בארעכטיקט צו א געלעגנהייט צו באווייזן אירע באהויפטונגען אויב זי וואלט געקאנט: אזוי האט יורגען פארגעזעצט צו באהאנדלען איר געהעריק. אויסער־דעם, צוליב וואס האלטן אין איין רעדן וועגן דער סטעלא, נאך אזא גלענצנדער און גרינטלאכער ראבע ווי די דאס אנאאיטים האט אזוי קונציק גענומען? צוליב וואס האלטן אין איין צוריקקערן צו א טעמע וואס איז יורגענען געווען דערווידער און ממש קאליע מאכן דעם טייערסטן נאטור־מיף צווישן אלע לעגענדן? איז עס רעכט גע־ווען אין באצוג צו אלע באטרעפנדע פערזאנען? דאס איז געווען דער פארנונפטיקער ארט אין וועלכן יורגען האט זיך אויסגעדריקט.

דאך, האט ער אנאאיטיסן אויפריכטיק ליב געקראגן. אפגעזען פון אירע פארווירונגען ווען דערוואכט צו לײדנשאפט, איז זי געווען א מילד און ליב באשעפעניש, כאטש לויט יורגענס מיינונג עטוואס שמאלזיניק.

„מיין ליבע," פלעגט ער איר זאגן, „דו שיינסט צו זיין פאזיטיוו אומפעאיק צו דערווייטערן זיך פון טוגנטהאפטע מענטשן! דו זוכסט שטענדיק אויס די יעניקע וועלכע פלייסן זיך צו זיין גוטשטייענדיק און אויפריכטיק און דו האלטסט אין אומאויפהערלאכן פלאנעווען ווי צו אמוזירן די מענטשן. אך, צוליב וואס זיך גאר פארנעמען מיט זיי? וואס טויג דיר זיך אויסצומאטערן, און שענקען דיין גאנצע צייט פאר פראזעליטירונג, ווען דו קאנסט זיך אפגעבן מיט פיל אנגענעמערע ענינים? דו באדארפסט זיך לערנען, אויס גערעכטיקייט צו זיך פונקט

ווי צו אנדערע, צו זיין טאלעראנט צו אלעמען ; און אנערקענען אז אין א וועזן פון מענטשנס געמישטער טבע איז א שטריך פון רעספעקטאבלקייט פעאיק צו אנטוויקלען זיך פון צייט צו צייט, וואס דו זאלסט ניט פארציען".

אבער אנאאיטיס האט געהאט הויכע מיינונגען וועגן איר שליחות, און בלויז אים געזאגט אז ער באדארף ניט רעדן מיט גרינגשעצונג וועגן אזעלכע זאכן. „איך וואלט פיל גליקלאכער געווען צו זיין אין הויז מיט דיר און די קינדער," פלעגט זי זאגן, „אבער איך פיל עס איז מיין פליכט — "

„און דיין פליכט צו וועמען, אין הימלס נאמען ?"

„כ'בעט דיך, באנוץ ניט אזעלכע אומאנגענעמע אויסדרוקן, יורגען. עס איז מיין פליכט צו דער מאכט וואס איך דין, מיין באשיינפערלאכע פליכט צו מיין באשעפער. אבער דו האסט ניט קיין רעליגיעזן געפיל, האב איך מורא; און דער געדאנק קומערט מיך אפט גאנץ היפשלאך."

„אך, מיין טייערע, דו ביסט זייער זיכער מכח דעם וואס האט דיך באשאפן, און צוליב וואס פאר א צוועק דו ביסט באשאפן. איך נאטור־מיפן זייט באשאפן געווארן אין דעם מיף־פאסנדן דור פון דער פערוועדזקייט פון אלטע היידנישע פעלקער : און איך דינט פרום אייער באשעפער. דאס איז ווי עס באדארף צו זיין. אבער איך האב ניט אזא פעסטגעשטעלטע ידיעה מכוח מיין אורשפרונג און שליחות אין לעבן, איך ווייז זיך אלנפאלס ניט צו האבן קיין נאטירלאכע באגאבטקייט אמוזירט צו זיין, איך קלעפ זיך דערצו ניט מיטן גאנצן הארצן, און דאס זיינען פאקטן וואס מיר מוזן נעמען אין באטראכט". איצט האט יורגען געהאלטן זיין ארעם ארום איר. „מיין טייערע אנאאוטיס, דו מוזסט עס ניט באטראכטן פאר בלויזער אייגנליבע פון מיין זייט. איך בין געבוירן מיט עפעס וואס פעלט מיר וואס איז נויטווענדיק פאר יעדן וואס שטרעבט צו זיין אזוי גרינטלאך פארפירט ווי מערסטע מענטשן זיינען : אוז דו וועסט מיך מוזן ליב האבן טראץ דעם."

„איך ווינטש כמעט איך זאל דיך קיינמאל ניט האבן געזען ווי איך האב דיך געזען אין יענעם קארידאר, יורגען. ווייל איך האב געפילט ווי עס ציט מיך צו דיר דאן און דארטן. איך ווינטש כמעט איך זאל דיך קיינמאל ניט האבן געזען אינגאנצן. איך קאן מיר ניט ווערן פון ליב האבן דיך : און דאך לאכסטו אוים די זאכן וואס איך ווייס אז זיי פאדערן זיך פון מיר, און אמאל מאכסטו מיך לאכן אויך".

„אבער, סעצעלע, ביסטו ניט עטוואס, דאס קלענסטע, פיצינק־

סטע. דאס דריבנעסטע ביסינקעלע בלינדגלויביק ? למשל, איך קאן זען אז דו דענקסט איך מוז ארויסווייזן א גרעסערן אינטערעס אין דיינע מערקווירדיקע טענץ, און דיינע זונדערבארע פארגעניגנס, און דיינע איבעראשנדע צערטלאכקייטן, און אלע דיינע איבעריקע אויפ־פאלנדע פארוויילונגען. און איך דענק אז עס איז פיין פון דיר, זייער פיין, און איך אכט דיין דערפינדערישקייט ניט ווייניקער ווי דיין ארבעטזאמקייט —"

„דו האסט ניט קיין געפיל פון פארערונג, יורגען, דו זעסט ניט אויס צו האבן קיין געפיל פאר דעם וואס עס קומט דעם באשעפער. איך מאל מיר עס איז ניט אין דיר געווענדט. אבער דו מעגסט ווייניקסטנס געדענקען אז עס ערגערט מיך צו הערן דיך רעדן אזוי לייכטזיניק וועגן מיין גלויבן."

„אבער איך רעד ניט לייכטזיניק —"

„פארוואר, יא. און עס קלינגט ניט אינגאנצן גאר פיין, לאמיך דיר זאגן."

„אנשטאט, מערק איך בלויז אן אז דיין אמונה פאדערט, אין אלגעמיין, אן אייפער וואס מיר פעלט. דו, קעצעלע מיינס, ביסט באשאפן געווארן פון פערווערזקייט, און יעדער איינער ווייסט אז עס איז א טייל פון פרומקייט צו דינען דעם באשעפער אויף אופנים וואס זיינען ליב דעם באשעפער. אזוינאך קריטיקיר איך ניט דיינע רעליגיעזע פארוואנדשאפטן, טייערע, און קיינער אכט ניט די צערעמאניאלן פון דיין גלויבן הארציקער ווי איך טו דאס. איך בין גאר מודה אז צו פייערן די ריטואלן אזוי אפט פאדערט אן אויסדויער פון באגייסטערונג וואס איך פארמאג ניט. אין קורצן, איך באזיץ ניט דיין היציקן טעמפעראמענט, איך בין סקעפטישער. דו מעגסט זיך זיין גערעכט ; און זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז דו ביסט אומגערעכט : פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט — ! אזוי פיל איך וועגן דעם, מיין שאץ, און דאס איז פארוואס איך געפין, מיט דער באשטענדיקער ווידערהאלונג פון די צערעמאניאלן, אז עס אנטוויקלט זיך אין מיינע אפענטפערס א געוויסע אפוועזנהייט פון שטאנדהאפטיקייט : און ענדלאך, ליבסטע, איז דאס אלץ וואס איך האב צו זאגן."

„איך האב קיינמאל דורך אלע גלגולים ניט געהאט אזא פרינץ־באגלייטער ! אפטמאל דענק איך אז איך גיי דיך ניט אן אזוי צי אנדערש, יורגען."

„אך, אבער דו גייסט מיר שוין גאר אן. און צו באווייזן עס, קום איצט, לאמיר אויספרואוון עפעס א שפאגל נייעם צייטפארטרייב,

אין אַנגעזיכט פון וועלכן די הימלען וועלן פאַרטונקלט ווערן און די ערד וועט אויפשווידערן אָדער עפּעס פון דעם אַרט, און דאַן וועל איך מיטנעמען די קינדער כאַפּן פּיש, ווי איך האָב צוגעזאָגט".

„ניין יורגען, איך פּיל ניט ווי צו אַמוזירן דיך גראַד איצט. דו באַרויבסט עס פון דער גאַנצער פייערלאַכקייט מיט דיין אַפּשפּעטן. אויסערדעם, ביסטו שטענדיק מיט די קינדער. יורגען, איך גלויב אַז די קינדער זיינען דיר ליבער פון מיר. און ווען דו ביסט ניט מיט זיי ביסטו פאַרהאַקט אין ביבליאָטעק."

„נו, און איז דען ווען געווען אַזאַ שאַד ווי די ביבליאָטעק אין קאַקאַאין? אַלע פאַרווײלונגען וואָס איך נאַטור־מיפן האָט פּראַקטי־צירט נעפּין איך דאַרט פאַרצייכנט : און צו לעזן פון אייערע געשיקטע איינפאַלן אַנטציקט און פאַרווירט מיך. ווארים עס איז גוואַלדיק אינ־טערעסאַנט נאָכצופאָרשן די זונדערבאַרע פאַרגעניגנס, און צו מאַכן פערזן וועגן זיי איז דער אַנגענעמסטער צווישן אַלע באַרופן : עס איז בלויז די באַשטרעבונג פון זיי וואָס איך וואָלט אַנטמוטיקט, אַלס אַנטוישנדיק און אומאָרדענדיק. אויסערדעם, איז די ביבליאָטעק דאָס איינציקע ווינקל וואָס איך האָב פאַר מיר אַליין אין דעם פּאַלאַץ, אַ דאַנק דיינע מיט־מיפן וואָס לאָזן זיך וואוילגיין דאָ איבעראַל."

„אין מיין שטאַנד, יורגען, איז עס נויטיק אויפצונעמען געסט מער וויניקער. און זיכער קאָן איך ניט פאַרהאַקן די טירן פאַר מיינע אייגענע קרובים."

„אַבער אַזאַ ערב רב, מיין טייערע ! אַזאַ פּסולת און אָפּקלויב ! איך קאָן דיך ניט באַגריסן מיט דיינע אייגענע, ווארים איך קאָן זיך ניט אייניקן מיט די אַלע צונויפגעשטשאַבעטע רצופים וואָס זיינען איין דריטל מענטש, און אַנדערע צוויי דריטל אַ וואָולגאַרער טייל פון אָקס, אָדער רויב־פויגל אָדער באָק אָדער שלאַנג אָדער מאַלפּע אָדער שאַקאַל אָדער איך ווייס וואָס. פּריאַפּאָס איז דער איינציקער מענלאַכער מיף וואָס קומט אַהער מיט עפּעס אַן ענלאַכקייט צו אַ פולקאָם מענטשלאַך וועזן : און עס וואָלט מיר אומגעהייער מער ניחה געווען ער זאָל ניט קומען. ווארים אפילו איך וואָס בין יורגען קאָן בלויז אים מקנא זיין."

„און פאַרוואָס, איך בעט דיך ?"

„בשעת איך בין מעסיק באַוואָפנט מיט אַזאַ געווער ווי קאַליבורן, טראָגט פּריאַפּאָס אַ שפּיז אויף וואָס איך בין זיך מתקנא —"

„ווי אַלע וואַקבישע מיפן טראָגט ער געוויינלאַך אַ טירזאָס, און עס איז זיכער אַן אַנגעזען געווער ; אַבער עס איז ניט פון נרויסן נוץ אין טעטיקן קאַמף."

„מיין טייערע, פונוואנען ווייסטו ?"

„וואס רעדסטו, יורגען, פונוואנען ווייסן פרויען שטענדיק די זאכן ? פון אינטואיציע, מאל איך מיר."

„דו מיינסט צו זאגן אז דו אורטיילסט איבער אלע אנגעלעגנ־הייטן דורך געפיל גיכער ווי דורך פארנונפט ? פארוואר, איך בין זיכער אז דאס איז דער פאל מיט מערסטע פרויען, און מענער ווערן טאג־טעגלאך דערצארנט און דערפרייט, אין גלייכער מאס, פון אייער אומלאגישן אופן אויפצופאסן דערשיינונגען. אבער צוריקצוקערן זיך צו דער אומאנגענעמער אויפגאבע פון אורטיילן דיינע קרובים, מעג דיין שוועסטערקינד אפים, למשל, זיך זיין א גאנץ נשקשה'דיקער יונג : אבער, זאג דיר וואס דו ווילסט, עס איז ניט אנשטענדיק פון אים צו ווייזן זיך אין דער עפנטלאכקייט מיט אן אקסישן קאפ. עס מאכט אים אומנויטיקערווייז פאר אנזיכטיק, אויב ניט ממש לעבער־לאך : און עס מאכט מיך צונישט ווען איך פארזוך צו רעדן צו אים".

„הער, יורגען, איך בעט דיך, געדענק אז דו רעדסט וועגן א זייער אלגעמיין געאכטן מיף, און אז דו ביסט גרינגשעצנד —"

„— און נאכמער, נעם איך זיך דאס רעכט צו ווידערהאלן, מיין טייערע, אז כאטש אפילו בא פון מענדעס איז דיין שוועסטערקינד, ברענגט עס מיך באמת אין א פארלעגנהייט צו מוזן באגעגענען זיך געזעלשאפטלאך מיט דריי פערטל פון א באק —"

„אבער יורגען, איך האב דאך קיין אויסוועג ניט ווי איינצולאדן דעם מיף פון פרוכטבארקייט צו מיינע סאקישע פעסטן —"

„אבער אפילו אזוינאך, מיין ליובע, איז ביים ארויסשיקן איינלא־דונגען מעג א ווירטן פארויסרעכענען אז אירע געסט זאלן זיך ניט אויפפירן ווי חיות. איך ווינטש אפט אז דאס ליאדע ביסל פון איינ־פאכער אנשטענדיקייט זאל שטרענגער אפגעהיט ווערן פון בא און הארטאנעס און פריקא און וואול און בעל־פעור און אלע אנדערע שוועסטערקינדער דיינע וואס קומען דיך באזוכן אין אזא זאאלאגיש פארווירטן צושטאנד. עס באווייזט א געוויסע מיסאכטונג צו דיר, מיין ליבע."

„אך, אבער עס איז דאך אלץ א משפחה עניו, יורגען —"

„אויסערדעם, האבן זיי ניט קיין לשון. זיי מעקען און בעקען בלויז, אדער צווישטשערן אדער מרוקען אדער בורטשען אדער מיאוקען, לויט יעדן איינעמס קעגנווערטיקן גלגול, ווען העסלאכע מיסטעריען און שווידערלאכע פארגעניגנס ביז וואנען זייער אידי־אטסטווע טרייבט מיך צום ברעג פון טוגנט."

„ווען דו זאלסט זיין פראקטישער, יורגען, וואלסטו באגריפן אז

עס איז לויבנסווערט פאַר יעדן איינעם צו זיין ווירקלאַך פּאַרינטע־רעסירט אין זיין באַרוף—"

„און דיינע קרובות זיינען פּונקט אַזוי אומדערטרעגלאַך, מיט זייערע אייביקע שושקענדיקע רעטעניש, און זייערע האַלבע לבנות, און זייערע מיסטישע רויזן וואָס טוישן זיך אין קאָליר און נויטיקן זיך אין אייז אַכטונג געבן, און זייער פּאַטעטישער גלויבן אַז איך האָב גענוג צייט נאַריש מאַכן זיך מיט זיי. און די גאַנצע כנופיה פאַרנעמט זיך מיט סימבאָליזם ביז דאָס הויז איז דורכויס פאַרוואָרפן מיט—"

„ווער פון די הורן האָט פאַרזוכט צו שמייכלען זיך צו דיר?" זאָגט אַנאַאיטיס, מיט פינקלדיקע אויגן.

„אַך, אַך! וויפל פון דיינע קרובות זיינען צוציענדיק גענוג —"

„איך האָב עס געוואוסט! אַך, אָבער דו מוזסט ניט דענקען אַז דו האָסט מיך אָפּגענאַרט —"

„מיין טייערע, איך בעט דיך, באַדענק זיך! זיי געשייט! דיינע איצטיקע קרובות זוגאָסט זיינען סעכמעט מיט דעם אויסזען פון אַ לייביכע, יאָ אין גלגול פון אַ קו, העקט ווי אַ פּראַש, דערצעטאַ ווי אַ פיש און — אַך, אַך! — טהוערים ווי אַ היפּאָפּאָטאַמ. איך לאָז עס צו דיין געפיל פון גערעכטיקייט, טייערע אַנאַאיטיס, אויב אויף פּרויען מיט אַזאַ געשמאַק אין קליידונג קאָן אַ רייצנדער מיף ווי דו זיין געשייטערהייט אייפערזיכטיק."

„און איך ווייס גאַנץ גוט ווער דאָס איז! עס איז די עפּעזישע שלומפּערקע, און איך האָב וויפל מאָל באַמערקט איר אויפפירונג. נו גוט, אַך, זייער גוט, יאָ! פונדעסטוועגן וועל איך שוין איבער־רעדן מיט איר אין איינפאַכע דבורים, און וואָס שנעלער זי פּעקלט זיך אַרויס פון מיין הויז אַלץ געזונטער, ווי איך וועל איר זאָגן גאַנץ אָפנהערציק. און מכח דיר, יורגען —"

„אָבער מיין טייערע ליזאַ — !"

„וואָס רופסטו מיך? ליזאַ איז קיינמאָל ניט געוועזן מיינער אַ צונאָמען. פאַרוואָס רופסטו מיך ליזאַ?"

„עס האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל, טייערינקע, אַן אומ־וויליקע אָבער ניט אומנאַטירלאַכע אַסאָציאַציע פון געדאַנקען. וואָס געהערט דער עפּעזישער דיאַנאַ, דערמאָנט זי מיר אין אַ באַלעבטן סאַסנע־קאָנוס, מיט דעם אויסברוך פון בריסט איבעראַל אויף איר, און איך קאָן דיך פאַרזיכערן אַז דו האָסט ניט קיין באַזונדערע אורזאַך צו זיין אייפערזיכטיק אויף איר. עס איז בלויז געוועזן איבער די זיי־טיפּן אין אַלגעמיין וואָס איך האָב גערעדט. פאַרשטייט זיך, זיי וואונקען אַלע צו מיר: קענען דעם קאָן איך מיר ניט העלפן, און דו

האסט באדארפט אזויפיל פארויסוויסן ווען דו האסט אויסדערוויילט אזא רייצנדן פרינץ־באגלייטער. וואס מאכן די ארימע פארליבטע באשעפענישן אוים ווען צו דיר איז מיין הארץ אייביק טריי?"

"עס איז ניט דאס הארץ דיינס וואס ערגערט מיך, יורגען, ווארים איך גלויב ניט אז דו פארמאגסט עס. יא, עס איז דיר געלונגען צו ערגערן מיך ביז פארווירונג, אויב דאס קאן דיר דינען פאר א טרייסט. אבער, לאמיר ניט רעדן דעריבער. ווארים עס איז איצט נויטווענדיק, אבסאלוט אומאפוווענדיק, פאר מיר צו פארגעסן זיך קיין ארמעניע אנטיילנעמען אין דער אבלה פון תמוז: מענטשן ווען עס ניט אנ־הייבן צו פארשטיין ווען איך זאל זיין אפוועזנד פון אזעלכע וויכטיקע ארגיעס. און איך וועל גארניט געווינען פון דער רייזע, אויף וויפל איך נויטיק זיך אין דער צעשטרייאונג, ווארים, ניט רעדנדיק וועגן דעם בארימטן הארץ דיינעם, ביסטו שטענדיק בארייט אפצוטאן עפעס, און איך וועל ניט וויסן אין וואס פאר א צרות דו שלעפסט זיך אריין."

יורגען האט זיך צעלאכט און איר א קוש געטאן. „נו, דו מוזסט באזארגן דיינע רעליגיעזע פליכטן, טייערע, מיט אלע מעגלאכקייטן. און איך זאג דיר צו פעסט צו פארשליסן זיך אין ביבליאטעק ביז דיין צוריקקער."

אזוי האט יורגען געוויילט צווישן די קינדער פון היידנישער פערוועזקייט, און אויפגעפירט זיך לויט זייערע מנהגים. דער טויט פארענדיקט אלץ פאר אלעמען, האבן זיי געברייעט, און דאס לעבן איז קורץ: ווייל ווי לאנג געדויערט א מענטש, און ווי שנעל ווערט דער סובטילסטער און מורא׳דיקסטער נאטור־מיך פארטייטשט פון די פילאלאגן! אזוינאך וועט דער געשייטער מענטש, און צוגלייך דער פארויסזעענדיקער נאטור־מיך, אנזעטיקן זיך מיט פארגעניגנס אזוי לאנג ווי עס איז נאך דא צייט אנצוזעטיקן זיך מיט וואס, און וועט ניט פארשווענדן קיין צייט פון דער קורצער הלואה אויף לוסט און קראפט דורך שטעלן פראגן.

„א, מיט אלע מעגלאכקייטן!" האט יורגען געזאגט, און ער האט געהארכזאם זיך באקרוינט מיט א רויזנקראנץ, און געטרונקען זיין ווייו, און געקושט זיין אנאאיטים. דאן, ווען דער סאקישער פעסט איז געווען אין סאמע ברען, פלעגט ער ארייגשושקען דער אנאאיטים, „איך וועל באלד זיין צוריק, ליבע," און זי פלעגט זיך במורען ליבלאך אויף אים ווי ער האט אין דער שטיל אוועקגעשלייכט פון זיין עלפאנט־ביינערנעם מאלצייט־געלעגער, און אוועק, מיט דעם מינדסטן אנדייט פון טומל, אין ביבליאטעק. זי האט געוואוסט אז יורגען האט ניט

געהאַט די אַבזיכט צוריק צו קומען : און זי איז געווען פאַרצווייפלט איבער דעם צי ער וועט ווען פאַרנעמען דאָס פּלאַץ אין געזעלשאַפט־לאַכן לעבן פון קאַקאַאין צו וועלכן ער איז געווען באַרעכטיקט ניט ווייניקער דורך דעם ראַנג אַלס פּרינץ־באַגלייטער ווי דורך זיינע אייגענע פעאיקייטן. וואָרים אַנאַאיטיס האָט ווירקלאַך ניט געדענקט, לויט דעם כלל פון נאַטירלאַכע באַגאַבטקייטן, אַז איר יורגען האָט געהאַט אַ רעכט מקנא צו זיין אַפילו אַזאַ אַלגעמיינעם ליבלינג ווי פּריאַפּאַס, לאָמיר זאָגן, לויט דעם וואָס זי האָט געוואוסט וועגןביידן.

אַזוינאַך איז געשען אַז יורגען האָט געערט דעם מנהג. „ווייל די עקלהאַפטע נאַטור־מיפן זיינען פּיליכט נערעכט," האָט יורגען געזאָגט; „און זיכער קאָן איך ניט גיין אַזוי ווייט ווי צו זאָגן אַז זיי זיינען אומגערעכט : אָבער דאָך, צו דערזעלבער צייט — !"

וואָרים יורגען האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט אַוועקצומאַכן יעדער רעטעניש מיט אַ בלויזן „איך ווייס ניט." יורגען האָט ניט מער געקאָנט זיך אַפּזאָגן פון זוכן דעם זין פון לעבן ווי אַ שלייען זאָל אויפגעבן שווימען : פאַרוואָר, ער האָט געלעבט, פאַרפלייצט פון אַ מבול קוריאָזיטעט און ספקות ווי עס וואָלט געווען אַ נאַטירלאַכע אייגנשאַפט זיינע. אַז דער טויט איז דער סוף פון אַלעמען קאָן זיך זייער שיין זיין : דאָך אויב דער רעזולטאַט זאָל זיך אויסלאָזן אַנדערש, ווי אַנגענעמער וואָלט עס געווען, פאַר יעדן איינעם, צו האָבן אין פאָרויס באַפעסטיקט פריינטלאַכע באַציאונגען מיט די אויבערהערשער פון זיין לעבן אין צווייטן גלגול, דורך זיין האַנדלונג אויף דעם אופן וואָס פאָדערט זיך דאָ פון אים.

„יאָ, איך פיל אַז עס פאָדערט זיך פון מיר", זאָגט יורגען : „און ניט וויסנדיק וואָס דאָס איז אַזוינס, בין איך גאַנץ זיכער, ווי־אַזוי, אַז עס איז ניט דאָס אָפּגעבן זיך מיט ענדלאָזן פאַרגעניגן. אויסערדעם, דענק איך ניט אַז דער טויט וועט מאַכן אַ סוף פון אַלץ פאַר מיר. ווען איך זאָל נאָר קאָנען זיין גאַנץ זיכער אַז מיין באַגעגעניש מיט קיניג סמאָיט, און מיט דער חנ'עוודיקער קליינער סילוויאַ טערעי, איז ניט געווען קיין חלום ! לפּנים, פאַרזיכערט מיך דער שכל הישר אַז איך בין ניט קיין נויטווענדיקייט פאַר דער וועלט : אָבער מיט דעם אָרט דענקן, ווי־עס־איז, פאָרט זיך ניט מיין גלויבן. ניין, עס איז בלויז גלייכער צוליב מיינע אייגענע אינטערעסן צו גיין אין דער וואַנדלונג פון קבר מיט עטוואָס מילדערע געדאַנקען ווי די נאַטור־מיפן, זינט עס פעלט מיר די נויטיקע גלייכגלויביקייט צו ווערן אַ פּריוו־נעזינטער מאַטעריאַליסט. צו גלויבן אַז מיר ווייסן גאָרניט באַשטימט,

און קאָנען ניט ווען וויסן באַשטימט, הייסט צופיל פאַרלאָזן זיך אויף גלויבן".

און יורגען האָט זיך אָפּגעשטעלט צו שאָקלען מיט זיין גלאַט־פּאַרקעמטן שוואַרצן קאָפּ צוויי אָדער דריי מאָל, זייער קלוג־אַרטיק.

„ניין, איך קאָן ניט גלויבן אין הבל אָלס דעם באַשטימטן סוף פון אַלץ: דאָס וואָלט געווען אַ צו־נישטיקער קלימאַקס צו באַפרידיקן אַ דראַמאַטורג, קלוג גענוג צו האָבן אויסגעטראַכט יורגען. ניין, עס איז פּונקט ווי איך האָב געזאָגט דעם ברוינעם מאַן: איך קאָן ניט גלויבן אין יורגענס פּאַרטיליקונג דורך וועלכע ווירקלאַך שפּאַרעוודיקע אויבערהאַרן; טאָ וועל איך שוין זען אַז יורגען זאָל ניט טאָן אַזעלכעס וואָס ער קאָן ניט מער־ווייניקער שכל'דיק רעכטפאַרטיקן, אין פאַל פון איבערערדישע אויספאָרשונגען. דאָס איז זיכערער".

איצט האָט יורגען געשאָקלט מיטן קאָפּ ווידעראַמאָל: און ער האָט געזיפצט.

„וואָרים די פאַרווײַלונגען פון קאָקאַאין באַפרידיקן מיך ניט. זיי זיינען אַלע גאַנץ וואוילע, אַז און פאַר זיך; און איך גיב צו דעם טרואיזם אַז זוכנדיק אַ פּלאַץ פאַר עסן און שלאָפן איז אין צווייען גלייכער ווי אַליין. יאָ, אַנאַאיטיס איז פאַר מיר אַן אויסגעצייכנט ווייב. פונדעסטוועגן, שטעלן מיך אירע פאַרווייַלונגען ניט צופרידן, און בלויז הוליען אין דער וועלט אַריין איז ניט גענוג. ניין, עס איז עפּעס אַנדערש וואָס איך באַגער: און אַנאַאיטיס פאַרשטייט מיך גוט דורכויס."

## 24. פון פּשרות אין קאָקאַאין

אַזוי האָט יורגען געוויילט עטוואָס אַריבער צוויי חדשים אין קאָקאַאין, און זיך אויפגעפירט לויט די מנהגים פון לאַנד. עס האָט זיך גאָרניט געענדערט אין קאָקאַאין: אָבער אין דער וועלט וואו יורגען איז אויפגעוואַקסן האָט ער געוואוסט וועט איצט זיין סעפּטעמבער, די בלעטער קאַרטשענדיק זיך וואונדערלאַך, און די פייגל ציענדיק מערב־צו, און די הערצער פון יורגענס מיטמענטשן פול מיט ניט אומאַנגענעמער בענקשאַפט. אָבער אין קאָקאַאין איז ניט געווען קיין בענקשאַפט און קיין ענדערונג, נאָר בלויז אַ גרענעצלאָזע שערענגע פון זונדערבאַרע פאַרווײַלונגען, באַלויכטן פון דעם וואַנדערדיקן שטערן וועגוס מעכאַניטיס.

„פאַרוואָס זשע איז עס וואָס איך בין ניט צופרידן?" האָט

יורגען געזאָגט. „און וואָס איז דאָס אַזעלכעס וואָס איך באַגער? עס שיינט מיר אַז עפּעס אַן אומרעכט ווערט באַגאַנגען קעגן יורגענען, ערגעצוואו“.

דערווייל האָט ער געלעבט מיט אַנאַאיטיסן, דער זונס טאָכטער, פּונקט ווי ער האָט געלעבט מיט פרוי ליזאַ, וועלכע איז געווען די טאָכטער פון אַ מלוה. אַנאַאיטיס איז אין אַלגעמיין געווען פון אַ מילדערן כאַראַקטער: טיילווייז ווייל זי האָט געקאָנט דערוואַרטן צו לעבן נאָך עטלאַכע הונדערט יאָר איידער זי זאָל אויסגעטייטשט ווערן פון פּילאַגן, און דערפאַר באַדאַרפט זיך ווינציקער זאָרגן ווי פרוי ליזאַ איבער צייטווייליקע אַנגעלעגנהייטן; און טיילווייז דערפאַר וואָס דאָס געמיט האָט ווייניקער געקאָנט קאַליע ווערן פון צוויי חדשים ווי פון צען יאָר אין יורגענס געזעלשאַפט. אַנאַאיטיס האָט געיאָדעט און אָנגעבלאָזן זיך פאַר אַ ווײַלע ווען איר פּרינץ־באַגלייטער איז עטוואָס אָפּגעשטאַנען פון די מאָדנע פאַרווײַלונגען, ווי עס איז זייער שנעל געשען, מיט זיין פראַנקער דערקלערונג אַז זיין געשמאַק איז אַן איינפאַכער און אַז די אויסלענדישע ראַפינירטקייטן האָבן אים דערעסן. שפּעטער האָט אַנאַאיטיס געשיינט צו זיין פאַרצווייפלט איבער דעם צי ער וועט ווען געניט ווערן איז קוריעזע פאַרגעניגנס, און זי האָט יורגענען דערלויבט צו פירן אַ פאַרהעלטניסמעסיק נאָרמאַל לעבן, אַמאָל כלומרשט ווידערשטעלנדיק זיך קעגן דעם.

וואָס יורגענען האָט געוואונדערט איז געווען דאָס וואָס זי איז ניט מיד געוואָרן פון אים: און ער פלעגט אָפּט שטוינען וואָס דער רייצנדער מיף, געוועזן ווי זי איז געשיקט און פּעאיק אויף די געביטן אין וועלכע ער איז געווען אַ פּאַרטאַטש בלויז, האָט געקאָנט געפינען ליב צו האָבן אין יורגענען. ווייל איצט האָבן זיי געלעבט צוזאַמען ווי וואָס פאַר אַ מישטיינס געזאָגט אַנדער פאַרהייראַט פּאָרל, און זייערע צומאָליקע צערטלאַכקייטן זיינען געוואָרן פּונקט אַזוי פאַראַלגעמיינערט ווי זייערע מאָלצייטן, און קוים מער אינטערעסאַנט.

„אָרים קעצעלע, איך גלויב עס איז איינפאַך דערפאַר וואָס איך בין אַן אומגעהייער כיטרער יונג. זי מיסטרויט מיין דורכגעטריבנקייט, זי טאָדלט עס זייער אָפּט, און דאָך שעצט זי עס אַלס זונדערבאַר, אַלס אַ מין קוריאָזיטעט. נו, און ווער קאָן לייקענען אַז כיטראַסט איז ווירקלאַך אַ זעלטנהייט אין קאָקאַאין?“

אַזוי האָט אַנאַאיטיס געצערטלט און געפּעשטשעט איר פּרינץ־באַגלייטער, און אַזוי אָפּן זיך איבערגענומען מיט זיין מאָדנעקייט ווי צו ברענגען אים גאַנץ נאָנט צו פאַרלעגנהייט אַמאָל. זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין זיין באַציאונג פון העפלאַכער אַמוזאַנטקייט צו

זיינע געזעלן און צו די געשעענישן וואָס האָבן מיט אים פּאַסירט, און אַפילו צו זיינע אייגענע טאַטן און שטריכן. וואָס עס זאָל ניט האָבן פּאַרגעקומען, האָט יורגען געצווינגן מיטן אַקסל, און איידל אויס־מיידנדיק ממשות'דיק געלעכטער, אויסגעזען צו זיין אַמוזירט. אַנאַ־איטים האָט דאָס איינגעזען ניט געקאָנט פאַרשטיין, נאַטירלאַך, זינט אַזיאַטישע מיפן זיינען אויסערגעוויינלאַך מאַנגלדיק אין הומאָר. יורגענען פריוואַט האָט זי אויסגעוואָרפן אַז ער באַדאַרף זיך שעמען פאַר זיין לייכטזין: און דאַך, פלעגט זי אים אַליין אַרויסרופן דערצו, ווען צווישן די טירישע און אַפּשיילאַכע נאַטור־מיפן, און זי פלעגט ממש שמעלצן זיך פון גדלות איבער יורגענס זונדערבאַרקייט.

„זי מוטערט מיך", האָט יורגען נאַכגערענקט. „אויפן וואָרט, איך גלויב אַז נאָך אַלעמען איז דאָס דער איינציקער אופן ווי פרויען זיינען פעאיק ליב צו האָבן. און זי איז אַ טייער און רייצנד ווייז. ווען איך האָב אויפריכטיק האָלט. וואָס איז עס אַזוינס, דאָז, וואָס איך באַגער? פאַרוואָס פיל איך אַז דאָס לעבן באַהאַנדלט מיך ניט דורכויס געהעריק?"

אַזוי איז דער זומער פאַרגאַנגען; און אַנאַאיטים האָט אַ היפּש ביסל אַרומגערייזט, געווען ווי זי איז אַ פּאָפּולערער ‚מיף אין יעדן לאַנד. איר געפיל פון פליכט איז געווען אַזוי שטאַרק אַז זי האָט זיך באַמיט צו ערן פערזענלאַך אַלע מאָדנע פעסטן פאַראָרדנט צוליב איר כבוד. און דאָס, איצט אַז עס איז אָנגעקומען שניטצייט, האָט איר געלאָזט קוים אַן אומפאַרנומענעם מאָמענט. און דאָן איז די אויפגאַבע פון אַנאַאיטיסן געווען אַראָפּצופירן פון וועג; און עס זיינען געווען אַזוי פיל מענטשן ווען זי האָט פערזענלאַך געמוזט באַזוכן — אַזוי פיל אַנגעזעענע אַסקעטן וועלכע האָבן שנעל גענוג געזאָלט פאַרהייליקט ווערן, און ווען אירע באַהעלפערנס האָבן ניט געקאָנט אָפּווענדן, — אַז אַנאַאיטים איז גענויט געווען צו פאַרברענגען נאַכט נאָך נאַכט אין אומגעזונטע באַקוועמלאָזע אומגעבונגען, אין מאָנאַס־טירן און אין אָפּגעזונדערטע חדרים און היילן פון פרושים.

„דו פאַרצערסט זיך, מיין טייערע", פלעגט יורגען זאָגן: „און שיינט עס ניט צו זיין, נאָך אַלעמען, אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט? איך ווייס אַז, וואָס געהער ‚מיר אָן, איידער איך זאָל פאָרן אַזוי פיל מיילן אין אַ מדבר אַריין, און דאָן אַרויפקלעטערן אַ הונדערט פוסיקן זייל, בלויז כדי אַריינצושושקען לוסטיקע אַבזיכטן אין דעם ביז־גאָר שמוציקן אויער פון אַ פּרוש, וואָלט איך גלייכער געלאָזט דעם הויט־און ביינערדיקן תרח גיין אין הימל אַריין! אָבער דו פאַרקערסט אַזוי פיל צווישן הייליקע לייט אַז דו האָסט זיך אָנגענומען מיט זייער

אומפּעאיקייט צו זען די קאָמישע זייט פון זאַכן. מילאַ, דו ביסט אַ שטיק גאָלד, אַפילו אַזוינאָך. אַט האָסטו דיר אַ קוש: און זע קער צוריק צו דיין פאַרערנדיקן מאַן אַזוי שנעל ווי דו קאָנסט געלעגנט־לאַך, ניט פאַרנאַכלעסנדיק דיין פליכט".

„מען גיט איבער אַז דער שמעון סטיליט איז זייער ווייט פאַר־גאַנגען מיט זיין ערלאַכקייט", האָט אַנאַאיטיס געזאָגט צעשטרייט. ווי זי האָט זיך געגרייט פאַר דער רייזע. „אָבער איך לייג נאָך האָפנונגען אויף אים."

דאַן האָט אַנאַאיטיס באַשאָטן מיט פּורפּור פּודער אירע האָר, און אייליק צונויפגעשטעלט אַ פּאָר פּאַרפּירערישע פּלענער און אַוועק נאָך טהעבאַיד. יורגען האָט זיך צוריקגעקערט צו דער ביבליאָטעק, און צו דעם „אופן פון פאַרגעטרן אַ מיידל", און צו די אייגנאַרטיקע מאַנוסקריפּטן פון אַסטיאַנאַסאַ און עלעפאַנטיס און סאָטאַד, און די דיאָנישישע פאָרמולן, און דער קאַרטע פון פּאַזעס, און צו דער „תּפילה פון דער מיט פון אַנטציקונג", און די „ספינטרישע אָפּהאַנדלונגען", און די „32 באַפרידיקונגען", און אומציילִיקע אַנדערע בענד וואָס ער האָט געפונען פאַר באַלערנד.

די ביבליאָטעק איז געווען אַ געוועלבט צימער, די ווענט געמאָלן מיט די צוועלף אַזען פון קירען; דער סופיט באַדעקט מיט אַ פרעס־קאָ פון אַן אויסגעבויגענעם גוף פון אַ פרוי, וועמעס פיספינגער האָבן גערוט אויפן קאַרניז פון דער מזרח וואַנט, און וועמעס אויסגעצויגענע פינגער שפּיצן האָבן באַרירט דעם קאַרניז פון דער מערב וואַנט. די קליידונג פון דער געמאָלענער פרוי איז געווען מערקווירדיק: און פאַר יורגענען איז איר געזיכט געווען ניט אומבאַקאַנט.

„ווער איז דאָס?" האָט ער נאָכגעפרעגט, ביי אַנאַאיטיסן.

אויסזעענדיק אַביסל געערגערט האָט אַנאַאיטיס אים געזאָגט אַז דאָס איז עזרעד.

„מילאַ איך האָט געהערט איר אַנדערש רופן: און איך האָב זי געזען אין גאַנץ אַנדערע קליידער."

„דו האָסט געזען עזרעד!"

„יאָ, מיט אַ ווישטוך אַרום קאָפּ, און אויסערדעם אומבאַרימעריש געקליידט — אָבער זייער פיין, איך פאַרזיכער דיך!" דאָ האָט יורגען פון דער זייט געוואָרפן אַן אויג אויף זיין שאָטן, און אַ הוסט געטאָן. „אָך, און איך פאַרזיכער דיך אויך אַז איך האָב די עזרעד געפונען פאַר דער באַצויבערנדיקסטער און שעצבאַרסטער אַלטיטשקער."

„איך וואָלט ליבערשט גאָרניט געוואָלט וויסן וועגן דעם," האָט

אנאאיטים געזאגט, איילִיק, „איך וואלט גלייכער וועלן, פון אונזערט ביידנס וועגן, אז דו זאלסט מער גארניט זאגן וועגן עזרעד.“

יורגען האט א צי געטאן מיטן אקסל.

אלזא, אין דער ביבליאטעק פון קאקאאין איז געווען צונויפגעזאמלט אז ארכיוו וועגן אלץ וואס די נאטור־מיפן האבן דערפונדן אין באצוג צו פארגעניגן. און דא, אז וואס פאר א קאמפאניאן אויסער זיין מאדנעם שאטן, און עזרעד געוועלבט פונאויבן און באטראכטנדיק אים מיט קאלטע בליקן, האט יורגען פארבראכט די מערסטע צייט, גאנץ אנגענעם, אונטערזוכנדיק און נאכדענקענדיק מכח די זעלטענערע פארוויילונגען. די געמאלענע אזען זיינען, אין דער אמתן, געווען פון דעם מין וואס מאכט צום וואונדערן : אבער אויף וויפל מער פון דעם טוץ שטוינענדיקע פארוויילונגען האבן די ביכער פון אנאאיטים אנטפלעקט פאר יורגענען, ניט פארשטעלט און אן שום אונטערשיעלאך, יעדע אנדערע איבער־מאסלאכע שטיפעריי פון היידנטום. ביז איצט אומגעהערטע ארטן פון צייטפארטרייב האבן זיך אויפגעשלייערט פאר אים, און יעדע פארוויילונג וואס געשיקטקייט האט מעגלאך געקאנט אויפפאסן, פאר דער באפרידיקונג פון דעם סובסטילסטן און מערסט־פארדייענדיקן געשמאק. קיין מעגלאכע ארט אמוזירונג האט געשיינט פארפעלט צו זיין אין דעם גאנצן צעטל פון אריבערשטייגן די נאטור וואס אנאאיטים און אירע שוועסטערקינדער האבן אין לויזע מאמענטן דערפונדן, צו זעטיקן זייער באגער נאך א זיסערן אדער א מאדנערן אדער א לעבהאפטערן פארגעניגן. דאך וואס טיפער יורגען האט אריינגעדרונגען. און וואס לענגער ער האט נאכגעפארשט, אלץ זיכערער האט זיך אים געדאכט אז אלע ענלאכע באשעפטיקונגען זיינען געווען א באזונדערס שוואונגלאזער דראנג נאך גליק.

„איך בין באריט צו פארזוכן יעדן געטראנק איינמאל. אזוינאך מוז איך די פארוויילונג געהעריק אויספרואוון. אבער איך האב מורא אז דאס זיינען די שפילערייען פון קינדערשן שכל. יא, דאס דערמאנט מיר איך האב צוגעזאגט די קינדער צו שפילן פאר א ווײַלע מיט זיי פאר וועטשערע.“

אזוינאך איז ער ארויסגעקומען, און באלד, בראוו אין דעם חעמד פון נעסוס, און באגלייט אין דער באוועגונג פון דעם לעפישן שאטן, האט יורגען געשפילט אין דריידל מיט די דריי קליינע עוומענידן, די טעכטער פון אנאאיטים פון איר פריערדיקער הייראט מיט אכעראן, דעם קיניג פון מיטנאכט.

אנאאיטים און דער פינסטערער הערשער זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט דער קעגנזייטיקער צושטימונג. „אכעראן האט גוט

געמיינט", פלעגט זי זאגן, מיט א זיפץ פון פארגעבונג, „און אז אין דער אפוועזנהייט פון דער לבנה האט ער צייטנווייז פארפירט רייזנדע, וועל איך ניט לייקענען. אבער ער האט מיך ניט פאר־שטאנען".

און יורגען האט צוגעשטימט אז די טראגעדיע איז אמאל געשען אפילו מיט אומטאדלהאפטע פארפירער.

די דריי עוומענידן זיינען צו דער צייט געווען האלב־דערוואק־סענע מיידלאך, וועמען זייער מוטער האט פארזיכטיק געלערנט צו פארווירן שולדיקע פערזאנען דורך געוויסנביסן: און ביז־גאר זונ־דערבאר איז עס געווען צו זען די יונגע פוריעס פראקטיצירנדיק אין זייער לערנצימער, שווארץ געקליידט, און הוידענדיק מיט באלויכטענע פאקלען, און געקרוינט יעדע מיט איר קראנץ פון ליבלינג־שלענג. זיי זיינען געווארן צוגעבונדן צו יורגענען, וועלכער האט שטענדיק ליב געהאט קינדער, און וועלכער האט אפט באדויערט וואס פרוי ליזא האט זיי אים ניט געבוירן.

אזויגאך האט זיך יורגען געקאכעט אין זיינע שטיפקינדער: און ווירקלאך האט ער געפונען זייער אומשולדיקן פלאפל פאר אזוי געזינט, אין הויפטזאכן, ווי דעם געשפרעך פון די דערוואקסענע נא־טור־מיפן וואס האבן באלאגערט דעם פאלאץ פון אנאאיטיס. און די אלע פיר — יורגען, און די אנטשיידנדע אלעקטא, און די ערנסטע טיזיפאז, און די צוויבער־גלייך קליינע מעגערא, — פלעגן גיין אויף לאנגע שפאצירן, און שפילן מיט זייערע פופעס (כאטש אלעקטא האט זיך געהאלטן ווי עטוואס ארויסגעוואקסן פון פופעס), און שטיפן צו־זאמען אין דעם אייביקן אוונט פון קאקאאין; און ארומרעדן וואס פאר א מינים קליידער און שפילצייג די מוטער וועט זיי זיכער ברענ־גען ווען זי וועט צוריק קומען פון עקבאטאנא אדער לעסבאס, און האבן אין אלגעמיין פיין פארבראכט.

יורגענען האבן די יונגע עוומענידן אויסגעזען צו זיין גאנץ פא־טעטיש ערנסטע און איינפאכע קליינע מיידלאך: זיי האבן געקראגן בירושה א היפש ביסל פון זייער מוטערס שמאלזיניקייט, אויב ניט זייער פאטערס פארדומעטע און אומעטיקע נייגונגען; אבער אין זיי האט שמאלזיניקייט אויסגעזען צו זיין בלויז קאמיש. און יורגען האט זיי ליב געהאט, און פלעגט אפט נאכדענקען וואס פאר א רחמנות עס איז אז די טייערע קליינע מיידלאך איז באשערט, ווען זיי וועלן דערגרייכן צו רייפקייט, צו פארברענגען דעם רעשט פון זייער לעבן אין פארפאלגן פארברעכער און נואפים און פאמיליען־מערדער און אלגעמיינלאך, אזויגע פארשוינען ווי עס מוזן אומפארמיידלאך פאר־

טונקלען די מיידלאכס בליק אויפן לעבן, און ברענגען זיי צו זען צופיל פון דער ערגסטער זייט פון דער מענטשלאבער טבע.

אזוי איז יורגען געווען גאנץ צופרידן. אבער פונדעסטוועגן איז ער ניט געווען באשטימט גליקלאך, אפילו ניט צווישן די אומענדלאכע פארגעניגנס פון קאקאאין.

„און וואס איז דאס אזוינס וואס איך באנער?" פלעגט ער זיך פרעגן, איבעראמאל און איבעראמאל.

און ער האט אלץ ניט געוואוסט: ער האט בלויז געפילט אז ער קריגט ניט קיין גערעכטיקייט: און א בלאסער באגריף דערפון פלעגט אים האלטן אין איין ערגערן אפילו בשעת ער האט זיך געשפילט מיט די עוומענידן.

## 25. שפרוכן פון דעם מייסטער פילאלאג

אבער איצט, ווי פארצייכנט, איז געווען סעפטעמבער, און יורגען האט געקאנט זען אז אנאאיטים אויך האט זיך געזארגט וועגן עפעס. זי האט עס געהאלטן פון אים אזוי לאנג ווי מעגלאך: צוערשט געזאגט אז עס איז אינגאנצן גארניט, דאן געוויינט א ביסל איבער דער מעגלאכקייט אז ער וואלט געווען זייערע צופרידן צו הערן עס, און מיט דער צייט אים אויסגעזאגט. ווייל מיט דעם ווערן א באגלייטער פון א נאטור־מיף וואס איז פארבונדן מיט דער לבנה איז יורגען נאטירלאך געווען אין א סכנה פארוואנדלט צו ווערן אין א זון־לעגענדע פון די פילאלאגן, און אין אזא פאל גענויט זיין צו פארלאזן קאקאאין מיט דעם עקווינאקס, אפצוגעבן זיך מיט הארבסטיקע טאטן ערגעץ אנדערש. און אנאאיטים האט געפילט א ווייטיק אין הארצן איבער דער אויסזיכט פון פארלירן יורגענען.

„ווארים איך האב קיינמאל ניט געהאט אזא פרינץ־באגלייטער אין קאקאאין, אזוי פארווירנדיק, און אזוי הילפלאז, און אזוי ביטערע; און די מיידלאך זיינען צוגעבונדן צו דיר, כאטש זיי האבן אינגאנצן ניט געקאנט אויסקומען מיט אזוי פיל שטיף־פאטערס זייערע! און איך ווייס אז דו ביסט לייכטזיניק און הארצלאז, אבער דו האסט מיך לחלוטין קאליע געמאכט פאר אנדערע מענער. ניין, יורגען, עס איז ניט נויטיק צו טענה'ן, ווייל איך האב עקספערימענטירט מיט אמ־וויניקסטנס א טוץ געליבטע לעצטנס, ווען איך האב ארומגערייזט, און זיי האבן מיר אומדערטרעגלאך דערעסן. זיי האבן ניט געקאנט, ווי דו דריקסט זיך אויס, טייערע, קיין צוויי ווערטער פארבינדן: און

דו ביסט דער איינציקער יונגערמאַן וואָס איך האָב געפונען אין די אַלע דורות וועלכער קאָן רעדן אינטערעסאַנט".

„עס איז פאַראַן אַן אורזאַך דערפאַר, זינט ווי דו, אנאַאיטיס, בין איך ניט אַזוי יונג ווי איך זע אויס".

„דיין אויסזען הייבט מיך ניט אָן צו אַרן", האָט אנאַאיטיס גע־וויינט, „אָבער איך האָב דיך ליב, און אַז דו מוזסט מיך פאַרלאָזן מיט דעם עקווינאָקס סיידן דו קאָנסט זיך איינפאַר־שטיין מיט דעם מייסטער פילאַלאַג".

„מילא, מיין צאַצע," זאָגט יורגען, „די אידן זיינען אריינגע־טראָטן אין יריחו פּרובירנדיק".

ער האָט זיך באַוואַפנט, און אַרומגעגורט זיך מיט קאַליבורנען, אויסגעטרונקען אַ פּאָר פלעשער וויין, אָנגעטאָן דאָס העמד פון נעסוס איבער אַלעמען, און דאַן אַוועק זוכן דעם קונצנמאַכער.

אנאַאיטיס האָט אים געוויזן דעם וועג צו אַן אומפּרעטענציעזער וואוינונג וואו אַ וואָך וועש האָט זיך געטרוקנט און געבלאָזן אין דעם זייטהייפל. יורגען האָט דרייסט אָנגעקלאַפּט, און נאָך אַ ווײַלע איז די טיר אויפגעעפנט געוואָרן פון דעם מייסטער פילאַלאַג זעלבסט.

„דו מוזסט מיר אַנטשולדיקן די אומפאָרמאַליטעט", האָט ער געזאָגט, בלינצנדיק דורך זיינע גרויסע ברילן, וואָס האָבן געהאַט שטויב אויף זיך: „נאָר די „צייט" איז אומגליקלאַכערווייז פאַר־האַלטן געוואָרן דאָ־אַרום אין אַ דאָנערשטיק־אָוונט, און די דינסט איז אַזוינאָך אַוועק פון הויז פאַר אַן אומבאַשטימטער ווײַלע. איך וואָלט דערפאַר פאָרגעשלאָגן אַז די פרוי זאָל צוזוואַרטן אויסווייניק אויפן באַלקאָן. פאַר די שכנים צו זען איר אַריינקומען אינווייניק וואָלט ניט געווען אַנשטענדיק."

„ווייסטו צוליב וואָס איך בין געקומען?" זאָגט יורגען שטורמיש, און גלענצנד אין זיין שטראַלנדיק העמד און זיין פעבלענדיק געווער. „ווייל איך וואָרן דיך איך בין גערעכטיקייט."

„איך דענק אַז דו זאָגסט ליגן, און איך בין זיכער אַז דו מאַכסט אַן אומנויטיקן געפילדער. אַלנפאַלס, גערעכטיקייט איז אַ וואָרט, און איך קאָנטראָליר אַלע ווערטער".

„דו וועסט אויסגעפינען שנעל גענוג, מיין האַר, אַז טאָטן רעדן העכער פון ווערטער."

„איך גלויב אַז עס איז אַזוי", האָט געזאָגט דער מייסטער פי־לאַלאַג, אַלץ בלינצנדיק, „פונקט ווי דער אידישער המון האָט גע־רעדט העכער ווי דער וועמען זיי האָבן געקרייציקט. אָבער דאָס וואָרט פאַרבלייבט."

„דו ביסט א וואָרט־וויצלער !"

„דו ביסט מיין גאַסט. טאָ ראָט איך דיך, אוים ריינער פריינט־שאַפט, ניט צו באַלעסטיקן די מאכט פון מיינע ווערטער."

האָט יורגען געזאָגט, שפּעטעריש: „אָבער איז גערעכטיקייט דאָן אַ וואָרט?"

„נו, זיכער, עס איז איינס פון די נוצלאָכסטע. עס איז דאָס שפּאַנישע Justicia, דאָס פּאָרטוגעזישע Justica, דאָס איטאַליע־נישע Giustizia, אַלע פון דעם לאַטייניש Justus. אָד, פּאַרוואָר אַזוי אָבער גערעכטיגקייט איז איינס פון מיינע בעסט פאַרבונדעטע ווערטער, און איינס פון די בעסט געשולטע אויך. קאָן איך דיך פאַר־זיכערן".

„אהא, און וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקע נוצן דו מאַכסט פון דער אָרימער פאַרשקלאַפּטער אַנגעשראָקענער גערעכטיקייט!"

„עס איז בלויז פאַראַן איין פאַרנונפטיקער נוץ," האָט מייסטער פילאָלאָג געזאָגט רואיק, „פאַר יעדן צו מאַכן פון ווערטער. איך וועל דיר עס דערקלערן, אויב דו וועסט אריינקומען אינווייניק און פאַר־מאַכן די טיר פון דעם ווינטצוג. מען קאָן קיינמאָל ניט וויסן צו וואָס אַ פאַרקילונג קאָן ברענגען".

דאַן האָט זיך די טיר פאַרהאַקט הינטער זיי, און אַנאַאיטיס האָט געוואַרט אין דרויסן, עטוואָס צעטרייסלט.

באַלד איז יורגען ארויסגעקומען פון דער אומפּרעטענציעזער וואוינונג, און אַזוינאָך צוריק צו אַנאַאיטיסן, נידערשלאָגן. יורגען האָט אַ שליידער געטאָן זיין צויבער־שווערד, דעם פאַר'כשופ'טן קאַליבורן.

„דאָס, אַנאַאיטיס, פיל איך איז אַן אַלטמאָדיש געווער. עס איז ניט פאַראַן אַזאַ געווער ווי ווערטער, קיין באַשיץ קעגן ווערטער, און מיט ווערטער האָט דער מייסטער פילאָלאָג מיך בייגעקומען. עס גלייכט זיך ניט דורכוים: אָבער דער מאַן האָט מיר באַוויזן אַן אומגעהייער בוך אין וועלכן עס זיינען געווען די נעמען פון אַלץ אין דער וועלט, און גערעכטיקייט האָט זיך ניט געפונען צווישן זיי. עס ווייזט זיך ארוים אַז גערעכטיקייט איז, אַנשטאָט, בלויז אַן איינ־פאַך זאַכוואָרט, וואָס באַדייט מטושטש'דיק אַן עטישן באַגריף פון אויפפירונג פּאַסיק פאַר די אומשטענדן, סיי פאַר יחידים סיי פאַר געמיינדעס. עס איז, מערק דיר, בלויז אַ שפּראַבקענערס באַגריף."

„אָבער וואָס האָט ער באַשלאָסן וועגן דיר?"

„ליידער, טייערע אַנאַאיטיס, האָט ער באַשלאָסן, ניט אַכטנדיק אויף אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט טאָן, אַז „יורגען" שטאַמט פון „זשאָרזשאָן", אַנמערקנדיק אַ מבולבל'דיק פּרעפּרעליי פון דעם מין

וואָס פייגל לאָזן ארויס ארום זונאויפגאַנג : אזוי אום׳ברחמנות׳דיק טוט דער מייסטער פּילאַלאַג מיך פארוואנדלען אין א זון־לעגענדע. אַזוינאַך איז אַלץ באַשטאַט, און מיר מוזן זיך שיידן, מיין קעצעלע״.

אנאַאיטיס האָט אופגעהייבן דעם שווערד. „אָבער דאָס איז ווערטפול, זינט דער מאַן וועלכער באַנוצט עס איז דער מעכטיקסטער צווישן קריגער״.

„עס איז א טשערעטל, א פארפוילט ריטל, א בעזעם־שטרוי, אַנטקעגן די פארערטערישע געווערן פון דעם מייסטער פּילאַלאַג. אָבער האַלט עס ביי דיר אויב דו ווילסט, מיין טייערע, און גיב עס דיין נאָכפאָלגנדיקן פּרינץ־באַגלייטער. איך שעם זיך צו האָבן פאַר־ווײַלט מיט אַזאַ שפּילצייג״, זאָגט יורגען, מיט אויפגערירטן עקל. „און אויסערדעם, פאַרזיכערט מיך דער מייסטער פּילאַלאַג אַז איך וועל שטייגן פיל העכער מיט דער הילף פון דעם.״

„אָבער וואָס געפינט זיך אויף דעם שטיקל פּאַרמעט ?״

„אַכט־און־צוואַנציק פון דעם מייסטער פּילאַלאַגס אייגענע ווער־טער וואָס איך האָב געבעטן ביי אים. זע, מיין טייערע, ער האָט גע־מאַכט דעם שפּרוך פאַר מיר מיט זיין אייגענער האַנט און טינט״. און יורגען האָט ארויסגעלייענט פון דעם פּאַרמעט, איינדרוקספול : „׳ביים טויט פון אדריאַן דעם פינפטן, איז פּעדראַ כוליאַני, וועלכער דאַרף הייסן דזשאָן דער צוואַנציקסטער, דורך א טעות אין חשבון דערהויבן געוואָרן צום פּויפּסט־שטול אַלס דזשאָן דער איין־און־צוואַנ־ציקסטער.׳״

האָט אנאַאיטיס געזאָגט, גלאַט אזוי : „און דאָס איז אינגאַנצן ?״

„פאַרוואָר, יאָ : און זיכער דאַרפן גאַנצע אַכט־און־צוואַנציק ווערטער זיין גענוגנד פאַר די פּינקטלאַכסטע.״

„אָבער איז דאָס כשוף ? ביסטו זיכער אַז עס איז עכטער כשוף ?״

„איך האָב געלערנט אַז עס איז שטענדיק פאַראַן כשוף אין ווערטער.״

„הער, אויב דו זאָלסט פרעגן מיין מיינונג, יורגען, איז דיין שפּרוך ווערטלאָז, און קאָן קיינמאָל ניט דינען צוליב וואָס פאַר א נוץ פאַר קיינעם. ניט צו באַרימען זיך, טייערער, האָב איך א היפּש ביסל געהאַט צו טאָן מיט שוואַרצקינסטלעריי אין מיינע צייטן, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט אָנגעטראָפן זיך אויף אַזאַ צויבער־שפּרוך.״

„און דאָך, מיין ליבע, איז דאָס אויגנשיינלאַך א סגולה, ווייל אַנדערש וואָלט דער מייסטער פּילאַלאַג מיר דאָס קיינמאָל ניט געטאָן געגעבן.״

„אָבער, ווי כ'בעט דיך, וועסטו זיך באַנוצן דערמיט ?"

„נו, לויט די אומשטענדן פֿאָדערן", האָט יורגען געזאָגט, און ער האָט אַריינגעלייגט דעם פֿאַרמעט אין דער קעשענע פֿון זיין גלאַנצנדיק העמד „יאָ, איך ווידערהאָל, עס איז שטענדיק פֿאַראַן וואָס צו טאָן מיט ווערטער, און דאָ זיינען אַכט־און־צוואַנציק עכטע ווערטער פֿון דעם מייסטער פֿילאָלאָג זעלבסט, ניט צו רעדן פֿון דריי ביישטריכן און אַ פּינטל. אָך, איך וועל זיכער ווייט אַוועקגיין מיט דעם."

„מיר פּרויען האָבן אַ שטאַרקן גלויבן אין דעם שווערד", האָט אַנאַאיטים געענטפֿערט. „אַלנפֿאַלס, קאָנען מיר ניט פֿאַרבלייבן אויף דעם כשוף־מאַכערס באַלקאָן אויף שטענדיק."

אַזוינאָך האָט אַנאַאיטים אַריינגעשטעקט דעם שווערד, און אים געטראָגן פֿון דעם מכשפֿ'ס אומפּרעטענציעזער וואוינונג צו איר פֿיי־נעם פּאַלאַץ אין דעם אַלטן דעמערדיקן וואַלד : און דערנאָך, ווי יעדער איינער ווייסט, האָט זי דעם שווערד געגעבן קיניג אַרטור, וועלכער איז מיט זיין הילף באַגריסט געוואָרן אַלס איינער פֿון די ניין חשובים פֿון דער וועלט. אַזוינאָך האָט דער מאַן פֿון געגעוווירן זיך איינגעקויפֿט אייביקן רום מיט דעם וואָס יורגען האָט אַוועק־געוואָרפֿן.

## 26. אין דעם זאַמד־זייגער פֿון „צייט"

„אָך, אָך", האָט יורגען געזאָגט, ווען ער האָט אַראָפּגענומען פֿון זיך די גאַנצע נאַרישע אייזנקראָם, און האָט זיך געמאַכט באַקוועם אין זיין העמד ; „נו אָן צווייפֿל, די לאַגע איז אַ קיצלדיקע. איך בין געווען צופֿרידן געגוג אין קאָקאַאין, און עס איז אומרעכט אַז איך זאָל אַזוי אַרויסגעטריבן ווערן. דאָך ווערט אַ מענטש מיט שכל שוין זען צופֿרידן צו זיין איבעראַל. אָבער וואוהין, אדרבה, זאָל איך גיין ?"

„אין וואָס פֿאַר אַ לאַנד דו וועסט אויסדערוויילן, מיין טייערער", האָט אַנאַאיטים געזאָגט ליבלאָך. „אַזויפֿיל ווייניקסטן קאָן איך זען טאָן פֿאַר דיר : און דאָס אויסטייטשן פֿון דיין לעגענדע קאָן באַשטאַט ווערן שפּעטער".

„אָבער איך ווער וואָס אַמאָל מידער פֿון די לענדער וואָס איך האָב ווען געזען, אַנאַאיטים טייערע, און אין מיין צייט האָב איך באַזוכט כמעט אַלע די לענדער וואָס זיינען מענטשן באַקאַנט".

„דאָס קאָן אויך איינגעאָרדנט ווערן : דו קאָנסט פֿאָרן אַנשטאָט אין איינס פֿון די לענדער וואָס מענטשן באַגערן. פֿאַרוואָר עס איז פֿאַראַן אַ צאָל פֿון אַזעלכע קיניגרייכן וואָס קיין מענטש האָט קיינ־

מאָל ניט באַזוכט סיידן אין חלום, אַזוי אַז דיין אויסוואַל איז אַ ברייטער".

„אָבער ווי קאָן איך אויסוויילן ניט האָבנדיק געזען איינס פון די לענדער ? עס איז ניט רעכט צו דערוואַרטן פון מיר איך זאָל עפּעס ענלאַכס קאָנען טאָן".

„נו, איך וועל זיי דיר ווייזן", האָט אַנאַאיטיס געענטפערט.

ביידע זיינען זיי דאַן אַריין אין אַ קליינעם בלויען חדר, די ווענט פון וועלכן זיינען געווען באַצירט מיט גאָלדענע שטערן אויסגעשטעלט צעוואָרפן. דאָס חדר איז געווען אינגאַנצן לער אויסער אַ זאַמד־זייגער קנאַפּע צווײמאָל די הייך פון אַ מענטשן.

„דאָס איז דער „צייטס" אייגענער זייגער", האָט אַנאַאיטיס געזאָגט, „וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין מיין רשות ווען „צייט" איז געגאַנגען שלאָפן".

אַנאַאיטיס האָט אויפגעעפנט אַ טירל פון געשניצטן קרישטאָל וואָס איז געווען אין דער אונטערשטער העלפט פון דעם זאַמד־זייגער, פּונקט איבער דעם אַראָפּגעפאַלענעם זאַמד. מיט אירע פינגערשפּיצן האָט זי באַרירט דאָס זאַמד וואָס איז געווען אין דער „צייטס" זאַמד־זייגער, און אין דעם זאַמד האָט זי אויסגעמאָלן אַ דרייעק מיט גלייכע זייטן, זי וועלכע איז געווען זונדערבאַר באַגאַבט און פּערוועזן. דאַן האָט זי געמאַכט אַן אַנדער, פּונקט אַזאַ, געמעל אַזוי אַז דער שפּיץ פון דעם האָט דורכגעדרונגען דעם ערשטן דרייעק. דאָס זאַמד האָט אָנגעהויבן צו סמאָליען זיך דאָרט, און פאַרע האָט זיך אויפגע־הויבן צום אויבערשטן טייל פון זייגער, און יורגען האָט דערזען אַז דאָס גאַנצע זאַמד אין דער „צייטס" זאַמד־זייגער, האָט זיך אָנגעצונדן דורך אַ צויבער אַרויסגעבראַכט פון דער באַרירונג פון די צוויי דרייעקן. און אין דער פאַרע האָט זיך אַ בילד געשטאַלט.

„איך זע אַ לאַנד פון וועלדער און טייכן, אַנאַאיטיס. אַ שטאַרק באַאַרטע פרוי, קייסעריש באַקרוינט, ליגט אַנשלאָפן אונטער אַן אַשנבוים, באַוואַכט פון אַ שומר וואָס האָט מער אָרעמס און הענט ווי דזשינסביעד".

„עס איז אַטלאַנטיס וואָס דו זעסט, און דאָס שלאָפן פון אור־אַלטער „צייט" — „צייט" צו וועמען דער זייגער געהערט, — בעת בריאה־עאָנס באַוואַכט."

„צייט" שלאָפט גאַנץ נאַקעט, אַנאַאיטיס, און כאָטש עס איז אַ דעליקאַטער עסק אַרומצורעדן, באַמערק איך אַז עס איז איר געשען אַ באַדויערנסווערטער אומגליק."

„אַזוי אַז „צייט" געבערט גאָר ניט מער, יורגען, בשעת זי

ווידערהאַלט אַלטע געשעעענישן איבער און איבער. און טושט דעם נאָ־מען פון וואָס איז אוראַלט ,כדי צו איבערצייגן זיך אַז זי האָט אַ ניי שפּילצייג. עס איז ווירקלאַך ניטאָ קיין מער נודנע און אָפּגעניצעוועטע אַלטע עובר־בטול׳ניצע אין ערגעץ, קאָן איך דיך פאַרזיכערן. אָבער אַטלאַנטיס איז די מערב געגנט בלויז פון קאַקאַאין. איצט קוק זיך צו נאָכאַמאָל, יורגען !״

„איצט זע איך אַ בליענדיקע פּלאַך און דריי הויכע בערג, מיט אַ שלאָס אויף יעדן בארג. עס זיינען דאָרט פאַראַן וועלדער אין וועלכע די בלעטערוועדק זיינען צונטער : גלאַנציקע פייגל מיט ווייסע קערפּערלאַך און פּורפּור קעפּלאַך שפּייזן זיך אויף די קופּעס פון גאָל־דענע יאַגאַדעס וואָס וואַקסן איבעראַל : און מענטשן גייען אום אין גרינע קליידער, מיט גאָלדענע קייטן אַרום זייערע העלדזער, און מיט ברייטע באַנטן פון גאָלד אויף זייערע אָרעמס, און די אַלע מענטשן האָבן אומבאַטריבטע פּנים׳ער.״

„דאָס איז איניסלאַכאַ : און צפון־צו געפינט זיך איניס דאַלעב, און דרום־צו איניס ערקאַנדראַ. און עס איז דאָרט אייביק פאַראַן זיסע מוזיק איינצוהערן זיך, וואָלטן מיר נאָר געקאָנט הערן די פייגל פון רהיאַנאָן, און עס איז דאָרט דאָ דער בעסטער ווייַן צום טרינקען, און אַנטציקונג איז דאָרט אַלגעמיינלאַך. ווייל אַהינצו קומט גאָרניט וואָס איז האַרט אָדער רוי, און קיין קומער, ווי אויך קיין בענקשאַפט, קיין קראַנקהייט, קיין עלטער, קיין טויט, ווארים דאָס איז דאָס לאַנד פון פרויען, אַ לאַנד פון פיל־שאַטירטער נאָסטפּריינטלאַבקייט״.

״נו, דאָן איז עס ניט אַנדערש ווי קאַקאַאין. און אין קיין רייך וואו פאַרגעניגן איז אומענדלאַך וועל איך זיך קיינמאָל ניט פאַר־קלויבן מיט מיין איינענעם פרייען ווילן, ווארים איך נעפין אַז פאַר־געניגן איז מיר ניט צום הארצן.״

דאָן האָט אַנאַאיטיס אים באַוויזן אַגיגיאַ, און טריפעס, און סור־דאַרסאַנאַ, און די גליקלאַכע אינדזלען, און עעאַ, און קער־אים, און אינוואַלים, און די העספּערידן, און מעראָפּי און פלאַנאַזיאַ, און אור־טאַראַ, און אוואַלאָן, און טיר־נאָם־בעאָ, און טהעלעם און אַ צאָל אַנדערע לענדער וואוהין מענטשן האָבן באַנערט אַריינצוקומען : און יורגען האָט געשטורעמט.

„איך שעם זיך מיט מיינע מיטמענטשן״, זאָגט ער, „ווייל עס שיינט אַז זייער באַגריף פון גליקזעליקייט איז אייביק צו וואוינען אין אַ גלאָריפיצירטן באַרדעל. איך דענק ניט אַז אַלס אַ זעלבסט־אַכטנדיקער יונגער פּרינץ וואָלט איך געוואָלט וואוינען אין איינעם

פון די ערדישע גן עדנ׳ס, ווייל אויסער וואס פאר אן אנדער אורזאך, וואלט איך שטענדיק דערוואָרט אן איבערפאל פון דער פאליציי.“

„נו, בלייבט דאן בלויז איין רייך, וואס איך האב דיר ניט באוויזן, טיילוויז ווייל עס איז אן אומבאקאנט ווינקל, און טיילוויז ווייל איך וועל ניט, צוליב אן אורזאך וואס איך האב, דיר באהילפיק זיין צו פארן אהינצו. דאך איז פאראן לויקע, וואו קיניגן העלען רע־גירט : און עס איז לויקע וואס דו זעסט איצט.“

„אבער לויקע זעט אויס ווי וואס פאר אן אנדער לאנד אין הארבסט , און שיינט צו זיין גאנץ פריי פון די פאנטאסטישע חיות און איבערגעוואקסענע בלומען וואס האבן געמאכט די אנדערע גן עדנ׳ס אויסצוזען קינדעריש. נו, יא, לויקע פארמאגט עפעס א צו־ציענדע איינפאכקייט אין זיך. איך וואלט זיך אייגענען מיט לויקע אויב די לאקאלע תקנות זאלן מיר דערלויבן א געזינטע פארציע פון אומבאקוועמלאכקייט.“

„אומבאקוועמלאכקייט וועסטו האבן איבער דער מאס. ווארים דאס הארץ פון קיין מאן פארבלייבט ניט אומגעפלאגט נאכדעם ווי ער האט איינמאל געזען קיניגן העלען און די שיינקייט וואס איז אירע. עס איז צוליב דער אורזאך, יורגען, וואס איך וועל דיר ניט באהילפיק זיין צו פארקלויבן זיך קיין לויקע : ווארים אין לויקע וואלסטו אין מיר פארגעסן, האבנדיק געזען קיניגן העלען“.

„אך וואס פארא נארישקייטן דו רעדסט, מיין ליבע! איך וועל וועטן אז זי האט ניט די ווערט צו פוצן דיינע שיך“.

„טא זע !“ האט אנאאיטיס געזאגט, טרויעריק.

איצט איז דורך דער קרייזנדיקער פארע מטושטש׳דיק געקומען א פינקלדיקע און א כוואליעדיקע אויסשטראלונג פון אלע שענסטע קאלירן פון הימל און ערד : און עס איז געווארן אן ארדנונג צווישן זיי, און יורגען האט דערזען פאר זיך אין דעם זאמד־זייגער די יונגע דאראטי וועלכע איז ניט געווען העטמאן מייקלס ווייב. און לאנג און פארקלערטערהייט האט ער איר באטראכט, און די בלענדנדיקע טרערן זיינען געקומען אין זיינע אויגן אריין אן דער מינדסטער אורזאך, און אין דער ווייל האט ער קיין וואָרט ניט געקאנט אויסרעדן.

דאן האט יורגען א גענעץ געטאן, און געזאגט, „אבער זיכער איז דאס ניט די העלען וועלכע איז געווען בארימט פאר איר שיינקייט.“

„איך קאן דיך פארזיכערן אז יא“, האט אנאאיטיס געזאגט : „און אז עס איז זי וואס רעגירט אין לויקע, וואוהין איך וויל ניט דו זאלסט פארן.“

„פארוואס, מיין טייערע! דאס איז לעכערלאך. עס איז ניטא

אפילו אויף וועמען צוויי מאָל אַ קוק צו טאָן, אַזוי אָדער אַנדערש. זי איז ניט ממש אָפּשטויסנד, מאָל איך מיר, אין די אויגן פון דעם וועלכער האָלט פון דעם אויסגעצוואָגענעם בלאָנדן טיפּ, ווי עס זיינען נאַטירלאַך דאָ אַזעלכע מענטשן. אָבער אַנצוּרופן איר שיין איז אויסערן זינען: און קעגן דעם פּראָטעסטיר איך אויס איינפאַכער גערעכטיקייט."

„דענקסטו ווירקלאַך אַזוי?" זאָגט אַנאַאיטיס, איבערגעלעבטער.

„אסור ניט אַנדערש. נו, גערענקסטו וואָס קאַליפּורניום באַסום זאָגט וועגן אַלע בלאָנדע?"

„ניין, איך גלויב קוים. וואָס האָט ער געזאָגט, טייערער?"

„איך וואָלט בלויז קאַליע געמאַכט די גלענצנדע שטעלע ציטירנדיק אומפּינקטלאַך פון זכרון. אָבער ער איז געווען גאַנץ גערעכט, און זיין מיינונג איז אויך מיינע, אין יעדער איינצלהייט. טאָ אויב דאָס איז דאָס לייטישסטע וואָס לויקע פאַרמאָגט, שטים איך האַרציק איין מיט דיר איך זאָל גלייכער פאָרן אין עפּעס אַן אַנדער לאַנד."

„כ'שטעל מיר פאָר אַז דו האָסט שוין אין אויג עפּעס אַ שליובע?"

„נו, מיין ליובע, די מיידלאַך אין די העספּערידן זיינען געוועזן זייער ענלאַך צו דיר, מיט אפילו מער וואונדערבאַרע האָר ווי דיינע: און דאָס מיידל איילע וועמען מיר האָבן געזען אין טיר־נאַם־בעאַ האָט אויך פאַרמאָגט אַ מערקווירדיקע ענלאַכקייט צו דיר. אויסער וואָס איך האָב געדענקט אַז זי איז שטאָלטנער פון דיר. אַזוינאַך גלויב איך אַז אין איינעם פון די לענדער וואָלט איך געווען צופרידן געגנוג, נאָך אַ ווײַלע. זינט איך מוז זיך שיידן פון דיר", האָט יורגען געזאָגט, צערטלאַך, „באַאַבזיכט איך, אויס איינפאַכער גערעכטיקייט צו זיך זעלבסט, צו געפינען אַ באַגלייטערן אַזוי ענלאַך צו דיר ווי מעגלאַך. דו פאַרשטייסט, איך קאָן זיך מאַכן די ערשטע צייט כלומר'שט ווי עס איז דו: און דערנאָך ווי איך ווער צוגעבונדענער צו איר צוליב איר אַליין, וועסטו שטופּנווייז מיר אַרויס פון זינען ניט האָבנדיק פאַראורזאַכט מיר קיין אומדערטרעגלאַכע אַנגסטן."

אַנאַאיטיס איז ניט געווען צופרידן. „הייסט עס ציט דיר שוין אַן אַקסל נאָך די שלעפּערקעס! און דו דענקסט אַז זיי זיינען שענער פון מיר! און דו זאָגסט מיר דאָס אין די אויגן!"

„טייערע, דו קאָנסט ניט אָפּלייקענען אַז מיר זיינען פאַרהייראַט גאַנצע דריי חדשים: און קיינער קאָן ניט אָנהאַלטן קיין

פארליבעניש אין א פרוי אזוי לאנג, דערהויפּט ווען עס איז איר אין גארניט אפּגעזאגט געוואָרן. פאַרליבעניש איז מערסטן אַן ענין פון נייגיר, און די בײדע געפילן שטאַרבן אפּ ווען זיי זיינען געזעטיקט".

"יורגען", האָט אנאאיטיס געזאגט, מיט איבערצייגונג, „דו זאָגסט מיר ליגן ווי־ארום וועגן עפּעס. איך קאָן עס זען אין דיינע אויגן".

„מען קאָן ניט אַפּנאַרן א פרויס פארגעפיל. יאָ, איך האָב ניט גערעדט גאַנץ אויפריכטיק ווען איך האָב זיך געמאַכט אַז מיר וואָלט כלומר'שט פונקט אזוי ניחה געווען די העספערידן ווי מיר־נאַם־בעאַ: עס איז געווען קרום פון מיר, און איך בעט ביי דיר אַנטשולדיקונג. איך האָב געדענקט אַז מאַכנדיק זיך גלייכ־גילטיק וועל איך מער אויספירן ביי דיר. אָבער דו האָסט באַלד געזען וואָס אין מיר שטעקט, און ביסט גאַנץ גערעכטיק בייז גע־וואָרן. טאָ ווארף איך מיינע קאָרטן אויפן טיש, איך וויל זיך מער ניט לאָזן אויף דער נאַרעריי פון אונטערשיסעלאַך. עס איז אײלע, די טאָכטער פון קאַרמאַק, וועמען איך האָב ליב, און ווער קאָן מיר פאַרדענקען ? האָסטו ווען אין דיין לעבן געזען א מער פאַרפירעריש געשטאַלט, אנאאיטיס? — איך, זיכער קיינ־מאָל ניט. אויסערדעם, האָב איך באַמערקט — אָבער מיר'ן דאָס לאָזן אויסן! דאַך האָב איך מיר ניט געקאָנט ווערן פון צו זען זיי. און דאָן אזוינע אויגן! א צווילינג לייכט־טורעמס וואָס באַ־לייכט מיין וועג צו טרייסטן מיין ניט־מיט־דער־האַנט־אַוועקמאַכנ־דע לייד פון פאַרלירן דיך, מיין קעצעלע. יאָ, זיכער איז עס מיר־נאַם־בעאַ וואוהין איך דערוויל צו פאָרן".

„וואוהין דו פאָרסט, מיין ספּריטנער יונג, איז אַן אנגעלעגנ־הייט איבער וועלכער איך האָב צו זאָגן, ניט דו. און דו פאָרסט קיין לויקע".

„מיין ליבע, זיי־זשע פאַרנונפטיק! מיר האָבן ביידע באַ־שטימט אַז לויקע איז אינגאַנצן אויסערן וועג. נו, ווען ניט קיין אַנדער אורזאַך, איז דאַך אין לויקע ניטאָ קיין רייצנדע פרויען".

„האָסט גאָרניט קיין שכל אויסער ביכער־שמר־שטיק! עס איז צוליב דער אורזאַך וואָס איך שיק דיך קיין לויקע".

און אזוי רעדנדיק, האָט אנאאיטיס פריינעלאָזט א שטאַרקן כשוף וואָס האָט צוגעאיילט דאָס קומען פון דעם עקווינאָקס. אינ־מיטן פון איר צויבערן האָט זי געלאָזט א פּאָר טרערן, וואָרים זי האָט יורגענען האָלט געהאַט.

און יורגען האָט געמאַכט אַ באַליידיקט און בייז געזיכט אַזוי אויסגעהאַלטן ווי ער האָט געקאָנט: וואָרים ביים אָנבליק פון קיניגן העלען, וועלכע איז אַזוי ענלאַך געווען צו דאָראָטי לאַ דעזירע, האָט ער אויפגעגעבן קיניגן אנאַאיטיס און אירע פּאַרוויילונגען, ווי אויך פאַרגעסן אין אַלעמען איבעריקן אין דער גאַרער וועלט אויסער קיניגן העלען, די אנטציקונג פון געטער און מענטשן. אָבער יורגען האָט געלערנט אַז אַנאַאיטיס נויטיקט זיך אין פאַרוואַלטונג.

„צוליב איר אייגענער טובה", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „און אויס איינפאַכער גערעכטיקייט צו די פילע מערקווירדיקע מעלות וואָס זי באַזיצט".

## 27. פאַרדריסלאַכער שטאַנד פון קיניגן העלען

„אָבער ווי קאָן איך פאָרן מיט דעם עקווינאָקס, מיט אַן אויסגעטראַכטער זאַך, מיט אַ בלויזער קאָנווענציע?" האָט יורגען געהאַט געזאָגט. „צו פאָדערן פון מיר אַזאַ אונטערנעמונג איז לעכערלאַך".

„איז עס מער לעכערלאַך ווי צו פאָרן מיט אַ זינבילדלאַך באַשעפעניש ווי אַ צענטאַוור?", האָבן זיי אָפּגעענטפערט. „אַך, פרינץ יורגען, מיר באַוואונדערן ווי דו, וואָס האָסט געטאָן די פולקאָם אומגעהערטע זאַך, קאָנסט האָבן די אומפאַרשעמטקייט אָנצורופן עפּעס אַנדערש לעכערלאַך! האָסט גאָר אינגאַנצן קיין געהערן ניט? קאָנווענציעס זיינען גאַנץ אַנשטענדיק, און דאָס איז אַ היפּש ביסל מער ווי מען קאָן זאָגן וועגן פילע צענטאַוורן. וואָלסטו געוואָרפן שטיינער אויף אַנשטענדיקייט, פרינץ יורגען? נו, מיר זיינען אומאויסדריקלאַך געפּלעפט פון דיין אָנווענדונג קעגן אַזאַ גוט באַקאַנטער דערשיינונג ווי עקווינאָקס". און אַזוי ווייטער. און אַזוי ווייטער, האָבן זיי גע'טענה'ט.

און אין קורצן, זיי האָבן געהאַלטן אין איין שטורעמען אויף אים ביז יורגען איז אינגאַנצן צעמישט געוואָרן אויסצו'טענה'ן זיך, און דער קאָפּ איז אים געווען ווי אין אַ וויכער. און איינס האָט געשיינט צו זיין פונקט אַזוי לעכערלאַך ווי דאָס צווייטע: און ער האָט אויפגעהערט צו באַמערקן די מינדסטע אומוואַרשיינלאַכקייט אין זיין אָפּרייזן מיט דעם עקווינאָקס, און אַזוינאַך פאַריבער, אַן שום ווייטערן קעגנשטעלן זיך אָדער באַוויַיז, פון קאַקאַאין קיין לויקע. אָבער ער וואָלט ניט אַזוי לייכט זיך געווען

אונטערגעגעבן ווען יורגען זאָל ניט געווען טראַכטן די גאַנצע צייט פון קיניגן העלען און פון דער שיינקייט וואָס איז אירע.

אַזוי האָט ער באַלד נאָכגעפרעגט דעם וועג ווי מען קאָן אַמ־שנעלסטן קומען אין דער אַנוועזנהייט פון קיניגן העלען.

„קיניגן העלען וועסטו זיכער טרעפן", האָט מען אים געזאָגט, „אין איר פּאַלאַץ אין פּסעוודאָפּאָלים". זיין אויסקונפט־געבערן איז געווען אַ נימף וועמען יורגען האָט אָנגעטראָפן אויסער דעם וואַלד וואָס קוקט אַריבער דער שטאָט פון מערב זייט. הינטער ברייטע משופּע'דיקע שטרעקעס פון רייפן קאָרן, האָט מען געקאָנט זען פּסעוודאָפּאָלים אַלס אַ שטאָט געבויט פון גאָלד און עלפּאַנט־ביין, איצט אײַנגאַנצן אַ בלענדנדיקע פּראַכט אונטער אַ האַרט־אויס־זעענדיקן הימל וואָס האָט געשיינט צו זיין אומגעווייגלאַך ווייט אַוועק פון דער ערד.

„און איז די קיניגן אַזוי שיין ווי מענטשן זאָגן?" פרעגט יורגען.

„מענער זאָגן אַז זי שטייגט אַריבער אַלע אַנדערע פרויען". האָט די וואַלד־נימף געענטפערט, „אויף אַזויפיל אויף וויפל מיר אַלע פרויען נעמען אָן אַז איר מאַן איבערטרעפט אַלע אַנדערע מענער".

„טאַקע! הער נאָר הער!" זאָגט יורגען.

„כאָטש, איך אַ שטייגער, זע קיין מערקווירדיקס ניט אין קי־ניגן העלענס אָנבליק. און איך קאָן אַנדערש ניט דענקען ווי אַז אַ פרוי וועלכע מען האַלט אַזויפיל אין מויל דאַרף זיין פאַרזיכטי־קער אין איר אַרט קליידן זיך".

„הייסט עס אַז די קיניגן העלען איז שוין פאַרזאָרגט מיט אַ מאַן!" יורגען איז געווען אומצופרידן, אָבער ער האָט ניט געזען קיין אורזאַך צו זיין פאַרצווייפלט. דאָן האָט יורגען נאָכגעפרעגט וועגן דער קיניגנס מאַן, און ער איז געוואָר געוואָרן אַז אַכילעס, דער זון פון פּעלעאוס, איז איצט געווען פאַרהייראַט מיט העלען, דעם שוואַנס טאָכטער, און אַז די צוויי האָבן רעגירט אין פּסעוו־דאָפּאָלים.

„וואָרים מען גיט איבער", האָט די וואַלד־נימף געזאָגט, „אַז אין אַדעס' טרויעריקן קיניגרייך האָט אַכילעס געדענקט איר שיינ־קייט, און אַ דאַנק דעם געדעכעניש געשטאַרקט געווען צו צערייסן די קייטן פון אַדעס': אַזוי איז אַכילעס, און אַלע זיינע אור־אַלטע געזעלן, אָן שום ווידערשטאַנד אַרויסגעקומען ס'צווייטע מאָל אויסצוזוכן די העלען, וועמען מענטשן רופן — און ווי איך דענק,

א היפש ביסל איבערטריבן — דער וואונדער פון דער וועלט. דאן האָבן די געטער נאָכגעגעבן דעם באַגער פון אַכילעסן, ווייל, האָבן זיי געזאָגט, דער מאַן וואָס האָט איינמאָל געזען קיניגן העלען וועט קיינמאָל מער ניט צוריקגעווינען זיין מנוחה אַזוי לאַנג ווי דעם לעבן זיינעם פעלט אויס דער וואונדער פון דער וועלט. אייגנט־לאָך וואָלט איך ניט געוואָלט דענקען אַז אַלע מענער זיינען אַזוי נאַריש".

„מענער זיינען ניט שטענדיק פאַרנונפטיק, גיב איך דיר צו; אָבער", זאָגט יורגען, ביטרע, „אַזוי פיל פון זייערע פאַרלויפערנס זיינען געווען פון ווייבלאַכן געשלעכט".

„אָבער א פאַרלויפערן איז שטענדיק פון ווייבלאַכן געשלעכט. קיינער האָט קיינמאָל ניט געהערט אַז א מאַן זאָל זיין א פאַרלוי־פערן. מענער זיינען פאַרלויפער. וואָס פאַרא נארישקייטן רעדסטו?"

„נו, מיר האָבן, גלויב איך, גערעדט פון קיניגן העלענס הייַ־ראַט".

נו, זיכער! און איך האָב דיר דערציילט פון די געטער־ווען דו האָסט געמאַכט דעם לעבערלאַכן טעות וועגן די אבות. יע־דער מאַכט דאָך א טעות אַמאָל, און פרעמדגעבירטיקע קאָנען שטענדיק צעפּלאָנטערן ווערטער. איך האָב באַלד געקאָנט איינזען אַז דו ביסט אַן אויסלענדער —"

„יאָ", האָט יורגען געזאָגט, „אָבער דו האָסט מיר ניט געהאַלטן אין דערציילן וועגן מיר נאָר וועגן די געטער".

„נו, דו מוזסט וויסן אַז די פאַרעלטערטע געטער באַגערן רו. וועלן מיר זי געבן צו אַכילעסן, האָבן זיי געזאָגט; און דאַן, קאָן זיין, וועט דער קיניג צווישן מענער זי אַזוי זיכער האַלטן פאַר זיך אַז זיינע מינדערוויכטיקע מיטמענטשן וועלן פאַרצווייפלט ווערן, און אויפהערן מלחמה צו האַלטן פאַר דער העלען: און אַזוינאָך וועלן מיר ניט באַלעסטיקט ווערן מער פון זייערע מלחמות און אַנדערע נאַרישקייטן. צוליב דעם איז עס געשען, וואָס די גע־טער האָבן העלען געגעבן צו אַכילעסן, און געשיקט דאָס פּאָרל צו רעגירן אין לויקע: באָטש פערזענלאַך", האָט די וואַלדנימף פאַר־ענדיקט, „וועל איך קיינמאָל ניט אויפהערן זיך וואונדערן וואָס ער האָט אַזוינס דערזען אין איר — ניין, ניט אַפילו איך זאָל דערלעבן אַלט צו זיין טויזנט יאָר".

„איך מוז", זאָגט יורגען, „באַטראַכטן דעם מאָנאַרך אַכילעס איידער די וועלט איז מיט א טאָג עלטער. א קיניג איז טאַקע א גאַנץ פיינער עסק, פאַרשטייט זיך, אָבער קיין מאַן טראָגט ניט

קיין קרוין אויף אזא אופן אז עס זאָל שטערן פון אַנטאָן אים אַן אַנדער הויב".

און יורגען איז אַוועק קיין פּסעוודאָפּאָלים, שטוצעריש.

אַזוינאָך האָט דעם אָוונט, פּונקט נאָך זונפאַרגאַנג, יורגען זיך צוריקגעקערט צו דער וואַלד־נימף: ער האָט איצט געשפּאַנט מיט דער הילף פון דעם אַשענעם שטאָק וואָס טהערזיט האָט יורגענען געגעבן, און יורגען איז געווען פאַרטרויערט און נידערשלאָגן אין זיין געמיט־צושטאַנד.

„איך האָב באַטראַכט דיין קיניג אַכילעס", זאָגט יורגען, „און ער שטייגט מיך אַריבער. קיניגן העלען, ווי איך גיב צו מיט לייד, איז אויף אַ ווערטפּולן אופן פאַרהייראַט".

„און וואָס האָסטו צו זאָגן וועגן איר?" פרעגט די וואַלד־נימף נאָך.

„נו, וואָס, עס בלייבט מער ניט צו זאָגן ווי אַז זי איז אויף אַ ווערטפולן אופן פאַרהייראַט, און עס פּאַסט איר צו זיין דער זיווג פון אַכילעסן..." דאָסמאָל כאָטש, האָט יורגען ווירקלאָך גע־פילט עלנט. „וואָרים איך פאַרער דעם מאַן אַכילעס, איך בין אים מקנא, און איך פאַרכט אים", זאָגט יורגען: „און עס איז ניט רעכט אַז ער זאָל האָבן געבוירן ווערן ערהאַבענער פון מיר".

„אָבער איז דען ניט קיניגן העלן די שענסטע צווישן פרויען וואָס דו האָסט ווען געזען?"

„אין דעם באַצוג —" זאָגט יורגען. ער האָט געפירט די נימף צו אַ וואַלד־טייכל נאָנט לעבן דעם דעמבענעם בוים אין וועלכן זי האָט געוואוינט. דאָס טונקעלע וואַסער איז געלעגן רואיק, אַ נאַטירלאַכער שפּיגל. „זע!" האָט יורגען געזאָגט, און ער האָט גערעדט מיט אַן אַראָפּיק באַוועגן פון זיין שטאָק.

די שטילקייט וואָס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אין וואַלד איז געווען אַ וואונדערלאַכע. דאָ איז די לופט געווען זיס און לויטער: און דאָס קליינע ווינטל וואָס איז אומגעגאַנגען אַרום די פּאַלמענצווייגן זוכנדיק די נאַכט איז געווען אַ צאַרט און רואיק ווינטל, וואָרים עס האָט געוואוסט אַז די אַל־הייליגדיקע נאַכט איז געווען זייער, זייער נאָנט.

די וואַלד־נימף האָט געענטפערט: „אָבער איך זע בלויז מיין געזיכט".

„עס איז דאָך דער ענטפער אויף דיין פראַגע. איצט זאָג מיר דיין נאָמען, מיין טייערע, אַזוי אַז איך זאָל קאָנען וויסן ווער־

עס איז ווירקלאַך די שענסטע צווישן פרויען, וואָס איך האָב ווען געזען".

די וואַלד־נימף האָט אים דערציילט אַז איר נאָמען איז כלאָ־ריס, און אַז זי האָט שטענדיק אויסגעזען שווידערלאַך אין אירע האָר פאַרקעמט ווי זיי זיינען געווען היינט, און אַז ער איז אַ מאָד־נע־אומפאַרשעמטער יונג. האָט ער איר פון זיין זייט מודה געווען אַז ער איז קיניג יורגען פון עבאַניע ווען עס האָבן געצויגן פון זיין קיניגרייך הינטער די הרי חושך די איבערטריבענע גרוסן אין באַצוג צו דער שיינקייט פון קיניגן העלען. כלאָריס האָט איינגע־שטימט מיט אים אַז קלאַנגען אין אַ זעלכע אַנגעלגנהייטן זיינען שטענדיק געווען ניט טרויענסווערט.

דאָס האָט געפירט צו ווייטערן געשפּרעך אַלס דער דעמער איז טונקעלער געוואָרן: און דערווייל ווי ביסלאַך צו ביסלאַך איז דאָס שיינע מיידל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרימען אָטעמענ־דיקן שאָטן, קוים זעבאַר פאַר דעם אויג, האָט יורגענס שאָטן גע־נומען אָפּשיד פון אים, און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן בעסער און בעסער. ער האָט געזען קיניגן העלען פּנים אל פּנים, און אַנ־דערע פרויען האָבן איצט געשיינט צו זיין אומוויכטיק. צי ער האָט יאָ נושא חן געווען אין די אויגן פון דער וואַלד־נימף, צי ניין, האָט ווינציק וואָס אויסגעמאַכט, אַזוי אָדער אַנדערש: און פּאַלגלאַך האָט יורגען גערעדט מיט אַזאַ פליסיקייט, אַזעלכע געשיקטע באַ־מערקונגען און אַזאַ צאַרטקייט, אַז עס האָט אים געמאַכט צו שטוי־נען.

אַזוינאַך איז ער געזעסן צוהערנדיק אין אַנטציקונג צו דעם געשליפענעם צינגל פון דעם אומגעהייער כיטרען יונג, יורגען. פאַר דעם פולן ברוינהאָריקן, ליכטיקאויגיקן קליינעם ווען, דער כלאָריס, האָט אים אויפריכטיק געאַרט. אין דעם פּאַסירונגסלאָזן לעבן פון אַ וואַלד נימף, אַהער אין דעם אומקולטורעלן וואַלד האָט אין קיין פּאַל ניט געקאָנט אריינקומען קיין פיל געגוספּול אויפרעגונג, און עס האָט בלויז געשיינט צו זיין רעכט אריינצושפּריצן אַ ביסל. „נו, אויס איינפאַכער גערעכטיקייט צו איר!“ האָט יורגען נאָכגע־דענקט. „איך מוז האַנדלען געהעריק“.

איצט איז געוואָרן פינסטערער און פינסטערער אונטער די ביימער, און אין דער פינסטער קאָן קיינער ניט זען וואָס עס פּאַ־סירט. עס זיינען דאָרט בלויז געווען צוויי שטימען וואָס האָבן גערעדט מיט לאַנגע הפסקות: און זיי האָבן ערנסט גערעדט פון אומוויכטיקע קלייניקייטן, ווי קינדער שפּילנדיק צוזאַמען.

„און ווי קומט אַ קיניג אַזוי אַרומצופֿאָרן אָן אַ סוויטע אָדער אַ שווערד אַפֿילו אַרום זיך? "

„נו, איך פֿאָר אַרום מיט אַ שוץ, מיין טייערע, ווי דו שפּירסט אַליין: און עס געגוגט מיר".

„זיכער איז עס היפּש געגוג, באמת. ווי־ווי, דו יונגער אויסלענדער, וואָס רופֿסט זיך אַן קיניג! דו טראָגסט זיך מיט אַ קניטקע פֿון אַ גאַסנרויבער, און איך האָב מורא דערפֿאַר! "

„מיין שטאָק איז אַ ריטל פֿון איגדראַזיל, דעם בוים פֿון אוני־ווערסאַלן לעבן: טהערזיט האָט אים מיר געגעבן, און די זאַפֿט וואָס ריזלט איז אים קומט פֿון דעם אונדער־פֿאַנטאַן, וואו די ערנסטע נאָרנס מאַכן געזעצן פֿאַר מענטשן און פֿאַר'חתמ'ענען זייערע גורלות".

„טהערזיט איז אַן אָפּשפּעטער, און זיינע מתנות זיינען חוזק. איך וואָלט ניט געוואָלט קיינע פֿון זיי".

די צוויי האָבן אָנגעהויבן שטרייטן, לחלוטין ניט מיט כעס, מכח דעם וואָס יורגען זאָל בעסער טאָן מיט זיין ווערטפֿולן שטאָק. „אַלנפֿאַלס, נעם אים אַוועק פֿון מיר!" זאָגט כלאָרים. האָט יור־גען באַהאַלטן זיין שטאָק וואו כלאָרים האָט אים קיין מעגלאַכקייט ניט געהאַט צו זען: און ער האָט צוגעצויגן די וואַלד־נימף צו זיך, און ער האָט צופֿרידן געלאַכט.

„אַך, אַך! דו געמיינער קיניג", האָט כלאָרים געשריען, „איך האָב מורא אַז דו וועסט מיר דערגיין די יאָרן! און דו האָסט קיין רעכט ניט מיך צו דריקן אויף דעם אופֿן, וואָרים איך בין ניט דיין אונטערטאַן".

„גלייכער וועסטו זיין מיין קיניגן, טייערע כלאָרים, קריגנ־דיק אַלץ וואָס איך שעץ אָממערסטן".

„אָבער דו ביסט צו באַהערשנדיק: און איך האָב מורא צו זיין אַליין מיט דיר און דיין גרויסן שטאָק! אַך! ניט אומזיסט פֿלעגט מיין מוטער זיך באַנוצן מיט דעם עאָלישן גלייכווערטל, 'דער קיניג איז גרויזאַם, און שעפּט געגוס פֿון בלוטפֿאַרגיסונג'! "

„ באַלד וועסטו פֿאַר מיר ניט מורא האָבן, ווי אויך וועסטו ניט מורא האָבן פֿאַר מיין שטאָק. געוואוינהייט איז אַלץ, וואָרים דאָס איז אויך אַן עאָליש גלייכווערטל: 'דער טעם פֿון דעם ערשטן איילבירט איז אומאַנגענעם, אָבער דער צווייטער איז גוט' ".

איצט איז פֿאַר אַ ווײַלע שטיל געווען אויסער די קליינע פֿאַרבאַרגענע שאַרכן פֿון דעם וואַלד. איינער פֿון די גרויסע היי־

שעריקן וואָס קומען אָפּט אין דעם אינדזל פון לויקע האָט געפּרואווט מאַכן אַ פּאַרזוך אויסצושרייען.

„וואַרט נאָר, קיניג יורגען, וואָרים איך הער זיכער פוסטריט, און אימיצער קומט אונז באַאומרואיקן".

„עס איז אַ ווינט אין די ביימערשפּיצן: אָדער פיליכט איז עס אַ גאָט וואָס איז אונז מקנא. איך שטעל זיך פאָר קיינעם פון זיי ניט אָפּ".

„אַך, אָבער דער מיט אַכטונג פון די געטער! וואָרים איז דען ניט דער האַר פון ליבע אַ גאָט, און אַן אייפערזיכטיקער גאָט וואָס האָט פליגל מיט וועלכע צו פאַרלאָזן אונדז ? "

„דאַן בין איך אַ גאָט, וואָרים ביי מיר אין האַרצן איז ליבע, און אין יעדן אָטעמצוג מיינעם איז ליבע, און פון מיר פליסט אַרויס איצט די ליבע".

„אָבער איך האָב זיכער געהערט אימיצן דערנענטערן זיך דורכן וואַלד —"

„נו, און שפּירסטו ניט אַז איך האָב צוריקגעצויגן מיין שטאָק פון זיין באַהעלטעניש ? "

„אַך, דו לייגסט גרויס געוויכט אויף דעם שטאָק דיינעם".

„איך האָב פאַר קיינעם ניט קיין מורא ווען איך צעשאָקל אים".

אַ צווייטער היישעריק האָט אָפּגעענטפערט דעם ערשטן. איצט זיינען די צוויי אינזעקטן געווען אין סאַמע ברען פון אויס־טענה'ן זיך, באַדעקנדיק די וואַרעמע פינסטערניש מיט זייער אייג־נעשפּאַרטן הוקען.

„קיניג פון עבאָניע, עס איז גאַנץ וואָר, דאָס וואָס דו האָסט מיר דערציילט וועגן איילבירטן".

„זיכער, וואָרים ליבע געבערט שטענדיק דעם אמת".

„הלואי געבערט עס צווישן אונדז בלויז אמת. און קיין אַנ־דער זאַך, קיניג יורגען".

„ניט ,יורגען' איצט, נאָר ,ליבער'".

„פאַרוואָר, מען דערציילט אַז אפילו אַזוינאַך, אין אַזאַ שטאָק־פינסטערניש, איז דער האַר פון ליבע געקומען צו זיין געליבטער, פּסיכע" .

„טאָ פאַרוואָס זשע קלאָגסטו זיך וואָס איך פאָלג פרום נאָך די געטער און באַט דער ליבע אַז די אויפריכטיקסטע אַרט שמייב־לונג ? " און יורגען האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיין שטאָק אין איך ווענדונג.

„אך, אָבער דו ביסט זונדערבאַר פאַרטיק מיט דיין שמייכ־לונג! און דער האַר פון ליבע האָט ניט גערדאָט דער פּסיכע מיט אַזא אומגעהייערן שטאָק“.

„דאָס איז מעגלאַך: וואָרים איך בין יורגען. און איך באַ־האַנדל געהעריק אַלע פרויען, און הייב ניט מיין שטאָק קעגן קיינעם פון זיי, סיידן אויף אַ פריינטלאַכן אופן“.

אַזוינאַך האָבן זיי געפּלוידערט, אין שטאָק־פינסטערניש, בשעת די היישעריקן, און באַלד אַ צוואַנציק שטיק פון זיי, האָבן זיך אי־בערגערעדט איינגעשפּאַרטערהייט. איצט זיינען כלאַרים און יור־גען אומזעבאַר געווען, אַפילו איינער דעם צווייטן, ווי זיי האָבן גערעדט אונטער איר דעמבענעם בוים: אָבער פאַר זיי האָבן די פעלדער געשיינט נעפּלדיק אונטער אַ גאָלד־געשטויבטן הימל, וואָ־רים די נאַכט האָט אויסגעזען צו זיין געבויט פון שטערן. און די ווייסע טורעמס פון פּסעוודאָפּאָלים אויך האָט יורגען געקאָנט זען, ווי ער האָט געלאַכט דאָרטן און געשעפּט פאַרגעניגן מיט כלאַריסן. ער האָט נאָכגערעדט אַז מסתּם האָבן אַכילעס מיט העלען אויך אַזוי געלאַכט, און האָבן ניט אַנדערש זייער צייט פאַרבראַכט, דאָרטן ערגעץ, אין דער נאַכט פון וואונדער.

ער האָט אַ זיפץ געטאָן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבן יורגען און די וואַלד־נימף גערעדט אויפסניי, פּונקט אַזוי פּלוידע־ריש, און די היישעריקן האָבן זיך איבערגעוואָרפן פּונקט אַזוי איינ־געשפּאַרט. שפּעטער איז די לבנה אויפגעגאַנגען, און זיי זיינען אַלע אַנשלאָפן.

מיט דעם באַגינען איז יורגען אויפגעשטאַנען, און איבער־געלאָזט די וואַלד־נימף אין שלאָף נאָך. ער איז געשטאַנען וואו ער האָט געקאָנט זען די גאַנצע שטאָט, און דאָס העמד פון נע־סוס האָט געבליאַסקעט אין די גלייכע זונשטראַלן. דאַן האָט ער אַ זיפץ געטאָן, און צוריקגעגאַנגען צו כלאַריסן, און אויפגעוועקט איר מיט דער אַרט באַגריסונג וואָס זי האָט געשיינט צו האָבן פאַרדינט.

## 28. פון פּשרות אין לויקע

איצט דערציילט די מעשה אַז צוען טעג שפּעטער זיינען יור־גען און זיין וואַלד־נימף געווען געהעריק פאַרהייראַט אין איינ־שטימונג מיט דעם געזעץ פונם וואַלד: אויף קיין מינוט האָט כלאַרים ניט גענומען אין באַטראַכט עפּעס אַ פאַרלעצונג פון אַנ־

שטענדיקייט, אזוי האָבן זיי געהייראַט דעם ערשטן אָוונט וואָס זי האָט געקאָנט צונויפזאַמלען אירע קרובים.

„דאָך כלאַרים, האָב איך שוין צוויי ווייבער", זאָגט יורגען. „און עס איז בלויז רעכט זיך מודה צו זיין".

„איך האָב געדענקט אַז ערשט נעכטן ביסטו אָנגעקומען קיין לויקע".

„דאָס איז אמת: וואָרים איך בין געקומען מיט דעם עק־ ווינאָקס, איבער דעם לאַנגן ים".

„דאַן האָט יוגאַטינוס ניט געהאַט קיין צייט צו פאַרהייראַטן דיך צו קיינעם, און זיכער וואָלט ער קיינמאָל ניט געדענקט פון פאַרהייראַטן דיך צו צוויי ווייבער. וואָס רעדסטו אַזעלכע נאַ־ רישקייטן ?"

„ניין, עס איז אמת, עס איז ניט יוגאַטינוס וואָס האָט מיך פאַרהייראַט".

„נו שוין ! " זאָגט כלאַרים, גלייך ווי דאָס וואָלט געשלאָסן דעם גאַנצן עסק. „איצט זעסטו דאָך".

„נו, יאָ, גאַנץ זיכער", זאָגט יורגען, „דאָס וואַרפט אַ גאַנץ אַנדער ליכט דערויף, איצט אַז איך דענק דעריבער".

„עס איז אַן אונטערשיד דורכויס אין דער וועלט".

„איך וואָלט קוים אַזוי ווייט געגאַנגען. דאָך שפּיר איך אַז עס איז אַן אונטערשיד".

„נו, דו רעדסט ווי קיינער וואָלט ניט געוואוסט אַז יוגאַטי־ נוס פאַרהייראַט מענטשן".

„ניין, טייערע, לאָמיר זיין פּאַרנונפטיק! איך האָב ניט אַזוי פּינקטלאַך זיך אויסגעדריקט".

— „און גלייך ווי קיינער וואָלט ווען ניט פאַרהייראַט גע־ וואָרן דורך יוגאַטינוסן".

„יאָ דאָ אין לויקע, פּיליכט. אָבער אויסער לויקע, דו פאַר־ שטייסט, מיין ליובע ! "

„אָבער קיינער טרעט ניט אַרויס פון לויקע. קיינער דענקט ניט ווען צו פאַרלאָזן לויקע. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ שטות׳עריי".

„דו מיינסט קיינער פאַרלאָזט ניט ווען דעם אינדזל ?"

„קיינער ווענן ווען זאָלסט אַמאָל הערן. פאַרשטייט זיך, עס זיינען פאַראַנען די אָפּגעלעבטע הויז־געטער, אָן וואָס פאַראַ געזעלשאַפטלאַכן שטאַנד, ווען די קיניגס פון פּסעוודאָפּאָלים נעמען אַמאָל מיט אין אַרומרייזן".

„פונדעסטוועגן הייראטן דאך מענטשן פון אנדערע לענדער".

„ניין, יורגען", האט כלארים געזאגט, פאראומערט. „עס איז א רעגל, וואס דער יונגאטינוס האט, ניט צו פארלאזן דעם אינדזל: און איך בין ווירקלאך זיכער אז ער האט קיינמאל ניט גענומען אין באטראכט אפילו אזא אומגעהערטע זאך: אזוי, פארשטייט זיך, אז די מענטשן פון אנדערע לענדער קאנען ניט הייראטן".

„גוט, אבער, כלארים, אין עבאניא —"

„אלזא, אויב עס ארט דיך ניט, טייערער, דענק איך מיר זאלן גלייכער רעדן וועגן עפעס אנגענעמערס. איך פארדענק אייך ניט, מענער פון עבאניא, ווייל אלע מענער זייגען אין אזעלכע ענינים פול־קאם אומפאראנטווארטלאך. און פיליכט איז עס ניט אינגאנצן די שולד פון די פרויען, אויך, כאטש איך דענק אז יעדע ווירק־לאך זעלבסט־אכטנדיקע פרוי וואלט געהאט שטארקן כאראקטער גענוג ניט צו זיין פארמישט אין אזעלכע אומרעגלמעסיקע באציאונ־גען, און אזויפיל בין איך גענויט צו זאגן. אזוינאך לאמיר מער ניט רעדן וועגן די פערזאנען וועמען דו באצייכנסט אלס דיינע ווייבער. עס איז גאנץ פיין פון דיר, טייערער, אזוי זיי אנצורופן, און מיר געפעלט דיין איידלקייט. דאך גלויב איך ווירקלאך אז מיר זאלן גלייכער רעדן וועגן עפעס אנדערש".

יורגען האט זיך איבערלייגט: „דאך דענקסטו ניט, כלארים, אז אין דער אפוועזנהייט פון יוגאטינוס — און אין, ווי איך פאר־שטיי דאס, דער אומפארמיידלאכער אפוועזנהייט פון יוגאטינוס — קאן אימיצער אנדערש אויספירן דעם צערעמאניאל?"

„יא זיכער, אויב זיי זאלן וועלן. אבער עס וואלט גארניט באטייט. קיינער אויסער יוגאטינוס קאן ווירקלאך ניט געבן חופה וקדושין. און אזוינאך, פארשטייט זיך, גיט קיינער ניט".

„וואס מאכט דיך צו זיין אזוי איבערצייגט אין דעם?"

„נו, ווייל", האט כלארים געזאגט, יובלענדיק, „קיינער האט קיינמאל ניט געהערט פון אזא זאך".

„דו האסט אויסגעדריקט א גאנצן קאדעקס פון פילאזאפיע. לאמיר אן שום אפהאלט גיין צו יוגאטינוסן און הייראטן".

אזוי האט זיי יוגאטינוס פארהייראט, לויט דעם מנהג נאך וועלכן די מענטשן פון דעם וואלד זייגען שטענדיק פארהייראט געווארן פון יוגאטינוסן. ערשטנס האט ווירגא צעלאזט דעם גארטל ארום כלאריסן אויף אזא אופן ווי עס איז געווען אנגענומען; און כלארים, נאכן זיצן פיל לענגער ווי יורגענען איז געפאלן אויף דער קני ביי מוטינוסן (וועלכער איז געווען אין דעם שטאט וואס דער

מנהג האָט געפּאָדערט פון אים) איז צוריקגעפירט געוואָרן צו יור־געגען פון דאַמידוקסן אויף דעם אופן פון פּאַרצייטיקן מנהג; סור־ביגאָ האָט אָפּגעטאָן איר געוויינלאַכן חלק; דאַן האָט פּרעמאָ אָנגעכאַפּט דער כלה׳ס פולע אָרעמס: און אַלץ איז געשען פול־קאָם אָרדנטלאַך.

דערנאָך האָט יורגען אָנגעווענדט זיין שטאָק אויף דעם אופן ווי טהערזיט האָט געהייסן: און דערנאָך האָט יורגען זיך באַ־זעצט מיט כלאַריסן אין דעם פּאָרוואַלד, און אויפגעפירט זיך לויט די מנהגים פון לויקע. איר בוים איז געווען אַ גאַנץ גרויסער דעמב, וואָרים כלאַרים איז איצט געווען אין איר צוויי־הונדערט־און־זעקס־און־זעכציקסטן יאָר; און צוערשט האָט דער גראָמער שטאַם פון בוים זיי געהאַלטן אין זיין שוץ. אָבער שפּעטער האָט זיך יורגען אויסגעבויט אַ קליין הייזל מיט אַ סטריכע פון פייגלשע פליגל, און זיך געמאַכט באַקוועמער.

„עס איז גוט געגוג פאַר דיר, מיין טייערע, פּאָרוואָר עס ווערט דערוואַרט פון דיר צו וואוינען אין אַ בוים־שטאַם. אָבער עס מאַכט מיך פילן אומבאַקוועם ווי אַ וואָרם, און עס אונטער־שטרייכט איבעריקנס די באַשרענקונגען פון פאַרהייראַטן לעבן. אויסערדעם, ווילסטו מיך ניט האָבן אונטער דיינע פיס די גאַנצע צייט, ניט איך דיך. ניין, לאָמיר קולטיווירן אַ פאַרנונפטיקע אָפּ־ווייכונג פון פאַמיליאַרקייט: דאָס איז איין סוד פון אַ דויערנ־דיקער, מחמת דערטרעגלאַכער, הייראַט. אָבער פאַרוואָס איז עס, כ׳בעט דיך, וואָס דו האָסט קיינמאָל פריער ניט געהייראַט אין די אַלע יאָרן?"

זי האָט אים געזאָגט. צוערשט האָט איר יורגען ניט געקאָנט גלויבן, אָבער באַלד איז יורגען געווען איבערצייגט דורך ווייניקסטן צוויי פון זיינע חושים, אַז וואָס כלאַרים האָט אים געזאָגט וועגן וואַלד־נימפן, איז געווען וואָר.

„אויסערדעם ביסטו ניט פיל אַנדערש ווי די פרויען פון עבאָניאַ", זאָגט יורגען.

און איצט האָט יורגען באַגעגנט אַ סך „מענטשן פון דעם וואַלד", נאָר זינט כלאַרים׳ בוים איז געשטאַנען אין עק פון דעם וואַלד, האָט ער פיל מער געזען „די מענטשן פון פעלד", וועלכע האָבן געוואוינט צווישן דעם וואַלד און דער שטאָט פּסעוודאָפּאָ־לים. דאָס זיינען געווען די שכנים און די געוויינלאַכע מיטמענטשן פון כלאַרים און יורגען. כאָטש אַמאָל אין אַ ווייַלע, פאַרשטייט זיך, פלעגן פאָרקומען משפחה־פאַרזאַמלונגען אין דעם וואַלד. אָבער

באלד האָט יורגען געפונען אַ גענוג גוטע אורזאַך מיסצוטרויען די „מענטשן פון וואַלד", און איז ניט געגאַנגען צו קיינע פון די פאַר־זאַמלונגען.

„וואָרים אין עבאַניאַ", האָט ער געזאָגט, „לערנען מיר אַז דעם ווייבס קרובים וועלן דיר קיינמאָל גאָרניט אויסוואַרפן אין די אויגן, אַזוי לאַנג ווי דו ווייכסט אָפּ פון זיי. און וואָס נאָך, קיין גע־שייטער מענטש דערוואַרט עס ניט".

דערווייל האָט קיניג יורגען זיך געוואונדערט אויף „די מענטשן פון פעלד", וועלכע זיינען געווען זיינע שכנים. זיי האָבן אַלע, איינציקוויז און צוזאַמען, געטאָן דאָס וואָס זיי האָבן שטענדיק געטאָן. אַזוי האָט רונסינאַ געזען אַז די פעלדער זאָלן אויסגע־רייניקט ווערן פון די אומנוציקע געוואוקסן: זעיאַ האָט אויפגע־פּאַסט אויף די זאָמען בעת זיי זיינען געלעגן פאַרגראָבן אין דער ערד: נאָדאָזאַ האָט איינגעאָרדנט די קניפּלאַך און געלענקן פון די גרעזלאַך; וואָלוסיאַ האָט געפּאָלבט די בלעטלאַך אַרום די זאַנ־גען; יעדע איינע האָט געהאַט אַ פליכט פון פאַרציימנס. און עס איז קוים ווען אַ טאָג געווען וואָס אימיצער זאָל ניט זיין פאַרנומען אין די פעלדער, צי איז עס געווען אַקאַטאַר אַקערנדיק אָדער סאַטאַר און סאַריטאָר מיטן טאָרבעלע זריעה און די גראַבליעס, אָדער סטער־קוטיום באַמיסטיקנדיק דאָס לאַנד: און היפּאָנאַ איז שטענדיק געווען פאַרטאָן ערגעץ אין איין אָרט אָדער אין אַ צווייטן, צוזעענ־דיק די פערד, אָדער בובאָנאַ דאָרט באַזאָרגנדיק די פי. עס איז קיינמאָל ניט געווען שאַ־שטיל אויף די פעלדער.

„און פאַרוואָס טוט איר די זאַכן יאָר־איין יאָר־אויס?" האָט יורגען געפרעגט.

„וואָס הייסט, מיר האָבן שטענדיק די זאַכן געטאָן", האָבן זיי געזאָגט, שטאַרק פאַרוואונדערט.

„יאָ, אָבער פאַרוואָס ניט אויפהערן אַמאָל?"

„ווייל אַזוינאַך וואָלט די אַרבעט אויפגעהערט. די תבואה וואָלט אומגעקומען, די פי וואָלט אומגעקומען, און די פעלדער וואָלטן געוואָרן ווילדערנישן".

„אָבער ווי איך פאַרשטיי, איז דאָס ניט אייער תבואה. און ניט אייער פי, ווי אויך ניט אייערע פעלדער. אייך קומט גאָרניט אַרויס דערפון. און עס איז ניטאָ אַזעלכעס וואָס זאָל שטערן איי־ער אויפהערן די אומענדלאַכע אַרבעט, און לעבן ווי די „מענטשן פון וואַלד", וועלכע טוען ניט קיין שווערע אַרבעט".

„איך גלויב אַז ניט!" האָט אַריסטעאוס געזאָגט, און זיינע

ציין האָבן אַ בליץ געטאָן אין אַ שמייכל וואָס איז געווען זייער אנגענעם צו זען, ווי ער האָט געהאַלטן אין דריקן דעם איילבירט־זייער. „ווער האָט ווען געהערט אַז „די מענטשן פון וואַלד" זאָלן טאָן נוצלאָכע ארבעט!"

„יאָ, אָבער," זאָגט יורגען, גערולדיק, „דענקט איר אַז איר האַנדלט געהעריק קעגן זיך זעלבסט מיט דער אייביקער נודנער פּאַרטועַנקייט אין עבודת פּרך ווען קיינער צווינגט אייך ניט דער־צו? פאַרוואָס מאַכט איר זיך ניט אַמאָל אַ יום־טוב?"

„קיניג יורגען," האָט פאַרנאַקס געענטפערט, אַרויפּבליקנ־דיק פון דעם אויווּנדל וואו זי האָט געטריקנט זאַנגען, „דו רעדסט גלאַט אין דער וועלט אַריין. „די מענטשן פון פעלד" האָבן קיינמאָל ניט געפּראַוועט קיין חגאות. קיינער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ זאַך."

„מיר זאָלן עס פאַרוואָר דענקען!" האָבן די אַלע אַנדערע גע־זאָגט קלוגאַרטיק.

„אַך, אַך!" האָט יורגען געזאָגט, „איז דאָס אייער פאַרניכטנ־דיקע אורזאַך! נו, איך וועל זיך נאָכפרעגן מכח דעם ביי „די מענטשן פון וואַלד", וואָרים זיי האָבן פיליכט מער שכל."

דאַן ווי יורגען האָט געהאַלטן ביים אַריינטרעטן אין וואַלד אַריין, האָט ער אָנגעטראָפן טערמינוס, אַן אויסגעזאַלבטן, און באַקרוינט מיט אַ קרענצל רויזן, און שטייענדיק שאַ־שטיל.

„אהא," האָט יורגען געזאָגט, „הייסט עס אַט איז איינער פון „די מענטשן פון וואַלד" וואָס קלייבט זיך צו גיין אין די פעלדער ארויס. אָבער ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט, מיין פריינט, וואָלט איך אויסגעמיטן אַזעלכע נאַרישע פלעצער."

„איך קום קיינמאָל ניט אין די פעלדער".

„הא, דאַן קערסטו זיך צוריק אין וואַלד אַריין."

„אָבער ניט. ווער האָט ווען געהערט איך זאָל גיין אין וואַלד אַריין!"

„פאַרוואָר, איצט אַז איך באַטראַכט דיך שטייסטו דאָ בלויז."

„איך בין שטענדיק דאָ געשטאַנען", האָט טערמינוס געזאָגט.

„און דו רירסט זיך קיינמאָל ניט?"

„ניין", האָט טערמינוס געזאָגט.

„און צוליב וואָס פאַרא אורזאַך?"

„ווייל איך בין שטענדיק דאָ געשטאַנען ניט רירנדיק זיך," האָט טערמינוס געענטפערט. „וואָס הייסט, איך זאָל זיך אַ ריר טאָן וואָלט געווען אַ גאַנץ אומגעהערטע זאַך".

האָט אים יורגען איבערגעלאָזט און אוועק אין וואַלד אריין.

און דאָרט האָט יורגען אָנגעטראָפן אַ שמייכלדיקן יונגנמאַן, וואָס איז געריטן אויף אַ גרויסן באַראַן. דער יונגערמאַן האָט געהאַלטן זיין לינקן ווייזפינגער אויף זיינע ליפּן, און זיין רעכטע האַנד האָט געהאַלטן אַ שטוינענדיקע זאַך צו ווייזן אַזוי אין דער עפּנטלאַך.

„אָבער, הער נאָר! אַך! נו, ווירקלאַך, מיין האַר —!" זאָגט יורגען.

„באַה!" זאָגט דער באַראַן.

אָבער דער שמייכלענדיקער יונגערמאַן האָט אַ וואָרט ניט אויס־געַרעדט ווי ער איז פאַרבייגעריטן יורגענען, וואָרים עס איז ניט דער מנהג פון האַרפּאָקראַטעסן צו רעדן.

„וואָס וואָלט געווען גאַנץ וואויל," האָט יורגען נאָכגעדענקט, „אויב זיין מנהג וואָלט נאָר ניט פאַראורזאַכט די שטייפקייט און פאַרלעגנהייט פון אַנדערע."

דערנאָכדעם האָט יורגען זיך אָנגעשטויסן אויף אַ היפּשן גע־רודער אין די קוסטן, וואו אַ סאַטיר האָט זיך געשפּילט מיט אַ באַרג־נימף.

„נו, נו! דער וואַלד איז גאָרניט קיין בכבוד'יקער!" האָט יורגען געזאָגט. „האָט איר גאָרניט קיין עטישע און מאָראַלישע זיטן, איר „מענטשן פון וואַלד"! פאַרמאָגט איר ניט קיין שום גע־פיל פון פאַראַנטוואָרטלאַכקייט, זיך צו לאָזן אַזוי וואוילגיין אין אַן ארבעטסטאָג?"

„וואָס? ניין," האָט געענטפערט דער סאַטיר, „פאַרשטייט זיך אַז ניט. קיינער פון מיין שטאַם האָט ניט צו טאָן מיט אַזעל־כע זאַכן. און אַזוינאַך איז די נאַטירלאַכע עובדא פון אַלע סאַ־טירן דאָס וואָס דו אונטערברעכסט איצט."

„פּיליכט זאָגסטו דעם ריינעם אמת," האָט יורגען געזאָגט. „דאָך מעגסטו זיך שעמען דערפאַר וואָס דו זאָגסט ניט קיין ליגן."

„אַז אַ סאַטיר זאָל זיך שעמען וואָלט פאַרוואָר געווען אַן אומגעהערטע זאַך! איצט גיי דירה, דו מיט דיין גלאַנציק העמד! וואָרים מיר האַלטן אין דערלערנען די פילאָסאָפיע וועגן דער מאָ־ראַלישער פליכט פון וואוילזיין, און דו פלוידערסט, און איך בין פאַרנומען, און דו דערעסט מיר," האָט דער סאַטיר געזאָגט.

„גוט, אָבער אין קאַקאַאין," האָט יורגען געזאָגט, „איז די מאָראַלישע לערע פון וואוילזיין באַטראַכט געוואָרן אַלס פאַרוויי־לונג הינטער פאַרמאַכטע טירן."

„און האָסטו ווען געהערט וועגן אַ ניט־דרויסנדיקן סאַטיר?"

„נו, באהים זאָלן מיר ווערן פון בייז און לייד! אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דעם?“

„פאַרזוך ניט צו פאַררעדן די ציין, דו גלאַנציקער לעקיש, וואָרים איצט זעכטו אַליין אַז דו בעבעסט גלאַט אין דער וועלט אַריין. און איך ווידערהאָל אַז אַזאַ אומגעהערטע טפּשות רייצט מיך אויף,“ האָט דער סאַטיר געזאָגט.

די באַרג־נימף האָט געשוויגן. אָבער זי האָט אויך אויסגעזען צו זיין געערגערט, און יורגען האָט רעפלעקטירט אַז עס איז מסתם ניט געווען דער מנהג פון באַרג־נימפן געוועטעט צו ווערן פון די מאַראַליש־וואַוילזיין איבונגען פון סאַטירן.

אַזוינאָך האָט יורגען זיי פאַרלאָזט: אָבער טיפער אין וואַלד האָט ער געפונען אַ פליביק־קעפיקן איינגעקאַרטשעטן אַלטן מאַן, מיט אַ גרויסן בויך, און אַ פלאַטשיקער רויטער נאָז און קליינטשיקע טריף־איינגעלאָך. איצט איז דער אַלטער געווען אַזוי הילפלאָז פאַרשניאַשקעט אַז ער האָט ניט געקאָנט שטעלן אַ פוס. אָנשטאָט איז ער געזעסן אויף דער ערד, און זיך אָנגעלענט אויף אַ בוים־שטאַם.

„דאָס איז אַן עקלהאַפטער צושטאַנד אין וועלכן דו געפינסט זיך אַזוי פרי דעם מאָרגן,“ האָט יורגען באַמערקט.

„אָבער סילענוס איז שטענדיק באַטרונקען“. האָט דער פליביק־קעפּיקער מאַן געענטפערט, מיט אַ ווירדיקן שלוקעכץ.

„אַט האָסטו דיר אַ צוויימן! נו, און פאַרוואָס ביסטו שטענדיק באַטרונקען, סילענוסל?“

„וואָרים סילענוס איז דער קלוגסטער צווישן „די מענטשן פון וואַלד“.

„אַך, אַך, אָבער איך בעט אַנטשולדיקונג. וואָרים אַט איז לסוף דאָ איינער וואָס האָט אַ שיינבאַרן אויסרייד פאַר זיין טאַנטעגלאַכער באַשעפטיקונג. טאָ הער זשע, סילענוס האַרציקער, אַז דו ביסט יאָ אַזאַ חכם, זאָג זשע מיר, דאָן, איז עס ווירקלאַך דאָס גרעסטע גליק פון אַ מענטשן שטענדיק צו זיין באַטרונקען?“

„עס הויבט זיך ניט אָן. שכרות איז אַ געניוס אויסשליסלאַך פאַר די געטער: אַזוי טיילנעמען מענטשן דערפון ניט אויף קיין פרומען אופן, און אַזוי ווערן זיי גאַנץ געהעריק באַשטראָפט פאַר זייער חוצפה. פאַר מענטשן איז דאָס בעסטע קיינמאָל ניט געבוירן צו ווערן; אָבער ווערנדיק געבוירן, צו שטאַרבן גאַנץ גיך.“

„אַך, יאָ! אָבער אַז ניט ביידע?“

„איז די דריטע גלייכסטע זאַך פאַר אַ מענטשן צו טאָן דאָס

וואָס שיינט דערוואַרט צו ווערן פון אים," האָט סילענוס נעענט־פערט.

„אָבער דאָס איז דער געזעץ פון פיליסטערטום: און מיט פי־ליסטערטום, גיט מען מיר איבער, האַלט פסעוודאָפּאָלים מלחמה."

סילענוס האָט מעדיטירט. יורגען האָט אָנגעדעקט אַן אומ־באַקוועמע זאַך וועגן דעם אַלטן, און עס איז געווען דאָס וואָס זיינע טריפנדיקע אייגעלאַך האָבן ניט געבלינצט ווי אויך האָבן זיינע לעדלאַך קיין ציטער ניט געטאָן. זיינע אייגעלאַך האָבן זיך באַוועגט, ווי דורך כשוף וואָלטן די אוינן פון אַ געמאָלענער סטאַטוע זיך שוידערלאַך באַוואויגן אונטער גאַנץ באַוועגלאָזע רויטע לעדלאַך. דערפאַר איז עס געווען אומבאַקוועם ווען די אייגעלאַך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דיר.

„יונגערמאַן אין גלאַנציקן העמד, איך וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד: און דאָס איז אַז די פיליסטער זיינען באַשאַפן געוואָרן אין דעם געשטאַלט פון קאַשטשעי וועלכער האָט געמאַכט אייניקע זאַכן ווי ז י י זיינען. טראַכט זיך גוט איין! אַזוינאַך טוען די פיליסטער דאָס וואָס איז לפנים צו דערוואַרטן. און די איינ־וואוינער פון לויקע זיינען באַשאַפן געוואָרן אין דעם געשטאַלט פון קאַשטשעי וועלכער האָט געמאַכט גאַנץ אַנדערע זאַכן ווי ז י י זיינען: דערפאַר פירן זיך די איינוואוינער פון לויקע אויף לויט דעם וואָס איז אָנגענומען, האַלטנדיק זיך ביי דער קלאַסישער טראַדיציע. טראַכט זיך גוט איין אין דעם אויך! דאַן קלייב דיר אויס דיין צד אין דער מלחמה, געדענקענדיק אַז דו האַלטסט יד אחת מיט אומזין, פון וואָס פאַרא צד זאָלסט ניט זיין. און ווען דאָס געשעט וואָס וועט געשען, זאָלסטו געדענקען ווי סילע־נוס האָט דיר פּינקטלאַך פאָרויסגעזאָגט וואָס עס וועט האָבן גע־שען, אַ לאַנגע צייט איידער עס איז געשען, וואָרים סילענוס איז געווען אַזוי אַלט און אַזוי קלוג און אַזוי לוט־שכור און אַזוי זייער, זייער שלעפעריק."

„יאָ, גאַנץ געוויס, סילענוס: אָבער ווי וועט די מלחמה זיך ענדיקן?"

„טעמפּקייט וועט בייקומען טעמפּקייט: און עס וועט ניט אויסמאַכן."

„אַך, יאָ! אָבער וואָס וועט ווערן, אין דעם גאַנצן קאַמף, פון יורגענען?"

„דאָס וועט אויך ניט אויסמאַכן," האָט סילענוס געזאָגט, באַקוועם. „דו וועסט קיינעם ניט אָנגיין". און דערמיט האָט

ער צוגעמאכט זיינע שוידערהאפטע טריט־איינגעלאך און אנשלאפן געווארן.

אזוי האט יורגען פארלאזט דעם אלטן זויפער, און גענומען זיך פארלאזן דעם וואלד אויך. „ווארים אן צווייפל זיינען אלע מענטשן אין לויקע איינשטימיק צו טאן כפי מנהג," האט יורגען נאכגעדענקט. „פאר דער אומבאאנטווארטלאכער אורזאך וואס דאס איז זייער געוואוינהייט, און שטענדיג דאס געווען. און זיי וועלן אויפהערן די איבונגען ווען די קאץ עסט חזיר'שע ניסלאך, אבער ניט פריער. אזוינאך איז עס געשייטער ניט מער צו גלידערן זיך אין דעם ענין. ווייל נאך אלעמען קאנען די מענטשן זיין גאנץ גערעכט; און זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז זיי זיינען אומגערעכט." יורגען האט געצויגן דעם אקסל. „פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט—"

צוריקקערנדיק זיך איצט צו זיין הייזל, האט יורגען דער־הערט א שרעקלאכן ארט קאוואוטשען און שרייען ווי פון משוגעים.

„זיי נעגריסט, טאכטער פון דעם פארשידן־געפורמטן פראטא־גאנוס, דו וועלכע שעפסט פארגעניגן פון בערג און קאמפן און קע־סעל־געפויק! זיי געגריסט, דו פארפירערישע אויסלייזערן, מוטער פון אלע געטער, וואס טוסט קומען איצט, צופרידן מיט לאנגע וואנדערונגען, צו טאן געגאד מיט אונדז!"

אבער דער געפילדער האט אנגעהויבן ווערן אזוי אומאנגענע־מער וואס אמאל אז יורגען האט זיך איצט צוריקגעצויגן צו א גע־דיכט וועלדל: און פון דארטן האט ער בייגעזען א מערקווירדיקע פראצעסיע דורכגיין דעם וואלד. עס זיינען געווען שטריכן פאר־בונדן מיט דער פראצעסיע אומגעווייינלאך געגוג זיי זאלן פאראור־זאכן יורגענען צו שווערן אז דער געווינשטער מאמענט אין וועלכן ער איז נעגאנגען אומגעשעדיקט פון דעם וואלד וועט פארצייכענען דעם סוף פון זיין לעצטן באזוך דארט. דאן האט שטוינונג גע־שטרויכלט דעם גאנג פון טרער: ווארים איצט איז פארבייגעפארן מוטער סערעדא, אדער, ווי אנאאיטיס האט איר אנגערופן, עזרעד. היינט, אנשטאט א האנטוך ארום איר קאפ, האט זי גע־טראגן א מין קרוין, געפורמט ווי א קרייזל פון צעקרישלענדיקע טור־רעמס: זי האט געטראגן א גרויסן שליסל, און איר רייטוואגן איז געווען געשלעפט פון צוויי לייבן. זי איז געווען באוואכט פון וואיענדיקע ווענגס, מיט געגאלטע קעפ; און עס איז געווען צו באמערקן אז די ווענגס האבן זיך נעשיידט פון איינגטום וואס יור־גען האט טייער געהאלטן.

„דאָס איז אַן צווייפל,“ האָט ער געזאָגט, „איינער פון די אומגעזונטסטע וועלדער“.

יורגען האָט נאָכגעפרעגט וועגן דער פּראָצעסיע, שפּעטערצו, און פון כלאָריסן האָט ער געקראָגן די אויסקונפט וואָס האָט אים דערשטוינט.

„און דאָס זיינען די וועזנס וועלכע איך האָב געהאַלטן פאַר פּאָעטישע פליטערלאַך פון אויסדרוק! אָבער וואָס האָט די אַלטע פרוי צו טאָן אין אַזאַ ערהאַבענער געזעלשאַפט?“

ער האָט באַשריבן מוטער סערעדאַ, און כלאָריס האָט אים געזאָגט ווער דאָס איז געווען. איצט האָט יורגען געשאָקלט זיין גלאַט־פאַרקעמטן שוואַרצן קאָפּ.

„זע נאָר זע, אַן אַנדער מיסטעריע! דאָך נאָך אַלעמען איז עס ניט מיין געשעפט אויב די אַלטע וויל דוקא צוליגן נאָך אַן אַנאַגראַם. איך וועל זיין דער לעצטער מענטש צו טאַדלען זי. אויף אַזוי פיל אויף וויפל עס איז מיר שייך איז זי געווען מער ווי מילד. מילא, איך וועל אָנהאַלטן איר פריינטשאַפט א דאַנק דעם אומפעלבאַרן רעצעפּט פון אויסמיידן זי. אַ, אָבער איך וועל זי זיכער אויסמיידן איצט אַז איך האָב באַמערקט וואָס עס ווערט געטאָן צו די מאַנספאַרשוינען וואָס דינען איר.“

און נאָך דעם האָבן יורגען און כלאָריס געלעבט זייער אַנגענעם צוזאַמען, כאָטש יורגען האָט אָנגעהויבן געפינען זיין וואַלד־נימף פאַר עטוואָס באַגרענעצט, אויב ניט ממש טעמפּ.

„זי פאַרשטייט מיך ניט און זי באַהאַנדלט ניט שטענדיק מיין ערהאַבענע ווייזהייט גאַנץ געהעריק. דאָס איז אומרעכט אָבער עס שיינט צו זיין אַן אומפאַרמיידלאַכער שטריך אין פאַרהייראַטן לעבן; אויסערדעם, אויב וואָס פאַרא פרוי זאָל מיך ווען געווען האָבן פאַרשטאַנען וואָלט זי זיך, אויס זעלבסטשוץ, געוועזן אָפּגעזאָגט מיך צו הייראַטן. יעדנפאַלס איז כלאָריס א טייערער ברוינער פעטער געשמאַקער ביסן פון א ליבער. און שכל אין פרויען איז, נאָך אַלעמען, א פאַרשווענדטע מעלה“.

און יורגען איז ניט צוריקגעגאַנגען אין וואַלד אריין, אויך איז ער ניט אַראָפּגעקומען אין דער שטאָט. קיינער פון די מענטשן סיי פון וואַלד, סיי פון די פעלדער זיינען ווען אַריבערגעטראָטן פון יענער זייט שטאָט־טויערן. „אָבער איך וואָלט גערענקט אַז דו וואָלסט געגליכן צו זען די מערקווירדיקייטן פון פּסעוודאָפּאָליס,“ זאָגט כלאָריס. „און די לייטישע קיניגן זייערע,“ האָט זי צוגעגעבן, כמעט ווי זי וואָלט גערעדט אין פאַרבאַרענקונג.

„פֿרוי טייערע", זאָגט יורגען, „איך וויל ניט אויסזען באַרי־מעריש. אָבער אין עבאָניאַ, הער! — מילאַ, אָבער מיר מוזן ווירקלאַך אַמאָל זיך אומקערן אין מיין קיניגרייך, און דו וועסט דיר אַרומקוקן פֿאַר זיך אַליין אַ טוץ אָדער צוויי פֿון מיינע שטעט — זיף און עגלינגטאָן און פֿואַסיע און גאָזדן און בערמבורג, אַלג־פּאַלם. און דאָן וועסטו מיר צוגעבן אַז דער קליינער ישוב פּסעוור־דאַפּאַליס, כאָטש גוט גענוג אויף זיין אופֿן —!" און יורגען האָט אַ ציי געטאָן דעם אַקסל. „אָבער מער ווי דאָס צו זאָגן!"

„אַמאָל", האָט דאָלאָרעס געזאָגט, „וואונדער איך זיך אויב עס איז ערגעץ פֿאַראַן עפּעס אַזאַ פּלאַץ ווי דיין וואויל קיניגרייך עבאָ־ניאַ: וואָרים עס ווערט אָן צווייפֿל אַלץ גרעסער און שענער וואָס אַמאָל מער דו רעדסט פֿון דעם".

„נו, קאָן עס זיין," פֿרעגט יורגען, מער באַליידיקט ווי אויפֿ־געבעגט, „אַז דו פֿאַרדעכטיקסט מיך אין אומפּראַנקע געשעפֿטן און, אין קורצן, אַלס שווינדלער!"

„נו, וואָס מאַכט עס אוים? דו ביסט יורגען," האָט זי גע־ענטפֿערט, גליקלאַך.

און דער מאַן איז געווען גערירט ווי זי האָט געשמייכלט צו אים אַריבער דער גליענדיקער טשיקאַווער שטיקעריי ביי וועלכער בלאָרים האָט געשיינט שטענדיק צו אַרבעטן: ער איז געווען באַ־וואוסטזיניק איבער אַ צערטלאַכקייט צו איר וואָס איז מאָדנע געווען פֿול מיט עגמת נפֿש. און עס האָט זיך אים געדאַכט אַז אויב ער האָט געקענט ליבלאַכערע פֿרויען האָט ער אָבער זיכער אין ערגעץ ניט געפֿונען קיין ליבווירדיקערע ווי עס איז געווען דאָס פֿול און פֿאַרנומען און מילד־געמיטיק קליין ווייבל זיינס.

„מיין טייערע, איך וועל ניט זען די קיניגן העלען מער, און דאָס איז אַ באַשטימטע זאַך. איך בין וואויל צופֿרידן דאָ, מיט אַ ווייב וואָס פּאַסט זיך מיין שטאַנד, צוגעמאָסטן צו מיינע מעלות, און איבערשטייגט אומגעהייער מיינע פֿאַרדינסטן."

„און טראַכסטו וועגן דעם פּאַקליע־קעפּיקן באָב־שטאָנג זייער אָפּט, קיניג יורגען?"

„דאָס איז ניט רעכט, און דו טוסט מיר אַן עולה, בלאָרים, מיט די אומפֿאַרדינטע פֿאַרדעכטונגען. עס פּייניקט מיך צו רע־פֿלעקטירן, מיין טייערע, אַז דו שעצסט דעם בונד צווישן אונדז אַזוי לייכט אַז דו קאָנסט מיך באַטראַכטן פֿאַר פֿעאיק צו צעברעכן אים אַפֿילו אין געדאַנק"

„צו רעדן וועגן גערעכטיקייט איז גאַנץ פיין און וואויל. אָבער עס איז ניט קיין ענטפער אויף אַן איינפאַכער פראַגע".

יורגען האָט איר גלייך געקוקט אין די אויגן אריין: און ער האָט זיך צעלאַכט. „איר פרויען זייט אזוי אומגעווייסנהאַפט פראַק־טיש. מיין טייערע, איך האָב געזען קיניגן העלען פּנים אל פּנים. אָבער עס איז דו וועמען איך האָב ליב ווי אַ מאַן האָט געוויינלאַך ליב אַ פרוי."

„דאָס איז ניט פיל געזאָגט."

„ניין: ווארים איך זע צו רעדן אין דער איינשטימיקייט מיט מיין פאַרנעם, דו פאַרגעסט אז איך האָב אויך געזען אַכילעסן."

„אָבער דו האָסט אַכילעסן באוואונדערט! דו האָסט מיר אזוי אליין געזאָגט."

„איך האָב באוואונדערט די פולקאָמנהייטן פון אַכילעסן, אָבער איך האָב גרינטלאַך פיינט דעם מאַן וואָס באַזיצט זי. דער־פאַר וועל איך זיך האַלטן פונדערווייטן פון ביידע, סיי דעם קיניג סיי דער קיניגן פון פסעוודאָפּאַלים."

„דאַך ווילסטו ניט גיין אין וואַלד אריין אויך, יורגען —"

„ניט נאָך דעם וואָס איך האָב דאָרט בייגעזען", האָט יור־גען געזאָגט, מיט אַן איבערטריבענעם שוידער וואָס איז ניט געווען צופיל איבערטריבן.

איצט האָט כלאָרים זיך צעלאַכט, און אַפּגעלאָזט די מאָדנע שטיקערייַ כדי צעפּאַטלען זיינע האָר. „און דו געפינסט די „מענטשן פון דעם פעלד" פאַר אזוינע אומדערטרעגלאַך טעמפּע און אזוי אומפּארינטערעסירט אין דיינע זאָראָבאַזיאוסן און פטאָ־לעמאָפּיטערן און אזוי וויטער. און דו מיידסט זיי אויך אויס. אַ נארישער מאַן מיינער! דו האָסט פעסט באשטימט ניט צו זיין ניט קיין פיש און ניט קיין חיה און ניט קיין עוף: און דו וועסט קיינמאָל אין ערגעץ ניט איינוויליקן גליקלאַך צו זיין."

„עס איז ניט איך וואָס האָב באשטימט מיין טבע, כלאָרים; און אין באַצוג צו גליק, באַקלאָג איך זיך ניט. פאַרוואָר, איך האָב ניט וואָס צו באַקלאָגן זיך, די צייטן. אזוי בין איך מיר גאַנץ צופרידן מיט מיין טייער ווייב און מיט מיין אָרט לעבן אין לויקע," האָט יורגען געזאָגט, מיט אַ זיפץ.

## 29. אין באַצוג צו האַרוועגרילס אומזין

עס איז געווען אין אַ ליכטיקן און שטילן טאָג אין נאָוועמ־בער, אין דער צייט וואָס „די מענטשן פון פעלד“ האָבן גערופן „זומער פון אלסיאָנע“, ווי יורגען איז אַראָפּגעגאַנגען פון דעם וואַלד; און נאָכן אַרומקרייזן די גראָבנס פון פּסעוודאָפּאָליס, און אויס־מיידנדיק אַ באַגעגעניש מיט וועמען פון דער שטאָטס אַנטמוטיקנד וואונדערשיינע איינוואוינער, איז יורגען געקומען צום ברעג פון ים.

כלאַרים האָט אים פאַרגעשלאָגן דאָס צו טאָן, כדי זי זאָל האָבן אַ געלעגנהייט איינצואָרדענען זאַכן אין זיין הייזל בשעת זי האָט אויפגעראַמט איר בוים פאַר דעם ווינטער, און געקאָנט אַזויגאָר מאַכן איין טאָג ארבעט באַשטיין פאַר צוויי. וואָרים די נימף פון אַ דעמבענעם בוים האָט גרויסע פאַראַנטוואָרטלאַכקייטן, ווי אין באַצוג צו דעם אויפפּאַסן אויף אַזויפיל טויטע בלעטער אַ גאַנצן ווינטער, און די חזיר־ניסלאַך וואָס ווערן אַוועקגעבלאָזן פון זייערע ער־טער און ווינען אָנגעוואָרפן אויף דער ערד איבעראַל, און די קאָרע וואָס שפּאַלט זיך ביז עס זעט אויס לחלוטין אומאָנשטענדיק. און יורגען איז ביי יעדער ענלאַכער ארבעט געווען ווייניקער אַ הילף ווי אַ שטערונג. האָט כלאַרים אים געגעבן אַ פּעקל עסנוואַרג און אַ קוש אויף גיך, און אים געהייסן אַראָפּגיין צום ברעג ים און אָננעמען זיך מיט באַגייסטערונג און פאַרפּאַסן אַ שיין לידל וועגן איר. „און זע זיי צוריק אין צייט פאַר פריער וועטשערע, יור־גען,“ זאָגט זי, „אָבער ניט קיין רגע פריער.“

אַזוי איז געשען אַז יורגען האָט נאָכדענקענדיק געגעסן זיין מאָלצייט אין איינזאַמקייט, און באַטראַכט די יוקסין. די זון איז געווען הויך. און דער טשיקאַווער שאָטן וואָס האָט נאָכגעפאָלגט יורגענען האָט זיך איינגעקנורעט אין אַ מין געשטאָלטלאָזיקייט.

„דאָס איז באמת אַ באַגייסטערנדיקע שווישפּיל“, האָט יורגען רעפלעקטירט. „ווי נישטיק דער גאַנצער מענטשלאַכער שטאָם זעט אויס, אין הפוך צו דעם מעכטיקן ים, וואָס שפּרייט זיך איצט פאַר מיר ענלאַך, ווי דער־און־דער האָט פאַרטרעפלאַך באַמערקט, צו עפּעס אָדער ענלאַכן אונטער אַזעלכע און אַזעלכע אומשטענדן!“ דאַן האָט יורגען אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. „ווירקלאַך, איצט אַז איך דענק וועגן דעם, אָבער, איז עס ניט נויטיק אַז איך זאָל זיך איבערגעבן אין רשות פון די טראַדיציאָנעלע געפילן. עס זעט אויס ווי אַ היפּש ביסל וואַסער און ווי קיין אנדער זאַך ניט דערהויפּט.

און איך קאָן בלויז באַמערקן אַז דאָס וואַסער פירט זיך אויף גאַנץ נישטיק."

אַזוי איז ער געזעסן פאַרשלעפּערט באַטראַכטנדיק דעם ים. ווייט אַוועק האָט אַ שאָטן זיך געבילדט אויפן וואַסער, ווי דער שאָטן פון אַ היפּשער ברעט, טראָגנדיק זיך צום ברעג־צו, לענגער און טונקעלער ווערנדיק וואָס נאָענטער ער איז געקומען. באַלד איז ער געווען וואַסערע הונדערט צאָל לאַנג, און אָנגענומען אַ שטייפע גלאַטע טונקלקייט, ווי פון גרינעם שטיין; דאָס איז געווען די אונטערזייט פון דער כוואַליע. דאָן האָט די אויבערזייט צונויפגעדרייט, דער דרום עק פון דער כוואַליע האָט צוזאַמענגעבראָכן, און מיט איבערמעסיקער שנעלקייט איז דאָס ווייסע פּוּכיקע פּאַלעניש אַריין און אַוועק מיט געפּילדער אין דער פולער לענג פון דער כוואַליע. עס איז פיינער און געשיקטער פאַר יעדער כוואַליע צונויפצוברעכן פאַר זיך. פון דעם פּליאַסקן און שפּריצן האָט דאָס וואָס האָט אויסגעזען ווי זידיקע מילך זיך פאַרויסגעוואָרפן אריבער די ברוינע פאַרגלעטע זאַמדן; און ווי די קאַשע האָט זיך צעשפּרייט איז זי צעשיטערט געוואָרן ביז צו אַ געוועבטער ווייסקייט, ווי פאַזומענט, און דאַן ביז צום אויסזען פון רויכיקע שפּריגלאַד וואָס האָבן זיך נעקלעפּט צום זאַמד. דייטלאַך אַז דאָס וואַסער אין ים האָט געשטיגן.

אָדער פיליכט איז עס אָפּגעפלאָסן. יורגענס באַגריפן אין באַצוג צו אַזעלכע נאַטור־דערשיינונגען זיינען געווען אומבאַשטימט. אָבער אין יעדן פאַל האָט דער ים אויפגערירט אַ היפּשן געטומל און אַ גאַנץ אַנגענעמען און קרעפּטיקדיקן געררוך.

און דאַן איז דאָס אַלץ געשען נאָכאַמאָל: און דאַן האָט עס ווידער פּאַסירט אויפסניי. עס האָט זיך ווידערהאָלט אַ מאָל עטלאַכע הונדערט זינט יורגען האָט זיך צוערשט אַוועקגעזעצט נעמען עפּעס אין מויל אַריין. און וואָס איז געווען צו געווינען דערפון? דער ים האָט זיך אויפגעפירט לעכערלאַך. עס איז קיין זין ניט געלעגן אין דעם באַשטענדיקן שמוצערן און הילכן און שקראַבלען און רוישן.

אַזוינאַך האָט יורגען געדענקט, ווי ער האָט צוגעשאָקלט איבער די דרויבלאַך פון זיין מאָלצייט.

„בלויז אַ פאַרלוסט פון ענערגיע בין איך געצוואונגען עס אָנצורופן," האָט יורגען געזאָגט אין דער הויך, פונקט ווי ער האָט באַמערקט צוויי אַנדערע מענטשן אויף דעם לאַנגן ברעג.

איינער איז געקומען פון צפון־זייט, איינער פון דרום, אַזוי

אַז זיי האָבן זיך אַנגעטראָפן ניט ווייט פונוואַנען יורגען איז געווען: און דורך אַן אומגלויבלאַכן צופאַל האָט יורגען געקענט ביידע פון זיי אין זיין ערשטער יוגנט. אַזוינאַך האָט ער צו זיי אַ מאַך געטאָן און זיי האָבן אים דערקענט אויפן שטעל. איינער פון די רייזנדע איז געווען דער האַרווענדיל וועלכער פלעגט זיין גראַף עמעריקס סעקרעטאַר ווען יורגען איז געווען אַ אינגל; און דער צווייט'ער איז געווען פעריאַן דע לאַ פּאַרע, דער פאַרברעכער וועלכער איז געקומען קיין בעלגאַרד זייער לאַנג צוריק פאַרשטעלט אַלס דער וויקאָנט דע פּויזאַנש. און אַלע דריי פון די אַלטע באַקאַנטע האָבן זיך שטוינענדיק יונג געהאַלטן.

איצט זיינען האַרווענדיל און פעריאַן געווען פאַר'חידוש'ט פון דעם פיינעם העמד וואָס יורגען האָט געטראָגן.

„נו, איר מוזט וויסן," האָט יורגען געזאָגט באַשיידן, „אַז איך בין לעצטנס געוואָרן קיניג פון עבאַניאַ, און מוז זיך קליידן לויט מיין שטאַנד."

האָבן זיי געזאָגט אַז זיי האָבן שטענדיק דערוואַרט עפּעס אַזאַ גרויסן כבוד וואָס זאָל אויספאַלן אויף זיין חלק. און דאָן האָבן אַלע דריי אָנגעקניפּט אַ געשפּרעך. און פעריאַן האָט דערציילט ווי ער איז געקומען דירך פּסעוודאָפּאָלים, אויף זיין וועג צו קיניג טהעאָדאָר אין לאַקר קאַי, און ווי ער האָט אויפן מאַרק-פּלאַץ אין פּסעוודאָפּאָלים געזען קיניגן העלען. „זי איז אַ ביז-גאָר שיינע פרוי," האָט פעריאַן געזאָגט, „און איך האָב זיך געוואונדערט איבער איר ענלאַכקייט צו גראַף עמעריקס צאַרטער שוועסטער וועמען מיר אַלע געדענקען."

„איך האָב דאָס באַלד באַמערקט," האָט האַרווענדיל געזאָגט, און ער האָט מאָדנע געשמייכלט, „ווען איך, אויך, בין דורכגעפאָרן די שטאָט."

„איך גלויב קוים צי אימיצער האָט דאָס ניט געקאָנט באַמערקן", האָט יורגען געזאָגט.

„עס הייסט ניט, גאַטירלאַך, אַז איך באַטראַכט זי פאַר אַזוי שיין ווי פרוי מעליסאַן," איז פעריאַן אָנגעגאַנגען, „זינט, ווי איך האָב געדרונגען אין אַלע עקן וועלט, עס האָט קיינמאָל ניט געלעבט, און ס'וועט קיינמאָל ניט לעבן, אַזאַ וואונדערשיינע פרוי ווי מעליסאַן. אָבער איר, מיינע הערן, שיינט צו שטוינען פון וואָס מיר זעט אויס צו זיין אַ זייער איינפאַכע דערקלערונג. אייער אויסזען, אין קורצן, איז אַזאַ וואָס צווינגט מיך אָנצודייטן אַז עס איז אַ דערקלערונג וואָס איך קאָן קיינעם ניט דערלויבן אָפּצולייקע-

נען." און פעריאַנס אויפּריכטיקע אויגן האָבן זיך אומאַנגענעם פאַרשמאָלט. און זיין זון־פאַרברוינט געזיכט האָט זיך אומבאַ־קוועם פאַרהאַרטעוועט.

„גנעדיקער האַר," האָט יורגען געזאָגט, איילי, „עס איז בלויז געווען וואָס עס האָט מיר געשיינט אַז די פרוי וועמען מען ־רופט קיניגן העלען דאָ־ארום איז גאַנץ אָפּנבאַר גראַף עמעריקס שוועסטער דאָראָטי לאַ דעזירע."

„בשעת איך האָב זי באַלד דערקענט," זאָגט האַרווענדיל, „אַלס גראַף עמעריקס דריטע שוועסטער, לאַ ביל עטאַר".

און איצט האָבן זיי זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, ווארים עס איז געווען זיכער אַז די דריי שוועסטער זיינען ניט געווען באַזונ־דערם ענלאַך.

„אוועקלייגנדיק אין אַ זייט די פראַגע פון ראיה," האָט פעריאַן באַמערקט, „איז עס אומבאַשטרייטבאַר אַז אייערביידנס אויסדרוק־פעאיקייט איז פעלערהאַפט. ווארים איינער פון אייך זאָגט דאָס איז מאַדאַם דאָראָטי, און דער צווייטער זאָגט דאָס איז מאַדאַם עטאַר; בשעת יעדער איינער ווייסט אַז די קיניגן העלען, ווי ווער זי זאָל אויסזען, קאָן ניט מעגלאַך זיין קיין אַנדערע אויסער קיניגן הע־לען."

„דיר, וואָס ביסט שטענדיק די זעלבע פערזאָן," האָט יורגען געענטפערט, „מעג דאָס קלינגען גאַנץ ריכטיק. וואָס איז מיר שייך, בין איך עטלאַכע מענטשן: און איך באַמערק ניט קיין ווידער־שפּרוך אין אַנדערע מענטשנס ענלאַכקייט צו מיר."

„עס וואָלט ניט געווען קיין ווידערשפּרוך אין גאַרניט," האָט האַרווענדיל אָנגעדייט, „אויב קיניגן העלען וואָלט געווען די פרוי וועמען מיר האָבן האָפּנונגסלאָז ליב געהאַט. ווארים די פרוי וועמען מיר האָבן ווען מיר זיינען יונג געווען האָפּנונגסלאָז ליב געהאַט, איז די איינציקע פרוי וואָס מיר קאָנען קיינמאָל גאַנץ קלאָר ניט זען, זאָל וואָס פּאַסירן. אַזוינאַך קאָנען מיר, גלויב איך, זי לייכט פאַרמישן מיט עפּעס אַן אַנדערער פרוי."

„אָבער מעליסאַן איז די פרוי וועמען איך האָב האָפּנונגסלאָז ליב געהאַט," האָט פעריאַן געזאָגט, „און קיניגן העלען גייט מיך גאָרניט אָן. און פאַרוואָס יאָ? טאָ וואָס מיינסטו, האַרווענדיל, מיט דיינע אָנצוהערענישן אַז איך בין אונטערשטעליק אין מיין טריי־הייט צו פרוי מעליסאַן זינט איך האָב דערזען קיניגן העלען? איך האַלט ניט פון אַזעלכע אָנצוהערענישן."

„פונדעסטוועגן איז עס עטאַר וועמען איך האָב ליב, און

ליב געהאט ניט אינגאנצן האפנונגסלאז, און ניט אויפגעהערט ליב צו האבן," זאגט הארווענדיל, מיט זיין שטילן שמייכל: „און איך בין זיכער אז עס איז געווען עטאר ווען איך האב געזען ווען איך האב געקוקט אויף קיניגן העלען."

„איך מעג מודה זיין," זאגט יורגען מיט א הוסטל, „אז איך האב שטענדיק באטראכט מאדאם דאראטי מיט אויסערגעוויינלא־כער אכטונג און באוואונדערונג. אויסערדעם בין איך א פאר־הייראטער מאן. אפילו אזוינאך דענק איך אז מאדאם דאראטי איז קיניגן העלען."

דאן האבן זיי זיך א נעם געטאן דעבאטירן די מיסטעריע. און שוין האט פעריאן א זאג געטאן אז דער איינציקער אויסוועג איז לאזן די אנגעלעגנהייט צו קיניגן העלען. „זי מוז אלנפאלס וויסן ווער זי איז. טא זאל איינער פון אייך צוריקגיין אין שטאט אריין און אומארמען אירע קניען ווי עס איז דער מנהג פון דעם לאנד ווען איינער זוכט א געפעליקייט ביים קיניג אדער דער קיניגן: און דאן פרעגן ביי איר געהעריק."

„ניט איך," זאגט יורגען. „איך בין אין געוויסע אינטימע באציאונגען מיט א וואלד־נימף גראד איצט. איך בין צופרידן מיט מיין נימף. און איך וויל זיך ניט איינשטעלן צו זען די קיניגן העלען מער ווען, כדי צו פארזיכערן מיין מנוחה".

„נו, אבער איך קאן ניט גיין," זאגט פעריאן, „ווארים פרוי מעליסאן האט א בארדאווקע אויף איר לינקער באק. און קיניגן העלענס באק איז פגימה׳לאז. איר פארשטייט נאטירלאך אז פאר מיר פארגרעסערט די בארדאווקע אומגעהייער די שיינקייט פון פרוי מעליסאן", האט ער צוגעגעבן, מיט לאיאליטעט. „פונ־דעסטוועגן וויל איך מער ניט האבן צו טאן מיט קיניגן העלען."

„איצט איז מיין אורזאך פאר ניט גיין דידאזיקע," האט האר־ווענדיל געזאגט: „ווייל אויב איך וואלט פארזוכט אומצואר־מען די קניען פון עטאר, ווען מענטשן רופן דא־ארום העלען, וואלט זי אויפן שטעל פארשוואונדן. אויסער וואס פארא אנדערע אורזאכן וויל איך ניט ברענגען אזא אומגליק אויף דעם אינדזל לויקע."

„אבער דאס", האט פעריאן געזאגט, „איז ניט־געשטויגענער אומזין."

„פארשטייט זיך אז יא," האט הארווענדיל געזאגט. „דאס איז מסתם פארוואס עס געשעט אזוי".

אזוינאך האט קיינער ניט געוואלט גיין. און יעדער איינצי־

קער פון זיי האָט זיך דאָך געהאַלטן ביי זיין איינענער מיינונג וועגן קיניגן העלען. און באַלד האָט פעריאָן געזאָגט אַז זיי פאַרלירן ביידע, צייט און ווערטער. דאַן האָט פעריאָן זיך געזעגנט מיט זיי, און פעריאָן האָט פאָרגעזעצט אין דער דרום־וואַנדרונג, צו לאַקר קאַי. און ווי ער איז אַוועק האָט ער געזונגען אַ שיר לכבוד פרוי מעליסאָן, וועמען ער האָט באַצייכנט אַלס האַרץ פון מיין האַרץ; און די צוויי וועלכע האָבן אים געהערט האָבן צוגעשטימט אַז פעריאָן דע לאַ פאָרע איז מסתם דער ערגסטער דיכטער אין דער גאַנצער וועלט.

„דאָך שפּאַנט־אָ־דאָ אַ ביז גאָר בראַווער און ווירדיקער יונג־גערמאַן," האָט האַרוועגדיל געזאָגט, „וועלכער באַאַבזיכט אויסצו־שפּילן זיין ראָמאַנס ביז צום סוף. איך וואונדער זיך צי דער מחבר שעפּט פיל תענוג פון די איינפאַכע פּערזאָנען? וויניקסטן מוזן זיי זיין לייכט צום אָנפירן."

„איך קולטיוויר אַ פאַסיקע מאָס גאַלאַנטקייט," זאָגט יור־גען: „איך שטרעב ניט מער צו זיין העלדיש. און ווירקלאַך, האַרוועגדיל, עס שיינט מיר פאַר אומבאַשטרייטבאַר אַז יעדער איי־נער פון אונדז איז דער העלד פון זיין אייגענעם ראָמאַנס, און קאָן ניט פאַרשטיין קיין אַנדער פּערזאָנס ראָמאַנס, נאָר טייטשט פאַלש אויס אַלץ דערפון, פונקט ווי מיר דריי האָבן זיך ניט געקאָנט איינענען אין דער איינפאַכער אַנגעלעגנהייט פון אַ פּרויס אויסזען."

איצט האָט דער יונגער האַרוועגדיל מעדיטאַטיוו געגלעט זיינע איינענע קרייזלדיקע און רויטלאַכע האָר, פאַרשאַרנדיק זיי פון זיינע אויערן מיט דער לינקער האַנט, ווי ער איז געזעסן דאָרט שטאַרנדיק מעדיטאַטיוו איבער גאַרניט באַזונדערס.

„איך וואָלט געזאָגט, יורגען, אַז מיר דריי האָבן זיך באַ־געגנט ווי פּערזאָנען פון דריי פאַרשידענע ראָמאַנסן אַרויס וואָס דער מחבר האָט פאַרפאַסט אין דריי פאַרשידענע סטילן".

„דאָס וואָלט אויך," האָט יורגען אָנגעגעבן, „אומזין געווען."

„יאָ, אָבער פּיליבכט באַגיים דער מחבר אומזין זייער אָפט קום, יורגען, דו וואָס ביסט קיניג פון עבאַניאַ!" זאָגט האַרוועג־דיל, ווינקענדיק מיט זיינע ווייט־געפּאַסטע אויגן; „וואָס שטעקט אַזוינס אין דיר אָדער מיר צו האַפטן אַז אונדזער מחבר האָט ניט פאַרפאַסט אונדזערע ראָמאַנסן מיט פּאַרטאַיעטן געלעכטער?"

„מיין האַר האַרוועגדיל, אוב דו פאַרזוכסט צו שפּאַסן איבער קאַשטשעיען וועלכער האָט אַלע זאַכן געמאַכט ווי זיי זיינען, וואָרן איך דיך אַז איך באַטראַכט ניט דעם מין הומאָר פאַר צו־געזוגט.

נים זייענדיק איבעריק געפּיצלט, גלויב איך אין שכל הישר: און איך וואָלט פיל מער געוואָלט אַז דו זאָלסט רעדן וועגן עפּעס אַנ־דערש."

האַרוועגדיל האָט נאָך אַלץ געשמייכלט. "דו דערוואַרטסט אַמאָל צו קומען צו קאַשטשעיען, ווי דו רופסט דעם מחבר. דאָס איז לייכט צו זאָגן, און קלינגט אויסגעצייכנט. אָך, אָבער ווי ווערסטו קאַשטשעיען דערקענען? און ווי אַזוי ווייסטו אַז דו ביסט שוין נים פאַרבייגעגאַנגען קאַשטשעיען אין וואַסער גאַס אָדער לאַנקע? קום אַלזאָ, קיניג יורגען". האָט האַרוועגדיל געזאָגט און אַלץ נאָך האָט זיין יוגנטלאָך געזיכט געטראָגן אַ לצ'נישן שמייכל; "נו, זאָג מיר, ווי אַזוי ווייסטו אַז איך בין נים קאַשטשעי וועל־כער האָט זאַכן געמאַכט ווי זיי זיינען? "

"פאַרנעם זיך," זאָגט יורגען; "דו וואָלסט קיינמאָל נים געווען דעם שכל געהאַט אויסצוטראַכטן אַ יורגען. עפּעס אַנדערש קומערט מיך: איך האָב זיך ערשט דערמאָנט אַז דער יונגער פּעריאָן וועלכער האָט אונדז פאַרלאָזט אַ ווײַלע צוריק איז גע־וואָרן אַן עושר און גרויהאָריק און באַרימט, און האָט אַוועקגענו־מען פרוי מעליסאַן פון איר היידנישן מאַן, און איר זעלבסט גע־הייראַט; און אַז דאָס אַלץ איז זיך פאַרלאָפן לאַנגע יאָרן צוריק. אַזוינאָך ווייזט זיך אונדזער ערשטוויליקער געשפּרעך מיט דעם יונגן פּעריאָן צו זיין גאַנץ אומוואַרשיינלאָך."

"גוט, אָבער געדענקסטו נים אויך אַז איך בין אַנטרונען אין יענער נאַכט ווען מאַזשי ד'עגרמאָן האָט געהאַלטן אין שטורעמען סטאָריזאַנד? און מען האָט מער קיינמאָל נים געהערט וועגן מיר? און אַז דאָס אויך האָט פּאַסירט אַ שיין ביסל יאָרן צו־ריק? דאָך האָבן מיר זיך באַגעגענט ווי דריי וואוילע יונגעלייט. דאָ אויפן ברעג־ים פון פּאַבלהאַפּטן לויקע. איך פרעג דיך, קיניג יורגען: נו ווי אַזוי האָט דאָס מענגלאָך געקאָנט פּאַסירן סיידן דער מחבר פאַרפּאַסט אָפּט נים געשטויגענע זאַכן? "

"ווירקלאָך, אויף דעם אופן ווי דו דריקסט עס אויס, האַרוועג־דיל, שיינט די זאַך צו זיין אַ ביסל מאָדנע; און איך קאָן נים צוטראַכטן קיין דערקלערונג וואָס זאָל עס לאָזן זיך לייגן אויפן שכל."

"ווידעראַמאָל, זע נאָר, קיניג יורגען פון עבאַניאַ, ווי דו אונ־טערשאַצסט דעם מחבר'ס פעאיקייט. דאָס איז איינער פון דעם ראָמאַניסטס ערווידיקסטע מיטלען וואָס ווערט באַנוצט. נו זע אַליין! " און פּלוצים האָט האַרוועגדיל אַ שטויס געטאָן יורגע־

נען אזוי אז יורגען האָט זיך איבערגעקייקלט אין וואָרעמען זאַמד.

דאַן איז יורגען אויפגעשטאַנען, גענעצנדיק און אויסציענדיק זיך. „וואָס פאַרא נאַרישן חלום איך האָב געהאַט, כאַפּנדיק אַ דרעמל דאָ אין דער זון. וואָרים עס איז זיכער געווען אַ חלום. אַנדערש וואָלטן זיי דאָ געווען געלאָזט פוסצייכנס, די יונגעלייט וועלכע האָבן באַטראַכט דעם דרך פון יוגנט אַזוי לאַנג צוריק, און עס איז געווען אַ חלום וואָס האָט אינגאַנצן קיין זין ניט. אָבער באמת וואָלט עס זונדערבאַר געווען אויב דאָס זאָל זיין דער גאַנ־צער צוועק דערפון, און אויב דאָס לעבן, אויך, וואָלט אַזאַ חלום געווען, ווי דער מאָדנער האָרוועגדיל וויל מיך מאַכן צום דענקען."

יורגען האָט אַ שנאַל געטאָן מיט די פינגער.

„נו, און וואָס אַ שטייגער קאָן ער אָדער אימיצער אַנדערש דערוואָרטן פון מיר צו טאָן מכח דעם ! אַ־דאָס איז דער ענט־פער וואָס איך וואָרף דיר צו, דו האָרוועגדיל, וועמען איך האָב פאַרטראַכט אין מיין חלום. און איך זאָג זיך אָפּ פון דיר ווי פון דעם ניט־געשטויגנסטן פון מיינע דערפינדונגען. טאָ פאַרנעם זיך! און ברוך שפטרני, אויך, וואָרים איך האָב קיינמאָל ניט געהאַלטן מיט מענטשן וואָס האָבן נאָר אויסצוזעצן."

דאַן האָט זיך יורגען אָפּגעשטויבט, און פאַמעלאַך אַהיימגע־גאַנגען צו אַ פריער וועטשערע מיט זיין וואַלד־נימף וועלכע האָט אים צופרידנגעשטעלט.

## 30. עקאָנאָמישע פראַגן פון קיניג יורגען

איצט האָט קיניג יורגענס קוריעזער חלום אָנגעדראָלט דעם אומרואיקן קאָפּ פון יורגען. אַזוי שטאַרק איז זיין קוריאָזיטעט געוואָרן אַז ער איז אַוועק גרוילנדיק אין די פאַרהאַסטע וועלדער, און פאַרביי קאַאַליסנאַקאַאַן (וואָס איז דער פאַראָם פון די הינט), און האָט געטאָן די אַלע אָפּשיילאַכע זאַכן ווי עס איז נויטיק געווען צו שטילן דעם כעס פון פּאַבעטאָרן. דאַן האָט יורגען אָפּגענאַרט פּאַבעטאַרן דורך אַן אומבאַשרייבלאַכן מיטל, אין וועלכן אַ קעז און דריי זשוקעס און אַן עגבער זיינען איבעראַשנד אויסגענוצט געוואָרן, און אַזוינאַך ארויסגעשווינדלט פון פאַבעטאָרן אַ גרויען כשוף. און ביינאַכט בשעת פּסעוודאָפּאָלים איז געשלאָפן, האָט קיניג יור־גען אַראָפּגענידערט אין דער שטאָט פון גאָלד און עלפאַנטביין.

יורגען האָט געשפּאַנט מיט ווידערווילן צווישן די ברייט־שטערנדיקע און גרויס־לענדנדיקע מאַנאַרכן פון פּסעוודאָפּאָלים,

ווייל זיי האבן אים דערמאנט אין זאכן וואס ער האט לאנג צוריק אויפגעגעבן, און זיי האבן אים געמאכט פילן אומאנגענעם קליין און נישטיק. דאס איז געווען זיין ווארע אורזאך פאר אויסמיידן די שטאט.

איצט איז ער פארבייגעגאנגען צווישן אומבאלויכטענע און שטילע פאלאצן, שפאנענדיק אין לערע גאסן וואו די לבנה האט געמאכט שרעק־אנווארפנדיקע שאטנס. דא איז געשטאנען דאס הויז פון איאסס טעלאמאן וועלכער האט רעגירט אין ים־געגורטן סאלאמיס, דא — דאס הויז פון געטלאכן פילאקטעטן: דער גרויסער בעל יועץ אדיסעאוס האט געוואוינט דא איבערן וועג, און די ראג רעזידענץ איז געווען דעם ליכטיק־האריקן אגאמעמנאנס; אין לבנה־ליכט האט יורגען לייכט געקאנט לעזן די נעמען אויסגעקריצט אויף בראנזענע שיינדלאך וואס זיינען געהאנגען לעבן יעדן אריינגאנג. איבעראל ארום אים זיינען געשלאפן די העלדן פון אלטע געזאנגען בשעת יורגען האט אין באהעלטעניש נאכגעשפירט הינטער זייערע פענסטער.

ער האט זיך דערינערט ווי אומפארינטערעסירט — אדער אפילו פאראכטלאך — די מענטשן האבן אים פארזען אין יענעם שלימזל'דיקן נאכמיטאג ווען ער איז גראד געקומען קיין פסעוודאפאלים מיטן טאגליכט. און א להכעיס'דיקער אויסברוך פון צארן האט אים ארומגעכאפט, און יורגען האט געמאכט מיטן פויסט צו די גרויסע שטילע פאלאצן.

„אירדר !" האט ער א ברום געטאן: ווארים ער האט ניט אנגעהויבן וויסן וואס אזוינס ער האט געוואלט זאגן צו די גרויסע אומגעלומפערטע העלדן וועמען עס האט ניט געארט וואס ער זאגט, אבער ער האט געוואוסט אז ער האסט זיי. דאן האט יורגען זיך געכאפט בורטשענדיק דארט ווי א געשלאגענער גאסנהונט וואס האט מורא צו בייסן, און ער האט אנגעהויבן אויסצולאכן דעם יורגען.

„אייער אנטשולדיקונג, ערנלייט פון גריכנלאנד", זאגט ער, מיט א ברייטן צערעמאניעלן נויג, „און איך דענק אז די אויסקונפט וואס איך האב געוואלט געבן איז געווען אז איך בין אן אומגעהייער געשיקטער יונג."

יורגען איז אריין אין גרעסטן פאלאץ, און פאר'גנב'טערהייט בייגעקראכן דאס שלאפצימער פון אכילעסן, טרעטנדיק אויף די שפיצפינגער; און אזוינאך ענדלאך געקומען אין א קליין צימער טאפעצירט מיט צעדערהאלץ וואו קינינן העלען איז געשלאפן. זי האט געשמייכלט אין איר שלאף ווען ער האט אנ־

געצונדן זיין לאָמפּ, לויט דעם געהעריקן רעגל פון גרויען בשוף, זי איז געווען אומגעהייער שיין, די יונגע דאָראָטי וועמען מענטשן האָבן דאָ ארום דורך עפּעס אַ מאָדנעם טעות גערופן קיניגן הע־לען.

וואָרים יורגען האָט זייער גוט געווען אַז דאָס איז געווען גראַף עמעריקס שוועסטער דאָראָטי לאַ דעזירע, וועמען יורגען האָט האָפנונגסלאָז ליב געהאַט אין יענע טעג ווען יורגען איז יונג געווען צוגלייך אין לייב און זעל. בלויז איינמאָל האָט ער זיך דערוואָרבן צוריק צו איר, אינם גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפ־גאַנג; אָבער ער איז געווען דאַן אַ באַיאָרט בעל־הבית'ל וועמען דאָראָטי האָט ניט דערקענט. איצט האָט ער זיך צוריקגעקערט צו איר אַ קיניג, וויניקער באַוואונדערונגסווערט קאָן זיין ווי איי־ניקע פון די פילע אַנדערע קיניגס אָן מלוכות וועלכע זיינען איצט געשלאָפן אין פּסעוודאָפּאָליס, אָבער דאָך אַ גאַנץ פיינער אין זיין געליענער יוגנט און, מער ווי וואָס, באַוואָפנט מיט אַ גרויען כשוף; אזוי אַז אומוואַרשיינלאַכקייטן זיינען גאַנץ מעגלאַך גע־ווען. און יורגענס אויגן האָבן שטיל געגנישטערט, און ער האָט דורכגעפירט מיט דער צונג איבער דער אויבערשטער ליפּ פון ווינקל צו ווינקל, און זיין האַנט איז פאַרויסגעגאַנגען צום צודעק פון פיאַלעט־קאָלירטן וואָל וואָס האָט צוגעדעקט דאָס איינגע־שלאָפענע מיידל, בשעת ער איז געשטאַנען גרייט אויפצואוועקן דאָראָטי לאַ דעזירע אויף אַזאַ ארט ווי ער האָט אַפּט אויפגעוועקט כלאָריסן.

אָבער אַ מאָדנער געדאַנק האָט אים אָפּגעהאַלטן. קיין זאַך, האָט ער זיך דערינערט, האָט ניט געקאָנט באַווייזן די מאַכט אים ווייצומאַן זייער טיף זינט ער האָט פאַרלוירן די יונגע דאָראָטי. און צו די אַנגעלעגנהייטן וואָס האָבן געדראָט אויסצולאָזן זיך אומאַנגענעם איז אים שטענדיק ווי־עס־איז געלונגען צו געבן אַ גפּעליקע ווענדונג, זינט דאַן, אַ דאַנק דער טוגנט פון ניט אויפ־גערעגט ווערן. וואָס אַ שטיינער אויב דורך עפּעס אַן אומגליק וואָלט ער צוריקגעקראָגן זיין ווירקלאַכע יוגנט? און וואָלט אויפסניי געוואָרן דער מונטערער יונג וועלכער פּלעגט אריינפאַלן פון שטאַמלדיקער אַנטציקונג אין ווילדן עלנט, און פאַרקערט, ביים מינדסטן וואָרט אָדער זשעסט פון דעם גאָלדהאָריקן מיידל?

„אַ שיינעם דאַנק, אָבער ניין,‟ זאָגט יורגען. „דער יונג איז געווען באַוואונדערונגסווערט ווי איך, וואָס בין אין מיין ארט זיין ניט דורכויס באַוואונדערונגסווערט. אָבער דאַן איז דאָך אים

געגאַנגען שלים שלימאַזל, אָרום און אָרום. אַזוי קאָן זיין אַז מיין וואָרע יוגנט ליגט דאָ אין שלאָף; און פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וועל איך זי ניט ווידערוועקן."

און דאָך זיינען טרערן געקומען אין זיינע אויגן, פאַר קיין שום אורזאַך. און עס האָט אים געשיינט אַז די שלאָפנדיקע פרוי, דאָ אין זיין מאַכט, איז ניט געווען די יונגע דאַראַטי וועמען ער האָט געזען אין גאָרטן צווישן טאָגן און זונאויפגאַנג, כאָטש די צוויי זיינען קוריעז ענלאַך געווען; און אַז פון די צוויי איז די פרוי דאָ ווי־עס־איז געווען אַן אַ סוף רייצנדער.

„פרוי, אויב דו ביסט פאַרוואָר דעם שוואַנס טאָכטער, לאַנג לאַנג צוריק איז געווען אַ קינד וואָס איז קראַנק געווען. און זיין קרענק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ היץ, און אין דער היץ האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין בעט איינמאָל ביינאַכט, זאָגנדיק אַז ער מוז זיך לאָזן קיין טראָי, צוליב דער ליבע זיינער צו קיניגן העלען. איך בין אַמאָל דאָס קינד געווען. איך געדענק ווי זונ־דערבאַר עס האָט מיר אויסגעזען אַז איך זאָל רעדן אַזעלכע נאַ־רישקייטן; איך געדענק ווי דאָס וואַרימע צימער האָט געשמעקט מיט רעצעפּטן; און איך געדענק ווי איך האָב באַדויערט די ליידן אין מיין וואַרטערנס געזיכט, אויסגעצויגן און אַלט אין געלן לאָמפּשיין. וואָרים זי האָט מיך ליב געהאַט, און זי האָט ניט פאַרשטאַנען; און זי האָט זיך געבעטן ביי מיר איך זאָל זיין אַ וואויל אינגל און ניט ערגערן מיינע שלאָפנדיקע עלטערן. אָבער איצט שפּיר איך אַז איך האָב ניט גערעדט קיין נאַרישקייטן."

ער האָט מפסיק געווען, נאָכדענקנדיק דאָס רעטעניש: און זיינע פינגער האָבן זיך געפּאָרעט מיט דעם צודעק פון פּיאָלעט־קאָלירטן וואָל אונטער וועלכן קיניגן העלען איז געלעגן.

„דיינע איז די שיינקייט פון וועלכער מענטשן ווייסן דורך פאַבלהאַפטער אויסקונפט בלויז, און וועלכע זיי קאָנען קיינמאָל ניט געפינען, ווי אויך ניט דערוואַרבן זיך צו איר ווען משמעות. און נאָך דער שיינקייט האָב איך שטענדיק געהונגערט, אפילו קינד־ווייז. צו דער שיינקייט האָב איך זיך שטענדיק באַמיט, אָבער ניט גאַנץ געטריי. יעדע נאַכט האָט פאַרויסגעזאָגט מיין לעבן. איך האָב געהונגערט נאָך דיר, און", — יורגען האָט דאָ אַ שמייכל געטאָן, — „און איך בין שטענדיק פאַרבליבן אַ מעסיק וואויל אינגל, אום איך זאָל ניט צופיל ערגערן מיין משפּחה. וואָרים דאָס צו טאָן, האָב איך געדענקט, וואָלט ניט געווען דעכט; און אַלץ

נאָך גלויב איך אַז זאָל איך עס האָבן געטאָן וואָלט עס געווען אומרעכט."

יורגען האָט זיך געקרימט איצט; וואָרים ער האָט געפּרוּווט זיינע געוויסנביסן פאַר אומבאַקוועם צאַלרייך.

"און איצט דענק איך אַז וואָס איך טו היינט ביינאַכט איז ניט גאַנץ געהעריק אין באַצוג צו כלאַריסן. און איך ווייס ניט וואָס דאָס איז אַזעלכעס וואָס איך באַגער, און יורגענס ווילן איז אַ פּוכינקע אין ווינט. אָבער איך ווייס אַז איך וואָלט אימיצן געוואָלט ליב האָבן ווי כלאַריס האָט מיך ליב, און ווי אַזויפיל פרויען האָבן מיך ליב געהאַט. און איך ווייס אַז עס איז דו וואָס האָסט דערצו געשטערט, קיניגן העלען, אין יעדן מאָמענט פון מיין לעבן זינט דעם אומגליקלאַכן מאָמענט ווען איך האָב צו־ערשט געשיינט צו געפינען דיין רייץ אין דעם אויסזען פון מאַ־דאַם דאָראָטי. עס איז דאָס געדרעכעניש פון דיין שיינקייט, ווי איך האָב עס דאַן געזען אָפּגעשפּיגלט אין דעם געזיכט פון אַ קאָקעטקע, וואָס האָט מיך אָפּגעשוואַכט פאַר אַזאַ אויפריכטיקער ליבע ווי אַנדערע מאַנספּאַרשוינען שענקען פרויען; און איך בין מקנא די אַנדערע מאַנספּאַרשוינען. וואָרים יורגען האָט גאָרניט ליב געהאַט — ניט דיך אפילו, ניט יורגענען אפילו! — גאַנץ געטריי. נו, וואָס אַ שטייגער אויב איך זאָל נקמה נעמען איצט פון דער גזלנ'ישער שיינקייט, פון דער רויבערן וואָס טוט דאָס לעבן אוים פון געגום און לייד?"

יורגען איז געשטאַנען לעבן קיניגן העלענס בעט, באַטראַכטנ־דיק זי, פאַר אַ לאַנגער ווייל. ער האָט זיך אַריינגעגליטשט אין אַ ווייניקער פאַנטאַסטישער שטימונג; און דער שאָטן וואָס האָט אים נאָכגעפאָלגט איז געווען אָפּשיילאַך און האָט געהויערט און באַוועגט זיך אויף דער צעדער־וואַנט פון קיניגן העלענס שלאָף־צימער.

"מיין כשוף איז אַזאַ וואָס פאַרפעלט קיינמאָל ניט צו ווירקן," האָט דער אַלטער פּאָבעטאַר געזאָגט, בשעת זיינע באַדי־נער האָבן אויפגעהויבן זיינע אויגן־לעדלאַך אַזוי אַז ער זאָל קאָנען זען קיניג יורגען.

איצט האָט יורגען זיך דערמאָנט אין דעם. און רעפלעקטירנ־דיק האָט ער אָפּגעצויגן דעם צודעק פון פּיאָלעט־קאָלירטן וואָל, ווייניק וואָס. קיניגן העלענס ברוסט איז געלעגן אָפּגעדעקט. און זי האָט זיך אינגאַנצן ניט באַוואויגן, אָבער זי האָט געשמייכלט אין איר שלאָף.

קיינמאַל האָט יורגען זיך ניט פאַרגעשטעלט אַז אַ פּרוי קאָן זיין אַזוי שיין אָדער אַזוי ווינטשנסווערט ווי די פּרוי, אָדער ער זאָל אַמאָל וויסן פון אַזאַ אַנטציקונג. טאָ האָט יורגען מפסיק געווען.

„ווייל,“ האָט יורגען איצט געזאָגט, „עס קאָן זיין אַז די פּרוי האָט עפּעס אַ חסרון, קאָן זיין אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ פלעק אין איר שיינקייט ערגעצוואו. און איידער ווי דאָס זיך צו דערוויסן, וואָלט איך גלייכער געוואָלט אָנהאַלטן מיינע אומ־מעסיקע טרוימען, און דאָס בענקען וואָס איז אומגעזעטיקט און האָפנונגסלאָז, און די דערינערונג פון הייגטיקער נאַכט. אויסער־דעם, אויב זי זאָל זיין פולקאָם אין אַלעמען, ווי וואָלט איך, וואָס וואָלט מער קיין פאַרלאַנג ניט געהאַט, געקאָנט לענגער לעבן? ניין, איך וואָלט פאַראַכטן מיינע אייגענע אינטערעסן, אַזוי צי אַזוי; און אומגערעכטיקייט איז שטענדיק נידערטרעכטיק“.

אַזוי האָט יורגען אַ זיפץ געטאָן און צערטלאַך צוריקגעלייגט דעם צודעק פון פיאָלעט־קאָלירטן וואָל, און ער האָט זיך צוריק־געקערט צו זיין וואַלד־נימף.

„און איצט אַז איך טראַכט פון דעם, אויך,“ האָט יורגען נאָכ־געדענקט, „איז מיין אויפפירונג אַ גאַנץ נאָבעלע. יאָ, קיין פראַגע ניט אַז איך האָב היינט ביינאַכט אַרויסגעוויזן אַ געוויסע איי־דעלע געפילפולקייט וואָס פאַרדינט אָפּגעשעצט צו ווערן. אַלנפאַלס פון קיניג אַכילעס.“

## 31. דאָס פאַלן פון פּסעוודאָפּאָלים

אַזוינאַך האָט יורגען געוויילט אין לויקע, און אויפגעפירט זיך לויט די מנהגים פון דעם לאַנד; און אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אַרט האָט ער מיט כלאָריסן פאַרבראַכט די צייט אַנגענעם גענוג, ביז דער ווינטערדיקער סעזאָן איז אָנגעקומען. איצט האָט פּסעוודאָפּאָלים, ווי געזאָגט, מלחמה געהאַלטן מיט פיליסטערלאַנד; אַזוי האָט פּאַסירט אַז צו דער צייט איז לויקע אָנגעגריפן געוואָרן פון אַן אַרמיי פיליסטער, אָנגעפירט פון זייער קיניגין דאָלאָרעס. אַ פּרוי וואָס איז געווען קלוג גענוג אָבער ניט דורכויס טרויענסווערט. זיי זיינען געקומען פון ברעג־ים, אַ שווידערלאַכע אַרמיי משוגע־נערוויז געקליידט אין אַזעלכע בגדים ווי עס איז פאַראָרדנט גע־ווען פון אַגעאוס, אַ גאָט זייערער. און זינגענדיק פּסאַלמען לכבוד זייער גאָט ווועל־טינאָ, וועלכער האָט זיי אינספּירירט צו דעם קרייץ־

צוג; אזוינאָך האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אויף פּסעוודאָפּאָלים, און זיך באַלאַגערט פאַר דער שטאָט.

די פּילישטער האָבן געקעמפּט אין דער שלאַכט שליידערנדיק פאַר זיך אַ פּיל שווידערלאַכן מין פון גריכישן פייער, וואָס האָט פאַרצערט אַלץ וואָס איז ניט געווען פון גרויען קאַליר. וואָרים בלויז דער קאַליר איז איצט גינסטיק געווען זייער גאָט וועל־טינאַ. „און אַלע אַנדערע קאַלירן", האָבן זיינע נביאים באַפוילן, „זיינען להבא ולהבא פאַר'מיאוס'ט, ביז איך וועל אַנדערש הייסן".

אזוי זיינען די אַרמייען פון פּילישטערטום פאַראָרדנט געוואָרן אין דעם פּליין פאַר פּסעוודאָפּאָלים. און קיניגן דאַלאַרעס האָט גערעדט צו אירע סאָלדאַטן. און שמייכלענדיק האָט זי געזאָגט :

„ווען נאָר איר זאָלט קומען אין צוזאַמענשטויס מיטן שונא וועט ער זיין געשלאָגן. קיין רחמנות ניט אַרויסגעוויזן, קיין גע־פאַנגענע גענומען. ווי די פּלשתים אונטער לבנה און גלית און גרשון, און פּילע אַנדערע הויכע עלטסטע, האָבן זיך אַ נאָמען גע־מאַכט וואָס איז נאָך מעכטיק אין טראַדיציעס און לעגענדן, אויך אזוי זאָל היינט דער נאָמען „רעאַליסט" פאַרצייכנט ווערן אין פּסעוודאָפּאָלים, מיט אייערע היינטיקע טאָטן, אזוי אַז קיינער זאָל ווען ניט וואַגן קוקן אין דער קרום אויף אַ פּילישטער. צעטפּנט די טירן פאַר רעאַליזם, איינמאָל פאַר אַלעמען ! "

דערווייל האָט אין דער שטאָט אכילעס אַדרעסירט זיין אַרמיי:

„די אויגן פון דער גאַנצער וועלט וועלן זיין געווענדט אויף אייך, וואָרים איר זייט אין אַ געוויסן זין די סאָלדאַטן פון „ראָמאַנס." זאָל עס אייער שטאָלץ זיין, אזוינאָך, צו ווייזן אַלע מענטשן אי־בעראַל, ניט נאָר וואָס פאַרא גוטע סאָלדאַטן איר זייט, נאָר אויך וואָס פאַרא גוטע מענטשן איר זייט, האַלטנדיק זיך אַנשטענדיק און פיין אין אַלעמען, און לויטער און ריין דורך און דורך. לאָמיר זיך שטעלן אַזאַ הויכע מוסטער־מאָס אַז עס זאָל גלאַרייך זיין איר נאָכצופאָלגן, און דאַן לאָמיר איר נאָכפאָלגן, און צולייגן אַ נייעם לאָרבער צו דעם קראַנץ פון פּסעוודאָפּאָלים. זאָלן די געטער פון פאַרצייטנס אייך באַשיצן און אייך פירן ! "

דאַן האָט טהערזיט געזאָגט, זיך אין באָרד אַריין : „זיכער האָט פּעליד געלערנט פון געשיכטע מיט וואָס פאַרא נעוויער אַ שטאַרקער מאַן לייגט אַוועק די פּילישטער".

אָבער די אַנדערע קיניגס האָבן אַפּלאָדירט, און דער טרו־מייטער האָט געשאַלט, און די שלאַכט האָט זיך פאַרוויקלט. אין יענעם טאָג האָבן די פּילישטער־אַרמייען איבעראַל געזיגט. אָבער מען

דערציילט ווי א טשיקאַווע זאַך האָט פּאַסירט: און עס איז גע־
ווען דאָס וואָס ווען די פּיליכטער האָבן געיובלט אין זייער טריי־
אומף, זיינען אַבילעס און די אַלע וועלכע האָבן אים געדינט
אויפגעשטאַנען פון דער ערד ווי גלימערדיקע וואָלקנס און פאַרביי
איבער די קעפּ פון די פּיליסטער, אויסלאַכנדיק זיי.

אויף דעם אופן איז פּסעוודאָפּאַלים געבליבן לער, אַזוי אַז
די פּיליסטער זיינען אַהין אַריינגעטראָטן אַן וואָס פאַרא ווידער־
שטאַנד. זיי האָבן פאַראומווירדיקט די שטאָט פון לעסטערנדיקע
קאַלירן, דאַן פאַרברענט זי אַלס קרבן צו זייער גאָט וועל־טי־
נאָ, וואָרים דער קאָליר פון אש איז א גרויער.

דאַן האָבן די פּיליסטער אויפגעשטעלט ליטהאַיען (וואָס זיי־
נען ניט אומענלאַך געווען צו טאַנץ־פּלאַקנס), און אָנגעהויבן צו
פּראַווען זייערע גלויבנס־ריטואַלן.

* * *

אַזוי האָט מען דערציילט; אָבער יורגען האָט קיינע פון די
פּאַסירונגען ניט ביינעלעבט.

„זאָלן זיי דאָס אויסקעמפן צווישן זיך,“ האָט יורגען גע־
זאָגט: „עס איז ניט מיין עסק. איך שטים איין מיט סי־
לענוסן: טעמפּקייט וועט בייקומען טעמפּקייט, און עס וועט גאָר־
ניט אויסמאַכן. אָבער דו, פרוי טייערע, זוך שוין מיט דיינע איי־
גענע אין די אומבאַזיגבאַרע וועלדער, ווייל עס איז שווער צו זאָגן
וואָס פאַרא שאָדן די פּיליסטער קאָנען אָנטאָן אין דער געגנט“.

„וועסטו גיין מיט מיר, יורגען?“

„מיין טייערע, דו ווייסט גאַנץ גוט אַז עס איז אוממעגלאַך פאַר
מיר ווען צוריקגיין אין די וועלדער, נאָך דעם שפּיצל וואָס איך האָב
אָפּגעטאָן פּאַבעטאָרן.“

„און אויב דו וואָלסט נאָר געווען קאָפּ געהאַלטן איבער דער
דראַניצע העלען, אין איר געלן שייטל — וואָרים איך האָב ניט דעם
מינדסטן צווייפל אַז יעדע פּאַסמע אירע איז א פאַלשע, און אַלנפאַלס
איז עס ניט די צייט צו שטרייטן דאַריבער, יורגען, — נו, דאַן
וואָלסטו קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיטן פעטער פּאַבעטאָר! עס
ווייזט דיר פשוט!“

„יאָ“, האָט יורגען געזאָגט.

„פונדעסטוועגן ווייס איך ניט. אויב דו זאָלסט קומען מיט מיר
אין וואַלד אַריין וואָלט פעטער פּאַבעטאָר אויף זיין צע'כעס'טן אופן
גאַנץ זיכער דיך פאַרוואַנדלט אין א ווילדן חזיר, ווייל ער האָט דאָס
שטענדיק געטאָן מיט יענע וועלכע האָבן אים אויפגערעגט —“

„עס שיינט מיר אז איך ווייס די אורזאך."

„— אָבער גיב מיר צייט, און איך וועל באַארבעטן דעם פעטער פּאַבעטאַר, פּונקט ווי איך האָב עס שטענדיק באַוויזן, און ער וועט דיך אומוואַנדלען."

„ניין", זאָגט יורגען איינגעשפּאַרט, „איך וויל ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווילדן חזיר."

„הער, יורגען, לאָמיר רעדן צו דער זאַך! נאַטירלאַך, עס איז אַ ביסל הכנעה'דיק. אָבער איך וועל שוין גוט אויפּפּאַסן אויף דיר, און דיך האָדעווען מיט מיינע אייגענע חזיר'שע ניסלאַך, און עס וועט זיין בלויז אַ צייטווייליקע איינאָרדנונג. און צו זיין אַ חזיר פאַר אַ וואָך אָדער צוויי, אָדער אפילו אַ חדש־צייט, איז אָן אַ שיעור גלייכער פאַר אַ דיכטער ווי געפאַנגען צו ווערן פון פיליסטער".

„ווי אַזוי ווייס איך דאָס?" זאָגט יורגען.

„— וואָרים עס איז ניט, נאָכאַלעמען, גלייך ווי דעם פעטער פּאַבעטאַרס האַרץ וואָלט געווען ווי פון שטיין. עס איז בלויז אַ קאַפּריז זיינער. און אויסערדעם מוזסטו געדענקען וואָס דו האָסט געטאָן מיט דעם עגבער!"

טוט יורגען אַ זאָג: „דאָס אַלץ האָט קוים צו טאָן מיט דער זאַך. דו פאַרגעסט אַז איך האָב געזען פּאַבעטאַרס אומגליקלאַכן שוויין, און איך ווייס ווי ער שטילט איין די נאַטירלאַכע ווילדקייט פון זיינע וואַלד־חזירים. ניין, איך בין יורגען. טאָ פאַרבלייב איך אַ־דאָ. איך וועל ביישטיין די פיליסטער און אַלץ וואָס זיי קאָנען מיר מעגלאַך טאָן, איידער צו ליידן דאָס וואָס פּאַבעטאַר וועט מיר גאַנץ זיכער טאָן."

„דאַן פאַרבלייב איך אויך", האָט כלאַרים געזאָגט.

„ניין, מיין טייערע —!"

„אָבער פאַרשטייסטו דען ניט?" זאָגט כלאַרים, עטוואָס בלאַס, ווי ער האָט איצט דערזען. „זינט דאָס לעבן פון אַ וואַלד־נימף איז פאַרקניפּט מיט דעם לעבן פון איר בוים קאָן מיר קיינער קיין שלעכטס ניט טאָן אַזוי לאַנג ווי מיין בוים לעבט: און אויב זיי זאָלן אויסהאַקן מיין בוים וועל איך שטאַרבן, וואו איך זאָל זיך ניט געפינען."

„איך האָב עס פאַרגעסן." ער האָט זיך ווירקלאַך געערגערט איצט.

„— און דו קאָנסט אַליין זען, יורגען, אַז עס איז אויסער יעדער מעגלאַכקייט פאַר מיר זיך צו טראָגן מיט דעם דעמב ערגעץ אַנדערש, און עס וואונדערט מיך אויף דיינע ניט געשטויגענע פּלוידערייען".

„פאַרוואָר, מיין טייערע", זאָגט יורגען, „מיר זיינען אין אַ גאַנץ

פיינער פאסטקע. מילא, קיינער קאן ניט לעבן אין פרידן לעננער ווי זיין שכן וויל. פונדעסטוועגן איז עס ניט רעכט."

ווי ער האט גערעדט זיינען די פיליסטער ארויסגעקומען פון דער ברענענדיקער שטאט. ווידעראמאל האט דער טרומייטער גע־שאלט, און די פיליסטער זיינען פארויסגעטראטן אויף זייער קאמף־אופן.

## 32. שידנארטיקע מיטלען פון די פיליסטער

דערווייל האבן „די מענטשן פון פעלד" צוגעזען ווי פסעוודאפא־ליס ברענט, און זיך געוואונדערט וואס וועט געשען מיט זיי. ניט לאנג האבן זיי באדארפט זיך וואונדערן, ווארים אויף מארגן זיינען די פעלדער פארנומען געווארן, אז שום ווידערשטאנד פון די איינ־וואוינער.

„די מענטשן פון פעלד", האבן זיי געזאגט, „האבן קיינמאל ניט געקעמפט, און זיי זאלן איצט אנהויבן וואלט ווירקלאך געווען אז אומגעהערטע זאך."

אזוינאך זיינען די פעלדער געפאנגען געווארן פון די פיליסטער, און כלארים און יורגען און אלע פעלדמענטשן האבן געקראגן א קורצן משפט. מען האט זיי דערקלערט פאר פארעלטערטע אילוזיעס, וועמעס פארדינטער אורטייל איז פארשיקט צו ווערן אין דער שאול תחתיה. יורגענען האט דאס געשיינט צו זיין אומ'יושר'דיק.

„ווארים איך בין ניט קיין אילוזיע", האט ער באהויפט. „איך בין אויסדריקלאך פלייש און בלוט, און אלס צוגאב בין איך דער ערהאבענער קיניג פון עבאניא, און ניט ווייניקער. ס'הייסט, דיספער־טירנדיק די פאקטן שמריים איר אפ אומשטענדן וואס זיינען דא־ארום אזוי גוט באקאנט ווי צו רעכענען זיך צווישן מאטעמאטישע זיכערקייטן. און עס מאכט אייך אויסזען נאריש, ווי איך זאג אייך פאר אייער טובה וועגן."

דאס האט געקוועלט די פירער פון די פיליסטער, ווי עס קוועלט שטענדיק מענטשן ווען מען זאגט זיי עפעס פון זייער אייגענער טובה וועגן. „מיר וואלטן וועלן דו זאלסט וויסן", האבן זיי געזאגט, „אז מיר זיינען ניט קיין מאטעמאטיקער; און וואס נאכמער, אז מיר האבן קיין קיניגס ניט אין פיליסטערלאנד, וואו אלע מוזן אזוי האנדלען ווי עס איז צו דערווארטן פון זיי, און האבן ניט קיין אנדער געזעץ."

„טא ווי זשע קאנט איר זיין די פירער פון פיליסטערלאנד?"

„ס'הייסט, עס פירט זיך אז פרויען און גייסטלאכע זאלן זיך

אויפפירן אויף אן אומדערקלערבארן אופן. דערפאר טוען מיר אלע, וועלכע זיינען פרויען אדער גייסטלאכע, וואס מיר ווילן אין פיליסטערלאנד, און די מענער דארטן פאלגן אונדז. און מיר, די גייסטלאכע פון פיליסטערלאנד, זיינען עס וועלכע דענקען ניט אז דו קאנסט מעגלאך האבן פלייש און בלוט הינטער א העמד וואס מיר דערקענען אלס אן אנגענומענעם אויסדרוקס־מיטל. עס לייגט זיך ניט אויפן שכל. און זיכער קאנסטו קיינמאל ניט באווייזן אזא זאך דורך מאטעמאטיק; און דאס צו באהויפטן איז געפלוידערט גלאט אין דער וועלט אריין".

"אבער איך קאן עס באווייזן דורך מאטעמאטיק, גאנץ אומאפפרעגנדיק. איך קאן באווייזן וואס איר פאדערט פון מיר דורך וואס פאר א מיטלען אייך זעלבסט איז מער געפעליק", האט יורגען געזאגט, באשיידן, „פאר דער איינפאכער אורזאך וואס איך בין אן אומגעהייער דורכגעטריבענער יונג".

דאן האט גערעדט די קלוגע קיניגן דאלארעס, אזוי צו זאגן: „איך האב שטודירט מאטעמאטיק. איך וועל אויספרעגן דעם יונגמאן, אין מיין געצעלט היינטיקן אוונט, און אינדערפרי וועל איך באריכטן דעם אמת אין באצוג צו זיינע באהויפטונגען. ביסטו צופרידן אויסצוהאלטן דעם פארהער, מיין פיפיקער יונג וואס טראגט דאס העמד פון א קיניג?"

יורגען האט אויף איר גלייך א קוק געטאן: זי איז געווען רייצנד ווי א רויב־פויגל איז רייצנד: און אלץ וואס יורגען האט געזען איז יורגענען געפעלן. ער האט אנגענומען אז דאס איבעריקע האט הארמאנירט: און באשלאסן אז דאלארעס איז געווען א וואוילע פרוי.

„הארנטע און קיניגן", האט יורגען געזאגט. "איך בין צופרידן. און איך קאן צוזאגן צו האנדלען געהעריק מיט דיר."

אזוי איז דעם אוונט יורגען אריינגעפירט געווארן אין דעם פורפור געצעלט פון קיניגן דאלארעס פון פיליסטערלאנד. עס איז גאנץ טונקל געווען דארט, און יורגען איז אליין אריינגעגאנגען, און וואונדערנדיק זיך וואס וועט דאן געשען: אבער די גערוכיקע טונקלקייט האט ער געפונען פאר אן אויסגעצייכנטן פארפאל, אויב שוין בלויז דערפאר וואס זי האט געשטערט זיין שאטן פון נאכפאלגן אים.

"איצט, דו וואס באהויפטסט צו זיין פלייש און בלוט, און קיניג פון עבאניא, אויך", זאגט די שטים פון קיניגן דאלארעס, „וואס איז דאס פאר א נארישקייטן וואס דו האסט גערעדט וועגן באווייזן אזעלכע באהויפטונגען דורך מאטעמאטיק?"

„יא, אבער מיין מאטעמאטיק", האט יורגען געענטפערט, "איז פאראקסאגארישע".

„וואָס, דו מיינסט פּאַראַקסאַגאַראַס פון קאָס ?“

„גלייך ווי“, האָט יורגען געשפּעט, „אימיצער האָט ווען געהערט פון אַן אַנדער פּאַראַקסאַגאַראַס.“

„אָבער ער, ווי איך דערמאָן זיך, האָט געהערט צו דער מעדיצינישער שולע פון די דאָגמאַטיקער“, האָט באַמערקט די קלוגע קיניגן דאַלאָרעס, „און האָט דערהויפּט גע'שמ'ט פאַר זיינע פאַרשונגען אין אַנאַטאָמיע. איז ער דאָן אויך געווען אַ מאַטעמאַטיקער ?“

„די ביידע זיינען ניט סותר'דיק, מאַדאַם, ווי איך וואָלט צופרידן געווען צו דעמאָנסטרירן.“

„אַך, קיינער זאָגט דאָס ניט ! ווארים עס שיינט מיר באמת אַז איך האָב געהערט פון דעם פּאַראַקסאַגאַרישן סדר פון מאַטעמאַטיק, כאָטש, איך בין מודה, איך האָב קיינמאָל די זאַך ניט שטודירט.“

„אונדזער שולע, מאַדאַם, נעמט אָן, פאַר אַלעמען, אַז זינט די מאַטעמאַטישע וויסנשאַפט איז אַן אַבסטראַקטע וויסנשאַפט, איז עס אַמבעסטן איינצובויערן מיט אַ קאָנקרעטן באַווייז.“

זאָגט די קיניגן : „אָבער דאָס קלינגט גאַנץ קאָמפּליצירט.“

„עס פירט גאַנץ אָפט צו קאָמפּליצירונגען“, האָט יורגען צוגעגעבן, „אַ דאַנק דעם אויסוואַל פון אַ פאַלשן באַווייז. אָבער די אַקסיאָמע איז ניט ווייניקער ריכטיק.“

„קום, דאָן, און זעץ זיך לעבן מיר אויף דעם געלעגער אויב דו קאָנסט עס געפינען אין דער פינסטער ; און פאַרטייטש מיר כ'בעט דיך וואָס דו מיינסט.“

„נו, מאַדאַם, מיט אַ קאָנקרעטן באַווייז מיין איך אַזאַ וואָס איז אויפנעמבאַר איינעם פון די חושים — ווי דער ראיה אָדער דעם געהער, אָדער דער באַרירונג —“

„אַך, אַך !“ האָט די קיניגן געזאָגט, „איצט פאַרשטיי איך וואָס דו מיינסט מיט אַ קאָנקרעטן באַווייז. און כאָפּנדיק דאָס קאָן איך פאַרשטיין אַז קאָמפּליצירונגען מוזן נאַטירלאַך אויספאַלן אויסוויילנדיק אַ פאַלשן באַווייז.“

„אַזוינאַך, מאַדאַם, איז עס ערשטנס נויטיק איינצופלאַנצן אין דיר, מיט דער קראַפט פון אַ באַווייז, אַ לעבעדיקן חוש פון דעם זונדערבאַרן כאַראַקטער, און אייגנשאַפטן און טוגנטן, פון יעדן פון די ציפערן אויף וועלכע די גאַנצע וויסנשאַפט פון פּאַראַקסאַגאַרישער מאַטעמאַטיק איז באַזירט. ווארים כדי דיך גרינטלאַך צו איבערציייגן, מוזן מיר אָנהייבן פון העט אונטן, ביים אָנהויב פון אַלע זאַכן.“

„איך זע“, האָט די קיניגן געזאָגט, „אָדער בעסער, אין דער

פינסטערניש קאָן איך גאָר ניט זען, אָבער איך פיל עס. דיין דער־
עפענונג אינטערעסירט מיך; און דו מעגסט ווייטער אָנגיין".

„אַלזאָ א י י נ ס אָדער דער מ אָ נ אַ ד ", זאָגט יורגען,
„איז דער שרש און סוף פון אַלץ: ער אַנטפּלעקט דעם ערהאַבנסטן
קנופּ וואָס בינדט צוזאַמען די קייט פון געשעענישן: עס איז דער סימ־
באָל פון אידענטישקייט, פון גלייכהייט, פון עקזיסטענץ, פון שיצונג,
און פון אַלגעמיינעם האַרמאָנירן." און יורגען האָט אייפערדיק באַ־
טאָנט די שטריכן. „אין קורצן, א י י נ ס איז אַ סימבאָל
פון דער פאַראייניקונג פון זאַכן: עס ברענגט אַריין די געבערנדיקע
טוגנט וואָס איז די אורזאַך פון אַלע קאָמבינאַציעס: און פאָלגלאַך
איז א י י נ ס אַ גוטער פּרינציפּ."

„אך, אך!" האָט דאַלאַרעס געזאָגט, „איך באַוואונדער האַרציק
אַ גוטן פּרינציפּ, אָבער וואָס איז געוואָרן פון דיין קאָנקרעטן באַווייז?"

„עס איז אָנגעגרייט פאַר דיר, מאַדאַם: עס איז דאָ בלויז א י י ן
יורגען."

„אָ, איך פאַרזיכער דיך, איך בין נאָך ניט איבערצייגט אין דעם.
דאָך וועט די פראַנקייט פון דיין באַווייז מיר העלפן א י י נ ס
צו געדענקען, צי דו וועסט יאָ אָדער ניט זיך ווירקלאַך ווייזן א י י נ צ ל
צו זיין."

„איצט קומט צ ו ו י י, אָדער דער ד י אַ ד, דער אור־
שפּרונג פון קאָנטראַסטן — "

יורגען האָט דורכדרינגלאַך געהאַלטן אין דעמאָנסטרירן אַז צוויי
איז געווען אַ סימבאָל פון פאַרשידנקייט און פון אומרואיקייט, און
פון אומאָרדנונג, פאַרענדיקנדיק זיך אין צוזאַמענבראָך און פאַנאַנדער־
גאַנג: און איז פאָלגלאַך געווען אַ שלעכטער פּרינציפּ. אַזוי איז דאָס
לעבן פון יעדן מענטשן פאַראומגליקט געוואָרן דורך דעם קאַמף צווישן
זיינע צ ו ו י י שטאַנדטיילן, זיין גוף און זיין נשמה; און אַזוי איז
דער געגנוס פון צוויי האָפנונגספולע עלטערן היפשלאַך פאַרמינערט
געוואָרן מיט דעם אָנקומען פון אַ צווילינג.

ד ר י י, אָדער דער ט ר י אַ ד, פונדעסטוועגן, זינט אַלץ איז
באַשטאַנען פון דריי עקרים, האָט אַנטהאַלטן די ערהאַבנסטע מיס־
טעריעס, וועלכע יורגען האָט געהעריק מיטגעטיילט. מיר מוזן גע־
דענקען, האָט ער אָנגעמערקט, אַז זעאוס האָט געטראָגן אַ דרייפאַכן
בליץ, און פּאָסעידאָן אַ דרייצאַניקן צעפּטער, בשעת „אַדעס" איז באַ־
וואַכט געוואָרן פון אַ הונט מיט ד ר י י קעפּ: דאָס אין ביילאַג
צו די אַלמעכטיקע ברידער אַליין צוזאַמנשטעלנדיק אַ דריילינג.

אַזוינאָך האָט יורגען געהאַלטן אין מיטטיילן די פּאַראַקסאַנאַרישע

באדייטונג פון יעדער צאַל באַזונדער: און שפּעטערצו האָט די קיניגן דערקלערט זיין פּלוס פון חכמה פאַר איבערמענטשלאַך.

„אַך, מאַדאַם, ניט אַפילו די חכמה פון אַ קיניג איז אַן אַ גרענעץ. אַ כּ ט, ווידערהאָל איך אַזוינאַך, איז די צאַל פון די גראַציעס. און נ י י ן, אָדער דער ע נ נ י אַ ד, אויך זייענדיק דער כפל פון ד ר י י, דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר הייליק —"

די קיניגן האָט געהאַרכזאַם אויפגענומען זיין באַווייזן די זונדערבאַרע אייגנשאַפטן פון נ י י ן. און ווען ער האָט פאַרענדיקט האָט זי מודה געווען אַז נ י י ן דאַרף אַן צווייפל באַטראַכט ווערן אַלס אַ וואונדער. אָבער זי האָט צוריקגעוויזן זיינע פאַרגלייכונגען איז באַצוג צו די „מוזן", די לעבנס פון אַ קאַץ, און וויפל אונטערשלאַק מאַכט אויס אַ מלבוש.

„זיכער וועל איך שטענדיק געדענקען", האָט זי דערקלערט, „אַז קיניג יורגען פון עבאָניאַ איז אַ ניין־טאָגיקער וואונדער".

„נו, מאַדאַם", האָט יורגען געזאָגט, מיט אַ זיפץ, „איצט אַז מיר האָבן דערגרייכט נ י י ן, טוט מיר לייד צו זאָגן אַז מיר האָבן אויסגעשעפּט אַלע צאַלן."

„אַך, וואָס פאַר אַ רחמנות!" האָט קיניגן דאָלאָרעס אויסגעשריען. „פונדעסטוועגן וועל איך צוגעבן די איינציקע דערקלערונג וואָס איך האָב אָפּגעשטרייט; עס איז פאַראַן בלויז א י י ן. יורגען: און דער פּאַראַקסאַגאַרישער סדר פון מאַטעמאַטיק איז זיכער אַ צוציענדיקע לערע." און גלייך האָט זי אָנגעהויבן פּלאַנעווען יורגענס צוריקקער מיט איר קיין פיליסטערלאַנד, אַזוי אַז זי זאָל זיך קאָנען פאַרפּולקאָמענען אין די העכערע צווייגן פון מאַטעמאַטיק. „וואָרים דו מוזסט מיך לערנען איטעגראַלן און געאָמעטריע און אַלע אַנדערע וויסנשאַפטן אין וועלכע די צאַלן ווערן באַנוצט. מיר קאָנען איינאַרדענען עפּעס אַ פּשרה מיט די גייסטלאַכע. דאָס איז שטענדיק מעגלאַך מיט די גייסטלאַכע פון פיליסטערלאַנד, און ווירקלאַך קאָנען די גייסטלאַכע פון סעספּרא באַהילפיק זיין יעדן איינעם אין אַלעמען. און מכּח דיין וואַלד־נימף, וועל איך זעלבסט שוין דערויף אויפּפּאַסן".

„אָבער ניין", זאָגט יורגען, „איך בין באמת באַרייט געגנוג פאַר פּשרות ערגעץ אַנדערש: אָבער צו פאַרבינדן זיך מיט די גרויסמאַכטן פון פיליסטערלאַנד איז די איינציקע זאַך וואָס איך קאָן ניט טאָן."

„מיינסט עס טאַקע, קיניג יורגען?" די קיניגן איז געפּלעפּט געווען.

„איך מיין עס, מיין טייערע, ווי איך מיין קיין אַנדער זאַך ניט.

איר זייט אין פילע געביטן א באוואונדערונגסווערט פאלק, און איר זייט אין אלע געביטן א שרעקלאך פאלק. טא באוואונדער איך, שרעק איך זיך, מייד איך אויס, און אז האלט שוין גאר שמאל, פאר־אכט איך. ווארים איר זייט ניט פון מיין מין. און ווילנדיק ניט ווילנדיק טרעט מיר צו צום הארצן קעגן אייערע געזעצן, צוגלייך וואנזיניקע און אפשיילאכע. נעם דיר אין אכט, פונדעסטוועגן, איך מיין גארניט צו באהויפטן. איר מעגט אייך זיין גערעכט אין צושרייבן חכמה צו די געזעצן; און זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז איר זייט אומגערעכט: פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט — דאס איז ווי איך פיל וועגן דעם. אזוינאך קאן איך, וואס גיי איין אויף פשרות מיט אלעם אנדערן, ניט מאכן קיין פשרות מיט פיליס־טערטום. ניין, מיין געשעצטע דאלארעס, עס איז ניט קיין טוגנט, זיכער איז עס אן אינסטינקט מיינער, און איך קאן ניט אנדערש".

אפילו דאלארעס וועלכע איז געווען די קיניגן פון אלע פיליס־טער האט געקאנט זאגן אז דער מענטש האט ווארהאפטיק גערעדט.

„עס טוט מיר לייד", האט זי געזאגט, מיט ווארער באדויערונג, „ווארים מען וואלט דיר פיל נאכגעלאפן אין פיליסטערלאנד."

„יא", האט יורגען געזאגט, „אלס א לערער פון מאטעמאטיק."

„אבער ניין, קיניג יורגען, ניט נאר פון מאטעמאטיק", האט דא־לארעס געזאגט, פארנונפטיק. „אט האסטו פאעזיע, למשל! ווארים מען זאגט מיר אז דו ביסט א דיכטער, און צווישן מיין פאלק נעמען פילע פאעזיע זייער ערנסט גלויב איך. פארשטייט זיך, איך זעלבסט האב ניט צופיל צייט צו לעזן. אזוינאך קאנסטו זיין דער געקרוינטער דיכטער פון פיליסטערלאנד, אויף וואס פאר א שכירות דו ווילסט און דו קאנסט אונדז אלע לערנען דיינע געדאנקען מיטן שרייבן פון שיינע לידער וועגן זיי. און מיר בײדע קאנען זיין זייער גליקלאך צוזאמען."

„לערנען, לערנען! אט דאס רעדט פיליסטערטום, און זייער פארפירעריש אויך, דורך אן אנטציקנדיק מויל, וואס וואלט מיך אונטערגעקויפט מיט לויב און פיינע עסנס און א גרינג לעבן אויף אייביק. עס איז א זאך וואס געשעט דאך גאנץ אפט. און איך קאן בלויז ווידערהאלן אז קונסט איז ניט קיין צווייג פון פעדאגאגיק."

„עס טוט מיר ווירקלאך הארציק לייד. ווארים מאטעמאטיק איז א זייט, געפעלסטו מיר, קיניג יורגען, גלאט אלס מענטש."

„מיר טוט אויך לייד, דאלארעס. ווארים איך גיב צו מיין שוואכ־קייט צו די פרויען פון פיליסטערטום."

„דו האסט מיר זיכער ניט געגעבן קיין אורזאך צו פארדעכטיקן דיך אין עפעס א שוואכקייט אין יענעם באצוג", האט דאלארעס בא־

מערקט, „די גאנצע לאנגע צייט וואס דו ביסט געווען אליין מיט מיר, און גערעדט אזוי קלוג און באוויזן אזוי טיף. איך האב מורא אז נאך היינטיקער נאכט וועלן אלע אנדערע מענער מיר אויסזען מער־ווייניקער אויבערפלעכלאך. אך און ווי ! איך וועל מארגן מסתם מיר מיינע אויגן אויסוויינען ווען דו ביסט פארשיקט אין דער שאול תחתיה. ווארים דאס איז וואס די גייסטלאכע וועלן טאן מיט דיר, קיניג יורגען, אויף אזא גרונד אדער אן אנדערן, אויב דו פירסט זיך ניט אויף לויט די געזעצן פון פיליסטערלאנד.“

„און אויף דער איינציקער פשרה קאן איך ניט איינגיין ! אך, אבער אפילו איצט שוין האב איך א פלאן ווי אזוי זיך צו רעטן פון דיינע גייסטלאכע : און פאלט ער דורך, באזיץ איך א שפרוד אויף וועלכן ס'איז זיך צו פארלאזן אין דער ערגסטער נויט. מיינע פריוואטע אנגעלעגנהייטן אזוינאך זיינען נאך אלץ ניט אין א האפנונגסלאזער אדער אפילו אין א באטריבנדער לאגע. דער פאקט צווינגט מיך איצט צו באמערקן אז צ ע ז , אדער דער דעקאד, איז די מאס פונם גאנצן, זינט עס אנטהאלט אלע צוזאמענשטעלונגען און הארמאניעס פון די צאלן.“

אזוי זיינען זיי אנגעגאנגען מיט זייער לערע פון מאטעמאטיק ביז עס איז געקומען די צייט פון יורגענס דערשיינען אויפסניי פאר זיינע ריכטער. און אינדערפרי האט קיניגן דאלארעס געלאזט וויסן אירע ריכטער אז זי איז געווען צו שלעפעריק צו זיין אנוועזנד ביים ראטספארזאמלונג, אבער דער מענטש איז אומבאשטרייטבאר געווען בלוט און פלייש, היפשלאך פארדינט א קיניג צו זיין, און אלס מאטעמאטיקער ניט געהאט קיין גלייכן.

איצט אז די פונקטן זיינען געווען אפגעפארטיקט, האבן די ריכטער קאנפערירט, און יורגען איז פאראורטיילט געווארן אלס משומד אין די דרכים פון אומגעוויינשטן טעות. זיינע ריכטער זיינען געווען די גייסטלאכע פון וועל־טינא און סעספרא און אגעאוס, וואס זיינען די געטער פון פיליסטערטום.

דאן האט דער גייסטלאכער פון אגעאוס אנגעטאן זיינע ברילן און אונטערזוכט דעם קירכלאכן געזעץ, און דערקלערט אז די אומענדערונג אין דער אנקלאגע האט גענויט אפצוטיילן יורגענען פון די אנדערע, אין דעם ארויפליינגן די שטראף.

„ווארים יעדער, נאטירלאך, מוז פארהאפט ווערן צו דער פארגעסנהייט פון זיינע עלטערן, ווי פארויסגעזאגט, כדי די נביאות זאל מקוים ווערן. רעליגיע שמאכט ווען נביאות ווערן ניט מקוים. איצט ווייזט זיך ארויס אז די אורעלטערן פון דעם פלייש און בלוט ארעס־

טאנט זיינען געווען פון אן אנדער גלויבן ווי די פארלויפער פון די פארעלטערטע אילוזיעס, און אז זיינע עלטערן האבן פארויסגעזאגט גאנץ אנדערע זאכן, און אז זייער „פארגעסנהייט געפענגעניש“ האט געהייסן „גהינם.“

„איר ווייסט גאנץ ווינציק“, זאגט יורגען, „פון דער רעליגיע אין עבאניא.“

„מיר האבן עס דא פארשריבן אין דעם גרויסן ספר“, האט אים דער גייסטלאכער פון וועל־טינא דאן געזאגט. — “ יעדעס ווארט דערפון אן א קלעק אדער א טעות.“

„דאן ווען איר זען אז דער קיניג פון עבאניא איז דער עלט־סטער פון דער קירך דארט, און טוישט איבער די נביאות ווי ס׳געפעלט אים. דער געלערנטער גאולעי זאגט דאס דירעקט: און דער פארנונפ־טיקער סטעוועגאניוס איז געווען געצוואונגען ווי אומגערן איינצו־שטימען מיט אים. ווי איר ווען עס באלד אויסגעפינען אונטערזוכנדיק דעם דריטן טייל פון זיין וווייטבארימטן ניינצנטן קאפיטל“.

„ביידע גאולעי און סטעוועגאניוס זיינען מסתם געווען בארימטע אפיקורסים“, זאגט דער גייסטלאכער פון אגעאוס. „איך גלויב אז דאס איז באשלאסן געווארן איינמאל פאר אלעמען ביי דעם קירכלאכן ראט פון ארטומאר.“

„וואס !“ זאגט יורגען. דער גייסטלאכער איז אים ניט געפעלן. „איצט וועל איך ווען, מיינע הארן“, האט יורגען פארגעזעצט, א קליין ביסל פאטראניזירנדיק, „אז איר, מיינע ווערטע, האט ניט גע־לייענט גאולעין, אדער אפילו סטעוועגאניוסן, אין דעם ליכט פון פאסלערס קאמענטארן. און דאס איז עס פארוואס איר אונטערשאצט זיי.“

„איך אמווייניקסטן האב געלייענט יעדעס ווארט וואס איז ווען געשריבן פון איינעם פון די דריי“, האט געענטפערט דער גייסטלאכער פון סעספרא —“ און מיט, ווי איך דארף קוים דערציילן, דער לעבע־דיקסטער פאראפשייאונג. און דער גאולעי דערהויפט, ווי איך אייל זיך איינצושטימען מיט מיין געלערנטן מיטברודער, איז דער געוואל־דיקסטער אפיקורס —“

„נו, מיין האר“, האט יורגען געזאגט, אויפגעשווידערט, „וואס אזוינס דערציילסט מיר וועגן גאולעין !“

„איך דערצייל דיר אז איך בין אויפגעבראכט געווארן ביז גאר פון זיין ׳היסטאריא, דע בעלא וועגערים׳ —“

„דו איבערראשסט מיך : דאך —“

„—געפלעפט פון זיין ׳פארנאבאסקאדידאסקאלא׳ —“

„איך קאָן עס קוים גלויבן; אפילו אזוינאַך מוזסטו צוגעבן —"

„און דערציטערט פון זיין ,ליבער דע אימאַראַליטאַטע מענטולע' "

„מילא, צוגעבנדיק דיר דאָס פריערדיקע ווערק, מיין האר, דאָך, צו דערזעלבער צייט —"

„ — און ס'האָט מיך געעקלט פון זיין ,דע מאַרא קאַעאונדרי' —"

„גוט, אָבער דאָך —"

„— און האָב געשווידערט איבער די אומאויסשפּרעכלאַכע אָפּשיי-לאָכקייטן פון זיין ,עראַטאָפּעניאַן' ! פון זיין ,סינעדיקא' ! און דער-הויפּט פון זיין 'עפּיפּעדעזים'. דאָס פּעסטהאַפּטסטע און ערגסטע ווערק, וואָס אָן שרעק איז עס ניט מעגלאַך צו לייענען —"

„דאָך קאָנסטו ניט אָפּלייקענען —"

„— און איך האָב געלייענט אַלע אָפּווייזונגען פון דעם עקלהאַפטן גאָולעי : ווי אויך פון זאַנכיוס פּאַוועטינוס, לעליוס וויצענטיוס, לאַגאַלאַ, טאָמאַס גיאַמינוס, און אַכט אַנדערע פיינע מפורשים —"

„דו ביסט זייער פּינקטלאַך, מיין האר : אָבער —"

„— און, אין קורצן, אַז איך האָב געלייענט יעדעס בוך וואָס דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן", זאָגט דער גייסטלאַכער פון סעספּרא.

יורגענס אַקסל האָבן זיך אויפגעהויבן ביז צו זיינע אויערן, און יורגען האָט שטילשווייגנדיק פאַרוואָרפן מיט זיינע הענט, דלאָניעס ארויפצו.

„ווייל איך שפּיר", זאָגט יורגען צו זיך, „אַז דער רעאַליסט איז צו אויספירלאַך פאַר מיר. פונדעסטוועגן, טראַכט ער אוים זיינע פאַקטן : עס איז מיטן ציטירן פון ביכער וואָס האָבן קיינמאָל ניט עקזיסטירט וואָס ער ווייזט אָפּ אין דער עפנטלאַך גאָולעיען ווע מען איך האָב פריוואָט אויסגעטראַכט: און דאָס איז ניט רעכט. איצט בלייבט בלויז איין אויסוועג יורגענען; אָבער גליקלאַבערווייז איז דער אויסוועג אַ זיכערער."

„וואָס פאַרקעסטו זיך דאַרטן ביי זיך אין קעשענע ?" פרעגט דער אַלטער גייסטלאַכער פון אַנעאָס, בליקנדיק אין אומרואיקייט.

„אהא, מענסט טאָקע נאָכפרעגן !" האָט יורגען אויסגעשריען. ער האָט צעוויקלט דעם שפּרוך וואָס איז אים געגעבן געוואָרן פון דעם מייסטער פילאַלאָג, און וואָס יורגען האָט אָפּגעהיט ווי ס'איז אין קאָפּ פאַר יענער צייט ווען עס איז מער נויטיק געווען ווי אַ גלאָט צינגל. „אָ, איר אומגערעכטסטע ריכטער", זאָגט יורגען, שטרענג, „איצט הערט און ציטערט! 'ביים טויט פון אדריאַן דעם פינפטן, איז פעדראָ כוליאַני, וועלכער דאַרף הייסן דזשאָן דער צוואַנציקסטער, דורך

א טעות אין חשבון דערהויבן געווארן צום פּויפּסט־שטול אַלס דושאַן דער איין־און־צוואַנציקסטער !'"

„האָה, און וואָס האָבן מיר צו טאָן דערמיט ?" האָט זיך נאָכ־געפרעגט דער גייסטלאַכער פון וועל־טינאַ, מיט אויפגעהויבענע ברעמען. „צוליב וואָס דערציילסטו אונדז די אום'שייכות'דיקע זאַכן ?"

„ווארים איך האָב געדענקט אַז עס קאָן אייך אינטערעסירן",

האָט יורגען געזאָגט. „עס איז געווען אַ פאַקט וואָס האָט מיר גע־שיינט צו זיין אַמוזאַנט. האָב איך געדענקט לאַמיך עס דערמאָנען".

„דאָן האָסטו מאָדנע געדאַנקען ביז־גאָר וועגן אַמוזאַנטקייט", האָבן זיי אים געזאָגט. און יורגען האָט דערפילט אַז אָדער ער האָט ניט באַנוצט דעם שפּרוך ווי ס'באַדאַרף צו זיין אָדער אַז זיין כשוף איז ניט געווען צום האַרצן די פירער פון פּיליסטערטום.

## 33. זיי־געזונט צו כלאָריסן

איצט האָבן די פּיליסטער אַרויסגעפירט די געפאַנגענע, און פאַרבאַרייט זיך צו באַשטראָפן לויט דעם אורטייל. און זיי האָבן דערלויבט דעם יונגן קיניג פון עבאַניא דורכצורעדן זיך מיט כלאָריסן.

„פאַר דיר געזונט איצט, יורגען !" זאָגט כלאָריס, וויינענדיק איינגעהאַלטן. „עס גייען מיך ווינציק וואָס אַן די נאַרישע ווערטער וואָס די גייסטלאַכע פון פּיליסטערטום קאָנען איצט רעדן קעגן מיר. אָבער די שווערהענטיקע העקערס האַקן אויס מיין בוים דאָרט, צו קריגן געהילץ פאַר אַ בעט פון דער קיניגן פון פּיליסטערלאַנד וועגן; ווייל דאָס איז וואָס די קיניגן האָט זיי באַפוילן צו טאָן די ערשטע זאַך דעם פרימאָרגן."

און יורגען האָט אויפגעהויבן זיינע הענט. „איר פרויען !" האָט ער געזאָגט. „וואָסער מאַנספאַרשוין וואָלט ווען געטראַכט פון דעם ?"

„טאָ ווען מיין בוים ווערט פאַלן מוז איך זיך פאַרקלויבן אין אַז אומעטיק לאַנד וואו עס איז קיין געלעבטער ניט פאַראַן; און וואו פאַר'חידוש'טע מתים וואַנדערן צילאָז אַרום דורך פעלדער פון גע־רובלאַזן אַספאַדעל, און דורך הויכע טריבע פאַסאַדן פון מירטן, — די פאַר'חידוש'טע שטילע מתים, וואָס קאָנען ניט וויינען אפילו ווי איך טו איצט, נאָר קאָנען זיך בלויז וואונדערן וואָס איז דאָס אַזוינס וואָס עס מוט זיי באַנג. איך מוז אויך פאַרזוכן פון דער לעטע, און פאַר־געסן אַלץ וואָס איך האָב ליב געהאַט."

„דו האָסט צו דאַנקען דער איינבילדונגס־קראַפט פון דיינע אור־עלטערן, מיין טייערע, וואָס דיין גורל איז ניט קיין ערגערער. ווארים

איך גיי אין א מער בארבארישער פארגעסנהייט, אין דעם גהינם פון א פאלק וואס האט צופיל געטראכט וועגן פלאמען און סמאלע", זאגט יורגען, פארטרויערט. „איך זאג דיר עס איז דער טייוול און כ'ווייס וואס, אפצושטאמען פון מארבידע פארלויפער". און ער האט כלארים א קוש געטאן, אויפן שטערן. „מיין טייער, טייער מיידל", האט ער געזאגט, מיט א שלוק, „אזוי לאנג ווי דו געדענקסט מיך, טו עס צו גוטן."

„יורגען" — און זי האט זיך געטוליעט צו אים, — „דו ביסט קיינמאל ניט אומגוט געווען, אפילו ניט פאר א רגע. יורגען, דו האסט קיינמאל קיין שטרענג ווארט ניט ארויסגערעדט צו מיר אדער אימיצן אנדערש, די גאנצע צייט וואס מיר זיינען געווען צוזאמען. א יורגען, ווען איך האב ליב געהאט ווי דו האסט קיינעם ניט געקאנט ליב האבן, עס איז ניט פיל געווען וואס יענע אנדערע פרויען האבן מיר איבערגעלאזט צו פארגעטערן !"

„עס איז ווירקלאך א רחמנות וואס דו האסט מיך ליב געהאט, כלארים, ווארים איך בין עס ניט ווערט געווען." און אין יענער ווילע האט עס יורגען געמיינט.

„ווען אן אנדערער זאל עס זאגן, יורגען, וואלט איך שטארק אויפגעבראכט געווארן. און אפילו צו הערן דיך דאס זאגן, ערגערט מיך. ווארים עס איז קיינמאל ניט געווען קיין וואלד־נימפ צווישן צווי בערג וואס האט געהאט א מאן האלב אזוי קלוג־נאריש אז ער זאל זיך מאכן אזא גרינג הארץ פון צייט און געלעגנהייט, מיט זיין פארגלעטן שווארצן קאפ שטאלץ פארבויגן אויף איין זייט, און פינקלענדיק מיט זיינע חצופ'ישע ברוינע אויגן".

און יורגען האט זיך געוואונדערט אז דאס זאל זיין דער באגריף וואס כלארים האט געהאט וועגן אים, און אז א קאפריז זאל זיין אלץ וואס זי געדענקט וועגן אים. און ער איז געווען טאפלט זיכער אז קיין פרוי קימערט זיך ניט צו פארשטיין דעם מאן וואס זי דערווײלט ליב צו האבן און צערטלען און שקלאפן פאר אים.

„א מיין טייערע", זאגט יורגען, „אבער איך האב דיך ליב געהאט, און מיין הארץ איז הויל וואסער איצט ווי דו ווערסט אוועקגענומען פון מיר : און צו געדענקען דיינע געגלאך און דעם פארגעניגן וואס איך האב געהאט פון זיי וועט זיין א גרויסער און שארפער ווייטיק אין דעם גרויסן אויסדווער פון דער קינפטיקייט. א, ניט מיט קיין העלדישער ליבע האב איך דיך ליב געהאט, אויך ניט מיט קיין פארווירונג און ערהאבענע טרוימען, ווי אויך ניט מיט צופיל רייד ;

נאַר מיט אַ ליבע פּאַסיק פאַר מיין שטאַנד, מיט אַ שטילער און הערצלאַכער ליבע."

„און מוזסטו פאַרזוכן, בשעת איך שטאַרב, צו פּאַסן דיין קומער איבער מיר אין די ריכטיקע ווערטער?" פרעגט זי אים, שמייכלענדיק זייער פאַרטרויערט, „אָבער עס מאַכט ניט: דו ביסט יורגען, און איך האָב דיך ליב געהאַט. און איך בין צופרידן וואָס איך וועל גאָרניט וויסן וועגן דעם ווען אין דעם גרויסן אויסדויער פון דער קינפטיקייט וועסטו דערציילן אַזויפיל אַנדערע פרויען וועגן וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן פון זאַראַבאַזיאוס און פּטאָלעמאַפּיטער, און ווען דו וועסט פאַזירן און ראָמאַנסירן פון זייער פאַרגעניגן וועגן, וואָרים באַלד וועל איך האָבן פאַרזוכט פון דער לעטע: און באַלד וועל איך האָבן פאַרגעסן אין דיר, קיניג יורגען, און דעם גאַנצן גענוס וואָס איך האָב געהאַט פון דיר. און דעם גאַנצן שטאָלץ און די גאַנצע ליבע וואָס איך האָב געפילט צו דיר, קיניג יורגען, וואָס האָסט מיך אַזויפיל ליב געהאַט ווי דו ביסט פעאיק געווען".

„פאַרוואָס, וועט ליבע אויך אַנגיין דערנאָכסטו אין גהינם?" פרעגט ער זי, מיט אַ צעוויימיקטן שמייכל.

"ליבע וועט אַנגיין", האָט זי געענטפערט, „וואו נאָר דו וועסט זיין, קיניג יורגען. און עס וועלן דאָרט זיין פרויען צוצוהערן זיך. און צום סוף וועט דאָרט זיין אַ באָב־שטעקן אַ פרוי, אין אַ שייטל."

„עס טוט מיר לייד —" האָט ער געזאָגט. „און דאָך האָב איך דיך ליב געהאַט, כלאָרים."

„דאָס איז מיין טרייסט איצט. און באַלד וועט זיין דער טייך פון פאַרגעסנהייט, לעטע. איך האָב גרעסערן צוטרוי צו דער לעטע. און דאָך קאָן איך זיך ניט ווערן פון ליב האָבן דיך, יורגען, צו וועמען איך האָב קיין צוטרוי ניט."

ער האָט ווידעראַמאָל געזאָגט: "איך בין עס ניט ווערט."

זיי האָבן זיך צוקושט. דאַן איז יעדער פון זיי געבראַכט געוואָרן צו דער געהעריקער פאַרהאַפטונג.

און טרערן זיינען געשטאַנען אין די אויגן פון יורגענען, וועלכער איז ניט געווען געוואוינט צו וויינען: און ער האָט אינגאַנצן ניט געטראַכט וועגן וואָס עס וועט געשען מיט אים, נאָר בלויז וועגן דער און יענער קליינער נישטיקער זאַך וואָס וואָלט געווען געפאַלן זיין כלאָרים זאָל יורגען עס געווען טאָן, און וואָס יורגען האָט צוליב איין אורזאַך אָדער אַן אַנדערער געלאָזט אומגעטאָן.

„איך בין קיינמאָל ניט געווען אומגוט צו איר, זאָגט זי! אָך, אָבער איך האָב דאָך געקאָנט זיין אַזויפיל בעסער. און איצט וועל

איך זי מער קיינמאָל ניט זען, ווי אויך מער קיינמאָל ניט קאָנען אויפוועקן קיין אַנטציקונג און באַוואונדערונג אין יענע ליכטיקע צאַרטע אויגן וואָס האָבן אין מיר קיין חסרון ניט געזען! מילא, אָבער עס איז זיכער אַ טרייסט וואָס זי ווייסט ניט ווי איך האָב זיך אָפּגעגעבן די לעצטע נאַכט, וואָס איז איר פאַרבליבן צו לעבן, מיט קנעלן מאַטעמאַטיק."

און דאַן האָט זיך יורגען געוואונדערט ווי אַזוי וועט ער אָפּגעשיקט ווערן אין דעם גהינם פון זיינע עלטערן? און ווען די פיליסטער האָבן אים באַוויזן אויף וואָס פאַר אַן אַרט זיי האָבן גערעכנט אויסצופירן זייער אורטייל האָט ער זיך געוואונדערט אויף זיין אייגענער טעמפּקייט.

„וואָרים איך האָב זיך געמעגט פאַרשטעלן אַז אַזוי וועט עס געשען", האָט יורגען געזאָגט. „און דאָך איז ווי שטענדיק פאַראַן אַן איינפאַכקייט אין די מעטאָדן פון די פיליסטער וואָס איז אומדענקבאַר פאַר ווירקלאַך דורכגעטריבענע יונגען. און אויך ווי שטענדיק זיינען די מעטאָדן אומ'יושר'דיק אין באַצוג צו אונדז, כיטרע יונגען. מילא, איך בין באַרייט צו פאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל: אָבער דאָס פונדעסטוועגן איז אַן אומגעהייער שוידערלאַכער פּלאַן: און עס וואונדערט מיך צי איך האָב מוט גענוג עס איבערטראָגן?"

דאַן, ווי ער איז געשטאַנען באַטראַכטנדיק דעם ענין, איז אַ באַאַמטער געקומען אין איילעניש. ער האָט געבראַכט מיט זיך דריי גרויסע צונויפגעראָלטע פּאַרמעטן, מיט זיגלען און באַנטן און אַלץ אין אָרדנונג: און דאָס איז געווען יורגענס באַגנאַדיקונג און יורגענס נאָמינאַציע אַלס געקרוינטער דיכטער פון פיליסטערלאַנד און יורגענס באַשטימונג אַלס הויף-מאַטעמאַטיקער.

דער באַאַמטער האָט אויך געבראַכט אַ בריוו פון קיניגן דאָלאָרעס, און יורגען האָט געלייענט מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן.

„באַדענק זיך איצט וואָס פאַר שפּאַס עס וואָלט געווען צו פאַרבלענדן יעדן איינעם די אויגן מיט דעם כּלומר'שטן צופּאַסן זיך צו אונדזערע געזעצן!" האָט דער בריוו זיך געלעזן, און דאָס אַלץ: דאָלאָרעס איז ווירקלאַך געווען אַ קלוגע פרוי. דאָך איז דאָרט געווען אַ צושריפט. „וואָרים מיר וואָלטן געקאָנט זיין גליקלאַך!" האָט דער פּאָסטקריפּט זיך געלעזן.

און יורגען האָט געקוקט צום וואַלד, וואו מענטשן האָבן צעזעגט אַ גרויסן דעמב. און יורגען האָט אַ וואוילן לאַך געטאָן, און מיט פיינער באַדאַכטזאַמקייט האָט ער צעריסן דער קיניגנס בריוו אין קליינע פּאַסיקלאַך. דאַן האָט ער מאַיעסטעטיש אַ נעם געטאָן די

פּאַרמעטן, און אויסגעפונען אַז זיי זיינען אַזוי שטייף געווען אַז ער האָט זיי ניט געקאָנט צערייסן. דאָס האָט געשיינט צו זיין אויסער־געוויינלאַך לעפּיש, וואָרים יורגען אומפּאַסיקער פאַרזוך צו צערייסן די פּאַרמעטן האָט פאַרמינערט די ווירדע פון זיין גרויסמוטיקן זעלבסט־אָפּפער: ער האָט אפילו פאַרדעכטיקט איינעם פון די וועכ־טער אין שמייכלען. אַזוינאַך איז אים גאָרניט פאַרבליבן ווי אויפגעבן איצט דאָס אומזיסטיקע רייסן און צופּן, און צופרידנשטעלן זיך מיט צונויפקנייטשן די פּאַרמעטן.

„דאָס איז מיין ענטפער", האָט יורגען געזאָגט, העלדיש, און מיט געוויסן שטאָלץ וועגן זיך, אָבער אַלץ נאָך אַ ביסל צעקלויצעט פון דער אומגויטיקער שטייפקייט פון די פּאַרמעטן.

דאַן האָט יורגען אויסגערופן אַ זיי־געזונט צו דעם געפאַלענעם לויקע און פאַראַכטלאַך האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט די פּיליסטער און זייערע פּלענער. דאַן האָט ער זיך אונטערוואָרפן זייערע פּלענער. אַזוינאַך איז עס אַן אַ שום ספּעציעלן פּראָטעסט קעגן דעם וואָס יורגען איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער שאול תחתיה, און איז גע־ליפערט געווען אין דעם גהינם פון זיינע אורעלטערן, צוויי טעג פאַר ווייַנאַכט.

## 34. ווי קייסער יורגען האָט העליש פאַרבראַכט

איצט דערציילט די מעשה ווי די טייוואָלים פון גהינם זיינען געווען איינער פון זייערע קירכן פּראַווענדיק ווייַנאַכט אויף אַזאַ אַרט ווי די טייוואָלים ריכטן אָפּ דעם יום טוב: און ווי יורגען איז אַריינגעפאַלן דורך אַ פאַל־טיר אין פּאַרזאַמלונג־צימער; און ווי ער האָט דערזען און זיך פאַרוואונדערט וועגן די באַשעפענישן וואָס האָבן באַוואוינט דאָס פּלאַץ. וואָרים צו אים זיינען נאָך די ווייַנאַכטס־דינסטן געקומען אַלץ אַזעלכע טייוואָלים ווי זיינע אורעלטערן האָבן פאַרויסגעזאָגט, און ניט מיט קיין האָר אָדער שום אָדער קלוי האָבן זיי זיך אונטערשיידן פון דעם ערגסטן וואָס אימיצער האָט געקאָנט זיך פאַרשטעלן.

„אַנאַטאָמיע איז אין דער געגנט אפילו מער קוידעריש ווי אין קאָקאַאין", איז געווען יורגענס ערשט נאָכדענקען. אָבער די ערשטע זאַך וואָס די טייוואָלים האָבן געטאָן איז געווען צו באַזוכן יורגענען זייער פאַרזיכטיק, כדי פעסטצושטעלן אַז ער האָט ניט אַריינגעבראַכט קיין וואַסער אין גהינם.

„איצט, ווער אַ שטייגער קאָנסטו זיין, וואָס קומט צו אונדז אַ לעבעדיקער, אין אַ פיין העמד וועמעס גלייכן מיר האָבן קיינמאָל

פריער ניט געזען ?" האָט דיטיקאַן געפרעגט. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ פון אַ טיגער, אָבער אויסערדעם דאָס אויסזען פון אַ גרויסן פויגל, מיט גלאַנציקע פעדערן און פיר פיס: זיין נאַקן איז געווען געל, זיין גוף גרין, און זיינע פיס שוואַרץ.

„עס וואָלט ניט געווען אויפריכטיק געהאַנדלט מיט אייך צו לייקענען אַז איך בין דער קייסער פון נומאַריא", האָט יורגען געזאָגט, פאַרגרעסערנדיק עטוואָס זיין ראַנג.

איצט האָט זיך אָפּגערופן אַמעמאַן, אינם אויסזען פון אַ דיקן חלב־קאָלירטן וואָרם, שפּאַנענדיק אויף אַן אויפגעשטעלטן עק וואָס האָט געגלאַנצט ווי דער עק פון אַ גלי־וואָרם. ער האָט ניט געהאַט קיין פּיס, נאָר אונטער זיין שנויץ זיינען געווען צוויי קורצע הענט, און אויף דער פּלייצע אַזעלכע באַרשטהאָר ווי ס׳וואַקסן אויף יאַזשן.

„אָבער מיר זיינען גראָד פאַרפלייצט פון קייסאָרים", האָט אַמעמאַן געזאָגט, קווינקלענדיק, „און מיר האָבן זיך גענוג אויסצושטיין פון זייערע פאַרברעכנס. ביסטו געווען אַ זייער בייזער הערשער ?"

„קיינמאָל זינט איך בין געוואָרן קייסער", האָט יורגען געענטפערט, „האָט אימיצער פון מיינע אונטערטעניקע ניט אַרויסגערעדט זיך מיט קיין שלעכט וואָרט קעגן מיר. מאָ לייגט זיך עס אויפן שכל אַז איך האָב ניט קיין שום ערנסטע אורזאַך פאַרוואָס זיך צו טאַדלען".

„דיין געוויסן, דאַן, פאָדערט ניט אַז דו זאָלסט באַשטראָפט ווערן ?"

„מיין געוויסן איז צו גוט דערצויגן, מיינע הערן, איינצו־עקשנ׳ען זיך אויף וואָס ניט איז."

„דו פאַרלאַנגסט אפילו ניט קיין מאַטערנישן ?"

„נו, איך גיב צו אַז איך האָב דערוואָרט עפּעס פון דעם מין. אָבער פונדעסטוועגן וועל איך זיך ניט איינ׳עקשנ׳ען". האָט יורגען געזאָגט, מטשאַקנדיק. „ניין איך וועל זיך גאַנץ צופרידנשטעלן אפילו אויב איר זאָלט מיך גאָר ניט פּייניקן."

און דאַן האָט דער המון זיך געמאַכט אַ גאַנצן צימעס פון יורגענען.

„וואָרים עס איז אויסערגעוויינלאַך גוט צו האָבן ווינציקסטן איין אומפּרעטענציעז און אומדיקטאַטאָריש מענטשלאַך וועזן אין גהינם. קיינער פאַלט קיינמאָל ניט אריין צו אונדז סיידן אומגעוויינלאַך שטאָלצע און געוויסנהאַפטע גייסטער, וועמעס באַרימעריי איז אומדערטרעגלאַך, און וועמעס פּאָדערונגען זיינען סקאַנדאַליעז."

„ווי קאָן דאָס זיין ?"

„ס'הייסט, מיר דארפן זיי באשטראפן. נאטירלאך ווערן זיי ניט געהעריק באשטראפט ביז זיי זיינען איבערצייגט אז וואס עס געשעט מיט זיי איז גענוי און ריכטיק. און דו באגרייפסט ניט וואסערע געברענטע לייד, טענה'ן זיי, זייער איבערמעסיקע רשעות האט פארדינט, גלייך ווי דאס וואס זיי האבן געטאן אדער געלאזט אומגעטאן קאן מעגלאך אויסמאכן אימיצן. און דאס פלאנעווען פון די פייניקונגען מאטערט אונדז אויס."

"אבער פארוואס ווערט דאס פלאץ אנגערופן דער גהינם פון מיינע עלטערן ?"

"ווייל דיינע אורעלטערן האבן עס אויפגעבויט אין זייערע טרוי־מען". האבן זיי אים געזאגט „אויסן שטאלץ וואס האט זיי געפירט צום גלויבן אז דאס וואס זיי האבן געטאן איז גע׳יען פון גענוגנדער וויכטיקייט צו פארדינען שטראף. אדער אזוי ווינציקסטן האבן מיר געהערט: אבער אויב דו ווילסט וויסן דעם ריינעם אמת מוזסטו גיין צו אונדזער זיידן קיין בראטום".

„דאן וועל איך. און באוואוינען מיינע אייגענע זיידעס, און אלע אורעלטערן מיינע פון פארצייטנס, דאס גרויע פלאץ ?"

„אלע די וואס ווערן געבוירן מיט וואס זיי רופן אן געוויסן קומען אהערצו", האבן די טייוואלים געזאגט. „דענקסטו אז דו וואלסט זיי געקאנט איבעררעדן צו גיין ערגעץ אנדערש ? ווארים אין אזא פאל וואלטן מיר דיר זייער דאנקבאר געווען. זייער איבערנעמען זיך איז רחמנות'דיק: אבער עס איז אויך אן אנטשעפעניש, ווייל עס שטערט אונדז פון אפרוען זיך."

"פילייכט קאן איך אייך העלפן קריגן גערעכטיקייט, און זיכער איז דער פארזוך צו קריגן גערעכטיקייט פאר אייך מיין קייסערלאכע פליכט. אבער ווער רעגירט דאס לאנד ?"

זיי האבן אים דערציילט ווי אזוי דער גהינם איז צעטיילט אין פירשטנטומס וואס האבן געהאט פאר גובערנאטארן לוסיפערן און בעל זבוב'ן און בליעל'ן און פלעגעטאנען: אבער אז איבער אלע איז געווען דער זיידע שטן, וועלכער האט געוואוינט אין שווארצן הויז אין בראטום.

„גוט, איך וויל גלייכער", זאגט יורגען, „פארהאנדלען דירעקט מיט אייער עלטסטן, באזונדערס אויב ער קאן דערקלערן דעם משפט המלוכה פון דעם פאריקטן און פינסטערן לאנד. זאל אימיצער פון אייך מיך פירן צו אים אויף אזא אופן ווי עס פאסט פאר א קייסער!"

אזוינאך האט קאנאגאסטא געבראכט א טאטשקע, און יורגען איז ארייגעקראכן, און קאנאגאסטא האט אים אוועקגעקייקלט. קא־

נאַגאַסטאַ איז עפּעס ענלאַך געווען צו אַן אַקס, אָבער פיל ענלאַכער צו אַ קאַץ, און זיינע האָר זיינען געווען געקרייזלט.

און ווי זיי זיינען געקומען דורך באַראַזמאַ, אַ זייער אומבאַקוועם פּלאַץ וואו די פאַרפלוכטע האָבן געלעבט אין מאַטערנישן, וועמען אַנדערש זאָל יורגען דערזען ווי זיין אייגענעם פאָטער, קאַטה, דער זון פון סמאַיט און שטיינוואַר, שטייענדיק דאָרטן, קייענדיק זיינע לאַנגע וואַנסן אינמיטן פון אַ באַזונדערס הויכן פלאַם.

„גיב זיך אַ שטעל אָפּ פאַר אַ רגע!" זאָגט יורגען צו זיין וואָך.

„אָך, אָבער דאָס איז די ערגסטע בריאה אין גאַנצן גהינם!" האָט קאַנאַגאַסטאַ אויסגעשריען; „און אַ בריאה וואָס איז באין אופן ניט צופרידנצושטעלן!"

„קיינער ווייסט עס ניט בעסער ווי איך", זאָגט יורגען.

און יורגען האָט העפלאַך אָפּגעגעבן זיין פאָטער אַ גאָט־העלף. אָבער קאַטה האָט ניט דערקענט דעם ספּריטנעם יונגן קייסער פון נומאַריא, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבערן גהינם אין אַ מאַטשקע

„קענסטו מיך ניט, הייסט עס?" זאָגט יורגען.

„ווי זאָל איך דיך קענען ווען איך האָב דיך פריער קיינמאָל ניט געזען?" האָט קאַטה געענטפערט, אויפרעגנבאַר.

און יורגען האָט ניט געמאַכט קיין וועזן פון דעם: ווייל ער האָט געוואוסט אַז ער און זיין פאָטער קאָנען קיינמאָל ניט איינשטימען אין גאָרניט. טאַ האָט יורגען געשוויגן דאָס מאָל, און קאַנאַגאַסטאַ האָט אים געקייקלט דורכן גרויען דעמער, אַראָפּנידערנדיק אַלעמאָל טיפער און נאָך טיפער אין דעם פלאַכלאַנד פון גהינם, ביז זיי זיינען אַנגעקומען קיין באַראַטום.

## 35. וואָס דער זיידע שטן האָט באַריכט

קינפּטיק דערציילט די מעשה ווי דריי אונטערע טייוואַלים האָבן געמאַכט אַ רעש מיט שפּילן אויף זאַקפּייפלאַך ווי יורגען איז אַריין אין דעם שוואַרצן הויז פון באַראַטום דורכצורעדן זיך מיטן זיידע שטן.

דער שטן איז געווען ווי אַ מאַן פון זעכציק, אָדער פילייכט צוויי־און־זעכציק, אין אַלץ אויסער וואָס ער איז געווען באַדעקט מיט גרויער פעל, און האָט געהאַט הערנער ווי פון אַ הירש. ער האָט געטראָגן אַן אונטער־לאַפּן פון זייער טונקל גרוי, און איז געזעסן אין אַ שטול פון שוואַרצן מירמל, אויף אַ בעלעמער: זיין האָריקער עק, וואָס איז געווען געדיכט ווי ביי אַ וועווערקע, האָט אומרואיק געפּאַכט איבער זיין קאָפּ ווי ער האָט געקוקט אויף יורגענען, ניט רעדנדיק, און ניט אָפּוועגנדיק זיין געדאַנק פון אַן אוראַלטער מחשבה. און זיינע

אויגן זיינען געווען ווי ליכט שיינענדיק אויף קליינע רימשקעלאך טינט, ווארים זיי האבן נים געהאט קיין ווייסלען אין זיך.

„וואס איז דער באדייט פון דעם פאריקטן לאנד ? " זאגט יורגען, ארײנשפרינגענדיק אין סאמע געדיכטן. „עס האט קיין זין, און קיין שום יושר נים."

„אך", האט דער שטן געענטפערט, אין זיין מאדנער הייזעריקער שטים. „מעגסט עס נאכאמאל זאגן : און איך האב דאסזעלבע טאקע מיין ווייב געזאגט ערשט לעצטן אוונט."

„דו האסט א ווייב גאר !" זאגט יורגען, וועלכער איז שטענדיק פארינטערעסירט געווען אין אזעלכע זאכן. „נו, עס פארשטייט זיך! סיי אלס קריסט און אלס פארהייראטער מאן, האב איך באדארפט פארשטיין אז דאס איז געווען דעם שטנ'ס פליכט. און ווי גייט עס דיר מיט איר ?"

„גאנץ גוט", זאגט דער זיידע שטן : „אבער זי פארשטייט מיך נים."

„et tu Brute?" זאגט יורגען.

„און וואס מיינט דאס ?"

„עס איז אן אויסדרוק וואס באדייט דערשטוינונג איבער א פאר־פאל אן א פארגלייך אבער אין גהינם שיינט אלץ צו זיין גאנץ פרעמד, און דאס פלאץ איז אינגאנצן נים דאס וואס עס האבן געדרונגען די גייסטלאכע און די בישאפס און די קארדינאלן וועלכע פלעגן מיך האלטן אין איין מונטערן אין מיין פיינעם פאלאץ אין ברעשוי."

„און וואו האסטו געזאגט איז דער פאלאץ ?"

"אין נומאריא, וואו איך בין קייסער יורגען. און איך דארף דיך נים באליידיקן דערקלערנדיק אז ברעשוי איז מיין הויפטשטאט, און איז באוואוסט פאר איר פאבריצירן לייוונט און געוואנט און הענטשקעס און צירשטיינדלאך און בראנפן, כאטש די מערסטע פון מיינע אונטערטאנען זיינען באשעפטיקט מיט פי און לאנד־ווירט־שאפט."

„פארשטייט זיך אז נים : ווארים איך האב שטודירט געאגרא־פיע. און עס איז גאנץ אפט, יורגען, ווי איך האב געהערט וועגן דיר, כאטש קיינמאל נים פון דיין האבן געווען א קייסער".

„האב איך נים געזאגט אז דאס פלאץ איז נים געקומען אין באריר מיט נייע געדאנקען ?"

„אך, אבער דו מוזסט געדענקען אז באזינטע מענטשן מיידן אויס דעם גהינם. אויסערדעם שטערט אונדז די מלחמה מיטן הימל צו טראכטן פון אנדערע זאכן. יערנפאלס, דו קיניג יורגען, מיט וואס

פארא אוומאריטעס שטעלסטו קשיות דעם שטן, אין שטנ׳ס היים?"

„איך האב געהערט דאס ווארט וואס דער אייזל האט גערעדט מיט דער קאץ", האט יורגען געענטפערט; ווארים ער האט זיך דער־מאנט גאר פלוצים אין וואס מערלין האט אים באוויזן.

דער זיידע שטן האט באגרייפנדיק צוגעשאקלט. „געלויבט זאל זיין סעט און באסט! און זאל זיך זייער מאכט פארמערן. דאס, קייסער, איז ווי אזוי מיין קיניגרייך איז אנטשטאנען".

דאן האט דער שטן, אויפגעזעצט און סומנע אין זיין הויכן מירמל־שטול, דערקלערט ווי ער און דאס גאנצע גוט און די אלע העלישע פריסטער־הערשאפטן איבער וועלכע ער האט רעגירט זיינען „עקסטעמ־פארע" באשאפן געווארן פון קאשטשעיען, כלומר׳שט נאכצוגעבן דעם שטאלץ פון יורגענס אורעלטערן. „ווארים זיי זיינען איבערמעסיק שטאלץ געווען מיט זייערע זינד. און קאשטשעי האט עפעס באמערקט די „ערד" איינמאל, מיט דיינע אורעלטערן ארומשפאנענדיק איבער איר טריאומפירנדיק אין דער אומגעהייערקייט פון זייערע זינד און אין די שווידערלאכע שטראפן וואס זיי האבן דערווארט אלס באלוי־נונג. אלזא, קאשטשעי וועט כמעט אלץ טאן צופרידנצושטעלן גדלות, ווארים שטאלץ צו זיין איז איינע פון די צוויי זאכן וואס זיינען אוממעגלאך פאר קאשטשעיען. איז עס אים געפאלן, א, נאך ווי געפאלן: אז נאכדעם ווי ער האט געהאט געטריבן זיין ביסל שפאס, האט ער באשאפן זיין גהינם „עקסטעמפארע". און האט עס געמאכט פאר פונקט אזא פלאץ ווי דיינע עלטערן האבן זיך פארגע־שטעלט עס דארף זיין, כדי כלומר׳שט נאכצוגעבן דעם שטאלץ פון דיינע אורעלטערן".

„און פארוואס איז שטאלץ אוממעגלאך פאר קאשטשעיען?"

„ווייל ער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען: און טאג ווי נאכט באטראכט ער זאכן ווי זיי זיינען, ניט האבנדיק קיין אנדער זאך צו באטראכטן. ווי זשע קאן קאשטשעי זיין שטאלץ?"

„איך זע, עס איז ווי איך וואלט פארהאפט געווארן אין א קעמערל וואו עס וואלט גארניט געווען, לחלוטין גארניט, אויסער מיינע פערזן. עס שווידערט מיך צו דענקען וועגן דעם! אבער וואס איז די אנדערע זאך וואס איז אוממעגלאך פאר קאשטשעיען?"

„איך ווייס ניט. עס איז עפעס וואס טרעט ניט אריין אין גהינם."

„נו, הלואי וואלט איך אויך קיינמאל ניט געווען אריינגעטראטן אהערצו, און איצט מוזסטו מיר באהילפיק זיין ארויסצוקריכן פון דעם פינסטערן פלאץ."

„און פארוואס מוז איך דיר באהילפיק זיין?"

„ווייל“, האָט יורגען געזאָגט, און ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם שפּרוך פון דעם מייסטער פּילאָלאָג, „ווייל ביים טויט פון אַדריאַן דעם פינפטן, איז פּעדראָ כוליאַני, וועלכער דאַרף הייסן דזשאָן דער צוואַנ־ציקסטער, דורך אַ טעות אין חשבון דערהויבן געוואָרן צום פּויפּסט־שטול אַלס דזשאָן דער איין־און־צוואַנציקסטער. געפינסטו ניט מיין אורזאַך פאַר גענוגנד?“

„ניין“, האָט דער זיידע שטן געזאָגט, נאָר איבערלייגן זיך, „איך קאָן ניט זאָגן אַז יאָ. אָבער דאָן גייען דאָך פּויפּסטן אין הימל אַריין. עס איז אָנגענומען אַז עס זעט אויס בעסער, אַרום און אַרום, און דערהויפּט ביי מיינע לאַנדסלייט, אויף ווי וויט פילע פּויפּסטן זיינען געווען פאַרדעכטיקט אין סימפּאַטיזירן מיט הימלשקייט. טאָ לאָזן מיר קיינעם פון זיי אין גהינום ניט אַריין, כדי צו זיין זיכער, איצט אַז מיר האַלטן מלחמה. פּאַלגלאַך, קאָן איך ניט אורטיילן איבער פּויפּסטן און זייערע אַנגעלעגנהייטן, ווי איך פּרעטענדיר ניט אויך.“

און יורגען האָט דערשפּירט אַז ווידער האָט ער באַנוצט דעם שפּרוך אומריכטיק אָדער אַז ער איז מאַכטלאָז געווען צו רעטן מענטשן פונם שטן. „אָבער ווער וואָלט געווען געדענקט“, האָט ער רעפלעק־טירט, „אַז דער זיידע שטן איז געווען אַזאַ איינפאַך אַלט באַשע־פעניש!“

„ווי לאַנג, דאַן, מוז איך דאָ פאַרבלייבן?“ פרעגט יורגען, נאָך אַ באַטריבטער הפסקה.

„איך ווייס ניט“, ענטפערט דער שטן. „עס מוז זיך איינגאַנצן ווענדן אין דעם וואָס דיין פאָטער דענקט דאַריבער —“

„אָבער וואָס האָט ער צו טאָן דערמיט?“

„— זינט איך און דאָס גאַנצע קלאָפּערגעצייג דאָ זיינען דיין פאָטערס לעבערלאַכע באַגריפן, ווי דו האָסט אַזוי אָפט באַוויזן דורך לאָגיק. און עס איז קוים מעגלאַך אַז אַזאַ ביטערער יונג ווי דו זאָל מאַכן אַ טעות.“

„נו, פאַרשטייט זיך, דאָס איז אוממעגלאַך“, זאָגט יורגען. „נו, דער ענין איז אַ גאַנץ פאַרפּלאָנטערטער. אָבער איך בין באַרייט צו פאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל: און איך וועל שוין זען צו קריגן גערעכטיקייט ווי־עס־איז, אַפילו אין דעם אוממגעזינטן פּלאַץ וואו מיין פאָטערס לעבערלאַכע באַגריפן זיינען דער אמת.“

אַזוי האָט יורגען פאַרלאָזט דאָס שוואַרצע הויז פון באַראַטום: און יורגען האָט אויך פאַרלאָזט דעם זיידע שטן, אויפגעזעצט און סומנע אין זיין הויכן מירמל שטול, און מיט זיינע אויגן פינקלענדיק אין דעם בלאַסן שיין, ווי ער איז געזעסן דאָרט שאַרכנדיק מיט זיין

ווייכן האריקן עק, און נים צומאל אפוועגדנדיק זיין גערדאנק פון א אורא‌לטער מחשבה.

## 36. פארוואס קאטה איז ווידערשפראכן געווארן

דאן האט זיך יורגען צוריקגעקערט קיין כאראזמא, וואו קאטה, דער זון פון סמאיט און שטיינוואר, איז געוויסנהאפט געשטאנען אינמיטן דעם גרעסטן און היציקסטן פלאם וואס ער האט זיך גע־קאנט פארשטעלן, און האט געזידלט די אויסגעמאטערטע טייוואלים וועלכע האבן אים געפייניקט, ווייל די געברענטע לייד וואס זיי האבן אים אנגעטאן זיינען נים געגוג געווען פאר קאטהס רשעות.

און יורגען האט אויסגעשריען צו זיין פאטער: „דער צעלאזענער טייוול קאנאגאסטא האט דיר געזאגט אז איך בין געווען דער קייסער פון נומאריא, און איך לייקן עס אפילו איצט נים אפ. אבער שפירסטו נים אז איך בין אויך דיין זון יורגען?"

„זע נאר, עס איז טאקע אזוי", האט קאטה געזאגט, „איצט אז איך קוק זיך איין אינם ליידאק. און ווי אזוי ביסטו, יורגען, געווארן א קייסער?"

„נו, מיין האר, און איז דאס א פלאץ פאר ארומרעדן אזעלכע ערדישע ווירדיקייטן? איך בין דערשטוינט אז דיין גערדאנק זאל זיך נאך אלץ פארנעמען מיט אזעלכע הבל הבלים אפילו דא אין געברענטע לייד."

„אבער עס איז אומגעהעריקע מאטערנישן, יורגען, אזעלכע וואס דערלייזן נים מיין געווסן, עס איז ניטא קיין גערעכטיקייט אין דעם פלאץ, און קיין אופן ווי צו קריגן גערעכטיקייט, ווארים די פוילע טייוואלים נעמען נים ערנסט וואס איך בין באגאנגען, און זיי מאכן זיך בלויז ווי זיי באשטראפן מיך, און אזוינאך פארבלייבט מיין גע־וויסן אומבאפרידיקט."

„אבער הער, פאטער, איך האב גערעדט מיט זיי, און זיי שיינען צו דענקען אז דיינע פארברעכנס זיינען נים מי יודע וויים וואס, נאך אלעמען".

קאטה איז ווי געוויינלאך אויפגעקאכט געווארן. „איך וויל דיר געבן צו וויסן אז איך האב דערמארדט אכט מענטשן פאר גארניט, און געהאלטן פינף אנדערע בשעת זיי זיינען דערמארדט געווארן. איך פיר אונטער דעם סכום פון אזעלכע זינד אלס צען און א האלב מער־דערייען, און פאר דעם פאדערט מיין געוויסן אז איך זאל ווערן באשטראפט."

„אך, אבער דאס, פאטער, איז געשען מיט פופציק יאר צוריק אדער מער, און די מענטשן וואלטן איצט געווען טויט אלנפאלס, איז ווי דו זעסט מאכט עס איצט ניט אויס."

„איך האב זיך ארומגעשלעפט מיט פרויען, מיט איך וויים אליין ניט וויפל פרויען."

יורגען האט א שאקל געטאן מיטן קאפ. „דאס איז אויפטרייסלענ־דיקע נייס פאר א זון צו הערן, און דו קאנסט דיר פארשטעלן מיינע געפילן. אבער דאך איז דאס אויך געשען מיט פופציק יאר צוריק, און עס גייט קיינעם איצט ניט אן."

„דו מאלפע דו, איך דערצייל דיר אז איך האב געשאלטן און גע'גנב'עט און געפעלשט און אונטערגעצונדן פיר הייזער און פאר־שוועכט דעם אפרו־טאג און געווען פארדארבן און האב אומ'דרך־ארצ'־דיק גערעדט צו מיין מוטער און האב זיך געבוקט צו א שטיינערנער געטשקע אין פארטוזא. איך זאג דיר איך האב א תל געמאכט פון די גאנצע עשרת הדברות, מאל נאך מאל. איך בין באגאנגען אלע פאר־ברעכנס וואס זיינען ווען געהערט געווארן, און אויסגעטראכט זעקס נייע."

„גוט, מיין האר", האט יורגען געזאגט: „אבער דאך, וואס מאכט עס איצט אויס?"

„אך, נעמט אוועק דעם זון מיינעם!" האט קאטה אויסגעשריען: „ווארים ער איז ווי זיין מוטער, ס'זאל אים פעלן א האר; און כאטש איך בין געווען דער ערגסטער אויסוואורף וואס האט ווען געלעבט, האב איך ניט פארדינט געפלאגט צו ווערן צוויי מאל מיט אזעלכע נארישע פראגן, און איך פאדער אז איר זאלט ברענגען מער ברענ־האלץ, איר פוסט־און־פאסניקעם טייוואלים וואס איר זייט!"

„מיין האר", האט געזאגט א פארסאפעטער קליינער טייוול, אין געשטאלט פון א פראש־ווארם מיט האריקע ארעמס און פיס ווי ביי א מאלפע, ווי ער איז ארויפגעלאפן מיט א בינטל ריטלאך, „מיר טוען ס'בעסטע וואס מיר קאנען פאר דיין אומבאקוועמלאכקייט ווענן. אבער איר, פארשאלטענע, האט קיין מיטלייד ניט מיט אונדז, און ווילט ניט געדענקען אז מיר זיינען אויף אונדזערע פיס טאג ווי נאכט, באדינענדיק אייך", האט געזאגט דער קליינער טייוול, בליפענדיק, ווי ער האט מיט זיין גראבליע צעשארט דאס פייער ארום קאטהן. „איר באטראכט אפילו ניט דעם אומרואיקן צושטאנד אין לאנד, א דאנק דער מלחמה מיטן הימל, וואס מאכט עס אזוי שווער פאר אונדזן צו פארשאפן אייך אלע אומבאקוועמלאכקייטן פון לעבן. אנשטאט לעבט איר א גוטן טאג אין אייערע פלאמען, און באקלאגט זיך אויף דער

דינערשאפט, און דער זיידע שטן באשטראפט אונדז, און עס איז ניט יושר'דיק."

"איך אליין דענק", האט יורגען געזאגט, "אז דו דארפסט זיין וויכער צום אינגל. און מכח דיינע פארברעכנס, מיין הער, הער, וועסטו ניט בייקומען דיין שטאלץ וואס דו האסט באטיטלט "געוויסן", און צוגעבן אז נאכדעם ווי א מאן איז טויט א קורצע ווײַלע מאכט לחלוטין ניט אויס וואס ער איז באגאנגען? ארום בעלגארד, למשל, דענקט וועט קיינער ניט וועגן דיין גארגל־שניידעריי און חלול־שבת סיידן וועט גאר אלטע לייט פלוידערן ביים פייער, און דיין רשעות באשיינט דעם אוונט פאר זיי. פאר די איבעריקע פון אונדז ביסטו גלאט א שטיין אויפן צווינטער וואס באשרייבט דיך אלס מוסטער פון אלע מעלות. און אויסער בעלגארד, מיין הער, זיינען דיינע מאטן און דיין נאמען פון קיין באטייט ניט פאר וועמען, און קיינער געדענקט דיך ניט ערגעצוואו. אזוי אז דיינע זינד גייען ווירקלאך קיינעם ניט אן איצט אויסער די ארימע הארעווענדיקע טייוולס: און איך דענק אז, פאלגלאך, מעגסטו צושטימען צו באגיין זיך מיט אזעלכע פייני־קונגען ווי זיי קאנען דיר אונטער די אומשטענדן פארשאפן, ניט באַ־קלאגנדיק זיך אזוי גייציק וועגן דעם."

"אך, אבער מיין געוויסן, יורגען! דאס איז די זאך."

"אך, אויב דו גייסט ווייטער רעדן וועגן דיין געוויסן, מיין הער, באגרענעצסטו דעם געשפרעך מיט אזעלכע ענינים וואס איך פארשטיי ניט, און דערפאר קאן איך ניט ארומרעדן. אבער איך וואג צו זאגן אז מיר וועלן געפינען א געלעגנהייט אויסצודרעשן די און אלע אנדערע פראגן, שפעטערצו: און מיר ביידע וועלן שוין ווי־ניט־איז אויסקומען אין דעם פלאץ, ווארים איך וועל דיך איצט קיינמאל ניט פארלאזן".

קאטה האט אנגעהויבן וויינען: און ער האט געזאגט אז זיינע זינד ביים לעבן זיינען געווען צו העליש אז די טרייסט זאל אים דערלויבט ווערן אין דעם אומדערטרעגלאכן פייניקן וואס ער האט זיך געהעריק פארדינט, און געהאפט אמאל צו קריגן.

"גיי איך דיר אן, אויף עפעס אן אופן, אויב אזוי?" זאגט יור־גען, א דערשטוינטער.

און פון אינמיטן די פלאמען ארויס האט קאטה, דער זון פון סמאיט גערעדט וועגן יורגענס געבורט, און וועגן דעם זויגלינג וואס איז געווען יורגען, און דעם קינד וואס איז געווען יורגען. און א שוידערלאך, טיף, אומבאזינט געפיל האט זיך באוועגט דורך יורגענען ווי ער האט זיך צוגעהערט צום מאן וועלכער האט אים פארגעסן, און וועמעס לייב איז געווען יורגענס לייב. און וועמעס געדאנקען זיינען קיינמאל ניט

געוועז יורגענס געדאַנקען: און יורגענען איז דאָס ניט געפעלן. דאַן האָט זיך קאַטהס שטים ביטער פאַרענדערט, ווי ער האָט גערעדט וועגן דעם יונגנמאַן וואָס איז געווען יורגען, וועגן דעם יונגנמאַן וואָס איז געווען אַ ליידיק־גייער און אַ ווידערשפעניקער; און וועמען עס איז גאָרניט אָנגעגאַנגען אויסער זיינע לייכטזיניקע פאַרלאַנגען; און וועגן די חלוקי דעות וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן יורגענען און יורגענס פאָטער האָט קאַטה אויך גערעדט: און יורגען האָט איצט גע־פילט בעסער אָבער אַלץ נאָר געליטן דערוויסנדיק זיך וויפל זיין פאָ־טער האָט אים ליב געהאַט אַמאָל.

„עס איז ליידער וואָר", זאָגט יורגען, אַז איך בין געווען אַ פוילער און רעבעלירנדער זון. דערפאַר האָב איך ניט געפאָלגט דיינע אונטעריכטונגען. איך בין פאַרגאַנגען אויף קרומע וועגן, אָך, נאָך ווי קרום. איך בין אפילו פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, ווי איך מוז דיר דערציילן, פאָטער, מיט אַ נאַטור־מיף וואָס איז פאַרבונדן מיט דער לבנה."

„אָך, אָפשיילאַכע מיאוס'קייט פון געצנדינער!"

„און זי האָט גערעכנט, מיין האַר, אַז דערנאָך וועל איך גאַנץ מעגלאַך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זון־לעגענדע".

„איך זאָל זיך עס וואונדערן", האָט קאַטה געזאָגט, און ער האָט פאַרצווייפלט געשאָקלט מיט זיין פליכיקן און רונד־געפורמטן קאָפּ. „אָך, מיין זון, עס ווייזט דיר בלויז וואָס עס לאָזט זיך אויס פון די ווילדע וועגן."

„און אין יענעם פאַל, וועל איך פאַרשטייט זיך באַפרייט ווערן פון אָרומרייזן אין דער אונטערוועלט דורכן פרילינג־עקווינאָקס. דענקסטו ניט אַזוי, פאָטער?" זאָגט יורגען, זייער לאַשטשענדיק, וואָ־רים ער האָט געדענקט אַז, לויטן שטן, איז אַלץ וואָס קאַטה האָט געגלויבט אָנגענומען אַלס דער אמת אין גהינם.

„איך בין זיכער", זאָגט קאַטה — „נו, איך בין זיכער אַז איך הייב גאָרניט אָן צו וויסן פון אַזעלכע זאַכן."

„גוט, אָבער וואָס דענקסטו?"

„איך דענק וועגן דעם גאָרניט."

„יאָ, אָבער —"

„יורגען, דו האָסט אַ זייער ניט העפלאַכע געוואוינהייט אויסצו־טענה'ן זיך מיט מענטשן —"

„דאָך, מיין האַר —"

„און איך האָב צו דיר גערעדט וועגן דעם פריער —"

„דאָך פאָטער — "

„און איך וויל ניט איך זאָל דאַרפן צו דיר רעדן וועגן דעם נאָכאַמאָל —"

„פונדעסטוועגן, מיין האַר —"

„און ווען איך זאָג אַז איך האָב ניט קיין מיינונג —"

„אָבער, פּאַטער, יעדער איינער האָט דאָך אַ מיינונג !" האָט יורגען זיך צעשריען, און געפילט אַז עס איז געוועזן פּונקט ווי אַמאָל.

„ווי וואַגסטו צו רעדן צו מיר אין אַזאַ טאָן, דו שקאַץ !"

„אָבער איך האָב נאָר געמיינט —"

„זאָג מיר ניט קיין ליגן, יורגען ! און הער אויף מיך איבעררייסן! וואָרים, ווי איך האָב געהאַלטן אין זאָגן ווען דו האָסט אָנגעהויבן שרייען אויף דיין פּאַטער גלייך ווי דו וואָלסט געוועזן צו כ׳וויים וועמען. עס איז מיין מיינונג אַז איך ווייס לחלוטין גאָרניט וועגן עקווינאָקסן ! און ס׳גייט מיך גאָרניט אָן עפּעס צו וויסן וועגן עקווינאָקסן, ווייל איך זאָלסט פאַרשטיין ! און וואָס ווייניקער געוועזן וועגן אַזעלכע פּאַסקודנע זאַכן, אַלץ בעסער, ווי איך זאָג דיר גלייך אין די אויגן !"

און יורגען האָט אַ מרוטשע געטאָן. „אָט האָסטו אַ פיינעם טאָן! אויב דו וואָלסט געוועזן אַזוי געדענקט, וואָלט עס פּאַסירט. אָבער דו שטעלסט זיך פאַר אַז איך געפין זיך אין אַזאַ פּלאַץ ווי דאָ, און האָסט ניט גענוג יושר, פיל ווינציקער פּאַטער־ליבע זיך פאַרצושטעלן מיך אַרויס פון דאַנען."

„איך קאָן בלויז דענקען וועגן דיינע וואויל פאַרדינטע צרות, דו קריגערישער ליידאַק! און וועגן דער כאָפּטע לייכטזיניקע פרויען מיט וועמען דו האָסט געזינדיקט! און וועגן דער פלוך וואָס איז אויף דיר פאַלגלאַך געקומען !"

„מילא, אין ערגסטן פאַל", זאָגט יורגען, „זיינען דאָ קיין פרויען ניטאָ. דאָס דאַרף דיר דינען פאַר אַ טרייסט."

„איך דענק אַז פרויען זיינען דאָ פאַראַנען", האָט זיין פּאַטער צוריקגעשנאַלט, „עס איז אָנגענומען אַז אַ גאַנץ היפּשע צאָל פרויען האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט געוויסנס. אָבער די געוויסנהאַפטע פרויען ווערן מסתם געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אונדז מענער, אין עפּעס אַן אַנדער אָפּטיילונג פון גהינם, פאַר דער אורזאַך וואָס אויב זיי זאָלן אַריינגעלאָזט ווערן קיין באַראַזמאַ וואָלטן זיי פאַרזוכט צו צוראַמען דאָס פּלאַץ און מאַכן עס פאַר באַוואוינבאַר. איך ווייס אַז דיין מוטער וואָלט פאַרטיק געוועזן זיך אַריינצומישן".

„אָך, פּאַטער, און מוזסטו נאָך אַלץ געפינען חסרונות אויף דער מאַמען ?"

„דיין מוטער, יורגען, איז געוועזן אין פילע אופנים אַ באַוואונדרע־

רונגסווערטע פרוי. אָבער", האָט קאַטה געזאָגט, „זי האָט מיך ניט פאַרשטאַנען."

„אַך, פאַרוואָר, דאָס האָט טאַקע געמעגט זיין דער אומגליק. דאָך איז דאָס אַלץ וואָס דו זאָגסט אַז פרויען זיינען דאָ פאַראַנען בלויז אַן השערה."

„איך טרעף ניט גלאָט אין דער וועלט אריין!" האָט קאַטה גע־זאָגט, „און איך וויל אויך ניט הערן מער קיין עזות פון דיר. וויפל מאָל דאַרף איך דאָס דיר זאָגן ?"

יורגען האָט זיך געקראַצט אין אויער נאָכדענקנדיק. וואָרים ער האָט נאָך אַלץ געדענקט וואָס דער זיידע שטן האָט געזאָגט, און קאַטהס אויפרייצונג האָט געשיינט צו זיין האָפנונגסבאַר. „גוט, אָבער די פרויען דאָ, ווען איך זיך, זיינען אַלע מיאוס'ע".

„זיי זיינען עס ניט !" האָט זיין פאָטער געזאָגט, דערצאָרנט.

„פאַרוואָס האַלסטו אין איין ווידערשפּרעכן מיר ?"

„ווייל דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט", זאָגט יורגען, העצנדיק אים. „ווי קאָנען שיינע פרויען זיין אין אַזאַ שווידערלאַך פּלאַץ ? וואָרים דאָס צאַרטע לייב וואָלט אָפּגעברענט געוואָרן פון זייערע קליינע ביינדלאַך, און די שענסטע פּינגן וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָפּשיילאַכטן אַש."

„איך דענק אַז עס זיינען דאָ אַן אַ שיעור וואַמפּירן און נאַכט־פרויען און אַזעלכע באַשעפענישן ווען די פלאַמען פאַרשאַטן גאָר־ניט, וואָרים די באַשעפענישן זיינען באַלעבט מיט אַ היציקייט וואָס איז ניט צום לעשן און איז הייסער ווי פייער. און דו פאַרשטייסט גרינגלאַך וואָס איך מיין, אַזוי אַז דו דאַרפסט ניט שטיין דאָרט אויסגעגלאָצט די אויגן אויף מיר ווי אַ סקאַנדאַלירטע מאַנאַשקע!"

„אַך, מיין האַר, אָבער דו ווייסט גאַנץ גוט אַז איך וועל גאָרניט האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע פאַרפאַלענע ווענס."

„איך הייב ניט אָן צו וויסן אַזאַ זאַך. דו זאָגסט מיר מסתם אַ ליגן. דו האָסט מיר שטענדיק געזאָגט ליגן. איך דענק אַז דו גייסט איצט טרעפן זיך מיט אַ וואַמפּיר."

„וואָס, אַן אָפּשיילאַך באַשעפעניש מיט גרויסע נעגל און לע־דערנע פליגל !"

„ניין, נאָר אַ זייער גיפטיק און פאַרפירעריש שיין באַשעפעניש."

„וואָס רעדסטו, דו דענקסט ניט באמת אַז זי איז שיין."

„איך דענק אַז יאָ ! ווי וואָגסטו מיר זאָגן וואָס איך דענק און דענק ניט !"

„גו, מילאַ, איך וועל גאָרניט האָבן צו טאָן מיט איר".

„איך דענק אַז יאָ", האָט זיין פאָטער געזאָגט : „אָך, און איך דענק אַז דו וועסט מאַכן דיינע קונצן מיט איר איידער די שעה איז פאַרביי. וואָרים וויים איך דען ניט וואָס קייסאָרים זיינען ? און קען איך דען דיך ניט ?"

און קאַטה האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן יורגענס פאַרגאַנגענהייט, אין דעם געוויינלאַכן אָרט פון אַ הויז־צאַנקעריי, אַזאַ וואָס איז ניט זייער שיין צו ווידערהאָלן ערגעץ אַנדערש. און די טייוואָלים וואָס האָבן קאַטהן געפּייניקט האָבן זיך אין אַ פאַרלעגנהייט צוריקגעצויגן, און אַזוי לאַנג ווי קאַטה האָט געהאַלטן אין רעדן האָבן זיי זיך געהאַלטן אויסערן געהער־שטח.

## 37. דאָס אויסטראַכטן פון דער רייצנדער וואַמפּיר־פרוי

אַזוינאַך איז קאַטה ווידעראַמאָל אַ ברוגז'ער זיך פאַנאַנדערגע־גאַנגען מיט זיין זון, און יורגען האָט זיך ווידער אומגעקערט מיטן וועג צו באַראַטום; און צי עס איז יאָ אָדער ניט געווען אַ צופאַל, האָט יורגען גראָד אָנגעטראָפן די וואַמפּיר־פרוי וועגן וועלכער ער האָט געמאַכט זיין פאָטער צו דענקען. זי איז געווען דאָס אַמפאַרפּי־רעריש שענסטע ווען וואָס עס וואָלט מעגלאַך געווען פאַר יורגענס פאָטער אָדער וואָס פאַר אַן אַנדער מאַן זיך פאַרצושטעלן : און אירע קליידער זיינען געווען פון מאַראַנצן קאָליר, צוליב אַן אורזאַך גוט באַוואוסט אין גהינם, און זיינען געווען אויסגעהעפט דורכויס מיט גרינע פייגנבלעטער.

„אַ גוט מאָרגן דיר, מאַדאַם", זאָגט יורגען, „און וואוהין גייסטו?"

„נו, ערגעץ ניט, גוטער יונג. וואָרים דאָס איז מיין וואַקאַציע, יערלאַך באַוויליקט לויטן געזעץ פון קאַלקי —"

„און ווער איז קאַלקי, מאַדאַם ?"

„קיינער, נאָך ניט : אָבער ער וועט קומען אַלס אַנער. דערוויייל גילט זיין געזעץ פאָרויס אים, אַזוי אַז איך פאַרברענג פרידלאַך מיין וואַקאַציע אין גהינם, אַן וואָס פאַרא געוויינלאַכע פּלאָגענישן מיינע צו דערעסן מיר."

„און וואָס, מאַדאַם, זיינען זיי אַזעלכעס ?"

„נו, דו מוזסט פאַרשטיין אַז אַ וואַמפּיר האָט ווייניק רו אויף דער ערד, מיט אַזויפיל פיינע יונגעלייטלאַך ווי דו וועלכע גייען אַרום איבעראַל אייפעריק צו ווערן פאַרדאַרבן."

„אָבער ווי אַזוי, מאַדאַם, ביסטו גראָד געוואָרן אַ וואַמפּירן אויב

דאָס אַרט לעבן געפעלט דיר ניט ? און וואָס אַזוינס רופט מען דיך?"

„מיין נאָמען, ווערטער האַר", האָט די וואַמפּיר פרוי געענטפערט, באַטריבט, „איז פלאַרימעל, ווייל מיין נאַטור ניט ווינציקער ווי מיין וועזן איז געווען אַזוי שיין ווי די בלומען פון פעלד און אַזוי זיס ווי דער האָניק וואָס די בינען (וועלכע פאַסן אונדז אַ פאַרטרעפלאַכן ביי־שפּיל פון אַרבעטזאַמקייט) קריגן אַרויס פון די בלומען. אָבער אַ טרויעריקער צופאַל האָט דאָס אַלץ געביטן. וואָרים איך בין צופעליק אין אַ שיינעם טאָג קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן (וואָס קאָן זיך פאַרלויפן, נאַטירלאַך, מיט יעדן איינעם), און ווי מיין לויה האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דאָס הויז האָט די קאַץ אַ שפּרונג געטאָן איבער מיין טרונע. דאָס איז געווען אַ שרעקלאַכער אומגליק, געשען ווי עס איז מיט אַן אָרים טויט מיידל אַזוי אַלגעמיינלאַך רעספּעקטירט, און מיט אַ ברייטער קליענטור אַלס נייטאָרן: כאָטש אַפילו דאָן האָט ס'ערגסטע געווען געקאָנט אָפּגעווענדט ווערן, וואָלט ניט מיין שוועגערן געהאַט וואָס מען רופט אַ מילד געמיט און נאַריש זיך צוגעבונדן צו דער קאַץ. אַזוינאַך האָבן זיי די קאַץ ניט דער'הרג'עט, און איך, פאַרשטייט זיך, בין געוואָרן אַ וואַמפּירן."

„יאָ, איך קאָן פאַרשטיין אַז דאָס איז געווען אומפאַרמיידלאַך. דאַך שיינט עס קוים צו זיין רעכט. איך האָב מיטלייד אויף דיר, מיין טייערע". און יורגען האָט אַ זיפץ געטאָן.

„איך וואָלט פאַרגעצויגן, מיין האַר, אַז דו זאָלסט מיך ניט אַד־רעסירן מיט אַזאַ פאַמיליאַרקייט, זינט מיר האָבן אויסגעלאָזט די פאָרמאַליטעט פון פאַרגעשטעלט ווערן; און איז דער אָפּוועזנהייט פון אַלגעמיינע באַקאַנטע וועלן מיר קיינמאָל מסתם געהעריק ניט באַקענען זיך."

„איך האָב ניט קיין שטאָפּעט געלעגנטלאַך, וואָרים איך פאָר אַרום אינקאָגניטאָ. אַלנפאַלס בין איך דער יורגען וועלכער האָט ערשט ניט לאַנג זיך געמאַכט פאַר קייסער פון נומאַריאַ, קיניג פון עבאַניאַ, פּרינץ פון קאַקאַאין, און דוקס פון לאַגרעי; און וועגן וועמען דו האָסט אָן צווייפל געהערט."

„אַך, זיכער!" זאָגט זי, פאַרגלעטנדיק אירע האָר אויף גלייך. „און ווער וואָלט זיך געווען געדעכט צו באַגעגענען אייער האָהייט אין אַזאַ פּלאַץ!"

„מען זאָגט ‚מאַיעסטעט' צו אַ קייסער, מיין טייערע. עס איז אַ דעטאַל, נאַטירלאַך: אָבער אין מיין לאַגע באַדאַרף מען זיין אַביסל אָפּגעהיט."

„איך פאַרשטיי דורכויס, מאַיעסטעט: און איך וואָלט פאַרוואָר

געקאַנט פּראָוויסוויםן דיין ראַנג פון דיינע וואונדערבאַרע קליידער. און איך קאָן דיך בלויז בעטן צו פאַרזען מיין אומאַבזיכטלאַכע פאַרלע־צונג פון עטיקעט : און איך וואַג צוצוגעבן אַז אַ גוט האַרץ אַנטפּלעקט די פּראַכט פון זיין גנעדיקייט דורך דעם אינטערעס וואָס דיין מאַיעס־טעט האָט נאָר וואָס אַרויסגעוויזן אין מיין שלים־מזל׳דיקער גע־שיכטע.״

„אויפן וואָרט״, דענקט יורגען, „אָבער אין דעם פּלוס פון ווער־טער שיינט מיר אַז איך דערקען מיין פאַטערס פּאַסונגס־אַרט ווען ער איז אין כעס.״

דאַן האָט פּלאַרימעל דערציילט יורגענען פון איר שוידערלאַכן אויפוואַכן אין קבר, און וועגן וואָס עס האָט דאָרט פּאַסירט מיט אירע הענט און פיס, בשעת וואָס קענען איר אייגענעם ווילן זי האָט זיך אַפּשיילאַך געטעטס, פאַרניכטענדיק צוערשט אירע קרובים און דאַן די שכנים. דאָס אַפּגעמאַן, האָט זי אויפגעשטייגט.

„וואָרים די פּי האָט נאָך אַלץ געלעבט, און דאָס האָט מיך גע־ערגערט. ווען איך האָב זיך אַפּגעפּאַרטיקט מיט דער פּלאָג האָב איך אַרויפגעקלעטערט אין קלויסטער־טורעם, ניט אַליין, וואָרים עס איז מיט מיר אימיצער מיטגעגאַנגען פון וועמען איך וויל גלייבער ניט רעדן: און ביי האַלבער נאַכט האָב איך געקלונגען דעם גלאָק אַזוי אַז אַלע וועלכע האָבן עס דערהערט פלעגן קראַנק ווערן און שטאַרבן. און איך האָב געוויינט די גאַנצע צייט, וואָרים איך האָב געוואוסט אַז ווען אַלץ וועט פאַרטיליקט ווערן וואָס איך האָב געקענט אין דעם ערשטן גלגול פון מיין ערדישן לעבן, וועל איך מוזן אַוועק אין נייע לענ־דער, צו זוכן בלויז די שפּייז וואָס קאָן מיך דערנערן. און איך בין האַרציק געוועזן צוגעבונדן צו מיין היים. אַזוי איז געשען, מאַיעסטעט, אַז איך האָב אויף אייביק אויפגעגעבן מיין נייען, און בין געוואָרן אַ רייצנדע געפאַר, אַ שטראַלנדיקע פּאַרוויסטונג, און אַן איבל וואָס דער־שלאָגט ביינאַכט. טראָץ מיין פיינטשאַפט צו אומרעגלמעסיקע שעה׳ן: און וואָס איך טו איז מיר געוואַלדיק ניט צום האַרצן, וואָרים עס איז אַ טרויעריקער גורל צו ווערן אַ וואַמפּיר, און דאַך צו סימפּאַטיזירן מיט דיינע קרבנות, און דערהויפּט מיט זייערע אָרימע מוטערס.״

אַזוינאָך האָט יורגען געטרייסט פּלאַרימעלן, און ער האָט אַוועק־געלייגט זיין אָרעם אַרום איר.

„נו, נו !״ האָט ער געזאָגט, „אָבער איך וועל שוין זען אַז דיין וואַקאַציע זאָל זיין אַן אַנגענעמע. און איך מיין צו באַגיין זיך לייטיש מיט דיר אויך.״

דאָן האָט ער מיט דער זייט געוואָרפן אַן אויג אויף זיין שאָטן, און איינגערוימט אַ פאָרשלאָג וואָס האָט פּלאַרימעלן פאַראורזאַכט צו זיפצן.

„לויט די באַדינגונגען פון מיין אורטייל", האָט זי געזאָגט, „קאָן איך צו קיין צייט אין דעם אויסדויער פון די ניין לעבנס פון אַ קאַץ ניט אָפּזאָגן. דאָך איז עס אַ טרייסט וואָס דו ביסט דער קייסער פון נומאַריאַ און באַזיצסט אַ גוט האַרץ."

„אַך און פילע אַנדערע אייגנשאַפטן, מיין טייערע ! און איך פאַרזיכער דיך נאָכאַמאָל אַז איך מיין צו באַגיין זיך לייטיש מיט דיר."

אַזוינאַך האָט פּלאַרימעל געבראַכט יורגענען, דורכן אומטוישנדיקן דעמער פון באַראַטום, ווי אַ גרויער ווינטערדיקער נאָכמיטאָג, צו אַ שטילן שפּאַלט בים ים פון בלוט, וואָס זי האָט אויסגעשטאַט זייער באַקוועם אין נאָכאַמונג פון איר מיידלשער היים : און זי האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, און אים אויפגענומען אין איר שפּאַלט. און ווען יורגען האָט געהאַלטן ביים אַריינטרעטן אַהינצו האָט ער דערזען אַז זיין שאָטן פאָלגט אים נאָך אין דער וואַמפּיר־פרוים היים אַריין.

„לאָמיר אויסלעשן דאָס ליכט !" זאָגט יורגען, „וואָרים איך האָב געזען אַזויפיל פלאַמען היינט אַז מיינע אויגן זיינען מיד."

טאָ האָט פּלאַרימעל פאַרלאָשן דאָס ליכט, מיט אַ גוטמוט וואָס האָט יורגענען אַנטציקט. און איצט זיינען זיי געווען אין שטאָק־פינסטערניש, און אין דער פינסטער קאָן קיינער ניט זען וואָס עס פּאַסירט. אָבער אַז פּלאַרימעל האָט איצט געטרויט יורגענען און זיינע נומארישע פאָדערונגען איז געווען באַוויזן פון איר סאַמע ערשטער באַמערקונג.

„איך בין צוערשט געווען פאַרדעכטיק אויף דיין מאַיעסטעט", האָט פּלאַרימעל געזאָגט, „ווייל איך האָב שטענדיק געהערט אַז יעדער קייסער טראָגט אַ גרויסאַרטיקן צעפּטער. און דו האָסט דאָן גאָר אַזוינס ניט באַוויזן. אָבער איצט צווייפל איך, ווי־עס־איז, ניט לענגער אין דיר. און פון וואָס טראַכט זיין מאַיעסטעט ?"

„מממם... איך האָב נאָכגעטראַכט, מיין טייערע", זאָגט יורגען, „אַז מיין פאָטער שטעלט זיך פאָר זאַכן זייער צופרידנשטעלנד."

## 38. מכּה אַפּלאַדירטע פּאַרפּאַלן

דערנאָכדעם האָט יורגען געוויילט אין גהינום, און אויפגעפירט זיך לויט די מנהגים פון לאַנד. און די מעשה דערציילט אַז אַ וואָך אָדער פּילייכט צען טעג נאָך זיין באַגעגעניש מיט פּלאַרימעלן האָט

יורגען זי געהייראט, ניט זייענדיג לחלוטין געשטערט פון זיין האבן דריי אנדערע ווייבער. ווארים די טייוואלים, האט ער אויסגעפונען, האבן ווירדיק געהאלטן פאליגאמיע, און עס באטראכט פאר העכער ווי ליאדע געשיקטקייט צו מאטערן די פארפלוכטע, דורך א בוכשטעבלאכער אויסטייטשונג פון דעם גלייכווערטל אז ס׳איז בעסער צו הייראטן ווי צו ברענען.

„און פריערדיקע צייטן", האבן זיי אים דערציילט, „האסטו קוים וואו געקאנט אנטרעפן א הייראט וואס איז ניט געווען באצייכנט, געמאכט אין הימל׳ : אבער זינט מיר האלטן מלחמה מיטן הימל האבן מיר כמעט ווי צוגענומען דעם האנדל פון אונזערע שונאים. אזוינאך מעגסטו דא הייראטן וויפיל דיין הארץ גלוסט."

„אויב אזוי", זאגט יורגען, „וועל איך הייראטן אין איילעניש, און ווידערהאלן אין א פרייערער צייט. אבער קאן מען דא קריגן א גט ?"

„א ניין", האבן זיי געזאגט. „מיר האבן זיי באטריבן פאר א ווײַלע, אבער מיר האבן אויסגעפונען אז אלע די פערזאנען וואס האבן געקראגן א גט דורך אונדזער פליים האבן גלייך גערדאנקט דעם הימל וואס זיי זיינען ענדלאך פריי. אין באטראכט פון אזא אומדאנקבארקייט האבן מיר אויפגעגעבן דעם פארדינסטלאזן האנדל, און איצט איז דארט א פאבריק, פאר ספעציעלע מענער קליידער, אויף אלטע פעסטגעזעצטע תקנות."

„אבער אזעלכע אויסעווגן זיינען ניט צופרידנשטעלנד, און איך פארלאנג צו וויסן, בסוד, וואס טוט איר דא אין גהינם ווען ס׳איז מער ניטא וואס צו טאן מיט אייערע ווייבער ?"

די טייוואלים האבן זיך פארוויטלט. „מיר וואלטן דיר גלייבער ניט דערציילט", האבן זיי געזאגט, „ווייל עס קאן אנקומען צו זיי."

„איצט זע איך איין", האט יורגען געזאגט, „אז דער גהינם איז באלד דאסזעלבע ווי וואס פאר א אנדער פלאץ."

אזוינאך זיינען יורגען און די רייצנדע וואמפיר פרוי געהעריק פארהייראט געווארן. צוערשט זיינען יורגענס נעגל געווען באשניטן, און די אפשניצלאך אוועקגעגעבן צו פלארימעלן. א בעזים־שטעקן איז אוועקגעלייגט געווארן פאר זיי, און זיי זיינען אים אריבערגעטראטן. דאן האט פלארימעל געזאגט „טימאן !" דריי מאל, און ניין מאל האט יורגען געענטפערט „אריגיזאטאר !" דערנאך האט מען דעם קייסער יורגען מיט זיין באשערטער געגעבן אן אויסגעמישטן געטראנק פון דודאים און עריקא, און די טייוואלים האבן זיך באשיידן צוריקגעצויגן.

דערנאכדעם האט יורגען געוויילט אין גהינם, און זיך אויפגעפירט לויט די מנהגים פון לאנד, און איז געווען נשקשה'דיק צופרידן פאר א ווײַלע. איצט האט יורגען געטיילט מיט פלארימעלן דעם שטילן שפאלט וואס זי האט אויסגעשטאט אין נאכאמונג פון איר מיידלשער היים: און זיי האבן געוואוינט אין א פארשטאט ארום באראטום, גאנץ רעספעקטאבל, ביי דעם ברעג פון דעם ים. עס איז, פארשטייט זיך, ניט געווען קיין וואסער אין גהינם: פארוואר, דער אריינפיר פון וואסער איז געווען פארבאטן, אונטער שווערער שטראף, אין באטראכט פון דעם מעגלאכן באנוץ פאר טויפנדיקע צוועקן: דער ים איז באשטאנען פון דעם בלוט וואס איז פארגאסן געווארן דורך פרומקייט צו פארפעסטיקן דאס קיניגרייך פון דעם פרינץ פון פרידן, און איז געווען פאררעכענט פארן גרעסטן ים אין דער וועלט. און עס האט קלאר געמאכט דאס אומגעשטויגענע ווערטל וואס יורגען האט אזוי אפט געהערט, אז דער גהינם איז געפלאסטערט מיט גוטע אבזיכטן.

„ווארים עפיגענעס פון רהאדעס איז גערעכט, נאכאלעמען", האט יורגען געזאגט, „אנדייטנדיק א טעות הדפוס: און דאס ווארט דארף זיין 'געוואשן' אנשטאט 'געפלאסטערט'."

„נו, געוויס, מאיעסטעט", האט פלארימעל צוגעשטימט: „אך, אבער איך האב שטענדיק געזאגט אז דיין מאיעסטעט האט א מערקווירדיקע קראפט אריינצודרינגען, שוין אפגערעדט פון דיין מאיעסטעטס געלערזאמקייט."

ווארים פלארימעל האט געהאט אזא חניפה'דיקן ארט געשפרעך. אבער, אלע וואמפירן האבן זיך זייערע פעלערן, און נערן זיך אויף דער קראפט און דער יוגנט פון זייערע געליבטע. אזוי האט איין פרימארגן פלארימעל זיך באקלאגט אויף ניט-גוט פילן, און עס צוגעשריבן צו אומפארדייאכקייט.

יורגען האט איר קאפ געגלעט פארקלערטערהייט; דאן האט ער צעעפנט זיין שטראלנדיק העמד, און אויסגעשטעלט וואס איז געווען איינפאך גענוג צו זען.

„איך בין קרעפטיק גענוג און איך בין יונג", האט יורגען געזאגט. „אבער מיין קראפט און מיין יוגנט זיינען פון א מאדנעם מין, און זיינען ניט גאנץ פריש. טא הער אויף צו באווייזן דיינע שטוקעס, אדער דו וועסט קאליע מאכן דיין וואקאציע קראנק ווערנדיק אויף אן אמת."

„אבער איך האב געדענקט אז אלע קייסארים זיינען מענטשלאך!" האט פלארימעל געזאגט, אין א פלאטער פון שעמעוודיקער באריאונג, אויסערגעוויינלאך פיין צוצוזען.

„אפילו אזוינאך אבער, געליבטע, זיינען ניט אלע קייסארים יור־גענם!“ האט ער פארטרעפלאך געענטפערט. „דערפאר וועסטו אויך געפינען אז ניט יעדער קייסער איז געהעריק באצייכנט דער פאטער פון זיין פאלק, אדער איז קוואליפיצירט בטבע צו האלטן דעם צעפטער פון נומאריא. איך פארהאף אז דער ביישפיל וועט גענוגן“.

„איך גלויב אזוי“, האט פלארימעל געזאגט, מיט א פארקרימט פנים.

אזוי האבן זיי דערנאך ניט געהאט קיין ערגערניש פון דעם מין, און די וואונד אויף יורגענס ברוסט האט זיך שנעל פארהיילט.

און יורגען האט אויסגעווייכט פון די פארפלוכטע, פארשטייט זיך, ווייל ער און פלארימעל האבן געלעבט גאנץ ערווירדיק. זיי האבן אפגעשטאט א וויזיט יורגענס פאטער, פונדעסטוועגן, גאנץ שנעל נאכדעם ווי זיי האבן געהייראט, ווייל דאס איז געווען א געהעריקע זאך צו טאן. און קאטה איז געווען העפלאך גענוג, לויט קאטהן, און אויסגעדריקט א האפנונג אז פלארימעל זאל האבן א גוטן איינפלוס אויף יורגענען און די ווערט האבן וואס דער גהינם־באדן טראגט אים, אבער ער האט ניט אויסגעזען צו זיין אפטימיסטיש. דאך איז דער וויזיט קיינמאל ניט צוריקגעקערט געווען, ווארים קאטה האט באטראכט אז זיין זינדיקייט אין געווען צו גרויס ער זאל קאנען אפשפארן א רגע פון זיינע מאטערנישן, און אזוינאך ניט געוואלט פארלאזן זיינע פלאמען.

„און ווירקלאך, מאיעסטעט“, האט פלארימעל געזאגט, „איך וויל ניט פאר איין מאמענט אפילו אויסזען ווי איך וואלט קריטיקירט דיין מאיעסטעטס משפחה. אבער איך דענק אז דיין פאטער וואלט געווען געמעגט צו אונדז קומען צו גאסט, ווינציקסטן איינמאל, דער־הויפט זינט איך האב פארגעשלאגן צו האבן א פייער געמאכט פון זיינעטוועגן צו זיצן ווען נאר ער זאל האבן דערוויילט צו קומען. איך רעכן אז דיין מאיעסטעטס פאטער נעמט זיך אביסל צופיל איבער, אין דער אפוועזנהייט פון א גאנץ פעסטגעשטעלטן באוויז מכח זיין האבן געווען עטוואס זינדיקער ווי אימיצער אנדערש: און די קינדערשע אפנהערציקייט וואס איז שטענדיק געווען א הויפטשטריך מיינער שטערט מיר צו פארבארגען מיין מיינונג“.

„נו, עס איז בלויז זיין געוויסן, טייערע“.

„א געוויסן איז טאקע א גאנץ וואוילע זאך אם פלאץ, מאיעסטעט; און איך, א שטייגער, וואלט קיינמאל ניט געקאנט איבערטראגן די אומענדלאכע מי פון פארפירן און געהיימהאלטן אזויפיל פיינע יונגע־לייט אויב מיין געוויסן וואלט מיך ניט פארזיכערט אז עס איז דורכויס

די שולד פון מיין שוועגערן. אבער אפילו אזוינאך, האט עס קיין זין ניט צו לאזן דיין געוויסן מאכן א שקלאף פון דיר: און ווען ס'געוויסן ברענגט דיין מאיעסטעטס פאטער צו ניט מאכן זיך אויסן איבער די רעגלען פון אלגעמיינער העפלאכקייט און אויפפירן זיך ווי א ליכטקנייטל, בין איך זיכער אז דאס איז שוין צו ווייט פאר־גאנגען."

„און גערעכט ביסטו, מיין טייערע, אבער, קיין געזעלשאפט פעלט אונז ניט אויס. טא קום זשע, שטאט זיך אויס, און טרייסל דעם שווארצן הונט אראפ פון דיינע פלייצעס ווארים מיר פארברענגען דעם אוונט מיט די אשמדאים".

„און וועט דיין מאיעסטעט ווידער רעדן איבער פאליטיק ?"

„נו, כ'גלויב אזוי. זיי שיינט עס צו געפעלן."

„הלואי וואלט עס מיר אויך געפאלן, מאיעסטעט", האט פלא־רימעל באמערקט, און זי האט פארפילנדיק א גענעץ געטאן.

ווארים מיט די טייוואלים האט יורגען געהאלטן אין איין פלוי־דערן. די רעליגיע פון גהינם איז פאטריאטיזם, און די רעגירונג איז אן אויפגעקלערטע דעמאקראטיע. דאס האט צופרידענגעשטעלט די טייוואלים, און יורגען האט געלערנט לאנג צוריק קיינמאל ניט זיך ווידערשטעלן קיין איינעם פון זייערע געזעצן, אז ווּעלכע, ווי די טייוואלים האבן ליב געהאט צו באמערקן, דער גהינם וואלט ניט געווען ד א ס וואס ער איז.

זיי זיינען געווען, ווי יורגען האט אויסגעפונען, אפנהערציקע רוחות וועלכע האבן דערלויבט די צודרינגלאכע מתים זיי שרעקלאך צו פארמאטערן. זיי האבן ניט געקראגן קיין רו א דאנק די פארפלוכטע, וועלכע זיינען געווען אזעלכע נשמות וואס האבן געטראגן דעם יאך פון א געוויסן, און וועלכע האבן פאלגלאך געפאדערט אומענדלאכע פייניקונגען. און צו דער צייט פון יורגענס קומען אין גהינם אריין זיינען פאליטישע אנגעלעגנהייטן געווען אין א שלעכטן צושטאנד, ווייל עס איז דארט געווען א היפשע פארטיי צווישן די יונגערע טייוואלים וועלכע איז געשטאנען פאר אויפגעבן די לאנגאניקע מלחמה מיטן הימל, אום יעדן פרייז כמעט, כדי זיך צו פארלייכטערן פון דעם אומאויפהערלאכן אריינפלוס פון געוויסנהאפטע טויטע מענטשן וואס זוכן מאטערנישן. ווייל עס איז געווען גוט באקאנט אז ווען דער שטן זאל איינגיין געשמידט צו ווערן אין קייטן וואלט מער קיין טויט ניט געווען: און די דערעסענע אימיגראציע וואלט זיך אזוינאך פארענ־דיקט. אזוי האבן גע'טענה'ט די יונגערע טייוואלים: און געהאלטן אז

דער זיידע שטן באַדאַרף זיך מקריב זיין פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד.

דאַן האָבן זיי אויך אָנגעוויזן אַז דער שטן איז מיט גוואַלד געווען זייער שטענדיקער אויבער־ריכטער זינט דער קאָלאָניזאַציע פון גהינם, ווייל אַן אָפּוועקסלונג פון דער אַדמיניסטראַציע איז ניט אַם פּלאַץ אין מלחמה צייט: אַזוי אַז דער שטן מוז טערמין נאָך טערמין ווידער געוויילט ווערן: און דעם שטן איז פאַרשטייט זיך וואַל־באַשטימט געוואָרן אַבסאָלוטע מאַכט אין אַלעמען, זינט דאָס אויך איז אָנגענומען אין מלחמה־צייט. נו, און נאָך די ערשטע עטלאַכע טויזנט יאָר דער־פון, האָבן די יונגערע טייוואַלים זיך אָנגעהויבן שושקען אַז אַזאַ רעגירונג איז ניט געווען קיין אידעאַלע דעמאָקראַטיע.

אָבער די קאָנסערוואַטיווערע זקנים זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן פון די אומווירדיקע און ווילדע נייע באַגריפן, און האָבן באַהאַנדלט די יונגערע עטוואָס שטרענג, צערייסנדיק זיי אויף פּיצלאַך און אויס־ראָטנדיק זיי כמעט. די עלטערע טייוואַלים האָבן דאַן ווייטער געהאַלטן אין ארויפלייגן נאָך ערגערע שטראָפן.

* * *

אַזוינאָך איז דער זיידע שטן געווען זייער גערגערט, ווייל די געזעצן זיינען פאַרלעצט געוואָרן איבעראַל: און אַ טאָג אָדער צוויי נאָך יורגענס אָנקום האָט דער שטן ארויסגעלאָזט אַן עפנטלאַכן אויפרוף צו זיינע אונטערטאַנען, אַז דאָס געזעץ פון גהינם זאָל האָבן מער אויפזען. אָבער אונטער אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג האַלטן מענטשן ניט פון באַשטענדיקן קימערן זיך איבער געזעץ און אָרדנונג. ווי איינער פון די עלטערע און שטאַרקערע טייוואַלים האָט יורגענען אָנגעמערקט.

יורגען האָט אויסגעצויגן אַן ערנסט פּנים, און ער האָט זיך גע־נלעט דעם קין. „גוט, אָבער זעט נאַר“, זאָגט יורגען, „באַדויערנדיק דעם המון־גייסט וואָס מאַניפעסטירט זיך ספּאָראַדיש דורכן לאַנד קענען די פּאַרטייידיקער פון שלום און דעם אונטערוואַרפן זיך די געבאָטן פון הימל און אַנדערער פּראָ־הימלישער פּראָפּאַגאַנדע, — און וואָרנענדיק די לאָיאַלע בירגערשאַפט אַז קענען אַזעלכע אויסברוכן מוז מען זיך פאַרהיטן, ווייל עס שאַדט דעם געזעלשאַפטלאַכן וואוילשטאַנד פון גהינם, — נו, דאַרף דער זיידע שטן אין זינען האָבן אַז די רעגירונג האַלט, אין אַ גרויסער מאָס, די תרופה פאַר דעם שלעכטס אין אירע אייגענע הענט.“

„הער, הער“, זאָגט פּלעגעטאַן, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ וואָס איז געווען ווי ביי אַ בער, מיטן אויסנאַם פון זיינע הוילע לאַנגע רויטע

אויערן, אין יערן איינעם פון וועלכע עס איז געווען אַ פּלאַם ווי פון אַ נאַפט־לאָמפּ: „הער נאַר, אָבער דער יונגער קייסער אין דעם פיינעם גלאַנציקן העמד רעדט אומגעווייגלאַך גוט!“

„אַזוי פלעגן מיר רעדן אין שדים־טעמפּל“, האָט בליעל געזאָגט אַ פאַרקלערטער, „אין די בראַווע צייטן ווען דער טעמפּל איז געווען נאַר־וואָס אויסגעבויט און מיר זיינען געווען טייוואַלימלאַך אַלע צוזאַמען.“

„יאָ, זיין ריידאַרט איז פון דער אַלטער שולע, פון וועלכער עס איז קיין בעסערע ניטאָ, טאָ בעטן מיר דיך פאַרצוזעצן, קייסער יורגען“, האָבן אויסגעשריען די עלטערע טייוואַלים, „און לאָז אונדז וויסן וואָס דו רעדסט אַזוינס.“

„נו, בלויז דאָס“, זאָגט יורגען, און ווידער האָט ער שטרענג גע־קוקט אויפן שטן: „איך זאָג אייך, אַזוי לאַנג ווי סענטימענטאַלע שוואַכקייט שטעמפּלט די פאַרפאָלגונגען פון פאַרברעכנס אין געזעץ־פאַרלעצונג נויטווענדיק אין מלחמה־צייט אומשטענדן; אַזוי לאַנג ווי מען האַלט זיך אָפּ פון פאַרדינטער שטראָף פאַר עפנטלאַכע האַנדלונגען פון פראָ־הימלישקייט; אַזוי לאַנג ווי שלאַבעריקע באַרמהערציקייט איז מוחל אַפילו אַ פאַרדאַכט פון אומגעטרייען דענקען: דאַן וועט פונקט אַזוי לאַנג אַ געהעריק אויפגערייצטער, כאָטש פון צייט צו צייט אַ פאַלש־געריכטעטער, פאַטריאָטיזם נעמען אויף אייגענער אחריות נקמה פון די פאַרברעכער.“

„אָבער דאָך —“ האָט דער זיידע שטן געזאָגט.

„אומווירקזאַמע אויספירונג פון געזעץ“, איז יורגען אָנגעגאַנגען, שטרענג, „איז די וואָרע פאַרטיידיקונג פון די אויסברוכן: און פיל גערעכטער באַדויערנסווערט ווי געוואַלדטאַטן פון המון איז די טאַקטיק פון פאַרגעבן וואָס פאַסט די מעגלאַכקייט פאַר די אויסברוכן. די פאַטריאָטישע איינוואוינער פון גהינם זיינען ניט אין קיין שפּאַסיקער שטימונג, איצט אַז זיי האַלטן מלחמה. פאַראורטיילן פאַר פאַרברעכנס קעגן דער נאַציע דאַרפן ניט זיין אַרומגעצאַמט מיט טעכנישע דרייד־לאַך צוגעפּאַסט פאַר איבער־ראַפינירטער יוריספּרודענץ פון פרידן־צייט. נו, עס איז ניטאָ איינער צווישן אייך, בין איך זיכער, וועמען ס'ליגן ניט אויפן שפּיץ־צונג די אומשטערבלאַכע ווערטער פון ליוואַ־ניוס אין באַצוג צו אַט־דער זאַך: און אַזוי וועל איך זיי ניט ווידער־האָלן. אָבער איך מאָל מיר אַז איר וועט איינשטימען מיט מיר אַז וואָס ליוואָניוס זאָגט איז אומאָפּפרעגנר“.

אַזוי איז געשען ווי יורגען איז אַוועק און אַוועק, באַשטענדיק מיט אַ זייער שטרענג אויג געווענדט אויפן שטן.

„יאָ, יאָ !" האָט דער שטן געזאָגט, דרייענדיק זיך אומבאַקוועם, אָבער ניט דענקענדיק וועגן יורגענען דורכויס; „גוט, אָט־דאָס אַלץ איז אויסגעצייכנטע שיין־רעדנעריי, און ניט פאַר אַ רגע וואָלט איך קריטיקירט די אווטאָריטעט פון ליוואַניוסן, און דיין ציטאַטע איז אומגעוויינלאַך צוגעפּאַסט און די אַלע אַנדערע זאַכן דאָרט. אָבער אין וואָס באַשולדיקסטו מיך ?"

„אין סענטימענטאַלער שוואַכקייט", האָט יורגען געענטפערט. „איז עס ניט געשען ערשט נעכטן ווי איינער פון די יונגע טייוואָלים איז געבראַכט געוואָרן פאַר דיר, אויף דער קלאַגע וואָס ער האָט געזאָגט אַז דער קלימאַט אין הימל איז בעסער ווי דער קלימאַט דאָ ? און דו, מיין האַר, דעם גהינמ׳ס ריכטער — דו ביסט עס געווען וואָס האָסט אים ממש געפּרעגט אויב ער האָט ווען אַרויסגערעדט אַזאַ אומ־לאָיאַלע אפּיקורסות ?"

„נו, אָבער וואָס אַנדערש איז מיר פאַרבליבן צו טאָן ?" האָט דער שטן געזאָגט, באַאומרואיקט, און שאַרכנדיק מיט זיין גרויסן האָריקן עק אַזוי אַז ער האָט שעלעשטשעט אַרום זיינע הערנער, און אַלץ נאָך ניט באמת אָפּוועגנדיק זיין געדאַנק פון דער אוראַלטער מחשבה.

„דו האָסט געזאָלט געדענקען, מיין האַר, אַז אַ טייוול וועמעס פּאַט־ריאָטישקייט איז באַשטרייט איז אַ טייוול וואָס איז באַשטראָפט צו ווערן ; און עס איז קיין צייט ניטאָ צו גריבלען זיך אין אומ׳שייכות׳־דיקע פראַגן פון זיין שולד אָדער אומשולד. אַנדערש, נעם איך אָן, וועט איר קיינמאָל ניט האָבן קיין וואָרע דעמאָקראַטיע אין גהינם".

איצט האָט יורגען אויסגעזען זייער איינדרוקספול, און די טיי־וואָלים האָבן אים אַלע צוגעפּליעסקעט.

„און אַזוינאַך", זאָגט יורגען, „איז דיינע אָפּעקלענדיקע צוהערער נמאס געוואָרן די אַלע פּוסטע אויספּרעגענישן, און זיי האָבן אַרויס־געגנומען דעם יונג פון דיינע הענט און צעריסן אים אויף באַזונדערע קליינינקע פּיצלאַך. איצט וואָרן איך דיך, זיידע שטן, אַז עס איז דיין פליכט אַלס דעמאָקראַטישער ריכטער פּונקט אַזוי צו האַנדלען מיט אַזעלכע פאַרברעכער פריער פאַר אַלעמען, און שטעלן דיינע נאַרישע פראַגן דערנאָך. ווייל וואָס זאָגט רודיגערנוס אויסדריקלאַך וועגן דער זאַך ? און זאַנטיפּער מאַגנוס, אויך ? וואָס, מיינע טייערע, איך פרעג אייך איינפאַך, וואו ערגעץ אין דער גאַנצער געשיכטע פון אינטערנאַ־ציאָנאַלער יוריספּרודענץ וועט איר געפינען אַ קלאָרערע שפּראַך ווי די צוויי באַנוצן ?"

„אַלזאָ זיכער", זאָגט דער שטן, מיט זיין פינסטערן שמייכל, „דו

ציפירסט גאַנץ פאַרנעמע פּוסקים: און איך וועל אָננעמען דיין פּאַר־וואורף פאַר גוט. און איך וועל זען צו זיין קינפטיק שטרענגער. און דו מוזסט ניט אויסזעצן קעגן מיין שוואַכקייט צו שטרענג, קייסער יורגען, ווייל עס איז אַ היפּשע ווײלע זינט אַ מענטש איז געקומען לעבעדיקערהייט אין גהינם צו אינסטרואירן אונדז ווי אַזוי אויפצופירן זיך בעת מלחמה. קיין צווייפל ניט, פּונקט ווי ־דו זאָגסט, אַז מיר נויטיקן זיך אין אַ ביסל מער שטרענגקייט דאָ־אַרום, און מיר וואָלטן געוואונען דורכן אָננעמען פון מער מענטשלאַכע מעטאָדן. רודיגערנוס, זאָגסטו? — יאָ, רודיגערנוס איז דורכויס אומאָפּפרעגנדי, און איך גיב דאָס אָפּן צו. טאָ קום אַהיים און עס מיט מיר וועטשערע, קייסער יורגען, און מיר וועלן איבערשמועסן די זאַכן."

דאַן איז יורגען אָפּגעגאַנגען אָרעם־אין־אָרעם מיטן זיידע שטן, און יורגענס ערודיציע און קאַפּשווינדלדיקער שכל הישר זייגען פון היינט אָן און ווייטער באַפּעסטיקט געוואָרן צווישן די עלטערע און געזעצטערע עלעמענטן אין גהינם. און דער שטן האָט נאָכגעפאָלגט יורגענס פאָרשלאָגן, און דער דראָענדיקער אויפשטאַנד איז באַ־פרידיקנד אַנטמוטיקט געוואָרן, מיטן צערייסן אויף פּיץ־פּיצלאַך יעדן איינעם וואָס האָט עפּעס אַ וואָרטשע געטאָן. אַזוי אַז אַלע אונטערטאַ־נען פון שטן זיינען אַרומגעגאַנגען מיט אַ ברייטן שמייכל די גאַנצע צייט פונם געדאַנק וואָס עס וואָלט מיט זיי פּאַסירט אויב זיי זאָלן אויסזען נידערשלאָגן. אַזוינאַך איז דער גהינם געווען אַ גליקלאַכער אויסזעענדיק פּלאַץ אַ דאַנק יורגענס קומען.

## 39. פון פּשרות אין גהינם

אַלזאָ, דעם זיידע שטנ'ס ווייב האָט געהייסן פּילים: און אויסער צו האָבן פליגל ווי אַ פלעדערמויז, איז זי געווען דאָס רייצנדסטע פּיצל ווען פון טייוולשקייט וואָס יורגען האָט געזען פאַר אַ לאַנגער צייט. יורגען האָט פאַרבראַכט די נאַכט אין דעם שוואַרצן הויז אין באַראַטום, און נאָך צוויי נעכט, אָדער קאָן זיין דריי נעכט: און די איינצלהייטן פון וואָס יורגען האָט דאָרט געטאָן, נאָך וועטשערע, ווען ער פלעגט איינער אַליין אַרומשפּאַצירן אין שוואַרצן הויז־גאָרטן, צווישן די קינסטלאַך קאָלירטע אייזן־געגאָסענע בלומען און קוסטאַרניקעס, און פלעג אַזוינאַך קומען צו די גראַטיקע פענסטער פון פּילימס צימער, און פלעג זיך אָוועקשטעלן דאָרטן שפּאַסנדיק מיט איר אין דער פענסטער, זיינען ניט נויטיק צו דער געשיכטע.

דער שטן איז געווען זייער אייפערזיכטיק אויף זיין ווייב, און

האָט געהאַלטן איינעם פֿון אירע פֿלינל אונטערנעשניטן און זי אונטערן שלאָס, אוצר וואָס זי איז געווען. אָבער יורגען פֿלעגט זאָגן דערנאָכדעם אַז ווייל די גראַטעס איבער די פֿענסטער זיינען געווען אַזוינע פֿאַרכטבאַרע, האָבן זיי בלויז געשיינט ווי־עס־איז צו פֿאַר־גרעסערן די פּיקאַנטקייט פֿון זיינע געשעפֿטן מיט פֿרוי פּילים. די קיניגן, האָט יורגען געזאָגט, האָט ער געפֿונען פֿאַר איינפֿאַך אומאי־בערטרעפֿלאַך אין וויציקע אַפּענטפֿערס.

פֿלאָרימעל האָט באַטראַכט דעם זאָג פֿאַר רמז'דיק: וואָס פֿינקטלאַך האָט זיין מאַיעסטעט געמיינט דערמיט?

„נו, אַז אין יעדן און אַלע אומשטענדן ווייסט פֿרוי פּילים ווי צו נעמען אַ שפּאַס, און אומקערן פּונקט אַזאַ גוטן ווי זי האָט גע־קראָגן."

„דאָס האָט מיר דיין מאַיעסטעט שוין איינמאָל באַריכט: און זיבער קאָן מען זיך פֿאַרבייטן מיט שפּאַס דורך אַ גראַטע —"

„יאָ, אָט־דאָס איז עס וואָס כ'האָב געמיינט. און פֿרוי פּילים האָט אויסגעזוכט אַפּצושאַצן דעם לייכטן פֿלוס פֿון מיין הומאָר. זי גיט מיר צו וויסן אַז דער זיידע שטן איז פֿון אַ קאַלטן טרוקענעם טעמפּעראַ־מענט, מיט זייער ווייניק הומאָר אין זיך, אַזוי אַז זיי באַגייען זיך חדשים לאַנג אָן וואָסער אויסטוויש מיט לוסטיקייט. נו, איך ביז באַרייט צו פֿאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל: און איבעריקנס, גע־דענקנדיק אַז מיין גאַסטפֿריינטלאָכער בעל הבית האָט געהאַט אומגע־הייערע און שרעקלאָכע הערנער, האָב איך זיך באַזונדערס באַמיט צו באַהאַנדלען געהעריק מיין הויזווירטן. כאָטש, פֿאַרוואָר, עס איז גע־ווען מער פֿאַרן כבוד און דער גלאָריע פֿון געשעעניש ווי פֿאַר עפּעס אַנדערש וואָס איך האָב זיך פֿאַרביטן אין שפּאַס מיט דעם שטן'ס פֿרוי. ווייל דאָס צו טאָן, מיין טייערע, האָב איך געפֿילט איז ווערט געווען פֿאַר דעם קייסער יורגען".

„אַך, איך האָב מורא אַז דיין מאַיעסטעט איז פֿאַרשייטער יונג", האָט פֿלאָרימעל געזאָגט: „אָבער, מיר אַלע ווייסן אַז דער צעפּטער פֿון אַ קייסער איז געאָכט איבעראַל".

„פֿאַרוואָר", זאָגט יורגען „איך האָב אָפֿט באַדויערט וואָס איך האָב ניט געבראַכט מיט זיך מיין באַצירטן צעפּטער ווען איך האָב פֿאַרלאָזט נומאַריאַ."

זי האָט אַ ציטער געטאָן פֿון עפּעס אַן אומאויסגערעדטן געדאַנק: עס איז ניט געשען ביז אַ צייט שפּעטער וואָס פֿלאָרימעל האָט דער־ציילט יורגענען וועגן איר דערנידערדיקן אומגליקס־צופֿאַל מיטן צע־שטריטן סולטאַן פֿון נאַרסאַאַס צעפּטער. איצט האָט זי בלויז גע־

ענטפערט אז צירשטיינער קאָנען באַגרייפלאַר אויסזען באַרימעריש און אויסערן פּלאַץ.

יורגען האָט צוגעגעבן דעם טרואיזם : ווייל זיכער האָבן זיי גע־וואוינט פיין און וואויל, און יורגען איז געווען אויסגעצייכנט געגוג פאַר יעדער פאַרנונפטיקער פרוים פאָדערונגען, אין זיין גלאַנציק העמד.

אַזוי האָט יורגען געלעבט אנגענעם מיט פלאַרימעלן. אָבער ער האָט איר קיינמאָל אַזוי ליב ניט באַקומען ווי געגעווירן אַדער אַנאַר איטיסן, אויך ניט קיין צענטל געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צו איר ווי ער איז געווען צו כלאַריסן. ערשטנס האָט ער פאַרדעכטיקט אַז פלאַרימעל איז אויסגעטראַכט געוואָרן פון זיין פאָטער, און קאַמה און יורגען האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין געמיינשאַפטלאַכן געשמאַק : און צווייטנס האָט יורגען זיך ניט געקאָנט העלפן צו זען אַז פלאַרימעל האָט גע־דענקט אַ היפש ביסל פון זיין האָבן געווען אַ קייסער.

„עס איז מיין טיטול וואָס זי האָט ליב, ניט מיך“, האָט יורגען נאָכגעדענקט טרויעריקלאַך. „און איר ליבע איז ווינציקער דערפאַר וואָס איז ווירקלאַך אומטיילבאַר פון מיר ווי פאַר די קיניגלאַכע בול־בעס און צעפּטערן און ענלאַכן אויסערלאַכן שמוק“.

און יורגען פלעגט אַרויסקומען פון פלאַרימעלס שפּאַלט באַ־דייטנד נידערשלאַגן און פלעגט איינזאַם זיצן ביים ים פון בלוט, און פלעגט מעדיטירן ווי אומ׳יושר׳דיק עס איז געווען אַז דער בלויזער טיטול פון קייסער זאָל אים אַזוי אַפּצאַמן פון אויפריכטיקייט און אָפנהערציקייט.

„מיר וועלכע הייסן קיניגס און קייסאַרים זיינען אַזעלכע מענטשן ווי אַנדערע : מיר זיינען פונקט אַזוי באַרעכטיקט ווי אַנדערע פּער־זאָנען צו קוויקן זיך מיט וואָרער ליבע און צונייגונג : אָנשטאָט, לעבן מיר אין באַשטענדיקער אָפּגעזונדערקייט, און פרויען באָטן אונדז אַן אַלץ אין דער וועלט אויסער זייערע הערצער, און מיר זיינען אַן איינ־זאַם געזינדל. ניין, איך קאָן ניט גלויבן אַז פלאַרימעל האָט מיך ליב, אַן און פאַר זיך : עס איז מיין טיטול וואָס לאָקט איר. און הלואי וואָלט איך קיינמאָל ניט געווען זיך געמאַכט פאַר קייסער פון נומאַריא וואָרים דער קייסער גייט אום איבעראַל אין אַ פּאַבלהאַפטער פּראַכט, און איז, גאַנץ נאַטירלאַך, אומווידערשטיילאַך אין זיין האַלב־מיפישער גרויסאַרטיקייט. אַך, אָבער די קיניגלאַכע שמאַכטעס ציען אָפּ פלאַרי־מעלס געדאַנקען פון דעם וואָרן יורגען ; אַזוי אַז דער וואָרער יורגען איז אַ פּערזאָן וועמען זי פאַרשטייט לחלוטין ניט. און דאָס איז ניט רעכט.“

דאַן האָט ער אויך געהאַט אַ מין פאַרורטייל קעגן דעם אומן

אין וועלכן פּלאַרימעל האָט פאַרבראַכט איר צייט מיט פאַרפירן און דערמאָרדן יונגעלייט. עס איז ניט געווען מעגלאַך, פאַרשטייט זיך, ממש צו בלאַמירן דאָס מיידל, זינט זי איז געווען דער קרבן פון אומ־שטענדן, און קיין ברירה ניט געהאַט צו ווערן אַ וואַמפּיר, אַזוי לאַנג ווי די קאַץ האָט אַ שפּרונג געטאָן איבער איר טרונע. פונדעסטוועגן האָט יורגען שטענדיק געפילט, אויף זיין אומלאָגישן מאַנסבילשן אופן, אַז איר באַרוף איז ניט געווען קיין שיינער. און צוגלייך אויף דעם אומלאָגישן אופן פון מענער, האָט ער געהאַלטן אין איין נויטן פּלאַ־רימעלן צו דערציילן אים וועגן אירע וואַמפּירישע האַנדלונגען, ניט אַכטנדיק אויף זיינע געפילן וואָס עס וואָלט אים ניחה'ר געווען זיין ווייב זאָל זיך באַשעפטיקן מיט עפּעס אַן אַנדער אינטערעס: און דאָס פריילאַכע קליינע באַשעפעניש פלעגט אים גערן גענוג צוליב טאָן, מיט אירע פינקלדיקע פורפלדיקע אויגן, און אירע מונטערע ליפּן חנ'עוודיק צוריקגעבויגן, אַזוי ווי צו ווייזן אירע דראַבנע ווייסע שאַרפע ציינדלאַך גאַנץ קלאָר.

זי איז ווירקלאַך געווען זייער שיין אַזוינאַך, ווי זי האָט אים דערציילט וועגן וואָס עס האָט פּאַסירט אין קאָפּענהאַגען ווען דער יונגער גראַף אַסמונד האָט אַראָפּגענידערט אין דער בלינדער בעט־לערנס קעלער, און וואָס זיי האָבן געטאָן מיט זיינע פיצלאַך; און וועגן ווי איין מין שלאַנג האָט געקראָגן אַ סודות'דיקן נאָמען, וואָס, ווען אויסגערופן אינדערהויך ביינאַכט, מיט דעם געהעריקן צערע־מאָניאַל, וועט פאַראורזאַכן וואונדערבאַרע געשעענישן: און וועגן וואָס מען קאָן טאָן מיט קליינע אומגעטויפטע קינדער, אויב זיי קושן דיך נאָר ניט, מיט זייערע פייכטע אומזיכערע מיילאַכלאַך, ווייל דאַן איז די זאַך אוממעגלאַך; און וועגן וואָס פאַר אַ נוץ זי האָט געמאַכט פון דעם יונגען סיר גאַנעלאַנס שאַרבן, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט אים, און זי מיט גאַנעלאַנען; און וועגן וואָס דער יונגער גייסטלאַכער וואָלפּגאַטה האָט געזאָגט צו די קראָקאָדילן ביים סאַמע סוף.

„אַך, יאָ, מיין לעבן פאַרמאָגט אַמוזאַנטע שטריכן", האָט פּלאַ־רימעל געזאָגט: „און עס איז אַנגענעם צו פילן, נאַטירלאַך, אַז דו קומסט אַמאָל אין באַריר מיט זאַכן, און ביישטייערסט אַפילו, אויף דיין באַשיידענעם אופן, צו זינד אונטערדריקונג. אָבער אַפילו אַזוינאַך, מאַיעסטעט, די פאָדערונגען וואָס מען שטעלט דיר! די זאַכן וואָס יונגעלייט דערוואַרטן פון דיר, אַלס באַלוינונג פון זייער קערפּערלאַ־בער און גייסטיקער פאַרדאַרבונג! און די זאַכן וואָס זייערע קרובים רעדן פון דיר! און, איבער אַלעמען, די באַשטענדיקע אָנשטרענגונג, די אומרעגלמעסיקע שטונדן, און די דורכויסיקע באַמיאונג אויפצופירן

זיך ווי עס פאסט פאר דיין שטאנד ! אך, יא, מאיעסטעט, איך בין געווען פיל גליקלאכער ווען איך בין געווען אן אויסגעצערטע נייטארן און זיך איבערגענומען מיט מיינע פעטעלקעס. אבער פון א שווערן וועלכע פארבעט בלויז אויף טיי געלעגנטלאך אלס א מין פליכט, און וועלכע צייכנט זיך אויס אין קירך־אנגעלעגנהייטן, קאן מען, פארשטייט זיך, אלץ דערווארטן. און דאס דערמאנט מיר אז איך מוז ווירקלאך דערציילן דיין מאיעסטעט וואס עס האט פאסירט אויפן היי־בוידעם, גלייך נאכדעם ווי דער אבאט האט פארענדיקט זיין אויסטאן זיך."

אזוי פלעגט זי אוועקפלוידערן בשעת יורגען האט צוגעהארכט און גינסטיק צוגעשמייכלט. ווארים זי איז זיכער געווען זייער א שיינע. און אזוי האבן זיי געוואוינט אין גהינם צופרידן גענוג ביז פלארימעלס וואקאציע האט זיך געענדיקט : און דאן האבן זיי זיך צעשיידט, אז שום טרערן נאר אין פולקאמער פריינטשאפט.

און יורגען האט שטענדיק געדענקט פלארימעלן אם אנגענעמסטן, אבער ניט אלס ווייב מיט וועמען ער איז ווען געווען אין די אינטימסטע באציאונגען ממש.

איצט ווען די רייצנדע וואמפיר־פרוי האט אים פארלאזט, איז דער קייסער יורגען, ניט אכטנדיק אויף זיין אלגעמיינער פאפולאריטעט און דעם כבוד צוגעטיילט זיינע פאליטישע אנשויאונגען, ניט געווען זייער גליקלאך אין גהינם.

"עס איז א טרייסט, אלנפאלס", האט יורגען געזאגט, "צו אנטדעקן פון וועמען עס שטאמט די טעאריע פון דעמאקראטישער רעגירונג. איך האב לאנג זיך געוואונדערט ווער עס האט ארויסגעלאזט דעם פזמון אז דער וועג צו קריגן א קלוגן באשלוס איבער עפעס א באגרייפלאכער פראגע איז צו פארלאזן זיך אויף אלגעמיינע וואלן. איצט וויים איך. נו, און די טייוואלים זיינען פיליכט גערעכט אין זייערע לערעם ; זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז זיי זיינען אומגערעכט : פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט —"

למשל, די אומענדלאכע באמיאונג צו מאכן די וועלט געזיכערט פאר דעמאקראטיע, דער באשטענדיקער געפעכט קעגן הימל דערפאר ווייל דער הימל האט זיך געקלעפט צו אן אכזריות'דיקער פארם פון אווטאקראטישער מלוכה, האט געקלונגען צוגלייך לאגיש און גרויסמוטיק, און איז געווען, פארשטייט זיך, דער איינציקער מעטאד פון פארזיכערן וואס פאר אן אלגעמיינעם טריאומף פון דעמאקראטיע ; דאך האט עס יורגענען אויסגעזען גאנץ נישטיק, זינט, ווי ער האט איצט געוואוסט, עס איז עפעס זיכער געווען אין דעם הימלשן סיסטעם וואס איז גינסטיק פאר מיליטערישער ווירקזאמקייט, אזוי

אַז דער הימל האָט געוויינלאַך געוואונען. אויסערדעם האָט יורגען ניט געקאָנט פאַרבייגיין דעם פאַקט וואָס דער גהינם איז געווען בלויז אַן איינפאַל פון זיינע אורעלטערן מיט וואָס קאַטשעי האָט צופעליק איינגעשטימט: וואָרים יורגען האָט קיינמאָל קיין גרויס געדולד ניט געהאַט מיט פאַרעלטערטע געדאַנקען, דערהויפּט ווען אימיצער האָט זיי אַנגעווענדט אין דער ווירקלאַכקייט, ווי קאַטשעי האָט געטאָן.

„נו, דאָס פּלאַץ זעט מיר אויס ווי אַ פּרעכער אַנאַכראָניזם", האָט יורגען געזאָגט, פאַרקלערט איבער די פייערן פון באַראַזומאַ: „און זיינע מעטאָדן פון פּייניקן געוויסנהאַפטע מענטשן קאָן איך ווירקלאַך אַנדערש ניט באַטראַכטן ווי פּאַר מגושמ'דיקע. די טייוואָלים זיינען גאַנץ איינפאַכע באַשעפענישן און מיינען גוט, ווי קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן אָפּצולייקענען, אָבער אָט־דאָס איז עס: ווייל דאָ־אַרום פאָדערט זיך עפּעס אַ האַרטנעקיקערע און טיכטיק־אומאַנגענעמערע פּערזאָן —"

און דאָס, נאַטירלאַך, האָט אים דעריננערט אין פרוי ליזאַ: און אַזוי איז געשען ווי די געדאַנקען פון יורגען האָבן זיך געווענדט אויפסניי צו דער האַנדלונג וואָס פּאַסט פאַר אַ מאַן. און ער האָט אַ זיפץ געטאָן, און אַוועק צווישן די טייוואָלים, פּראָבירנדיק אַנצוטרעפן, און נאָכפאָרעגנדיק זיך אויף, דעם געוואַגטן שד וועלכער האָט אין אויסזען פון אַ שוואַרצן מאַן צוגענומען פרוי ליזאַ. אָבער אַ טשיקאַווע זאַך איז געשען, און דאָס איז וואָס אין ערגעץ האָט יורגען ניט געקאָנט פּאַקן דעם שוואַרצן מאַן, ווי אויך האָט קיינער פון די טייוואָלים ניט געוואוסט צו זאָגן וועגן אים.

„פון וואָס דו דערציילסט אונדז, קייסער יורגען", האָבן זיי אַלע געזאָגט, „איז דיין ווייב געווען אַ ביטערער שלאַק, און די אַרט פרוי וועלכע גלויבט אַז וואָס־נאָר זי טוט איז רעכט."

„עס איז ניט געווען קיין גלויבן", זאָגט יורגען: „עס איז געווען אַ מאַניע ביי דער אָרימער נעבאַך."

„מיט דעם פאַקט, אויב אַזוי, איז איר אויף אייביק פאַרווערט אַריינצוטרעטן אין גהינם."

„איר דערציילט מיר נייס", זאָגט יורגען, „וואָס ווען אַלגעמיינלאַך באַקאַנט וואָלט עס געפירט פּילע פאַרהייראַטע מענער צו אַ פאַרדאָרבן לעבן."

„אָבער עס איז באַוואוסט אַז מענטשן ווערן גערעכט דורך אמונה, און עס איז ניטאָ קיין שטאַרקערער גלויבן ווי דער פון אַן אומגעטומטיקער פרוי, אין איר איינגענער אומפעלבאַרקייט. פּשוט, דאָס ווייב

דיינס איז די ארט פערזאָן וואָס קאָן ניט גערולדעט ווערן פון קיינעם סיידן פון מלאכים. מיר קומען צום באַשלוס אַז דיין קייסערינע מוז זיין אין הימל."

„נו, דאָס לייגט זיך אויפן זינען. און אַזוינאָך וועל איך גיין אין הימל, און קאָן זיין אַז דאָרט וועל איך געפינען גערעכטיקייט."

„מיר וואָלטן דו זאָלסט וויסן", האָבן די טייוואָלים געלאַרמט, שטייפהאַריק, „אַז אין גהינם האָבן מיר אַלערליי מינים גערעכטי־קייט, זינט אונדזער רעגירונג איז אַן אויפגעקלערטע דעמאָקראַטיע".

„גאַנץ געוויס", זאָגט יורגען : „אין אַן אויפגעקלערטער דעמאָק־ראַטיע זיינען אַלערליי מינים גערעכטיקייט לרוב, און עס וואָלט זיך מיר ניט גע'חלום'ט אַפילו דאָס אָפּצולייקענען. אָבער איר האָט ניט, פאַרשטייט איר, דעם קלענערן איבל, מיין ווייב. און עס איז זי וועמען איך מוז פאַרזעצן צו זוכן".

„נו, ווי דו ווילסט", האָבן זיי געזאָגט, „ אַזוי לאַנג ווי דו האָסט ניט אויסצוזעצן קעגן די צודרינגלאַכקייטן פון מלחמה־צייט. אָבער זיכער באַדויערן מיר צו זען דיך אָפּפאָרן אין אַ לאַנד אַריין וואו דאָס אומוויסנדע פאָלק פאַרטראָגט אַ זעלבסטהערשער וועלכער איז ניט געהעריק דערוויילט געוואָרן צו זיין ראַנג. און פאַרוואָס דאַרפסטו פאַרזעצן צו זוכן דיין ווייבס געזעלשאַפט ווען עס איז אַזויפיל אַנגע־נעמער צו לעבן אין גהינם ?"

און יורגען האָט אַ צי געטאָן דעם אַקסל. „מען מוז דאָך האַנדלען ווי אַ מאַן ווען־עס־איז."

טאָ האָבן די טייוואָלים אים געזאָגט דעם וועג צום גהינם'ס גרענעץ, באַדויערנדיק אים. „אָבער דאָס אַריבערגיין די גרענעץ בלייבט שוין דיין עסק."

„איך האָב אַ סגולה", האָט יורגען געזאָגט ; „און מיין פאַרוויילן אין גהינם האָט מיך געלערנט ווי זי צו באַנוצן".

דאַן האָט יורגען נאָכגעפאָלגט זיין אונטעריכט, און איז אַוועק קיין מערידי, און פאַרנומען זיך לינקס־צו ווען ער איז אָנגעקומען צו דער גרויסער קאַלוזשע וואו די פּיפּערנאָטערס און פרעש האָבן זיך געבאָוועט, און אַזוינאָך דורכגעקרייצט די נעפּלען פון טאַרטאַרוס, מיט געהעריקער פאָרזיכט איבער די ווילדע בליצן, און זיך פאַרנומען דאָס צווייטע מאָל לינקס — "באַשטענדיק ווען דו זוכסט דעם הימל זאָל דיין האַרץ זיין דער וועג־ווייזער", איז געווען דער ראָט פון די טייו־וואָלים, — און אַזוינאָך אויסמיידנדיק דאָס וואוינאָרט פון יעמרא, האָט ער געקרייצט די בריק איבער דעם אומענדלאָך טיפן תהום און דעם איינאָרטיקן נאַראַקאַס. און בראַכום וועלכער האָט געהאַלטן דעם

שטייער־אָפּצאָל אויף דער בריק, האָט געטאָן אַזוי ווי די שדים האָבן יורגענען פירגעוואָרנט: אָבער דערצו, נאַטירלאַך, איז קיין אויסוועג נים געווען.

## 40. דער אויפשטייג פון פויפּסט יורגען

די מעשה דערציילט ווי אין דעם „פּעסט פון דער פּאַרקינדיקונג" איז יורגען אָנגעקומען צו די הויכע ווייסע ווענט וואָס באַגורטן דעם הימל. וואָרים יורגענס אורעלטערן האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט די פאָרשטעלונג אַז דער גהינם איז געשטאַנען אין דירעקטער שכנות מיטן הימל אַזוי אַז די געבענטשטע האָבן געקאָנט פאַרגרעסערן זייער גליקזעליקייט דורך דעם אָראָפּבליקן אויף די מאַטערנישן פון די פאַרפלוכטע. איצט האָט צו דער צייט אַ אינגל־מלאך אָריבערגעקוקט איבער דעם געלענדער פון דער הימלשער וואַנט.

„און וואָס מאַכסטו גוטס, מיין וואוילער יונג", זאָגט יורגען. „אָבער וועגן וואָס טראַכסטו אַזוי באַדאַכטזאַם ?" ווייל פּונקט ווי Dives האָט זיך דערקונדיקט מיט לאַנגע יאָרן צוריק, האָט יורגען איצט אויסגעפונען אַז אַ מענטשנס קול טראָגט זיך פולקאָם צווישן דער שאול תחתיה און הימל.

„מיין האַר", ענטפערט דאָס אינגל, „איך האָב באַדויערט די פאַרשאָלטענע נעבאַך."

„נו, אויב אַזוי קערסטו אודאי זיין אָריגען", זאָגט יורגען לאַכנדיק.

„ניין, מיין האַר, מיין נאָמען איז יורגען."

„מאַמעלאַך !" זאָגט יורגען: „מילא, אָבער דער יורגען איז געווען אַ היפּש ביסל פאַרשוינגען אין מיין צייט. אַזוי זאָגסטו זייער מענגלאַך דעם אמת."

„איך בין יורגען, דער זון פון קאָטה און אזרא."

„אַך, אַך ! אָבער אַזוי זיינען זיי אַלע געווען, מיין יונג."

„אַלזאָ דאַן: איך בין יורגען, דאָס אייניקל פון שטיינוואָר, און דאָס אייניקל וועמען זי האָט ליב געהאַט מער פון אירע אַנדערע אייניקלאַך: און אַזוי וואוין איך אויף אייביק אין הימל מיט די אַלע אַנדערע אילוזיעס פון שטיינוואָר. אָבער ווער, מיין ווירדיקער האַר, ביסטו וואָס גייסט אַרום אין גהינם אומפאַרסמאַליעט, אין אַזאַ פיין־אויסזעענדיק העמד ?"

יורגען האָט נאָכגעטראַכט. אוינשיינלאַך וואָלט נים געהאַט קיין זין אָנצוגעבן זיין ווירקלאַכן נאָמען, און אַזוינאַך אויפהייבן די פראַגע

מכח דעם צי יורגען געפינט זיך אין הימל אדער אין גהינם. דאן האט ער זיך דערינערט אין דער סגולה פון דעם מייסטער פילאלאג מיט וואס יורגען האט זיך צוויי מאל פעלערהאפט באנוצט. און יורגען האט דורכגעלופטערט זיין קעל ווייל ער האט געגלויבט אז ער האט איצט פארשטאנען דעם געהעריקן באנוץ פון סגולות.

„פיליכט", זאגט יורגען, „וואלט איך דיר ניט באדארפט אויס־זאגן ווער איך בין. אבער וואס איז דאס לעבן מישטיינס געזאגט אן פארטרויליכקייט איינער אין אנדערן? אויסערדעם שיינסטו צו זיין א אינגל פון מערקווירדיקער געשייטקייט. טא וועל איך דיר אנפער־טרויען אז איך בין פויפסט דזשאן דער צוואנציקסטער, דעם הימלס שטעלפארטרעטער אויף דער ערד, באזוכנדיק איצט דאס פלאץ צוליב אן הימליש שליחות וואס איך בין ניט פריי צו פארעפנטלאכן גענויער, א דאנק אורזאכן וואס לייגן זיך באלד אויפן שכל פון א יונג פון דיין אומגעוויינלאכער דורכגעטריבנקייט."

„נו, איך זאג דיר! דאס איז גאנץ קאמיש. ווארט נאר צו א רגע בלויז!" האט דער אינגלשער מלאך אויסגעשריען.

זיין ליכטיקע צורה איז פארשוואונדן, מיט א שארך פון ברוינע קרייזלדיקע האר: און יורגען האט פארזיכטיק אויפסניי דורכגעלייענט דעם שפרוך פון דעם מייסטער פילאלאג. „יא, איך האב אויסגעפונען דענק איך ווי צו באנוצן דעם כשוף," באמערקט יורגען.

באלד איז דער יונגער מלאך ווידערשינען ביים געלענדער.

„הער, גנעדיקער האר! איך האב א בליק געטאן אויף דעם רייסטער — אלע פויפסטן ווערן אריינגעלאזט אהער די רגע וואס זיי שטארבן, ניט נאכפארשנדיק זייערע פריוואטע אנגעלעגנהייטן, פארשטייסטו, כדי צו פארמיידן עפעס א באדויערנדיקן סקאנדאל. און מיר האבן דריי־און־צוואנציק פויפסטן דזשאנס פארצייכנט. און גאנץ געוויס, דער פארבארייטער שלאס פאר דזשאן דעם צוואנציקסטן איז אומ־פארנומען. ער זעט אויס צו זיין דער איינציקער פויפסט וואס געפינט זיך ניט אין הימל."

„נו, פארשטייט זיך אז ניין", זאגט יורגען, מיט צופרידנקייט, „אויף אזוי ווייט ווי דו זעסט מיך, וואס בין אמאל געווען דער בישאף פון רוים און דינער צו די דינער פון גאט, שטייענדיק אונטן דא אויף דער קופע אש."

„יא, אבער קיינער פון די אנדערע אין דיין ריי שיינט ניט צו געדענקען דיך. דזשאן דער ניינצנטער זאגט אז ער האט קיינמאל ניט געהערט וועגן דיר, און אים צורו לאזן אינמיטן פון א הארף־אונ־טעריכט".

„ער איז געשטארבן פאר מיין טראָן־באַשטייגונג, נאַטירלאַך.“

„— און דזשאן דער איין־און־צוואַנציקסטער זאָגט ער דענקט אַז זיי האָבן פאַרלוירן דעם חשבון ווי־אַרום, און אַז עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין דזשאן דער צוואַנציקסטער. ער זאָגט אַז דו קערסט זיין אַ שווינדלער.“

„אָה, פּראָפעסיאָנעלע אייפערזוכט!“ האָט יורגען געזיפצט: „איי־איי־איי, דאָס איז זייער טרויעריק, און שאַפט דיר אַ נעבאַכדיקע מיינונג וועגן דער מענטשלאַכער טבע. אַלזאָ, מיין יונג, איך לאָז עס געהעריק צו דיר, ווי האָט געקאָנט זיין אַ איין־און־צוואַנציקסטער סיידן עס איז פריער געווען אַ צוואַנציקסטער? און וואָס ווערט פון דעם גרויסן יסוד פון פּויפּסטלאַכער אומפעלבאַרקייט ווען אַ פּויפּסט דערלאָזט צו אַ טעות אין עלעמענטאַרער מאַטעמאַטיק? אך, אָבער דאָס איז אַ שטיק אפּיקורסות פון היפּשן געפּאַר, לאָמיך דיר זאָגן, אַז אינקוויזיציע ענין, אַ קאָנסיסטאָריע אנגעלעגנהייט! דאָך, גליקלאַכערווייז, לויט זיין אייגענער באַהויפּטונג, איז דער פּעדראָ כוליאַני —“

„און דאָס איז געווען זיין נאָמען, אויך, ווייל ער האָט עס מיר דערציילט! דו ווייסט וואַרשיינלאַך אַלץ מכח דעם, גנעדיקער האַר“, האָט דער יונגער מלאך געזאָגט, איינפאַך באַווירקט פון יורגענס ווערטער.

„זיכער ווייס איך אַלץ מכח דעם. אַלזאָ, איך ווידערהאָל, לויט זיין אייגענער באַהויפּטונג האָט דער מאַן קיינמאָל ניט עקזיסטירט, און אַזוינאָך, וואָס ער זאָל זאָגן איז פון קיין באַדייטונג. וואָרים ער דערציילט דיר אַז עס איז קיינמאָל ניט געווען וואָס פאַר אַ פּויפּסט דזשאן דער צוואַנציקסטער: איז אַדער ער זאָגט אַ ליגן אַדער ער זאָגט דעם אמת. אויב ער זאָגט אַ ליגן, באַדאַרפסטו, פאַרשטייט זיך, אים ניט גלויבן: דאָך, אויב ער זאָגט דעם אמת, וועגן דעם אַז עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין פּויפּסט דזשאַן דער צוואַנציקסטער, נו דאַן איז, גאַנץ איינפאַך, קיינמאָל ניט געווען קיין פּויפּסט דזשאַן דער איין־און־צוואַנציקסטער, אַזוי אַז דער מאַן באַשטעטיקט זיין אייגן ניט עקזיסטירן: און אויף דעם אופן רעדט ער נאַרישקייטן, און דו, פאַרשטייט זיך, באַדאַרפסט ניט גלויבן אין נאַרישקייטן. אַפילו מיר זאָלן דערלאָזן זיין וואַנזיניקע באַהויפּטונג אַז ער איז לא היה ולא נברא, ביסטו צו ליטיש דערצויגן, בין איך זיכער, צו באַשטרייטן אַז קיינער זאָגט קיין ליגן אין הימל: פאָלגלאַך אַז אין דעם פאַל זאָגט קיינער ניט קיין ליגן: און אַזוינאָך, נאַטירלאַך, קער איך אודאי זאָגן דעם אמת, און דו האָסט ניט קיין אויסוועג סיידן ווי צו גלויבן מיר.“

„אַלזאָ, דאָס קלינגט זיכער גאַנץ פיין און וואויל“, האָט דער

יונגערער יורגען צוגעגעבן: „כאטש דו דערקלערסט עס אזוי פליגל אז עס איז עטוואס שווערלאך דיר נאכצופאלגן."

„אך, און וואס נאכמער, און איבער און אריבער דעם, און אלס א ממשות'דיקן באווייז פון דער אומפעלבארער אויספירלאכקייט פון יעדער זילבע פון מיין באהויפטונג", האט דער עלטערער יורגען באמערקט, „אויב דו וועסט א קוק טאן אין דער בוידעם־קאמער פון הימל וועסטו געפינען דעמזעלבן לייטער אויף וועלכן איך האב אראפ געני־דערט אהערצו, און וועלכן איך האב זיי געהייסן אוועקלייגן אין א זייט ביז איך וועל זיין באריים ארויפצושטייגן ווידעראמאל. פארוואר, איך האב דיך נאר וואס געוואלט בעטן אים צו ברענגען, אויף אזויפיל אויף וויפל מיין געשעפט דא איז צופרידנשטעלנד דערלידיקט."

מילא, דאס אינגל האט צוגעשטימט אז דאס ווארט פון קיין פויפסט, צי אין גהינם אדער אין הימל, איז ניט געווען אזא ממשות'די־קער באווייז ווי א לייטער: און ער איז ווידער אוועק. יורגען האט געווארט, אין נשקשה'דיקער צוטרוילאכקייט.

עס איז געווען א פאל פון לאגיק. יעקב'ס לייטער מוז פון אלע באריכטן האבן געווען א ביז־גאר שאצבארער אוועקגעווארפן צו ווערן נאך איין נאכטס דינסט אין בית אל; עס וואלט גאנץ גוט צונוץ געקומען אין יום־הדין: און יורגענס קענען זיין ליזא האט אים געגעבן די מעגלאכקייט צו שליסן אז אלץ וואס איז געהאלטן געווארן ווייל עס וועט צונוץ קומען אין א שיינעם טאג אמאל וואלט אומפארמיידלאך אוועקגעשטעלט געווארן אין בוידעם־קאמער, אין יעדן ארט וואס פרויען שטעלן זיך פאר. „און עס איז באוואוסט אז דער הימל איז א דעלוזיע פון אלטע פרויען. נו, די זאך איז א זיכערקייט", האט יורגען געזאגט: „איינפאך א מאטעמאטישע זיכערקייט."

און געשעעניש האבן באוויזן זיין לאגיק פאר א ריכטיקער: ווייל באלד האט זיך דער יונגערער יורגען צוריקגעקערט מיט יעקב'ס לייטער, וואס איז געווען גאנץ פארשפינוועבט און פארעלטערט נאכן זיין אוועקגעלייגט פאר אזוי לאנג.

„אזוינאך, ווי דו זעסט, ביסטו געווען פולקאם גערעכט", האט דאן געזאגט דער יונגערער יורגען, ווי ער האט אראפגעלאזט יעקב'ס לייטער אין גהינם אריין. „אה, גנעדיקער דזשאן, קום שוין שנעלער ארויף און דערלאנג א גאב דעם אלטן וועלכער האט דיך פאר־לוימדט!"

אזוי איז געשען אז יורגען האט פריילאך ארויפגעקלעטערט פון גהינם אין הימל אריין אויף א לייטער פון לויטערן גינגאלד: און ווי ער האט געקלעטערט האט דאס העמד פון נעסוס זאכט געבליאסקעט

אין דעם ליכט וואס האט געשיינט פון הימל : און פון דעם גרויסן ליכט איבער אים, אלס יורגען האט געשטיגן העכער און נאך העכער, האט זיך דער שאטן פון יורגען אומגלויבלאך אויסגעצויגן פאזע דער גאלער ווייסער וואנט פון הימל, גלייך ווי דעם שאטן וואלט עס געווען ווידערוויליק און ער האט זיך געקלעפט הארטנעקיק צום גהינם. דאך האט באלד יורגען אריבערגעשפרונגען די פעסטונג־וואנט : און דאן האט דער שאטן אויך אריבערגעשפרונגען ; און אזוי איז זיין שאטן גע־קומען מיט יורגענען אין הימל אריין, און צוזאמענגעדרייט זיך מוט־לאז ביי יורגענס פיס.

„נו, נו ! " טראכט יורגען, „עס איז זיכער ניט אפצושטרייטן דעם כשוף פון דעם מייסטער פילאלאג ווען עס איז געהעריק באנוצט. ווייל מיט זיין הילף קום איך איצט א לעבעדיקער אין הימל אריין, ווי נאר חנוך און אליהו האבן עס באוויזן פאר מיר : און נאכמער, אויב עס איז דעם אינגל צו גלויבן, איז איינער פון דעם הימלס פרעכטיגסטע פאלאצן צוגעגרייט פאר מיין וואוינארט. מיט יושר איז ניט מעגלאך מער צו פאדערן פון וואסערן מכשף. אהא, אויב נאר ליזא וואלט מיך געקאנט זען איצט !"

דאס איז געווען זיין ערשטער געדאנק. דערנאך האט יורגען צעריסן די סגולה און צעזייט די פיצלאך ווי דער מייסטער פילאלאג האט געהייסן. דאן האט זיך יורגען געווענדט צום אינגל וואס האט געהאלפן יורגענען אריינקומען אין הימל.

„קום, מיין יונג, און לאמיך דיך גוט באטראכטן."

און יורגען האט גערעדט מיטן אינגל וואס ער איז אליין אמאל געווען, און געשטאנען פנים אל פנים מיט אלץ וואס יורגען איז אמאל געווען און איז ניט מער. און דאס איז געווען די איינציקע פאסירונג וואס איז זיך פארלאפן מיט יורגענען וואס דער שרייבער פון דער מעשה האט ניט ס'הארץ צו דערציילן זי.

אזוי איז יורגען אוועק פון דעם אינגל וואס ער איז אליין אמאל געווען. אבער צוערשט איז יורגען געוואר געווארן אז אין דעם פלאץ האט זיין באבע שטיינוואר (וועמען קיניג סמאיט האט ליב געהאט) געוואוינט און איז געווען גליקלאך מיט איר באגריף וועגן הימל : און אז ארום איר זיינען געווען אירע פארשטעלונגען פון אירע קינדער און פון אירע קינדסקינדער. שטיינוואר האט זיך קיינמאל ניט פאר־געשטעלט איר מאן אין הימל, ווי אויך ניט קיניג סמאיטן.

„דאס איז א צושטאנד", זאגט יורגען, „וואס שטארקט מיך צו האפן אז מען קאן דא געפינען גערעכטיקייט. דאן וועל איך זיך צוריקהאלטן פון מיין באבן, די שטיינוואר וועמען איך האב געקענט

און ליב געהאַט, און וועלכע האָט מיך ליב געהאַט אַזוי בלינד אַז דאָס אינגל דאָ איז איר באַגריף וועגן מיר. יאָ, אויס איינפאַכער גע־רעכטיקייט צו איר, מוז איך זיך צוריקהאַלטן."

אַזוינאַך האָט ער אויסגעמיטן דעם טייל הימל אין וועלכן עס זיינען געווען זיין באַבעס אילוזיעס: און דאָס האָט זיך גערעכנט פאַר גערעכטיקייט אין יורגענען. דער טייל הימל האָט געשמעקט מיט רעזעדאַ, און אַ שפּילפויגל האָט דאָרט געזונגען.

## 41. פון פּשרות אין הימל

יורגען איז אַוועק אומגעשטערט אהינצו וואו דער גאָט פון יור־גענס באַבע איז געזעסן אויף אַ טראָן, ביי אַ ים פון קרישטאָל. אַ רעגנבויגן, געמאַכט הויך און שמאָל ווי אַ פענסטער־ראַם, אַזוי עס זאָל צופּאַסן דעם טראָן, האָט געפורמט אַ געוועלבטן דורכגאַנג אין וועלכן ע ר איז געזעסן: ביי ז י י נ ע פיס האָבן געברענט זיבן לאָמפּן, און פיר מערקווירדיקע געפליגלטע באַשעפענישן זיינען געזעסן דאָרט זינגנדיק ווייך, „לויב און כבוד און דאַנק צו א י ם וואָס טוט טאָן לעבן אייביק!" אין איין האַנט פון דעם גאָט איז געווען אַ צעפּטער, און אין דער אַנדערער — אַ גרויס בוך מיט זיבן רויטע פּלעקן דערויף.

עס זיינען דאָרט געווען צוועלף קלענערע טראָנען, אַן רעגנבויגנס, אויף יעדער זייט פון דעם גאָט פון יורגענס באַבע, אין צוויי האַלבע קרייזן: אויף די מינדערע טראָנען זיינען געזעסן מילד־אויסזעענדיקע באַיאָרטע מלאכים, מיט לאַנגע ווייסע האָר, אַלע באַקרוינט, און אָנגע־טאָן אין ווייסע צערעמאָניאַל־קליידער, און איטלאַכער מיט אַ האַרף אין איין האַנט און אין דער צווייטער אַ גאָלדענע פלאַש, אַרום אַ קווערטל די מאָס. און איבעראַל האָבן געפלאַטערט און שימערירט די פילקאָלירטע פליגל פון שרפים און כרובים, ווי פאַרגרעסערטע פּאַ־פּוגאַיעס, ווי זיי האָבן זאַנפט און מונטער ארומגעשפּאַנט אין דעם גאָלדענעם נעפּל וואָס האָט זיך געשפּרייט איבערן הימל, צו אַן אומ־אויפהערלאַכן קלאַנג פון פאַרטאַיעטער אָרגאַן־מוזיק און אַ וויטן און אומדייטלאַכן געזאַנג.

איצט האָבן די אויגן פון דעם גאָט אָנבאַגעגנט די אויגן פון יורגען: און יורגען האָט געוואָרט אַזוי פאַר אַ לאַנגער ווײַלע, און פיל לענגער, פאַרוואָר, ווי יורגען האָט פאַרדעכטיקט.

„איך פאַרכט ד י ך", האָט יורגען געזאָגט, ענדלאַך: „און, יאָ, איך האָב ד י ך ליב: און דאָך קאָן איך ניט גלויבן. פאַרוואָס

קאנסטו מיך ניט לאזן גלויבן, וואו אזויפיל גלויבן ? אדער קאפויר, פארוואס קאנסטו מיך ניט לאזן אפלאכן, ווי די איבעריקע האבן אפ־געלאכט מיט אזא געפילדער ? א גאט, פארוואס זאלסטו מיך ניט לאזן האבן קיין אמונה ? ווארים דו האסט מיר ניט געגעבן קיין גלויבן אין וואס־עס־איז, אפילו ניט אין גארנים. עס איז ניט רעכט געוועז."

און אין דעם העכסטן געריכט פון הימל, און אין אנזיכט פון די אלע מלאכים, האט יורגען אנגעהויבן וויינען.

„איך בין קיינמאל ווען דיין גאט ניט געוועז, יורגען."

„אמאל זייער לאנג צוריק", האט יורגען געזאגט, „האב איך געהאט אמונה אין דיר."

„ניין, ווייל יענם אינגל איז דא מיט מיר, ווי דו זעלבסט האסט געזען. און היינט איז גארניט פארבליבן פון אים ערגעצוואו אין דעם מאן וואס איז יורגען."

„גאט פון מיין באבע ! גאט וועמען איך אויך האט ליב געהאט אין מיין יוגנט !" האט יורגען געזאגט דאן : „פארוואס איז עס וואס מיר ווערט פארלייקנט א גאט ? ווייל איך האב געזוכט : און אין ערגעץ קאן איך ניט געפינען גערעכטיקייט, און אין ערגעץ קאן איך ניט געפינען וואס צו פארערן."

„וואס, יורגען, און וואלסטו געזוכט גערעכטיקייט, פון אלע ער־טער, אין הימל ?"

„ניין", האט יורגען געזאגט ; „ניין, איך שפיר אז עס קאן דא ניט באטראכט ווערן. אנדערש וואלסטו געזעסן איינער אליין".

„און איבעריקנס האסטו געזוכט צו געפינען דיין גאט אויסוויניק ניט אריינבליקנדיק אינווייניק צו דערזען דאס וואס איז ווארהאפטיק פארערט אין די געדאנקען פון יורגען. זאלסטו געוועזן האבן אזוי געטאן, וואלסטו דערזען, אזוי איינפאך ווי איך זע איצט, דאס וואס בלויז דו ביסט פעאיק צו פארערן. און דיין גאט איז צע'מזיק'ט : דער שטויב פון דיינע רייזעס ליגט געדיכט אויף אים : דיין אייטלקייט ליגט ווי א סערוועטקע אויף זיינע אויגן: און אין הארצן ביי אים איז ניטא קיין ליבע, ווי אויך קיין האס, אפילו ניט פאר זיין איינציקן פארערער."

„מאך אים ניט צו שפאט, ד ו ז ו א ס האסט אזויפיל פאר־ערער ! וויניקסטן איז ער אן אומגעהייער ביטרער יונג", האט יורגען געזאגט : און דרייסט האט ער עס געזאגט, אין העכסטן געריכט אין הימל, פאר דעם פארקלערטן פנים פון דעם גאט פון יורגענס באבע.

„אך, מסתם צזוי. איך טרעף זיך ניט אן אויף פילע מאדיםם.

און אין באַצוג צו מיינע צאָלרייכע פאַרערער, פאַרגעסטו ווי אַפּט דו האָסט דעמאָנסטרירט אַז איך בין די דעלוזיע פון אַן אַלטער פרוי."

„נו, און איז ווען געווען אַ פעלער אין מיין לאָגיק?"

„איך האָב זיך ניט צוגעהערט צו דיר, יורגען. דו מוזסט וויסן אַז לאָגיק קימערט אונדז ניט פיל, אויף אַזוי ווייט ווי קיין זאַך איז ניט לאָגיש דאָ־אַרום."

און איצט האָבן די פיר געפליגלטע באַשעפענישן אויפגעהערט זייער שירה זינגען, און די אָרגאַן־מוזיק איז געוואָרן אַ ווייט־אַפּיק מורמלען. און עס איז געווען אַ שטילקייט אין הימל. און דער גאָט פון יורגענס באָבע, אויך, איז געווען שטיל פאַר אַ ווײַלע, און דער רעגנ־בויגן אונטער וועלכן ער איז געזעסן האָט אָפּגעטאָן זיינע זיבן קאָלירן און געברענט מיט אַן אומאיבערטרעגלאַכער ווייסקייט, בלוילאַד שאַ־טירט, בשעת דער גאָט האָט נאָכגערענקט איבער אוראַלטע זאַכן. דאַן האָט אין דער שטילשווייגעניש דער גאָט אָנגעהויבן רעדן.

מיט אייניקע יאָרן צוריק (האָט דער גאָט פון יורגענס באָבע גע־זאָגט) איז קאָשטשעי באַריכט געווען אַז סקעפּטיציזם האָט זיך פאַר־שפּרייט איבער זיין וועלט, און אַז אימיצער האָט אַרומגעשפּאַנט אין איר ווען עמען עס קאָנען ניט צופרידנשטעלן קיינע ראַציאָנאַלע דער־קלערונגען. „ברענגט מיר דעם אומגלויביקן", זאָגט קאָשטשעי: האָט מען געבראַכט צו אים אין דעם חלל אַ קליינע איינגעהאָרבטע גרויע פרוי אין אַן אַלטער גרויער שאַל. „איצט, זאָג מיר פאַרוואָס דו ווילסט ניט גלויבן", זאָגט קאָשטשעי, „אין זאַכן ווי זיי זיינען".

דאַן האָט די ווירדיקע קליינע איינגעהאָרבטע פרוי העפלאַך גע־ענטפערט: „איך ווייס ניט, מיין האַר, ווער אַ שטייגער דו קאָנסט זיין. אָבער זינט דו פרעגסט מיך, ווייסט איטלאַכער אַז זאַכן ווי זיי זיינען מוזן באַטראַכט ווערן אַלס צייטווייליקע אַנשיקענישן, און אַלס נסיונות דורך וועלכע מיר זיינען געהעריק פאַראורטיילט דורכצוגיין, כדי זיך צו דערוואָרבן צום אייביקן לעבן מיט אונדזערע ליבע אין הימל."

„אָה, יאָ", האָט געזאָגט קאָשטשעי, וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען; „אָה, יאָ, גאַנץ געוויס! און ווי אַזוי האָסטו דאָס דער־לערנט?"

"נו, יעדן זונטיק אינדערפרי האָט דער גייסטלאַכער גערעדט צו אונדז וועגן הימל, און ווי גליקזעליק מיר וועלן זיין דאָרט נאָכן טויט."

"איז די פרוי געשטאָרבן, דאַן?" האָט קאָשמשעי געפרעגט.

„יאָ, אַדון", האָבן זיי אים געזאָגט, — "ערשט ניט לאַנג. און

זי וויל נים גלויבן קיין זאך וואס מיר דערקלערן איר, נאר פארערס צו ווערן גענומען אין הימל אריין."

„אלזא, דאס איז גאנץ צרה'דיק", האט קאשטשעי געזאגט, „און איך קאן ניט, פארשטייט זיך, שלום מאכן מיט אזא סקעפּטיציזם. דאס וועט קיינמאל ניט טויגן. טא פארוואס פירט איר זי נים צו דעם הימל אין וועלכן זי גלויבט, כדי אזוינאך צו מאכן א סוף צו דעם גאנצן עסק ?"

„אבער, אלמעכטיקער", האבן זיי אים געזאגט, „עס איז גאר אזא פלאץ נישא."

דאן האט קאשטשעי נאכגעדענקט. „עס איז געווים מאדנע אז א פלאץ וואס עקזיסטירט נים זאל זיין אן עפנטלאך באוואוסטער עגיז אין אן אנדער פלאץ. פון וואנען שטאמט די פרוי ?"

„פון דער עהד", האבן זיי אים געזאגט.

„וואו איז דאס ?" האט ער געפרעגט : און זיי האבן אים קלאר געמאכט אזוי גוט ווי זיי האבן געקאנט.

„אך, יא, אין יענעם ווינקל דארט", האט קאשטשעי איבערגע־שלאגן. „איך געדענק. אלזא — אבער ווי הייסטו, פרוי וואס וויל אין הימל אריין ?"

„שטיינוואר, מיין הער : און אויב עס איז דיר געפעליק בין איך גראד אין איילעניש צו זיין אויפסניי מיט מיינע קינדער. פארשטייסט, איך האב קיינעם פון זיי נים געזען פאר א לאנגער צייט."

„אבער ווארט", האט קאשטשעי געזאגט : „וואס איז עס אזוינס וואס קומט דער פרוי אין די אויגן אריין ווי זי רעדט פון אירע קינ־דער ?" זיי האבן אים געזאגט אז עס איז ליבשאפט.

„האב איך באשאפן די ליבשאפט ?" זאגט קאשטשעי, וועלכער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען. און זיי האבן אים געזאגט, ניין : און אז עס זיינען פאראנען פילפאכע אופנים פון ליבשאפט, אבער אז דער אופן באזונדערס איז געווען א פארבלענדונג וואס פרויען האבן אויסגעטראכט פאר זיך זעלבסט, און וואס זיי האבן ארויסגעוויזן אין אלע האנדלונגען מיט זייערע קינדער. און קאשטשעי האט א זיפץ געטאן.

„דערציילו מיר פון דיינע קינדער", האט קאשטשעי דאן געזאגט צו שטיינווארן : „און קוק אויף מיר ווי דו רעדסט, אזוי אז איך זאל קאנען זען דיינע אויגן."

אזוינאך האט שטיינוואר גערעדט וועגן אירע קינדער : און קאשטשעי, וועלכער האט געמאכט אלע זאכן, האט זיך צוגעהערט זייער אויפמערקזאם. פון קאטהן האט זי אים דערציילט, פון איר

איינציקן זון, באוויינזנדיק אז קאטה איז געווען דער פייגסטער יונג וואס האט ווען געלעבט, — „עטוואס ווילד, מיין האר, צוערשט, אבער דאן ווייסטו דאך וואס אינגלאך זיינען"—און דערציילנדיק ווי וואויל קאטהן איז געגאנגען אין געשעפט, און ווי ער האט אפילו געשטיגן צו ווערן א ראטמאן. אויף קאשטשעיען וועלכער האט געמאכט אלע זאכן, האט דאס געשיינט צו מאכן א געהעריקן איינדרוק. דאן האט שטיינוואר דערציילט וועגן אירע טעכטער, אימפעריא און לינדאמירא און קריסטין: וועגן אימפעריאס שיינקייט, און פון לינדאמיראס בראווקייט אונטער דעם אומגליק פון שלים׳מזל׳דיקער הייראט, און וועגן קריסטינס העכסט־גראדיקער בריה׳שאפט אין פירן א הויז. „וואוילע פרויען, מיין האר, איטלאכע פון זיי, מיט קינדער אייגענע! און מיר זעען זיי נאך אליין אוים ווי פיצלאך קינדער, געבענשט זאלן זיי זיין!" און די ווירדיקע קליינע איינגעהארבטע גרויע פרוי האט א לאך געטאן. „איך האב געהאט גליק צו מיינע קינדער, מיין האר, און צו מיינע אייניקלאך אויך", האט זי קאשטשעיען דערציילט. „נעם א שטייגער יורגענען, מיין קאטהס אינגל! דו מעגסט עס ניט גלויבן, מיין האר, אבער אט האסטו א געשיכטע וואס איך מוז דיר דערציילן וועגן יורגענען —" אזוי איז זי אנגעגאנגען א ביז גאר גליקלאכע און שטאלצע, בשעת קאשטשעי, וועלכער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען, האט זיך צוגעהערט און געהיט די אויגן פון שטיינווארן.

דאן האט קאשטשעי פריוואט געפרעגט, „זיינען די קינדער און אייניקלאך פון דער שטיינוואר אזעלכע ווי זי גיט אן?"

„ניין, האר", האבן זיי אים פריוואט געזאגט.

אזוינאך, ווי שטיינוואר האט געהאלטן אין רעדן, האט קאשטשעי פראיעקטירט אילוזיעס איינשטימיק מיט דעם וואס שטיינוואר האט דערציילט, און באשאפן אזעלכע קינדער און קינדסקינדער ווי זי האט באשריבן. זכרים און נקבות האט ער זיי באשאפן שטייענדיק הינטער שטיינווארן, און אלע זיינען געווען וואונדערשיין און אומ־באפלעקט: און קאשטשעי האט מיטגעטיילט לעבן צו די אילוזיעס.

דאן האט קאשטשעי איר געהייסן זיך אויסדרייען. זי האט אויס־געפאלגט: און קאשטשעי איז פארגעסן געווארן.

נו, קאשטשעי איז דארט געזעסן אין חלל, אויסזעענדיק ניט זייער גליקלאך, און פאר׳חידוש׳ט, און פויקנדיק אויף דער קני זיינער, און שטארנדיק אויף דער קליינער איינגעהארבטער גרויער פרוי, וועלכע איז געווען פארנומען מיט אירע קינדער און אייניקלאך, און האט געהאט אינגאנצן פארגעסן אין אים. „אבער זיכער, לינדאמירא", הערט ער שטיינווארן זאגן, „מיר זיינען נאך ניט אין הימל". — „אך, מיין

טייערע מוטער", ענטפערט איר אילוזיע פון לינדאמיראן, „צו זיין מיט דיר אויפסניי איז ווי אין הימל: און אויסערדעם איז מעגלאך אז אין הימל איז ווי דאס, נאך אלעמען". „מיין טייער קינד, עס איז זיס פון דיר אזוי צו זאגן, און דיין ארט אזוי צו זאגן. אבער דו ווייסט גאנץ גוט אז דער הימל איז גרינטלאך באשריבן אין „בוך פון אפנבארונג", אין דער ביבל, אלס דאס רוימלאכע פלאץ וואס דער הימל איז. בשעת, ווי דו קאנסט אליין זען, ארום אונדז איז גארניטא, און קיינער ניט אויסער דעם זייער העפלאכן מאן צו ווען איך האב נאר וואס גערעדט; און וועלכער, צווישן אונדז בלייבט עס, שיינט צו זיין שווערלאך אומבאקאנט מיט די איינפאכסטע זאכן."

„ברענג מיר די ערד", זאגט קאשטשעי. דאס איז געטאן געווארן, און קאשטשעי האט באטראכט דעם פלאנעט, און געפונען א ביבל. קאשטשעי האט צעעפנט די ביבל, און געלעזן „די אפנבארונג פון דעם הייליקן קריסט יאהאן", בשעת שטיינוואר האט גערעדט מיט אירע אילוזיעס. „איצט זע איך", האט קאשטשעי געזאגט. „דער געדאנק איז עטוואס צו סענסאציאנעל. דאך — !" אזוי האט ער צוריקגעלייגט די ביבל, און געהייסן זיי אוועקנעמען די ערד אויך צו איר געהעריק פלאץ, ווארים קאשטשעי האט פיינט צו לאזן גיין אין ניוועץ וואס־ניט־איז. דאן האט קאשטשעי צוגעשמייכלט און באשאפן דעם הימל ארום שטיינווארן און אירע אילוזיעס, און ער האט געמאכט דעם הימל פאר פונקט אזא פלאץ ווי עס איז געווען באשריבן אין דעם בוך.

„און אזוינאך, יורגען, אט ווי עס איז געשען", האט פארענדיקט דער גאט פון יורגענס באבע. „און מ י ד אויך האט קאשטשעי באשאפן צו יענער צייט, און די שרפים און די הייליקע און די אלע נעבענשטע, גלייך אזוי ווי דו זעסט אונדז: און, פארשטייט זיך, ער האט אונדז פאראורזאכט צו זיין דא באשטענדיק, זינט דעם אנהייב פון אלע צייטן, ווייל דאס איז אויך געווען אין דעם בוך."

„אבער ווי האט דאס געקאנט געטאן ווערן?" זאגט יורגען, מיט צונויפגעקנייטשטע ברעמען. „און אויף וואס פארא אופן האט קאשטשעי געקאנט אזוי מאכן פאקוסן מיט דער „צייט"?"

„ווי קאן איך וויסן, זינט איך בין בלויז די אילוזיע פון אן אלטער פרוי, ווי דו האסט אזוי אפט באוויזן דורך לאגיק? זאל גענוגן אז וואס נאר קאשטשעי באווילט, איז נים נאר געשעט עס, נאר איז שוין געשען, לאנג פאר דער אורעלטסטער געדעכעניש פון מענטש און זיין מוטער. ווי אנדערש וואלט ער געקאנט זיין קאשטשעי?"

„און דאס איינגאנצן", האט יורגען געזאגט, טוגנטהאפטיק, „פאר א פרוי וועלכע איז אפילו ניט טריי געווען איר אייגענעם מאן!"

„נו, גאנץ מעגלאך!" האט געזאגט דער גאט: „אלנפאלס, עס איז געטאן געווארן פאר א פרוי וועלכע האט ליב געהאט. קאשטשעי וועט כמעט אלץ טאן צוליב ליבע, זינט ליבע איז איינע פון די צוויי זאכן וואס זיינען אוממעגלאך פאר קאשטשעיען."

„איך האב געהערט אז שטאלץ איז אוממעגלאך פאר קאשט־שעיען?"

דער גאט פון יורגענס באבע האט אויפגעהויבן זיינע ברעמען. „וואס איז שטאלץ? איך גלויב נים איך זאל האבן ווען געהערט וועגן דעם פריער. זיכער איז דאס עפעס וואס קומט נים אריין אהערצו".

„אבער פארוואס איז ליבע אוממעגלאך פאר קאשטשעיען?"

„ווייל קאשטשעי האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען, און טאג ווי נאכט דענקט ער נאך איבער זאכן ווי זיי זיינען. ווי אזוי, דאן, קאן קאשטשעי עפעס ליב האבן?"

אבער יורגען האט א שאקל געטאן מיט זיין פארגלעטן שווארצן קאפ. „דאס קאן איך לחלוטין ניט פארשטיין. ווען איך זאל זיין אריינגעשפארט אין א קעמערל אין וועלכן עס זאל זיך גארניט גע־פינען אויסער מיינע פערזן, וואלט איך ניט געווען גליקלאך, און זיכער וואלט איך ניט געווען שטאלץ: אבער אפילו אזוינאך, וואלט איך ליב געהאט מיינע פערזן. איך האב מורא אז איך גיי זיך ניכער צונויף מיט די געדאנקען פון דעם זיידע שטן ווי מיט ד י י נ ע; און ניט ווידערשפרעכנדיק דיר, קאן איך זיך בלויז וואונדערן צי דאס וואס דו אנטפלעקסט מיר איז אמת".

„און ווי קאן איך וויסן צי דאס וואס איך זאג איז אמת אדער נים?" האט דער גאט אים געפרעגט, „זינט איך בין בלויז די אילוזיע פון אן אלטער פרוי, ווי דו האסט אזוי אפט באוויזן דורך לאגיק".

„נו, מילא!" האט יורגען געזאגט, „דו קאנסט זיך זיין גערעכט אין אלע אופנים, און זיכער וואג איך ניט צו זאגן אז דו ביסט אומ־גערעכט: פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט —! ניין אפילו איצט גלויב איך דיר קוים."

„ווער קאן עס דערווארטן פון א דורכגעטריבענעם יונג, וועלכער נעמט אזוי קלאר אדורך די אילוזיעס פון אלטע פרויען?" האט דער גאט געפרעגט, עטוואס פארמאטערט.

און יורגען האט געענטפערט:

„גאט פון מיין באבע, איך קאן קוים גלויבן אין דיר, און דיינע מאטן ווי זיי זיינען פארצייכנט געפין איך פאר אומלאגיש און עמ־

וואס קאמיש. אבער איך בין צופרידן וואס די זאך איז אזוי געפלאנט געווארן אז דו זאלסט איצט שטענדיק זיין ממשות'דיק פאר בראווע און איידעלע פערזאנען וועלכע האבן געגלויבט אין דיר און דיך פארערט און ליב געהאט. צו האבן זיי אנטוישט וואלט געווען אן אומרעכט: און עס איז גוט וואס אין אנזיכט פון זייער גלויבן אין דיר האט אפילו קאשטשעי וועלכער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען ניט געקאנט זיין געשייט."

„גאט פון מיין באבע, איך קאן קוים גלויבן אין דיר; אבער געדענקענדיק דעם סכום ליבע און גלויבן וואס איז דיר געגעבן געווארן, ציטער איך אויף. איך דענק וועגן די וואוילע לייט וועמעס לעבן איז געווען האפנונגספול און צופרידן א דאנק זייער גלויבן אין דיר: איך דענק וועגן זיי, און אין מיין הארצן צאנקט אויף א בלינדע חרטה, און א בענקשאפט, און א מין קנאה, און דאך באפארבט א צארטע אמוזאנטקייט זיי אלע. אך, גאט, עס איז קיינמאל ניט געווען קיין אנדער גאטהייט וואס זאל האבן אזעלכע טייערע פארערער ווי דו האסט געהאט, און דו דארפסט שטאלצירן מיט זיי.

„גאט פון מיין באבע, איך קאן קוים גלויבן אין דיר, דאך בין איך ניט ווי יענע וועלכע וואלטן געקומען צו ווארפן אויגן געשייי־טערהייט אויף דיר. איך, יורגען, זע דיך בלויז דורך א נעפל פון טרערן. ווארים דיך האבן ליב געהאט יענע וועמען איך האב ליב געהאט זייער לאנג צוריק, און ווען איך קוק אויף דיר איז עס דיינע פארערער און די טייערע גלויביקע פון פארצייטן וואס איך געדענק. און עס שיינט מיר אז דאטומס און מאנוסקריפטן און די מיינונגען פון געלערנטע מענטשן זיינען גאנץ נישטיקע זאכן אין פארגלייך מיט וואס איך געדענק, און וואס איך בין מקנא!"

„ווער וואלט זיך גערעכנט אז אזא אומגעהייער ביטערער יונג זאל זיך אמאל מתקנא זיין אין די אילוזיעס פון אלטע פרויען?" האט דער גאט פון יורגענס באבע געענטפערט נאכאמאל: און דאך איז זיין אויסזען ניט געווען אומפריינטלאך.

„פארוואר, אבער", האט יורגען געזאגט, גאר פלוצים, „פארוואר, אבער מיין באבע איז — אין א געוויסן זין — געווען גערעכט מכח דעם הימל און מכח דיר אויך. וייל זיכער שיינסטו צו ז י י ן, און צו רעגירן אין פונקט אזא צושטאנד ווי זי האט באשריבן. און דאך לויט דיין לעצטער אנטפלעקונג בין איך אויך געווען גערעכט — אין א געוויסן זין — מכח די זאכן ייינענדיק אן אלטער פרויס דעלוזיעס. איך וואונדער זיך איצט —?"

„יא, יורגען?"

„נו, איך וואונדער זיך אויב אלץ איז ריכטיק, אין א געווויסן זין? איך וואונדער זיך אויב דאס איז דער ברייטער סוד פון אלץ? עס וואלט ניט געווען קיין שלעכטע לייזונג, מיין האר", האט יורגען גע־זאגט, נאכדענקענדיק.

דער גאט האט געשמייכלט. דאן איז גאר פלוצים דער טייל הימל געווארן לער, אויסער יורגענען, וועלכער איז געשטאנען דארט גאנץ אליין. און פארויס אים איז געווען דער טראן פון דעם פארשוואונ־דענעם גאט און דער צעפטער פון דעם גאט, און יורגען האט דערזען אז די זיבן פלעקן אויפן גרויסן בוך זיינען געווען פון רויטן טריפוואקס.

יורגען האט זיך דערשראקן: אבער ער האט דערהויפט אויפגע־שוידערט פון דעם באוואוסטזיין אז ער וועט ניט מטושטש ווערן. „וואס, דו וועלכער ביסט געווען דוקס און פרינץ און קיניג און קייסער און פויפסט! און שטעלן אזעלכע כבודים צופרידן א יורגען? עס הייבט זיך ניט אן", זאגט יורגען.

אזוינאך, האט יורגען באשטיגן דעם טראן פון הימל, און זיך געזעצט אונטער דעם חריפות'דיקן רעגנבויגן: און אויף זיין פאלע איז איצט געווען דאס בוך, און אין זיין האנט דער צעפטער, פון דעם גאט פון יורגענס באבע.

יורגען איז אזוי געזעסן, פאר א לאנגער צייט באטראכטנדיק די ליכטיקע לײדיקע געהויפן פון הימל. „און וואס וועסטו איצט טאן?" זאגט יורגען, אינדערהויך. „אה, געערגערטער קליינער יורגען, דו וואס האסט זיך באקלאגט ווייל דו האסט ניט אויסגעפירט דיין פארלאנג, דו ביסט אלמעכטיק איבער דער ערד און אלע ענינים וואס גייען מענטשן אן. וואס איז איצט דיין פארלאנג?" און זיצנדיק אזוי שרעקלאך עולה לגדולה'דיק, איז דאס הארץ פון יורגען געווען ווי בליי אין אים, און ער האט זיך דערפילט אלט און זייער מיד. „ווארים איך ווייס ניט, אך, קיין זאך קאן מיר ניט העלפן, ווייל איך ווייס ניט וואס אזוינס דאס איז וואס איך באגער! און דאס בוך און דער צעפטער און דער טראן קאנען מיר גארניט העלפן, קיין זאך קאן מיר קיינמאל ניט העלפן: ווארים איך בין יורגען וועלכער זוכט ער ווייסט אליין ניט וואס".

אזוינאך האט יורגען א צי געטאן מיטן אקסל, און איז אראפגע־קראכן פון דעם טראן פון דעם גאט, און וואנדערנדיק וואו עס לאזט זיך, באלד צוגעקומען צו פיר הויפט מלאכים. זיי זיינען געזעסן אויף א פוביקן וואלקן, און זיי האבן געגעסן מילך און האניק פון גאלדענע שיסעלאך: און ביי די שטראלנדיקע וועזנס האט יורגען נאכגעפרעגט דעם שנעלסטן וועג פון הימל ארויס.

„ווייל דאָ־אַרום געפינט זיך ניט קיינע פון מיינע אילוזיעס", האָט יורגען געזאָגט, „און איך מוז איצט זיך צוריקקערן צו אַזעלכע אילוזיעס וואָס זיינען אייגנשאַפטלאָז. מען מוז אין עפּעס גלויבן. און אַלץ וואָס איך האָב געזען אין הימל האָב איך באַוואונדערט און מקנא געווען, אָבער אין קיינס פון די זאַכן קאָן איך ניט גלויבן, און מיט קיינס פון די זאַכן קאָן איך זיך ניט צופרידנשטעלן. און אַז איך באַלט שוין אין דענקען וועגן דעם, וואונדער איך זיך איצט אויב אימיצער פון אייך, מיינע הארן, קאָן מיר געבן אויסקונפט וועגן דער ליזאַ וועלכע פלעגט זיין מיין ווייב?"

ער האָט זי באַשריבן; און זיי האָבן אים באַטראַכט מיט רחמנות.

אָבער די מלאכים, האָט ער אויסגעפונען, האָבן קיינמאָל ניט געהערט פון ליזאַן, און זיי האָבן אים פאַרזיכערט אַז עס געפינט זיך ניט אַזאַ פערזאָן גאָר אין הימל. ווארים שטיינוואַר איז געשטאָרבן ווען יורגען איז געווען אַ אינגל, און אַזוי האָט זי קיינמאָל ליזאַן ניט געזען; און פאָלגלאָך, ניט געדענקט וועגן ליזאַן אַזוי אָדער אַנדערש, ווען שטיינוואַר האָט געמאָלט אירע באַגריפן פאַר קאַשטשעיען וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען.

איצט האָט יורגען אויך אַנטדעקט, אַז ווען זיינע אויגן האָבן צוערשט זיך אַנגעטראָפן מיט די אויגן פון דעם גאָט פון יורגענס באָבע, איז יורגען געשטאַנען אומבאַוועגלאָך פאַר זיבן־און־דרייסיק טעג, פאַרגעסנדיק אין אַלעמען אויסער אַז דער גאָט פון זיין באָבע איז געווען ליבע.

„קיין אַנדערער האָט ווייליק זיך ניט אַוועקגעקערט אַזוי שנעל", האָט אים זכריאל געזאָגט: „און מיר דענקען אַז דיין טעמפּקייט נעמט זיך פון אַ שלעכטער אייגנשאַפט אין דעם גלאַנציקן העמד וואָס דו טראָגסט, און פון וועלכן דאָס גלייכן איז קיינמאָל ניט געזען געוואָרן אין הימל."

„איך האָב בלויז געזוכט גערעכטיקייט", האָט יורגען געזאָגט: „און איך האָב איר ניט געקאָנט געפינען אין די אויגן פון אייער גאָט, נאָר ליבע בלויז און אַזאַ פאַרגעבונג ווי עס האָט מיך געקימערט".

„טאָקע דערפאַר דאַרפסטו זיך פרייען", האָבן די פיר מלאכים געזאָגט: „און אַזוי דאַרף אַלץ וואָס לעבט זיך פרייען: און אַממערסטן דאַרפן מיר זיך פרייען וואָס וואוינען אין הימל, און לויבן יעדע שעה אונדזער האַר גאָטס פאַרנאַכלעסיקן די גערעכטיקייט, אַ דאַנק וואָס עס איז אונדז דערלויבט אַריינצוקומען אין דעם פּלאַץ".

## 42. צוועלף וואָס ווערן געערגערט שעה־ווייז

אזוינאַך איז געשען ערב וואלבורגא, ווען אַלץ איז מער ווי מעגלאַך עס זאָל פּאַסירן, אַז יורגען איז אין איילעניש אַרויס פון הימל, ניט האָבנדיק געוואונען אָדער פאַרלוירן קיין ליבע דאָרט. דער הייליקער פּעטער האָט פאַר אים אויפגעריגלט, ניט דעם הויפּט אַריינגאַנג, נאָר אַ קליינע פּריוואַטע טיר, געשניצט מיט אומצייליקע פיש אין באַרעליעף, וואָרים דער אַרויסגאַנג האָט זיך געעפנט דירעקט אויף יעדן אָרט וואָס איר קאָנט זיך אויסמאָלן.

„ווייל אַזוינאַך", האָט דער הייליקער פּעטער געזאָגט, „קאָנסטו זיך אומקערן אַן צייט־פאַרלוסט צו דיינע אייגענע אילוזיעס."

„עס איז געווען אַ קרייץ", האָט יורגען געזאָגט, „וואָס איך פלעג טראָגן אַרום האַלדז, צוליב סענטימענטאַלע אורזאַכן, ווייל ער האָט אַמאָל געהערט מיין פאַרשטאָרבענער מוטער. וואָרים קיין פרוי האָט מיך ווען ליב געהאַט אויסער די אזרא וועלכע איז געווען מיין מוטער —"

„איך וואונדער זיך צי דיין מוטער האָט דיר דאָס געזאָגט?" האָט דער הייליקער פּעטער אים געפרעגט שמייכלענדיק ווי אין דערינערונג. „מיינע פלעגט דאָס מיר האַלטן אין איין זאָגן. און אָפטמאָל האָב איך זיך געוואונדערט — ? ווייל, ווי דו קערסט געדענקען ביז איך געווען אַ פאַרהייראַטער מאַן, יורגען: און מיין ווייב האָט מיך ניט דורכויס פאַרשטאַנען", האָט דער הייליקער פּעטער געזאָגט, מיט אַ זיפץ.

„נו, פאַרוואָר", זאָגט יורגען, „מיין לאַגע איז ניט אינגאַנצן פאַרשידן: און וואָס מער איך הייראַט, אַלץ ווייניקער פאַרשטענדניש נעפין איך. איך האָב באַדאַרפט צו האָבן מער מיטלייד אויפן קיניג סמאָיט, וועלכער איז זיכער געווען מיין זיידע. נו, דו פאַרשטייסט, הייליקער פּעטער, די אַנדערע פרויען האָבן מיר געטרויט, מער אָדער ווייניקער, ווייל זיי האָבן ליב געהאַט אַן איינגעבילדטן יורגען.. אָבער אזרא האָט מיר לחלוטין ניט געטרויט, ווייל זי האָט מיך ליב געהאַט מיט קלאָרע אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען יורגענען, און דאָך אים ליב געהאַט: באַטש איך, למשל, מיט מיין גאַנצער דורכגעטריבנקייט, קאָן ניט באַווייזן קיין איינס פון די זאַכן. אָבער פונדעסטוועגן, כדי צו האַנדלען ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַן, כדי צוליב טאָן אַ פרוי, — און אַ פאַרהייראַטער פרוי אויך — וואַרף איך אַוועק דעם גאָלדענעם קרייץ וואָס איז די איינציקע זאַך מיר פאַרבליבן פון מיין מוטער: און זינט דאַן, הייליקער פּעטער, האָבן די אילוזיעס פון סענטימענט אַ היפּש ביסל מיר באַוויזן. טאָ וועל איך זיך אָפּזאָגן פון הימל צו זוכן אַ קרייץ".

„דאָס איז שוין געטאָן געוואָרן פריער, יורגען, און איך צווייפל צי פיל גוטס איז פון דעם ארויסגעקומען.“

„מאָמעלאַך, און האָט דאָס ניט געפירט צו דער אייביקער גלאָריע פון דעם ערשטן און גרעסטן פון די פויפסטן ? עס שיינט מיר, מיין האר, אַז דו האָסט אָדער אַ שלעכטן זכרון אָדער זייער ווייניק דאַנק־באַרקייט, און עס גלוסט זיך מיר צו קראַקען דיר אין פּנים אריין.“

„נו, איצט רעדסטו ווי איינער פון די כרובים, יורגען, און דו באַדאַרפסט האָבן בעסערע מאַנירן. שטעלסטו דיר פאָר אַז מיר אַפּאָס־טאָלן האָבן הנאה צו הערן קאַטאָוועס טרייבן וועגן דער קירך ?“

„מילא, עס איז וואָר, הייליקער פּעטער, אַז דו האָסט געגרינדעט די קירך —“

„אָט האָסטו דיר, הייבסט שוין ווידער אָן ! דאָס איז וואָס די פּאַטראָניזירנדיקע שרפים און די לצ'נישע כרובים האַלטן אונדז אין איין זאָגן. זעסטו, מיר צוועלף זיצן צוזאַמען אין הימל, יעדער אויף זיין ווייסן טראָן : און מיר זעען אַלץ וואָס פּאַסירט אויף דער ערד. אַלזאָ, מיר פון אונדזער שטאַנד, האָבן ניט פאַרנאַכלעסיקט דעם וואוקס און די טואונגען פון וואָס דו וואָלסט געקאָנט פריי אַנרופן קריסטנטום. און אַמאָל מאַכט אונדז פילן דאָס וואָס מיר זעען זייער אומבאַקוועם, יורגען. באַזונדערס ווען פּונקט דאָן פלאַטערט אַ כרוב גראָד פאַרביי, מיט אַ ברייטן קרומען שמייכל, און כיכעט, 'אָבער איר האָט עס אָנגעהויבן'. און עס איז דאָך אַזוי. איך קאָן ניט לייקענען אַז אין אַ געוויסן זין האָבן מיר עס אָנגעהויבן. דאָך האָבן מיר ווירק־לאַך קיינמאָל ניט פאָרויסגעזען עפּעס פון דעם מין, און עס איז ניט רעכט צו רייצן אונדז דערמיט.“

„פּאַרוואָר, הייליקער פּעטער, איצט אַז איך דענק וועגן דעם, דאַרפט איר געהאַלטן ווערן צו זיין פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר זייער וויי־ניק וואָס איז געזאָגט אָדער געטאָן געוואָרן אין דעם שאָטן פון אַ קירכטורעם. ווייל ווי איך געדענק האָט איר צוועלף אַפּאָסטאָלן פאַר־זוכט צו באַקערן אַ וועלט צו די לערעס פון ישו: און גוטע אַבזיכטן דאַרפן רעספּעקטירט ווערן, ווי לעכערלאַך זייער אויסגאַנג זאָל ניט זיין.“

עס איז געווען אויגנשיינלאַך אַז די סימפּאַטיע איז געווען אָנ־גענעם דעם אַלטן קדוש, וואָרים ער איז געווען אָנגעוויזן אויף אַ צוטרוילאַכערן טאָן. מעדיטירנדיק האָט ער געגלעט זיין לאַנגע ווייסע באָרד, און דאַן געזאָגט מיט צאָרן : „ווען זיי זאָלן ניט פּרעטענדירן אויף קיין קרובה'שאַפט מיט אונדז וואָלט נאָך געווען צו דערליידן : אָבער ווי דאָס האַלט, האָבן מיר אין משך פון יאָרהונדערטער געפילט

ווי טפּשים. איך בין דערהויפּט אין אַ שלעכטער לאַגע, פֿאַרשטייט זיך, שטייענדיק ביים טויערל; ווייל שוין נאָכדעם אַלעמען, יורגען, שטאַרבן די ליידאַקלאַך, און קומען צום הימל־צו העזה'דיק ווי שפּער־לינגן, און רעכטן זיך פֿון מיר זיי אַריינצולאָזן! פֿון זייערע פֿינגער־שרויפֿן, און זייערע שייטערהויפֿנס, און פֿון זייערע בלוטבעדער, און פּאַטריאָטישע דרשות, און „הייליקע" מלחמות, און פֿון יעדער מין אָפּ־שיילאַכקייט, קומען זיי צו מיר, אויפֿגעלעגטע. און מיליאָן מיליאָסן פֿון זיי, יורגען! עס איז ניטאָ אַזאַ אַרט גרויזאַמקייט אָדער לעכער־לאַכקייט וואָס איז ניט געקומען צו מיר נאָך לויב, און קיין פֿאַרברע־כערישער אידיאָט וועלכער האָט ניט פּרעטענדירט אויף חבר'שאַפֿט מיט מיר, וואָס בין געווען אַן אַפּאָסטאַל און אַן איידלמאַן. וואָס זאָג איך, יורגען, דו מעגסט עס ניט גלויבן, אָבער אַן עמינענטער בישאָף איז געקומען צו מיר ערשט לעצטע וואָך דערוואַרטנדיק אַז אָט נעם איך און לאָז אים אַריין, — און איך מיט דעם פֿולן צעטל פֿון זיין באַמיאונג פֿאַר „ניכטערקייט", אַלץ קלאָר אַרויסגעשריבן און אין מיין האַנט!"

איצט איז יורגען געווען פֿאַרוואונדערט. „אָבער ניכטערקייט איז זיכער אַ טוגנט, הייליקער פּעטער".

„אַך, אָבער זיין באַגריף איבער ניכטערקייט! און זיינע מיאוס'ע געוואַלדן מיר אין פּנים, גלייך ווי ער וואָלט רעדן אין עפּעס אַ קירך אָדער וואו! וואָס, דער סלינעדיקער לעסטערנדיקער גולם! מיר אין פּנים האָט ער אַנטקעגנגערעדט דעם ערשטן פֿון מיין האַרס וואונדער, און דעם לעצטן געבאָט וואָס איז אַרויפֿגעלעגט געוואָרן אויף אונדז צוועלף, שפּריצנדיק מיט שוים אַז דער ווייַן איז געווען אומגעזוייערט! מיר האָט ער דאָס געזאָגט, זעסטו, יורגען! מיר, וואָס האָב געטרונקען פֿון דעם איידעלן וויין אין קנה און צוגלייך פֿון דעם קוויקנדיקן וויין וואָס מיר האָבן געהאָט אין דעם אויבערשטן צימערל אין ירושלים ווען די שעה פֿון דעם געריכט האָט זיך גענענט און אונדזער האַר האָט געוואָלט מיר זאָלן זיך פֿילן אַמבעסטן! מיט מיר, וואָס האָב זינט דאַן פֿאַרזוכט פֿון דעם אומבאַגרייפֿלאַכן וויין וואָס דער האַר האָט אונדז צוגעזאָגט אין זיין קיניגרייך, וואָלט דער קאַוואַטשענדיקער שופֿט זיך אויסגע'טענה'ט! און וואָלט מיך איבערצייגט, אין אַנזיכט פֿון אַלע מיינע דערינערונגען, אַז מיין האַר, וועלכער איז געווען אַ מאַן צווישן מאַנספֿאַרשוינען, האָט זיך דערנערט אויף אַזעלכע לויזע פּאַמאָיען ווי עס האָבן אַרויסגעבראַכט דעם גייציקן פֿילדערדיקן גולם מיך צו פּלאָגן."

„נו, אָבער פּאַרוואָר, הייליקער פּעטער, עס איז ניט אַפּצולייקענען אַז זיין ווערט אַפּט מיסגעברויכט."

„אַזוי האָט ער מיר באַריכט, יורגען. און איך האָב אים געזאָגט אַז מיט דער טענה וואָלט ער פאַרבאָטן צו מאַכן בישאָפן, צוליב אור־זאַכן וואָס ער קאָן אויסגעפינען אין שפּיגל: און אַז געדנקענדיק וואָס עס האָט פּאַסירט ביים קרייציקן, וואָלט ער פאַרהאַפּט יעדן געהילץ־הענדלער אין געפענגניש. אַזוינאַך האָבן זיי אים אַוועקגענומען אַלץ סלינענדיק", האָט דער הייליקער פּעטער געזאָגט, פאַרחמאַטערט. „ער האָט געדראַט צו האָבן אימיצן אַנדערש דערוויילט אויף מיין פּלאַץ ווען איך האָב אויף לעצט אים געהערט: אָבער דאָס איז בלויז געווען אַן אַלטע געוואוינהייט".

„איך דענק ניט, פונדעסטוועגן, איך זאָל האָבן באַגעגנט עפּעס אַזאַ בישאָף, מיין האַר, אונטן דאָרט."

„אין דעם גהינם פון דיינע עלטערן ? אָ, ניין : דיינע עלטערן האָבן נעבאַך גוט געמיינט, אָבער זייערע באַגריפן זיינען געווען באַ־גרענעצט. ניין, מיר האָבן אַ גאַנץ אַנדערע אייביקע היים פאַר די לעסטערער, אין אַ געגנט וואָס איז אויסגעשטאַט געוואָרן לאַנג צוריק, ווען די נויטווענדיקייט האָט געפאָדערט צו באַשטאַטן אַן אָרט פאַר אייפעריקע גייסטלאַכע."

„און ווער האָט געפּלאַנט דעם פּלאַץ, הייליקער פּעטער ?"

„אַלס אַ באַזונדער געפעליקייט, איז אונדז צוועלף, ווען עס ווערט צוגעשריבן דער אָנהויב און די פאַטראַניזירונג פון אַזעלכע אַפּשיילאַכקייטן, דערלויבט געוואָרן צו פּלאַנעווען און אויסשטאַטן דאָס פּלאַץ. און, פאַרשטייט זיך, מיר האָבן עס איבערגעגעבן צו דער אויפזיכט פון אונדזער געוועזענעם געזעל יודאַס. ער האָט געשיינט צו זיין די פּאַסיקע פּערזאָן. צוגלייך פאַרשטייט זיך האָבן מיר עס באַ־דעקט מיט אַ ספּעציעלן דאַך, די בעסטע נאָכאַמונג וואָס מיר האָבן געקאָנט אויסטראַכטן פון דעם מלחמה־דאַך, אַזוי אַז קיינער פון די העוויות'דיקע כרובים זאָל ניט קאָנען זען וואָס פאַר אַ לאַנגע באַלוינונג מיר צוועלף, וועלכע האָבן געגרינדעט דאָס קריסטנטום, האָבן צוגע־גרייט פאַר די לעסטערער."

„נו, אַן צווייפל איז דאָס געווען זייער קלוג".

„אַך, און אויב מיר צוועלף זאָלן קאָנען אויספירן וואָלט געווען פונקט נאָך אַזאַ דאַך איבער דער ערד. וואָרים דער סלינענדי־קער דולקאָפּ האָט געלאָזט אַ היפּש ביסל אַזעלכע ווי ער געוואַלדעווע־דיק און מעקענדיק איבער די קירכן וואָס הייסן נאָך אונדז צוועלף, און אויף די בימות פון די קירכן וואָס הייסן נאָך אונדז: און דאָס ברענגט

אונדז אין פארלעגנהיים. עס איז די לערע פון מאכמותן וואס זיי צע־שמירן, און נים קיין לערע וואס מיר האבן ווען געפריידיקט אדער געהערט אפילו פון איר: און זיי דארפן אזוי געהעריק זאגן, אנשטאט צו פארלוימדן אונדז געוועזענע אפאסטאלן און איידלליים. אבער אויף דעם אופן איז עס וואס די אויסוואורפן באנוצן זיך פריי מיט אונדזערע נעמען: און די כרובים האבן אן אויג אויף די לעבערלאבקייטן, און מאכן חוזק פון אונדז. אזוי אז עס איז נים דורכוים פארגעניגן, דאס זיין א הייליקער אפאסטאל אין הימל, יורגען, כאטש אמאל זיינען מיר צוועלף געווען גליקלאך גענוג." און דער הייליקער פעטער האט א זיפץ געטאן.

„איין זאך האב איך נים פארשטאנען, מיין האר: און דאס איז געוועזן ווען דו האסט נאר וואס גערעדט פון דעם מלחמה־דאך."

„עס איז א שטיינערנער דאך, געמאכט פון צוויי לוחות וואס זיינען געגעבן געווארן אויפן בארג סיני, וואס נאט טוט אז אויף דער ערד ווען מענטשן גייען מלחמה האלטן. ווארים ער איז בארמהערציק: און פילע פון אונדז דא געדענקען אז אמאל זיינען מיר געווען מענער און פרויען. אזוינאך ווען מענטשן גייען מלחמה האלטן פארשירמט גאט דאס אנזיכט פון וואס זיי טאן, ווארים ער וויל זיין בארמהערציק צו אונדז".

„דאס מוז שטערן, אבער, דעם ארויפשטייגן פון אלע תפלות וואס ווערן געמאכט אין מלחמה צייט".

„נו, נאטירלאך, אבער דאס איז דעם דאכס בייזאכיקער צוועק", האט דער הייליקער פעטער געענטפערט. „וואס אנדערש איז צו דער־ווארטן, ווען דעם הארם לערעם ווערן פארלעצט? קלאנגען רייסן זיך אדורך, פונדעסטוועגן ווי־עס־איז, און שוידערלאכע זינלאזע קלאנגען. למשל, איך האב ממש געהערט אז אין מלחמה־צייט ווערן אזעלכע תפלות ארויפגעשיקט צו גאט אז ער זאל שטיצן זיינע אויסדערוויילטע און טיילנעמען אין דעם מארדן. ניט", האט דער גוטער קדוש געזאגט, אין איילעניש, „וואס איך וואלט גלויבן אז אפילו א קריסטלאכער בישאפ זאל זיין פעאיק אויף אזא פארשוועכונג. איך וויל דיר בלויז באווייזן, יורגען, וואס פאר א ווילדע געשיכטעס עס טראגן זיך אום. דאך געדענק איך, ווי אין קאפאדאסיא נאך —" און דאן האט דער הייליקער פעטער א פאטש געטאן זיין היפט. „אבער ווילסטו איך זאל שטיין דא האלטנדיק אין איין פלוידערן, יורגען, בשעת די נשמות זאמלען זיך אן ביים הויפט אריינגאנג ווי מוראשקעס וואס שווערמען ארום סיראפ! גיי, ארויס דיר פון הימל, יורגען! און צוריק צו וואס פאר א פלאץ דו שטעלסט זיך פאר וועט דיר צוריקגעבען דיינע איי־

גענג געהעריקע אילוזיעס ! און לאמיך זיך אומקערן צו מיינע פליכטן".

„נו, דאן, הייליקער פעטער, שטעל איך מיר פאר די אמנעראן פוסטע, וואו איך האב אוועקגעווארפן מיין מוטערס לעצטע מתנה."

„דאן איז עס די אמנעראן פוסטע", האט געזאגט דער הייליקער פעטער, ווי ער האט ארויסגעמאכט יורגענען דורך דעם פריוואטן טירל וואס איז געווען געשניצט מיט פיש אין בארעליעף.

און יורגען האט דערזען אז דער קרוש האט ווארהאפטיק גערעדט.

## 43. העויות פאר א שאטן

אזוינאך איז יורגען ווידער געשטאנען אין דער אמנעראן פוסטע, און ווידער איז עס געווען ערב וואלבורגא, ווען כמעט אלץ איז מער ווי מעגלאך זאל געשען : און די נידעריקע לבנה איז געווען העל, אזוי אז יורגענס שאטן איז געווען לאנג און דין. און יורגען האט גע־זוכט דעם גאלדענעם קרייץ וואס ער האט געטראגן צוליב אורזאכן פון סענטימענט, אבער ער האט אים ניט געקאנט געפינען, ווי אויך האט ער אים קיינמאל ניט צוריקגעקראגן : אבער ווילדוויינשל קוסטן און דערנער פון די קוסטן האט ער געפונען לרוב ווי ער האט אומזיסט ארומגעזוכט. די גאנצע צייט וואס ער האט ארומגעזוכט, האט דאס העמד פון נעסוס געגלימצערט אין לבנה־ליכט. און יורגענס שאטן האט זיך געשטרייפט לאנג און דין, און יעדע באוועגונג וואס איז געמאכט געווארן פון יורגענען האט דער שאטן פאראדירט. און ווי שטענדיק איז עס געווען דער שאטן פון א מאגערער פרוי, מיט איר קאפ פארוויקלט אין א האנטוך.

איצט האט יורגען באטראכט זיין שאטן, און יורגענען האט ער אויסגעזען אפשיילאך.

„א, מוטער סערערא", זאגט ער, „פאר א גאנץ יאר האט דיין שאטן נאכגעפאלגט מיינע פיסטריט . פילע לענדער האבן מיר בא־זוכט, און פילע טשיקאווקייטן האבן מיר זיך אנגעזען : און ערשט־אלץ וואס מיר האבן געטאן איז בלויז א מעשה צום דערציילן : און עס איז א מעשה פון קיין פארנעם. אזוי שטיי איך וואו איך בין גע־שטאנען אין אנהייב פון מיין ארויסגעווארפענער רייזע. די מתנה וואס דו האסט מיר געשאנקען האט מיר גארניט געהאלפן : און עס מאכט מיר ניט אויס צי בין איך יונג אדער אלט : און איך האב פארלוירן אלץ וואס איז מיר פארבליבן פון מיין מוטער און מיין

מוטערס ליבע, און איך האָב פאַראַכטן מײַן מוטערס שטאָלץ איבער מיר, און איך בין מיד."

איצט האָט זיך אַ זאַטאַיעט שושקען געזאַמלט אויף דער ערד, גלײַך ווי טויטע בלעטער האָבן זיך באַוואויגן דאָרט: און דאָס שושקען האָט זיך פאַרמערט (וואָרים דאָס איז געווען ערב וואַלבורגא, ווען אַלע איז מער ווי געוויינלאַך עס זאָל געשען), און דאָס שושקען איז געוואָרן אַ גײַסט פון אַ קול.

„דו האָסט מיר געוואַלדיק ביטרע גע'חנפ'עט, יורגען, וואָרים דו ביסט אַן אומגעהייער דורכגעטריבענער יונג." דאָס איז געווען וואָס דאָס קול האָט טרוקן אַרויסגערעדט.

„אַ געוויסע צאָל מענטשן וואָלט געקאָנט דאָס זאָגן גאַנץ פאַר־נונפטיק", האָט יורגען דערקלערט: „און דאָך ווייס איך ווער עס רעדט. און אין באַצוג צו חנפ'ענען דיר, טויפמוטער, האָב איך בלויז געשפּאַסט יענעם טאָג אין גלאַטיהאַן: פאַרוואָר, איך בין געווען פאַר־זיכטיק גענוג דאָס קלאָר צו מאַכן, אין דעם מאָמענט ווען איך האָב באַמערקט ווי דײַן שאָטן שיינט צו פאַרינטערעסירן זיך אין מײַנע לויזע באַמערקונגען און האָט זיי אַלע פאַרשריבן אין אַ נאָטיצבוך. אַ, ניין, איך פאַרזיכער דיך, אַז איך האָב גאַנץ ערלאַך געהאַנדלט, און אויפגעפירט זיך ווי געהעריק איבעראַל. אַלאַ ווייטער, בין איך טאַקי אַ גאַנץ ביטרער יונג: עס וואָלט געווען נאַריש פון מיר צו לייקענען דאָס."

„אייטלדיקער נאַר", האָט געזאָגט דאָס קול פון מוטער סערעדאַ.

יורגען האָט געענטפערט: „עס קאָן זײַן אַז איך בין אייטלדיק. אָבער עס איז זיכער אַז איך בין ביטרע. און אַפילו זיכערער איז דער פאַקט אַז איך בין מיד. ווײַל, זע נאָר, אין דעם פּליטערגאָלד פון מײַן געליענער יוגנט בין איך פאַרביי ראָמאַנסירנדיק אַדורך דער וועלט: און אין לענדער אומבאַזוכט פון אַנדערע מענטשן האָב איך געוואָגט אַרײַנצוקומען; און אין גהינם בין איך אַרײַנגעפאַלן, און אין הימל אַרײַן האָב איך אַרויפגעקלעטערט, און אין געצעלט פון דעם האַר גאָט אַליין האָב איך זיך שטיל פאַר'גנב'עט: און אין ערגעץ האָב איך ניט געפונען וואָס איך האָב באַגערט. אויך ווייס איך ניט וואָס מײַן באַגער איז, אַפילו איצט. אָבער איך ווייס אַז עס איז ניט מעגלאַך פאַר מיר נאָכאַמאָל יונג צו ווערן, וואָס איך זאָל ניט אויסזען ביי אַנדערע."

„פאַרוואָר, יורגען, יוגנט האָט פאַרלאָזט דײַן האַרץ, אויסער דעם קאָנטראָל פון די שדים: און דאָס נאָכסטע ווי דו קאָנסט צוריקגע־ווינען דײַן יוגנט איז אויפצופירן זיך קינדעריש".

„אָ, טויפּמוטער, לאָז וואוילגיין דיינע בעסערע אינסטינקטן און די אַלע אַנדערע זאַכן דאָרט, און רעד מיט מיר פרייהערציקער! אַלזאָ קום, פּרוי טייערע, זאָלן ניט זיין קיינע סודות צווישן דיר און מיר. אין לויקע ביסטו באַריכט געוואָרן צו זיין סיבעל, די גרויסע געטן־קיניגן, די הערשערן פון יעדער ממשות׳דיקער זאַך. אין קאָקאַאין האָבן זיי געערדט וועגן דיר אַלס עזרעד. און אין קאָמעליאַר האָט מערלין דיך אָנגערופן אדער, טונקעלע מוטער פון די קליינע געטער. נו, אָבער אין דערהיים ביי דיר אין וואַלד, וואו איך האָב געהאַט די ערע צו שליסן קאָנטשאַפט מיט דיר, טויפּמוטער, האָסטו מיר גע־זאָגט אַז דו ביסט סערעדאַ, וועלכע נעמט אַרויס די פאַרב פון זאַכן, און קאָנטראָלירט אַלע מיטוואָכס. אַלזאָ די אַנאַגראַמען צעמישן מיר, און איך באַגער צו קאָנען דיך איינפאַך אַלס וואָס דו ביסט."

„עס קאָן זיין אַז איך בין די אַלע. דערוויייל פאַרוויים איך, און פריער אָדער שפּעטער פאַרוויים איך אַלץ. עס קאָן זיין אַז שפּעטער אַמאָל, יורגען, וועל איך אַפילו אַרויסנעמען דעם קאָליר פון אַ נאַרס באַגריף וועגן זיך זעלבסט."

„יאָ, יאָ! אָבער בלויז צווישן אונדז געערדט, טויפּמוטער, איז עס ניט דער שאָטן דיינער וועלכער שטערט מיר אַריינצוטערטן, ווי־עס־איז, אין דעם פאַסיקן געמיט, דעם גייסט פון דער געלעגנהייט, ווי עס איז זיך אויסצודריקן, און רויבט פון מיין לעבן דעם געשמאַק וואָס אַנדערע מענטשן שיינען אַרויסצוקריגן פון לעבן? אַלזאָ, קום, דו ווייסט אַז עס איז אַזוי! נו, און וואָס איז מיר נוגע, טויפּמוטער, האָב איך ליב אַ קאַטאַוועס ווי וואָס פאַר אַ מענטש וואָס לעבט, אָבער עס וואָלט מיר ליבערשט געווען דאָס אַלץ צו פאַרשטיין".

„איצט, לאָמיך דיר עפּעס זאָגן גאַנץ איינפאַך, יורגען!" מוטער סערעדאַ האָט זיך דורכגעריייניקט איר אומזעבאַרע קעל, און אָנגעהויבן צו רעדן גאַנץ צאַרנדיק

* * *

„נו, טויפּמוטער, אויב דו וועסט אַנטשולדיקן מיין אָפנהערצי־קייט, דענק איך ניט אַז עס איז גאַנץ שיין צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן, און זיכער ניט מיט אַזויפיל פּרייקייט. דאַך, אויפגעבנדיק די באַטראַכטונגען פון איידלקייט, לאָמיר זיך אומקערן צו מיין ערשטער פראַגע. דו האָסט מיר געגעבן יוגנט און אַלע צוגעהעריקייטן פון יוגנט: און דערמיט האָסטו מיר געגעבן, אויך, אויף דיין שפּאַסיקן אופן — וואָס קיינער שאַצט ניט האַרציקער ווי איך — אַ שאָטן וואָס מאַכט אַלע זאַכן ניט גאַנץ צופרידנשטעלנד, ניט דורכויס צוטרויליאַך, ניט אָפנעענטפערט צו וועררן מיט אָפנהערציקייט. נו, ווי דו פאַרשטייסט

האָט איך, גיב איך צו דעם שפּאַס, לייקן איך ניט פֿאַר איין מאָמענט אַז עס איז אַ מייסטער־צוג פֿון הומאָר. אָבער, נאָך אַלעמען, וואָס פּינקטלעך איז דער זין דערפֿון? וואָס באַדייט עס?"

"עס קאָן זיין אַז עס איז אין ערגעץ קיין זין ניטאָ. קאָנסטו ביישטיין אַזאַ אויסטייטשונג, יורגען?"

„ניין, האָט יורגען געזאָגט: „איך בין בייגעשטאַנען גאָט און טייוול, אָבער דאָס קאָן איך ניט ביישטיין."

„ניט מער קאָן איך וואָס האָב אַזויפיל נעמען דאָס ביַיצושטיין. דו האָסט געשפּאַסט מיט מיר. טאַ שפּאַס איך מיט דיר. קאַשטשעי מסתם שפּאַסט מיט אונדז אַלעמען. און ער, אַז צווייפל — אַפילו קאַשטשעי וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען — איז אין זיין רייַ די צילברעט פֿון עפּעס אַ גרעסערן שפּאַס".

"פֿילייכט איז ער, געווים", האָט יורגען געזאָגט: „דאָך, איז אויך מעגלאַך —"

„וועגן די זאַכן ווייס איך ניט. ווי קאָן איך? אָבער איך דענק אַז מיר אַלע טיילנעמען אין אַ באַוועגן און אַ טוישן און אַ פֿאַרנונפֿטיקער פּעולה פֿון די זאַכן וואָס זיינען קאַשטשעים, אַזאַ פּעולה וואָס מיר באַגרייפֿן גאָרניט, און זיינען ניט ראוי צו באַגרייפֿן".

„דאָס איז מעגלאַך". האָט יורגען געזאָגט: „אָבער פֿונדעסטוועגן — !"

"עס איז ווי אַ שאַכברעט אויף וועלכער די פֿיגורן באַוועגן זיך פֿאַרשידנאַרטיק: די פֿערד שפּרינגנדיק אין דער זייט, און די בישאָפֿס שיסנדיק אין דער קרום, און די ראָכן לאָזנדיק זיך אין דער גלייך, און די אָרימע בויערן קריכנדיק אָנגעשטרענגט פֿון קעסטעלע צו קעסטעלע, יעדע פֿיגור לויט דעם שפּילערס איינפֿאַל. עס איז ניטאָ קיין שיינבאַרע אָרדנונג, ביים צושויער איז אַלץ אויגנשיינלאַך אין אַ צעמישעניש: אָבער פֿאַר דעם שפּילער איז דאָ אַ זין אין דער איינריכטונג פֿון די פֿיגורן."

„איך לייקן עס ניט: דאָך, מוז מען צוגעבן —"

„און איך דענק אַז עס איז גלייך ווי יעדע פֿון די פֿיגורן, אַפילו יעדער פֿון די בויערן, וואָלט האָבן אַן אייגענע שאַכברעט וואָס באַוועגט זיך ווי זי באַוועגט זיך, און אויף וועלכער זי באַוועגט די פֿיגורן ווי עס לוינט זיך איר, אין דעמזעלבן מאָמענט אין וועלכן די פֿיגור איז במילא באַוועגט."

„דו ביסט פֿילייכט גערעכט: אַפילו אַזוי —"

„און קאַשטשעי וועלכער פֿירט אַז דאָס אומענדלאַכע באַוועגן

פון די פופן קאָן זייער מעגלאך זיין דער זינלאָזער געפּלאָגטער קיניג פון עפּעס נאָך אַ גרעסער שפּיל".

„נו, זיכער קאָן איך דיר ניט ווידערשפּרעכן: אָבער, צו דער־זעלבער צייט —"

„אַזוי גייט דאָס צעקרייצטע פילאָסאָפיקע באַוועגן אָן, אַזוי ווייט ווי דער געדאַנק קאָן דערגרייכן: און אָהינטער דעם גייט דאָס באַ־וועגן אָן. אַלץ באַוועגט זיך. אַלץ באַוועגט זיך אומבאַגרייפלאַך, און צום קלאַנג פון גלעכטער. ווארים אַלץ באַוועגט זיך אין איינשטימונג מיט אַ העכערער מאַכט וואָס פאַרשטייט דעם באַדייט פון דער באַוועגונג. און יעדע פיגור באַוועגט די שטיקלאַך פאַר זיך אין איינשטימונג מיט איר אייגענער באַגאַבטקייט. אַזוי איז די שפּיל ענדלאָז און אומדער־באַרמיק: און עס איז פרייליך פון אויבן, אָבער עס איז העט ווייט אַוועק".

„קיינער איז ניט גרייטער צוצוגעבן אַז דאָס זיינען פּראַכטפולע איינפאַלן, מוטער סערעדאַ. אָבער זיי פאַרשאַפן מיר קאָפּ־ווייטיק. אַוי־סערדעם פאָדערן זיך צוויי מענטשן צו שפּילן שאַך, און דיין השערה פאַרשאַפט ניט וועמען מיט אַ קעגנער. לעצטנס, און מער ווי וואָס, ווי ווייס איך אַז עס איז דאָ אַ וואָר וואָרט אין דיינע הויכקלינגענדיקע איינפאַלן?"

„ווי קאָן אימיצער פון אונדז עפּעס וויסן? און וואָס איז יורגען אַז זיין וויסן אָדער זיין ניט וויסן זאָל אימיצן אויסמאַכן?"

יורגען האָט צונויפגעפּאַטשט זיינע הענט. „האָהאָ, מוטער סערע־דאַ!" זאָגט ער, „אָבער איצט האָב איך דיך געפּאַקט. דאָס איז עס, פּונקט די פאַרדאַמטע פראַגע, וואָס דיין שאָטן האָט מיר געהאַלטן אין איין אַריינשושקען זינט סאַמע אָנהייב פון אונדזער חבר'שאַפט. און איך האָב מיט דיר מער ניט צו טאָן. איך וויל פון דיר ניט מער קיינע געשאַנקען, פאַר וועלכע מען באַצאָלט מיט צוהערן זיך צו דעם שושקען. איך בין אַנטשלאָסן פון איצט אָן און ווייטער צו זיין ווי אַנדערע מענטשן, און צו גלויבן אומבאַדינגט אין מיין אייגענער וויכטיקייט."

„אָבער האָסטו עפּעס אָן אורזאַך מיך צו טאַדלען? איך האָב דיר ווידערגעשטעלט דיין יוגנט. און ווען דו האָסט, פּונקט ביים פאַרגיין פון דעם פאַר'ערב'ט מיטוואָך, וואָס איך האָב דיר אַנטליען, צוריקגעוויזן די גרעפן דאָראָטי אַזוי לייטיש, בין איך געווען צופרידן צו געפינען אַזאַ צנוע'דיקן מאַן: און דערפאַר האָב איך אָנגעהאַלטן מיין דערלויבניש פון דער יוגנט —"

„אך, יאָ! האָט יורגען געזאָגט: „דאָן איז דאָס געווען דער אופן דערפון! דו ביסט געווען צופרידן, פּונקט אין רעכטן אויגנבליק, פון מיין טוגנטהאַפטן צוריקווייזן די פּרווי וועלכע האָט מיך גערעגט. יאָ, נו גאַנץ זיכער. אך, אך! אַזוי הייסט עס! דו ווייסט, עס איז גאַנץ אַנגענעם."

„פּונדעסטוועגן האָט דיין צניעות, ווי אומגעווײילאַך, זיך אויס־אויסגעלאָזט אַ לערע טוגנט. ווייל וואָס האָסטו אויפגעטאָן מיט אַ יאָר יוגנט? נו, אַלץ וואָס יעדער מאָן פון אַריבער פערציק באַדויערט אַלגעמיינלאַך צו האָבן באַגאַנגען, ביסטו באַגאַנגען נאָכאַמאָל, נאָר שנעלער בלויז, איינפּאַסנדיק די נאַרישקייטן פון אַ פערטל יאָרהונ־דערט אין דעם שטח פון איין יאָר. דו האָסט געזוכט קערפּערלאַכע פאַרגעניגנס. דו האָסט געטריבן קאַטאָוועסן. דו האָסט געשטעלט זינלאָזע פראַגן. און דו האָסט געצווייפלט אין אַלץ און אַלעמען. איינשליסנדיק יורגענען. אין אַנזיכט פון דיינע געדרעכענישן, אין אַנזיכט פון וואָס דו האָסט מסתם באַטראַכט פאַר האַרציקער באַ־רייאונג, האָסטו געמאַכט פון דיין צווייטער יוגנט גאָלע גאַרניט. אַלץ וואָס יעדער מאָן פון אַריבער פערציק באַדויערט צו האָבן באַגאַנגען, ביסטו באַגאַנגען אויפסניי".

„יאָ, עס איז אומאָפּלייקנבאַר אַז איך האָב ווידער געהייראַט", האָט יורגען געזאָגט, „פאַרוואָר, איצט אַז איך דערינער זיך, איז דאָרט געווען אַנאַאיטיס און כלאָריס און פלאָרימעל, אַזוי אַז איך האָב געהייראַט דריי מאָל אין איין יאָר. אָבער איך בין דערהויפּט אַ קרבן פון אָרבונג, מוזסטו געדענקען, זינט עס איז געווען אָן אַ באַראַטונג מיט מיר וואָס סמאָיט פון גלאַטיהאָן האָט פאַרצווייגט זיינען איינגעשאַפטן."

„דיינע הייראַטס קריטיקיר איך ניט, ווייל יעדע איז געווען לויט דעם מנהג פון לאַנד: דאָס געזעץ איז שטענדיק ערווירדיק. און דאָס פאַמיליען־לעבן איז אַ בכבוד'יקע אינסטיטוציע, און האָט אַ שטאַנד־האַפטן איינפלוס, אין אַלע קלימאַטן. עס איז וואָר אַז מיין שאָטן באַריכט אַ פּאָר אַנדערע אַפּערעס —"

„אַ, טויפּמוטער, און וואָס איז דאָס אַזוינס וואָס דו דערציילסט מיר!"

„עס איז דאָרט געווען אַ יאַלאַנד און אַ געגעוויר" — דאָס קול פון מוטער סערעדאַ האָט געשיינט צו לעזן פון אַ מעמאָראַנדום, — „און אַ סילוויאַ, וועלכע איז געווען דיין אייגענע שטיפבאַבע, און אַ סטעלאַ, וועלכע איז געווען אַ יאַגיני, וואָס דאָס זאָל ניט זיין אַזעלכעס; און אַ פילים און אַ דאָלאָרעס, וועלכע זיינען געווען די קיניגנס פון

גהינם און פּיליסטערלאַנד איטלאַכע באַזונדער. אויסערדעם האָסטו באַזוכט די קיניגן פון פּסעוודאָפּאַליס אונטער אומשטענדן וואָס וואָלטן ניט אַנדערש ווי אומגינסטיק באַטראַכט געוואָרן פון איר מאַן. אַך, יאָ, דו האָסט זיך אויפגעפירט לייכטזיניק מיט פאַרשידענערליי פרויען."

„לייכטזיניק קאָן זיין, אָבער ניט פאַרברעכעריש, אַפילו ניט באַ־לײדיקנדיק. זע נאָר, מוטער סערעדאָ, באַריכט דיין שאַטן דורכן גאַנצן יאָר איין־און־איינציקן פאַל פון שלעכטער אויפפירונג מיט אַ פרוי ?"

„ניין, טייערינקער, ווי איך גיב צופרידן צו. דאָס גאָר ערגסטע באַריכטע איז אַז זאַכן האָבן צומאָל אַנגענומען אַ מער־וויינציקער פאַרדעכטיקע ווענדונג ווען דו האָסט גראָד אויסגעלאָשן דאָס ליכט. און פאַרשטייט זיך אַז שאָטנס קאָנען ניט עקזיסטירן אין אַב־סאָלוטער פינסטערניש".

„זעסטו שוין", האָט יורגען געזאָגט, „וואָס דאָס איז אַזוינס צו זיין פאַרזיכטיק ! פאַרזיכטיק, מיין איך, אין פאַרמיידן אַפילו דאָס אויסזען פון אַלדאָס־בייז. אין וואָס פאַר אַן אַנדער יונגנמאַן פון איין־און־צוואַנציק קאָנסטו זוכן צו געפינען אַזאַ צוריקהאַלטונג ? און דאַר וואָרטשעסטו !"

„איך קלאָג זיך ניט ווייל דו האָסט צנוע'דיק געלעבט. דאָס פרייט מיך, און איז די איינציקע אורזאַך וואָס דו ביסט געשווינט געוואָרן אַזוי לאַנג."

„אַך, טויפמוטער, און וואָס אַזוינס דערציילסטו מיר !"

„יאָ, טייערינקער, זאָלסט געוועזן איינמאָל זינדיקן מיט אַ פרוי אין דער יוגנט וואָס איך האָב געגעבן, וואָלסטו געוועזן באַשטראָפט געוואָרן תכף־ומיד און זייער שווידערלאַך. וואָרים איך בין שטענדיק געוועזן אַ גרויסע אַנהאַלטערן פון צניעות, און אין די אַמאָליקע צייטן פלעג איך אַסעקורירן די צניעות פון אַלע מיינע גייסטלאַכע אויף דעם איינציקן אופן וואָס איז אומפעלבאַר".

„באמת האָב איך באַמערקט עפּעס פון דעם מין ווי דו ביסט פאַרבייגעגאַנגען אין לויקע."

„און איבער און איבעראַמאָל בין איך דערצאַרנט געוואָרן פון מיין שאָטנס באַריכטן, און האָב געהאַלטן ביי שטראָפן דיך, מיין טייערינקער נעבאַך, ווען איך פלעג זיך דערמאָנען אַז דו האָסט זיך עפּעס געהאַלטן ביי דער זעלטנסטער פון אַלע טוגנטן אין אַ מאַן. און אַז מיין שאָטן האָט ניט באַריכט קיין אומרעגלמעסיקייטן מיט פרויען. און דאָס פלעגט מיך פרייען, גיב איך צו : אַזוי פלעג איך עס לאָזן לויפן פאַר אַ ווײַלע לענגער. אָבער עס איז אַן ארויסגעוואָרפענע

זאָך, טייערינקער, וואָרים דו מאַכסט גאָרניט פון דער יוגנט וואָס איך האָב דיר ווידערגעשטעלט. און זאָלסטו אפילו האָבן אַ טויזנט לעבנס וואָלט דער אויסגאַנג געווען דערזעלבער."

„פונדעסטוועגן בין איך אַן אומגעהייער ביטערע יונג", האָט יורגען איצט געביכעט.

„דו ביסט, אַנשטאָט, אַ קונצנמאַכער; און דיין לעבן, אויסער דעם פיינעם ליד וואָס האָסט געמאַכט וועגן מיר, איז הוילער פאַר־לוסט."

„אָה, אויב דו קומסט דערצו, איז דאָרט געווען אַ ברוינער מאַן אין דעם דרואיד־וואַלד, וועלכער האָט מיר געוויזן אַ גאַנץ קוריעזע שפּיל, לעצטן יוני. און איך בין ניט מעאיק צו פאַרגעסן וואָס ער האָט מיר באַוויזן, וואָס דו זאָלסט ניט זאָגן, און וואָס איך זאָל אים ניט האָבן געזאָגט."

„דאָס און פיל אַנדערע קוריעזע זאַכן האָסטו געזען און ביסט זיך גאָרניט אויסן געווען דערפון, אין דער פאַלשער יוגנט וואָס איך האָב דיר געגעבן. און דערפאַר איז מיין שאָטן אויפגערעגט געוואָרן וואָס אין אַנזיכט פון אַזויפיל פאַרשווענדערישקייטן האָב איך ניט צוריק־געצויגן די יוגנט וואָס איך האָב דיר געשאָנקען, ווי איך דענק כמעט צו טאָן, אפילו איצט, וואָרן איך דיך, טייערינקער, ווייל עס איז ווירקלאַך ניט אויסצושטיין פון דיר. אָבער איך האָב דיך געשוינט צוליב מיין שאָטנס אומפאַרגינערישע באַריכטן בנוגע דיין צוריקגע־האַלטנקייט, וועלכע איז אַ טוגנט וואָס מיר שדים פאַרערן באַזונדערס."

איצט האָט יורגען באַטראַכט. „האָ ? — דאָן איז עס אין דיין מאַכט מיך אַלט צו מאַכן אויפסניי, אָדער גיכער, אַן אויסגעצייכנט פּרעזערווירטע פּערזאָן פון אַריבער פערציק, אָדער לאָמיר זאָגן, ניין־און־דרייסיק, לויטן לוח, אָבער ווייט פון אויסצוזען דאָס ? אַזעלכע דראַעכישן איז לייכט אויסצודריקן. אָבער ווי קאָן איך וויסן אַז דו זאָגסט דעם אמת ?"

„ווי קאָן אימיצער פון אונדז עפּעס וויסן ? און וואָס איז יורגען, אַז זיין וויסן אָדער זיין ניט וויסן זאָל אימיצן אויסמאַכן ?"

„אַך, טויפמוטער, און דו מוזסט נאָך אַלץ מורמלען דאָסזעלבע! אַלזאָ הער, פאַרגעס אַז דו ביסט אַ פרוי, און רעד צו דער זאַך ! דו איבסט אויס די פיינע און אוראַלטע פּריווילעגיע פון פאַרוואַנדשאַפט צו באַטיטלען מיך מיט שימוש־נעמען, אָבער עס איז אין באַטראַכט פון דעם איינפאַכן פאַקט : איך האָב פון דיר געקראָגן וואָס קיין מענטש האָט פריער ניט געקראָגן. איך בין אַן אומגעהייער ביטערער יונג, זאָג וואָס דו ווילסט : ווייל שוין האָב איך אַרויסגעלאָשטשעט

פון דיר א יאר יוגנט, א יאר אין וועלכן ניט איך האב געבויט און ניט איך האב באַרויבט קיינע קירכן, נאָר אין אַלגעמיין פאַרבראַכט זייער פיין. אַך, דו מעגסט וואָרטשען פלאַכקייטן און דראַענישן און אַקסיאָמען און אַלץ נאָר וואָס דיר זאָל געפעלן: דער פאַקט בלייבט אַז איך האָב געקראַגן וואָס איך האָב געוואָלט. יאָ, איך האָב דיך אַריינגעלאַשטשעט קרוב צו געבן מיר אייביקע יוגנט, ווייל, פאַרשטייט זיך, מיין טייערינקע געבאָר, אַז דו ביסט איצט מאַכטלאָז עס צוריקצוציען: און אַזוינאַך וועל איך אַנהאַלטן, להכעיס דיר, דאָס געווינשסטע פאַרמעגן אין לעבן."

„איך האָב געגעבן, לכבוד דיין צניעות, וואָס איז דער איינציקער לויבוועדטער שטריך וואָס דו באַזיצסט —"

„מיין צוריקגעהאַלטנקייט, גיב איך דיר צו, איז אַ מערקווירדיקע. פונדעסטוועגן האָסטו באמת געגעבן ווייל איך בין געווען כיטרער."

„— און וואָס איך גיב קאָן איך צוריקציען ווען איך וויל!"

„העט, העט, דו ווייסט גאַנץ גוט אַז דו קאָנסט אַזאַ זאַך ניט באַווייזן. איך באַרוף זיך אויף סעוויוס ניקאַנאָר. קיינער פון די שדים קאָן ניט ווען צוריקנעמען די שאַצבאַרסטע מתנה פון יוגנט. דאָס איז אויסדריקלאַך באַוויזן, אין דעם צוזאָץ".

„אַלזאָ, אַבער איך ווער אויפגערעגט —"

„קאַפּויר, ווי איך שפּיר מיט וואָרער באַדויערונג, ווערסטו לעבערלאַך, זינט דו פרעגסט אָפּ די אויטאָריטעט פון סעוויוס ניקאַנאָר".

„— און איך וועל דיר ווייזן — אַך, אַבער איך וועל דיר ווייזן, דו שטוצער דו!"

„אַך, אַבער הער מיך איצט! האַלט איין דיין גרימצאָרן! אַלע גאַנץ געלערזאַמע מענטשן ווייסן אַז דו קאָנסט ניט טאָן וואָס דו דראָסט: און עס איז באַקאַנט אַז דער שוואַכסטער ראַד אין וועגעלע פּילדערט אַמהעכסטן. טאָ קולטיווער זיך אַ פּאַסיקע איינגעהאַלטנקייט! ווייל, ווירקלאַך, קיינער וועט ניט דולדן קיין עזות אין אַ מיאוס'ער און ציינלאָזער מכשפה פון דיין עלטער, ווי איך זאָג דיר פון דיין טובה ווענן."

עס ערגערט שטענדיק מענטשן ווען מען זאָגט זיי עפּעס פון זייער איינענער טובה ווענן. אַ זיינאַך איז דאָס וואָס האָט געפּאָלגט שנעל געשען. אַ וואָלקן־פּוך האָט באַדעקט די לבנה. די נאַכט האָט אויסגעזען צו זיין בימער קאַלט, אַזוי לאַנג ווי אַ האַריץ־קלאַפּ, און דאָן איז אַלץ געווען באַקוועם געגנוג. די לבנה האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצן רום, און אָט איז אַנטקעגן יורגענען געווען דער געהעריקער שאָטן פון

יורגנען. ער האט פארבלענדטערהייט באטראכט זיינע הענט, און זיי זיינען געווען די הענט פון אן עלטערן מענטשן. ער האט זיך געטאפט די ליטקעס פון זיינע פיס, און זיי זיינען געווען איינגעשרומפן. ער האט זיך א גלעט געטאן אין מיטן, און אונטער דעם העמד פון נעסוס איז דאס בייכל פון יורגען געווען פון איינדרוקספולער דימענסיע. אין אנדערע באצוגן האט ער זיך פארמינערט.

„דאו, אויך, האב איך פארגעסן גאר פלוצים", האט יורגען רעפ־לעקטירט. „עס איז געווען עפעס וואס איך האב געוואלט פארגעסן. אך, יא! אבער וואס איז עס געווען וואס איך האב געוואלט פאר־געסן? יא, עס איז געווען א ברוינער מאן — מיט עפעס אומגע־ווינלאכס ארום זיינע פיס — ער האט געפלוידערט און אויפגעפירט זיך אידיאטיש אין א דרואיד־וואלד — ער איז מסתם געווען משוגע. ניין, איך הייב ניט אן צו געדענקן וואס דאס איז אזוינס וואס איך האב פארגעסן: אבער איך בין זיכער אז עס האט געהאלטן אין איין גריזשען מיין געדאנק, ווי א נאגנדיק ווערימל: און אז עס איז, נאך אלעמען, ניט געווען פון קיין וויכטיקייט".

הויך האט ער געיאמערט, אין זיינע רירנדסטע טענער: „אך, מוטער סערעדא, איך האב ניט געמיינט דיך אויפצורעגן. עס איז ניט געווען רעכט מיך צו כאפן ביי אן אומבאדענקט ווארט! דערבארעם זיך אויף מיר, מוטער סערעדא, ווייל איך וואלט קיינמאל ניט אנגע־דייט אויף דיין טיפער עלטער און פראסטן אויסזען ווען איך ווייס אז דו ביסט אזוי אייטלדיק!"

אבער מוטער סערעדא האט ניט געשיינט צו ווערן מילדער פון דעם ארט געבעט, ווייל עס האט גארניט פאסירט.

„נו, דאו, דאנקען און לויבן ווגם דאס איז פאריבער!" זאגט יורגען צו זיך. „פארשטייט זיך, זי הערט נאך אלץ פיליכט, און עס איז א געפאר צו שפאסן מיט די שדים; אבער ווירקלאך שיינען זיי ניט צו זיין גאנץ פארנונפטיק. אנדערש וואלט די צערייצטע שער־לעפטשאכע געווען געוואוסט אז עס איז מיר, אויסער אלעמען, נמאס פון די פאראנטווארטלאכקייטן פון יוגנט אונטער אזא באשטענדי־קער אויפזיכט. איצט איז אלץ געטוישט: עס איז ניטא קיין אורזאך צו פארמיידן א פארדאכט פון אן עולה אויספירנדיק אלע פילאזא־פישע דערפארשונגען אין דער פינסטער: און איך בין ניט מער אומצוטרויאיק צו לאמפן אדער ליכט, אדער אפילו דעם העלן טאג. אלטער נפש, דו ביסט אזוי אנגענעם ווי אלטע שטעקשיך, אן עטוואס מאטן מענטשן: און צום צווייטן מאל האסטו אריינגענארט די מוטער סערעדא גאנץ וואוילונגעריש. מיין קענען ליזאו, ווי פיינפול דער־

וואָרבן, איז אַ באַשטימטע טוגנט אין האַנדלען מיט אַלץ וואָס איז פּרויענהאַפט".

דאַן האָט יורגען באַטראַכט די שוואַרצע הייל. „און דאָס ברענגט מיר אויפן זינען אַז עס וואָלט נאָך אַלץ, גלויב איך, זיין די פּאַסיקע האַנדלונג פון אַ מאַן פאַרזעצן צו זוכן ליזאַן. דער אינטריגערישער שטריך איז וואָס אויב איך זאָל זיך לאָזן אין דער הייל אַריין צום דריטן מאָל וואָלט איך זי כמעט ווי זיכער צוריק געקראָגן. לויט יעדן כּלל פון טראַדיציע איז דער דריטער פּאַרזוך באַשטענדיק דערפאָלג־רייך. איך וואונדער זיך צי וויל איך ליזאַן צוריק האָבן?"

יורגען האָט נאָכגעדענקט: און ער האָט געשאָקלט מיט אַ גרויסן קאָפּ. „איך ווייס ניט באַשטימט. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע קעכן. עס זיינען געווען טאָרטן וואָס וועלן מיר אייביק ליגן אין טעם. און זי האָט גוט געמיינט, מיין טייערינקע נעבאָך! אָבער אויב עס איז ווירקלאַך געווען איר קאָפּ וואָס איך האָב אָפּגעשניטן לעצטן מאַי — אָדער אויב איר טבע האָט זיך ניט פאַרבעסערט — דאַך איז עס אַן אומענדלאַך אַנשיקעניש צו וואַשן די אייגענע מכשירים; און איך שיין ניט אויסצוטוען זיך צו נייען און פאַרצירעוועז זאַכן. אָבער, פון דער צווייטער זייט, יאַדעם ליזאַ אַזוי: און זי פאַרשטייט מיך ניט."

יורגען האָט אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. „הוידעלקע! דער אַר־גומענט פאַר און קעגן קאָן ענדלאָז אַנגיין. זינט איך האָב ניט קיין ווירקלאַכן פאַרצוג, וועל איך צוליב טאָן דעם פאַרורטייל האַנדלענדיק ווי אַ מאַן. וואָרים עס שיינט בלויז צו זיין די געהעריקע זאַך: און אויסערדעם מעג עס ערשט ניט געלונגען נאָך אַלעמען."

דאַן איז ער אַריין אין דער הייל צום דריטן מאָל.

## 44. אין דעם פאַרוואַלטערס קאַנטאָר

די מעשה דערציילט אַז אַלץ איז פינסטער געווען דאָרט, און יורגען האָט קיינעם ניט געקאָנט זען. אָבער די הייל האָט זיך געצויגן גלייך פאָרויס און אַראָפּצו, און ביי דעם ווייטן עק האָט געגליט אַ ליכט. יורגען האָט געהאַלטן אין איין גיין, און אַזוינאָך איז ער באַלד צוגעקומען צו דעם אָרט וואו נעסוס איז געלעגן וואָרטנדיק אויף יור־גענען. ווידעראַמאָל האָט זיך יורגען אָנגעבויגן, און דורכגעקראָכן דורך דער שפּאַרע אין דער היילוואַנט, און אַזוינאָך געקומען אַהין וואו לאַמפּן האָבן געברענט אויף הויכע אייזערנע שטאַנגען. איצט זיינען די לאַמפּן, איינער נאָכן צווייטן, אויסגעגאַנגען, און איצט זיינען

דאָ קיין פרויען ניט געווען : אַנשטאָט האָט יורגען געטראָטן אַ צאָל די טיף אין דראָבנעם ווייסן אַש, לאָזנדיק דעם אָפּדרוק פון זיינע פיס דערויף.

ער איז פאַרויסגעגאַנגען ווי די הייל האָט זיך געצויגן. ער איז געקומען צו אַ שאַרפער ווענדונג אין דער הייל, מיט דעם צאַנקענדיקן לאָמפּשיין הינטער זיך, אַזוי אַז זיין שאָטן האָט יורגענען פירבאַגעגנט, פאַרנעפּלט און אומבאַשטרייטבאַר. עס איז געווען דער געהעריקער שאָטן פון אַן איינפאַכן און באַיאָרטן מלוה, און יורגען האָט אים באַטראַכט מיט געפעליקייט.

יורגען איז דאָן געקומען אין אַ מין אונטערגרונד חדר, פון וועמעס סופיט־געוועלב עס איז אַראָפּגעהאַנגען אַ קעסל מיט ברויזנדיקע רויטע פלאַמען. אַנטקעגן אים איז געווען אַ טראָן, און דערינטער זיינען געווען רייען בענק: אָבער דאָ, אויך, איז קיינער ניט געווען. אַנגעלענט גלייך קעגן ליידיקן טראָן איז געווען אַ דרייעקיקער ווייסער הערב : און ווען יורגען האָט זיך צוגעקוקט נענטער האָט ער געקאָנט באַמערקן עפּעס אַ געשריפט דערויף. יורגען האָט צוגעטראָגן דעם הערב אַזוי נאָנט ווי ער האָט געקאָנט צו דעם קעסל פלאַמען, ווייל זיין ראיה איז איצט געווען ניט זער גוט, און אויסערדעם האָבן די פלאַמען אין קעסל בלאָס געברענט : און יורגענען איז געלונגען איבערצולעזן די מיטטיילונג וואָס איז געווען אויפגעשריבן אויפן הערב, אין שוואַרצע און רויטע אותיות.

„אָפּוועזנד צוליב נויטיקע געשעפטן", איז געשטאַנען דאָרט. „וועל זיין צוריק אין אַ שעה אַרום." און עס איז געווען אונטערגעשריבן, „טראַניאַר רעקס."

"איך וואונדער זיך איצט פאַר וועמען האָט קיניג טראַניאַר געלאָזט דאָס צעטל ?" האָט יורגען נאָכגעדענקט — „זיכער ניט פאַר מיר. און איך וואונדער זיך, אויך, צי האָט ער דאָס געלאָזט אַ יאָר צוריק אָדער ערשט דעם אָוונט ? און איך וואונדער זיך צי איז עס געווען טראַניאַרס קאָפּ וואָס איך האָב אַראָפּגענומען אין דעם שוואַרץ־און־זילבער פּאַוויליאָן ? אָך, מילא, עס איז דאָ אַ היפּש ביסל זאַכן צום וואונדערן זיך אין דער אומגלויבלאַכער הייל, וואו דאָס ליכט שטאַרבט אָפּ, ווי איך באַמערק עטוואָס אומבאַקוועמלאַך. און איך דענק אַז די לופט ווערט וואָס אַמאָל קילער."

דאָן האָט יורגען אַ בליק געטאָן רעכטס־צו, צו דעם טרעפּגאַנג וואָס ער און גענעוויר האָבן באַשטיגן ; און ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. „גלאַטיהאָן איז ניט קיין פּאַסיק פּאַרוויל־פּלאַץ פאַר אַ בכבוד'יקן מלוה. העלדישקייט איז פאַר יונגעלייט, ווי דער ערשטווייליקער דוקס

פון לאגרעי. אבער איך מוז ארויס פון דאנען, ווייל זיכער איז דא די לופט געפערלאך קאלט".

אזוינאך איז יורגען אוועק מיטן דורכגאנג צווישן די רייען בענק פון וואגען טראנזיארס קעמפער האבן געגלאצט אויף יורגענען ווען ער איז לעצטנס געווען אין דעם טייל הייל. ביים עק פון דעם דורכגאנג האט זיך געפונען א הילצערנע טיר וויים געפארבט. זי איז געווען באצייכנט, אין גרויסע שווארצע אותיות, „קאנטאר פון דעם פארוואל־טער — איינטריט פארבאטן". טא האט יורגען געעפנט די טיר.

ער איז אריין אין א מערקווירדיק פלאץ באלויכטן פון זעקס שטורקאץ־ליכט. די ליכט זיינען געווען די מאכט פון אשור, און נגוה, און מצרים, און רוים, און אטהען, און ביזאנטיע: זעקס אנדערע שטורקאצן זיינען געשטאנען אנגעגרייט דארט, אבער קיין פייער איז נאך צו זיי ניט צוגעלייגט געווארן. הינטער דעם אלעמען איז געווען א היפשע שווארצע שול־ברעט מיט גענוג ציפערן דערויף אין רויטן קרייט. און דא, אויך, איז געווען דער שווארצער מאן, וועלכער האט א יאר צוריק געבענטשט יורגענען, פאר העפלאך רעדן וועגן די מאכטן פון פינסטערניש. הייינטיקן אוונט האט דער שווארצער מאן געטראגן א שווארצן כאלאט וואס איז געווען אויסגעשטיקט מיט אלע מזלות פון זון־קרייז. ער איז געזעסן ביי א טיש, די דעק פון וועלכן איז געווען טשיקאווע געפלאסטערט מיט דרייסיק שטיקלאך זילבער: און ער האט קאפירט אנגאבן פון איין גרויסן בוך אין א צווייטן. ער האט ארויפגעבליקט פון זיין שרייבן גאנץ געמיטלאך, און אזוי איינפאך גלייך ער זאל האבן גערעכט זיך אויף יורגענען.

„דו געפינסט מיך פארנומען מיט די שטערן־חשבונות", זאגט ער, „וואס שיינען צו זיין אין א מורא'דיקן פלאנטער. אבער וואס מער קאן איך טאן פאר דיר, יורגען? פאר דיר, מיין פריינד, וואס האט געזאגט א גוטווארט פאר זאכן ווי זיי זיינען, און מיר פארשאפט איינעם אדער צוויי גאנץ אנגעמבארע דערקלערונגען ווי צוליב וואס איך האב באשאפן שלעכטס?"

„איך האב געהאלטן אין דענקען, פרינץ", הייבט דער מלוה אן.

„און פארוואס רופסטו מיך פרינץ, יורגען?"

„איך ווייס ניט, מיין האר. אבער איך פארדעכטיק אז מיין זוכן איז צו ענד, און אז דו ביסט קאשטשעי דער אומשטערבלאכער."

דער שווארצער מאן האט צוגעשאקלט. „עפעס פון דעם מין. קאשטשעי, אדער ארדנארי, אדער פטא, אדער יאלדאלאאטה, אדער אבראקסאס, — עס איז אלץ איינס וואס איך מעג הייסן דא־ארום. מיין וואָרן נאמען האסטו קיינמאל ניט געהערט: קיין מענטש

האָט ווען געהערט מיין נאָמען. אַזוינאַר מוזן מיר זיך קוים אַריינלאָזן אין דעם ענין".

„אויסגעצייכנט פּרינץ, נו, אָבער עס איז אַ היפּשע שטרעקע וואָס איך האָב אַרומגערייזט רונדאַרום, צו דערשלאָגן זיך צו דיר וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען. און זייער גיריק בין איך צו דערלערנען פאַרוואָס דו האָסט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען".

אויפגעהויבן האָבן זיך דעם שוואַרצן מאַנס אויגנברעמען אין פּינקטלאַכע גאַטישע דוהעס. „און דענקסטו ווירקלאַך, יורגען, אַז אַט נעם איך דיר דערקלערן פאַרוואָס איך האָב געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען ?"

„איך פאַרפעל איינצוזען, פּרינץ, ווי מיינע וואַגלענישן וואָלטן קאָנען האָבן עפּעס אַן אַנדער יושר'דיקן קלימאַקס."

„אָבער, פריינד, איך האָב גאָרניט צו טאָן מיט גערעכטיקייט. קאַפּויר, איך בין קאַשטשעי וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען."

יורגען האָט געכאַפּט דעם תוך. „דיין רעזאָנירן פּרינץ, איז אומ־באַאַנטוואָרטלאַך. איך פאַרנייג זיך דערפאַר. איך האָב עס אַפילו געזאָלט פאַראויסזען. זאָג זשע מיר דאָן, וואָס איז דאָס אַזוינס וואָס איך באַגער, און קאָן ניט געפינען אין עפּעס אַ רייך וואָס מענטש האָט געקענט ווי אויך ניט אין עפּעס אַ קיניגרייך וואָס מענטש האָט זיך געמאָלן."

קאַשטשעי איז געווען זייער געדולדיק. „איך בין ניט, גיב איך צו, דאָס מינדסטע אַזוי גוט באַקאַנט מיט וואָס עס טוט זיך אין דעם טייל וועלט ווי איך באַדאַרף צו זיין. פאַרשטייט זיך, געשעענישן ווערן מיר באַריכט, אויף אַן אַלגעמיינעם אופן, און אייניקע פון מיינע לייט זיינען אַנגעשטעלט געוואָרן אין אויפזיכט איבער די שטערן, אַ צייט צוריק : אָבער זיי שיינען צו האָבן געפירט דאָס שטערן־רייך גאַנץ אומפאַראַנטוואָרטלאַך. דאַך האָב איך דאַ ניט לאַנג זיך אַי־בערלייגט דעם עסק, און איך בין ניט האָפנונגסלאָז צו מאַכן פון די זונען דאַ־אַרום עפּעס אַן איינקינפטלאַכן נוץ, אויף אַזאַ אַרט אָדער אַן אַנדערן, נאָך אַלעמען. פאַרשטייט זיך, עס איז ניט מי יודע וואָס פאַראַ וויכטיק שטערן־רייך. אָבער איך בין אַן עקאָנאָמיסט, און האָב פיינט צו לאָזן גיין אין ניוועץ —"

דאַן האָט ער געשוויגן פאַר אַ ווײַלע, ניט פיל באַטריבט מיט דעם פּראָבלעם, ווי יורגען האָט געקאָנט זען, אָבער מילד צעשטרייט פון זיין אומפעאיקייט צו פאַלן גלייך אויף אַן אויסוועג. באַלד האָט קאַשטשעי געזאָגט :

„און דערווייל, יורגען, האָב איך מורא אַז איך קאָן ניט ענטפערן אויף דיין פראַגע אויף דער הייסער מינוט. פאַרשטייסטו, עס ווייזט זיך אַרויס אַז אַ גרויסע צאָל מענטשלאַכע וועזנס, ווי דו רופסט זיי אָן, איז אַנטשטאַנען אויף — אַך, יאָ ! — אויף דער ערד. איך האָב די בערכ'דיקע ציפערן אָט־דאָרטן, אָבער זיי ווילן דיך קוים אינטע־רעסירן. און די פאַרלאַנגען פון איטלאַכן פון די מענטשלאַכע וועזנס שיינען צו זיין פּילפּאַכיק און אומבאַשטענדיק. דאַך, יורגען, קאָנסטו זיך ווענדן צו די לאָקאַלע באַאַמטע, ווארים איך געדענק ווי איך האָב אייניקע אַנגעשטעלט, לויט דער ביטע פון אַ גאַנץ חנ'עוודיקער אַל־טער פרוי."

„אין קורצן, דו ווייסט ניט וואָס דאָס איז אַזוינס וואָס איך באַגער", האָט יורגען געזאָגט, שטאַרק פאַרוואונדערט.

„זיכער ניט, איך האָב ניט דעם מינדסטן באַגריף", האָט קאַש־טשעי געענטפערט. „דאַך, פאַרדעכטיק איך אַז אויב דו זאָלסט עס קריגן וואָלסטו פּראָטעסטירט אַז עס איז די אומגערעכטסטע אַנשי־קעניש. טאָ צו וואָס זיך זאָרגן דעריבער?"

יורגען האָט געפרעגט, כמעט אויפגערעגט: „אָבער האָסטו דען ניט, פרינץ, אַנגעפירט אַלע מיינע רייזעס דורכן לעצטן יאָר?"

„אַלזאָ, יורגען, פאַרוואָר, איך געדענק אונדזער קורץ באַגעגעניש זייער געפעליק. און איך האָב פאַרזוכט אַן אַפּלייג צו באַפרייען דיך פון דיין דרינגלאַכסטער פּלאָג אָבער איך בין מודה אַז איך האָב געהאַט אַ פּאָר אַנדערע זאַכן אויפן קאָפּ זינט דאַן. פאַרשטייסטו, יורגען, די וועלט איז אַ גאַנץ היפּשע, און דאָס אַנפירן איר איז אַ נשקשה'דיקע לאַסט פאַר מיין צייט. איך קאָן ניט אויספירן צו זען זיך מיט מיינע פריינט אפילו אַ חלק פון דעם וואָס איך וואָלט צופרידן געווען צו זען זיך מיט זיי. און אַזוי פּילייכט, צו נעמען איינס מיטן צווייטן, האָב איך דיר ניט געשאָנקען מיין אויסשליסלאַכע אויפמערקזאַמקייט דורכן גאַנצן יאָר — ניט יעדע רגע דערפון, הייסט עס."

„אַך, פרינץ, איך זע אַז דו פאַרזוכסט צו שוינען מיינע געפילן, און עס איז זייער ליב פון דיר. אָבער דער סוף איז אַז דו ווייסט ניט וואָס איך האָב געטאָן, און עס איז דיר ניט אַנגעגאַנגען וואָס איך האָב געטאָן. אַך, אַך, אָבער דאָס איז אַ גאַנץ מיאוס'ער אָפּשניט פאַר מיין שטאָלץ."

„יאָ, אָבער באַדענק זיך וואָס פאַראַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט איז דער שטאָלץ דיינער, און ווי איך וואונדער זיך אויף דעם, און ווי מקנא איך בין עס אומזיסט און אומנישט, — איך, וואָס האָב גאָרניט ערגעצוואו צו באַטראַכטן אויסער דעם געווערק פון מיינע אייגענע

הענט. קאָנסטו באַרעכענען, יורגען, וואָס איך וואָלט געבן אויב איך זאָל געפינען, ערגעצוואו אין דער וועלט מיינער, עפּעס וואָס וואָלט מיך מאַכן דענקען זיך זעלבסט פאַר האַלב אַזוי וויכטיק ווי דו דענקסט יורגען איז ?" און קאַטשעי האָט אַ זיפץ געטאָן.

אָבער אַנשטאָט, האָט יורגען באַרעכנט דעם שפּאָל'דיקן פאַקט אַז קאַשטשעי האָט ניט משגיח געווען אויף יורגענס רייזעס. און פּלוצים האָט יורגען דערשפּירט אַז קאַשטשעי, דער אומשטערבלאַכער, איז ניט געווען באַזונדערס גייסטיק אַנטוויקלט. דאַן האָט יורגען זיך גע־וואונדערט פאַרוואָס ער זאָל האָבן אַזוינס דערוואַרט פון קאַשטשעיען? ער איז געווען אַלמעכטיק, ווי מענטשן שאַצן אַלמעכטיקייט: אָבער מיט וואָס פאַר אַ שכל זיינען מענטשן געקומען צום גלויבן אַז קאַשטשעי איז געווען געשיקט, ווי מענטשן שאַצן געשיקטקייט ? דער פאַקט, וואָס, פּונקט פאַרקערט, קאַשטשעי האָט געשיינט צו זיין גוט־געזינט, אָבער גאַנץ לאַנגזאַם צו באַגרייפן און עטוואָס צע־טומלדיק, האָט אַ היפּש ביסל געהאָלפן צו פאַרטייטשן אַ מענגע ענינים וואָס האָבן לאַנג יורגענען געוואונדערט. געשיקטקייט איז, פאַר־שטייט זיך, דער פאַרטרעפלאַכסטער פון אַלע שטריכן: אָבער גע־שיקטקייט איז אין תוך ניט דער סאַמע ספּאָדעק, און קיינמאָל ניט געווען.

„נו, גוט, גוט !" זאָגט יורגען, מיט אַ צי פון אַקסל ; „לאָמיר קומען צו מיין דריטן פאַרלאַנג און צו דער דריטער זאַך וואָס איך האָב געהאַלטן אין זוכן. דאָ, אָבער, באַדאַרפסטו זיין מער מיטטיילב־דיק. וואָרים איך האָב געדענקט, פּרינץ, אַז מיין ווייבס געזעלשאַפט הייבט דיך פּיַלייכט אָן צו באַלעסטיקן עטוואָס."

"ער, מיינע הערשאַפטן, איך בין ניט אומצוגעוואוינט צו פרויען. איך מעג באמת זאָגן אַז ווי איך געפין זיי, אַזוי נעם איך זיי. און איך בין וויליק געווען צו טאָן אַ טובה אַ מיט־בונטאַר."

"אָבער איך ווייס ניט, פּרינץ, אַז איך האָב ווען געבונטעוועט. פּונקט קאַפּויר, איך האָב איבעראַל זיך צוגעפּאַסט צום מנהג".

„דיינע ליפּן האָבן זיך צוגעפּאַסט, אָבער די גאַנצע צייט האָט דיין געדאַנק געמאַכט פּערזן, יורגען. און פּאָעזיע איז דעם מענטשנס בונט קעגן דעם וואָס ער איז."

„— און אויסערדעם רופסטו מיך אַ מיט־בונטאַר. אַלזאָ, ווי קאָן עס זיין מעגלאַך אַז קאַשטשעי, וועלכער האָט אַלע זאַכן געמאַכט ווי זיי זיינען, זאָל זיין אַ בונטאַר ? סיידן, פאַרוואָר, עס איז פאַראַן עפּעס אַ מאַכט אַפילו איבער קאַשטשעיען. איך וואָלט זייער וועלן האָבן דאָס מיר דערקלערט, מיין האַר".

„אַן צווייפל: אָבער דאַן פאַרוואָס זאָל איך עס דיר דערקלערן, יורגען?" זאָגט דער שוואַרצער מאַן.

„מילא, זאָל זיין ווי עס וויל זיך, פרינץ! — אָבער, צוריקצו־קערן עטוואָס, איך ווייס ניט צי דו האָסט מיר אַ טובה געטאָן צו־נעמענדיק מיין ווייב. איך מיין, פאַרשטייט זיך, מיין ערשט ווייב".

„וואָס, יורגען", זאָגט דער שוואַרצער מאַן, שטאַרק פאַרוואונ־דערט, „מיינסט מיר צו זאָגן אַז דו ווילסט די צרה וואָס איז דיר דערגאַנגען די יאָרן צוריק?"

„דאָס ווייס איך אויך ניט, מיין האַר. עס איז זיכער ניט געווען צו הויזן מיט איר. אָבער פון דער צווייטער זייט, בין איך פאַרוואוינט געוואָרן צו האָבן זי אַרום זיך. זי פעלט מיר עטוואָס אָפּ, איצט אַז איך בין אויפסניי אַ באַיאָרטער מאַן. פאַרוואָר, איך גלויב אַז ליזאַ האָט מיר אָפּגעפעלט די גאַנצע צייט."

דער שוואַרצער מאַן האָט נאָכגעדענקט. „הער, פריינד," זאָגט ער, לסוף, „דו ביסט געווען אַ דיכטער פון עפּעס אַ ווערט. דו האָסט אַרויסגעוויזן אַ צוזאָגנדיקע באַגאַבטקייט וואָס וואָלט געווען גאַנץ קלאָר געקאָנט זיך אַנטוויקלען, אין וואָס פאַרא געהעריקער אומגעבונג. אַלזאָ, איך ווידערהאָל, איך בין אַן עקאָנאָמיסט: איך האָב פיינט צו לאָזן גיין אין גיוועץ: און דו האָסט זיך קיינמאָל ניט אויסגעטווינט צו זיין עפּעס אַנדערש אויסער אַ דיכטער. דער אומגליק איז געווען —" און קאַשטשעים שטים האָט גענידערט ביז צו אַן איינדרוקספולן וויספּער, — „דער אומגליק איז געווען וואָס דיין ווייב האָט דיך ניט פאַרשטאַנען. זי האָט געשטערט דיין קונסט. יאָ, אַט דאָס סומירט עס אונטער: זי האָט געשטערט דיין זעל־אַנטוויקלונג, און דיין אינסטינקטיוון דראַנג נאָך זעלבסט־אויסדרוק, און די אַלע אַנדערע זאַכן דאָרט פון דעם מין. דו ביסט פּטור פון דער פרוי, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט אַ דיכטער אין אַ משכון־מלוה. פון דער צווייטער זייט, ווי עס איז געהעריק ערגעצוואו אַנגעמערקט, איז ניט גוט פאַר אַ מאַן צו לעבן איינזאַם. אָבער, פריינד, איך האָב אַ ווייב פאַר דיר ווי אַנגעמאָסטן."

„מילא, פרינץ", האָט יורגען געזאָגט, „איך בין באַרייט צו פאַרזוכן יעדן געטראַנק איינמאָל."

אַזוי האָט קאַשטשעי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: און אַט, שנעל ווי אַ וואונק, איז געווען די שענסטע פרוי וואָס יורגען האָט זיך ווען פאַרגעשטעלט.

# 45. דאָס גלויבן פון גענעוויר

אַזוי שיין איז די מראה פון דער פרוי געווען, מיט אירע ליכטנ־דיקע גרויע אויגן און קליינע שמייכלענדיקע ליפּן, אַ שענערע פרוי קאָן זיך קיין מאָן ניט באַרימען צו האָבן געזען. און זי האָט יורגענען מילד באַטראַכט, מיט אירע באַקן רויט און ווייס, אַזוי צאַרט איז אויסזען. זי איז געווען געקליידט אין אַ מאַנטל פון פלאַם־קאָלירטן זייד, און אַרום איר האַלדז איז געווען אַ קאָלנער פון רויטן גאָלד. און זי האָט אים געזאָגט, גלייך ווי זי וואָלט רעדן מיט אַן אומבאַ־קאַנטן, אַז זי איז געווען קיניגין גענעוויר.

„אָבער לאַנסעלאָט איז געוואָרן אַ מאָנאַך, אין גלאַסטאָנבערי: און אַרטור איז אַוועק קיין אַוואַלאָן", זאָגט זי: „און איך וועל ווערן דיין ווייב אויב דו ווילסט מיך האָבן, יורגען".

און יורגען האָט געזען אַז גענעוויר האָט אים אינגאַנצן ניט גע־קענט, און אַז אַפילו זיין נאָמען האָט גאָר ניט באַטייט פאַר איר. עס זייען געווען פילע אופנים דאָס צו דערקלערן: אָבער ער האָט אָפּגע־וואָרפן די אומשמייכלהאַפטע דערקלערונג אַז זי האָט איינפאַך לחלוטין פאַרגעסן אין יורגענען, צוליב דער באַטראַכטונג אַז דער יורגען וועמען זי האָט געקענט איז געווען אַ לעבּיונג פון איין־און־צוואַנציק. בשעת ער איז איצט געווען אַ געזעצטער און וויסנהאַפטער מלוה.

און עס האָט זיך יורגענען געדוכט אַז ער האָט קיינמאָל ווירק־לאַך ניט ליב געהאַט עפּעס אַן אַנדער פרוי אויסער גענעווירן, די טאָכ־טער פון גאָגירוואַן גאָר, און דער מלוה איז געווען געקימערט.

„וואָרים דו מאַכסט מיך ווידער צו דענקען אַז איך בין אַ גאָט", זאָגט יורגען. „מאַדאַם גענעוויר, ווען דער מאָן האָט זיך אָנערקענט אַלס דעם הימלס אָנגעשטעלטער אויף דער ערד, איז עס געווען כדי צו דינען דיר און צו גלאָריפיצירן און צו באַשיצן דיך און דיין גלענצנדע שוועסטערשאַפט וואָס דער מאָן האָט געהייליקט זיין לעבן. דו ביסט געווען וואונדערשיין, און דו ביסט געווען שלאַבעריק; דו ביסט געווען העלפט געטן און העלפט צאַצקע. אַהימע, איך דערקען דעם רעף פון ריטערלאַכקייט, און מיינע האַרץ־סטרונעס ווידערקלינגען: דאָך, פאַר אומצייטיקע אורזאַכן, וואָקל איך זיך פון נעמען דיך פאַר מיין ווייב, און דערלויבן זיך צו ווערן דיין דערוויילטער באַשיצער, פאַראַנטוואָרטלאַך אַלס אַזעלכער צום הימל. אַזוי למשל בין איך ניט גאַנץ זיכער אַז איך בין דעם הימלס אָנגעשטעלטער דאָ אויף דער ערד. דער גאָט פון הימל האָט מיר זיכער גאָרניט געזאָגט וועגן דעם,

און איך קאָן בלויז פאַרדעכטיקן אַז דער יודע־הכל וואָלט געוועז אויסדערוויילט עפּעס אַ געשיקטערן פאַרשטייער.״

„עס שטייט אַזוי געשריבן, מיין גנעדיקער יורגען.״

יורגען האָט אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. ״איך האָב אויך, אין די הפסקות פון געשעפטן, געשריבן פיל וואָס איז שיין. זייער אָפט זיינען מיינע פערזן געווען אַזוי שיין אַז איך וואָלט געוועז געגעבן אַלץ אין דער וועלט אין אויסטויש פאַר עטוואָס מינדער־זיכערער אויסקונפט בנוגע דעם פאַרפאַסערס וואַרהאַפטיקייט. אָה, נייז, מאַדאַם, פאַרלאַנג און וויסן דריקן אויף מיר אַזוי שווער אַז צווישן די ביידע וואָג איך ניט דיך ליב האָבן, און דאַך קאָן איך מיר ניט ווערן!״

דאָן האָט יורגען ווי פאַרבראַכן די הענט. זיין שמייכל איז ניט געווען קיין פריילאַכער; און עס איז געווען אַ רחמנות וואָס גענעוויר זאָל אים ניט געדענקען.

„פרוי און קיניגן״, זאָגט יורגען, „אַמאָל זייער לאַנג צוריק איז געווען אַ מאַן וועלכער האָט פאַרגעטערט אַלע פרויען. פאַר אים זיינען אַלע ווי איינע געווען פון אַ הייליקער, זיסער פחד׳נישער שיינקייט. ער האָט געפורמט קלינגענדיקע ריימען וועגן דעם, און לויב צו דער מיסטעריע און הייליקייט פון פרויען. דאָן האָט אַ גראַפס פלאַקס־קע־פיקע טאָכטער וועמען ער האָט ליב געהאַט, מיט אַזאַ ליבע וואָס הידוש׳ט מיך צו דענקען וועגן איר איצט, אים באַוויזן זיך פונקט ווי זי איז געווען, אַלס אומווערט אפילו פאַרהאַסט צו זיין. די געטן איז געשטאַנען אַנטפּלעקט, אויפגעהוילט, און ווייזנדיק איז אַלע זאַכן אַזאַ צוגענגלאַכקייט, ווי עס האָט אים געפּלאָגט צו געפינען אין זיך זעלבסט. דאָס איז געווען אומגליקלאַכערווייז. ווארים ער האָט אָנגע־הויבן צו פאַרדעכטיקן אַז פרויען, אויך, זיינען באַגלייך מיט זייערע עלטערן; און זיינען ניט קליגער, און ניט סובטילער, און ניט זויבע־רער, ווי דער פאָטער וואָס האָט פאַראורזאַכט זייער געבורט. פרוי און קיניגן, עס לוינט זיך ניט פאַר קיין מאַן דאָס צו פאַרדעכטיקן״.

„עס איז זיכער ניט דער אויפפיר פון אַ ריטער, ווי אויך ניט פון אַ עכטן דיכטער״, זאָגט קיניגן גענעוויר. „און דאַך זיינען דיינע אויגן פול מיט טרערן״.

„האה, מאַדאַם״, האָט ער געענטפערט, ״אָבער עס אַמוזירט מיך צו וויינען נאָך אַ טויטן מיט אויגן וואָס זיינען אַמאָל געווען זיינע. ווארים ער איז געווען אַ טייער אינגל איידער ער איז אַוועק שטוצן איבער דער וועלט, אין דעם שטאָלץ פון זיין יוגנט און אין דעם שוצגעווער פון זיין וואונד. און לידער האָט ער געמאַכט פאַר דעם פאַרגעניגן פון מלכים, און שווערדקונצן האָט ער געמאַכט פאַר דעם

פארגעניגן פון מענער, און א שושקען האט ער געמאכט פאר דעם פארגעניגן פון פרויען, אין פלעצער וואו רום איז געווען, און וואו ער האט געטראטן דרייסט. געבנדיק פארגעניגן יעדן איינעם אין יענע וואוילע צייטן. אבער נאך זיין גאנצן געלעבטער האט ער ניט געקאנט באנעמען זיינע מיטמענשן, אויך האט ער ניט געקאנט זיי ליב האבן, ווי אויך האט ער ניט באמערקט עטוואס אין אלעמען וואס זיי האבן געזאגט אדער געטאן אויסער זייער איבערשטייגנדיקער טפשות".

„פארוואר, דעם מענטשנס נארישקייט האט קיין ברעג ניט, מיין האר יורגען, און די טואונגען פון דער וועלט זיינען אפט אומדערקלערבאר : און אזוינאך קומט אוים אז א מענטש קאן גערעט ווערן דורך גלויבן."

„אך, אבער דאס אינגל האט פארלוירן זיינע מיטמענטשנס הארציקן צוגעגנלאכן גלויבן אין דער וויכטיקייט פון וואס פארא נוץ זיי האבן געמאכט פון האלבע שעה'ן און חדשים און יארן ; און ווייל א קאקעטקע האט געהאט אויפגעעפנט זיינע אויגן אזוי אז זיי האבן דערזען צופיל, האט ער פארלוירן דעם גלויבן אין דער וויכטיקייט פון זיינע אייגענע האנדלונגען אויך. עס איז געווען א קליינע צייט דער גאנג פון וועלכער וואלט געקאנט געמאכט ווערן פאר ניט אומדערטרעגלאך ; פון יענער זייט האט געגענעצט אומפארויסזעבארע פינסטערניש ; און דאס איז געווען אינגאנצן וואס איז געווען זיכער ערגעצוואו. דערווייל האט ער געהאט אן הלואה פון א מארד וואס האט געשפילט מיט באגריפן, און א קערפער וואס איז זיך געגאנגען דעליקאט איבער אנגענעמע שטראזן. און אזוינאך איז ער קיינמאל ניט געווען א זיווג פאר דיר, טייערע געגעוויר, ווארים ער האט ניט פארמאגט געגוג גלויבן אין עפעס וואס, ניט אפילו אין זיינע אייגענע שלומן.„

איצט האט געזאגט קיניגן געגעוויר : „זיי זשע דיר געזונט, דאן, יורגען, ווארים עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק. איך בין געווען צו יענע וועלכע האבן מיר געדינט דאס שיינע און אויסגעצייכנטע מייסטערווערק פון גאט : אין קערלעאן און נארטגאלים און זשאיעז-גארד האבן מענער געקאנט מיך זען מיט אנטציקונג, ווארים, האבן מענער געזאגט, צו זען מיך איז געווען צו באגרייפן די מאכט און די גוטסקייט פון זייער באשעפער. וואונדערלאך שיין איז געווען איזעאולט, און דאס געזיכט פון לונעד האט געפינקלט ווי א באוועגלאכער דימענט ; מארגן און עניד און וויוויען און די ליסטיקע נימוע זיינען אויך געווען שיין ; און דער חן פון עטארד האט עקזאלטירט דעם צושויער ווי א שטאלצע מוזיק : דידאזיקע, פראכטפול אומשפאנענדיק איבער ארטורס הויף, האבן אויסגעזען ווי דעם

הימלס פיינסטע פאכמאנשאפט ביז די קיניגן איז געקומען צו איר קרוין־ארט ווי די לבנה צווישן ליכטנדיקע שטערן: מענטשן האבן דאן צוגעשטימט אז גאט האט מאכנדיק געגעווירן באנוצט ביידע הענט. און עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק. מיין שיינקייט איז ניט געווען קיין מענטשלאך ווייס־און־רויט, האבן זיי געזאגט, נאר אן אויסדריקלאכער צייכן פון הימלס מאכט. דערנענדיק זיך צו מיר האבן מענער געטראכט פון גאט, ווייל אין מיר, האבן זיי געזאגט, איז זיין פראכט באלעבט געווארן. דאס וואס איך האב פארלאנגט איז געווען ניט גלייך, ניט קרום: עס איז געווען וואונדערלאך. די זאך איז עס געווען וואס די ריטער האבן אין מיר דערזען; די ערבות, בנוגע דער מאכט און גוטסקייט פון זייער גרויסן פאטער, איז עס געווען איבער וועלכער די געבטיקע ריטער זיינען געווען באוואוסט־זיניק דערזעענדיק מיך, און וועגן מענערס נויטיקייט די ווערט צו האבן אזא אפשטאמונג; און עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק.“

האט יורגען געזאגט: „איך האב דאס אלץ ניט געקאנט זען אין דיר, איבער א שאטן וואס האט מיר נאכגעפאלגט. איצט איז צו שפעט, און עס איז א טרויעריקע זאך וואס טוט פאסירן. איך בין געווארן ווי א רודערלאז שיפל וואס גייט פון וועל צו וועל: איך בין פארוואנדלט אין אומפרוכטבאר שטויב וואס א ווירבלווינט קלייבט צונויף און לאזט באלד פאנאנדער. און אזוינאר, א גליקלאכע רייזע דיר, קיניגן געגעווירי, ווארים עס איז א טרויעריקע זאך און א זייער אומגערעכטע זאך וואס טוט פאסירן.“

אזוי האט ער זיך אפגעזעגנט מיט דער טאכטער פון גאגירוואן נאר. און שוין איז זי פארשוואונדן ווי דער פלאם פון אן אויסגעבלאזן אלטאר־ליכט.

## 46. דער באגער פון אנאאיטיס

און ווידער האט קאשטשעי א מאך געטאן מיט דער האנט. דאן איז צו יורגענען געקומען א פרוי וועלכע איז געווען זונדערבאר באַ־נאבט און פערוועז. אירע טונקעלע אויגן האבן געשטראלט: אויף איר קאפ איז געווען א שטיקעריי פון רויטע קאראלן, מיט צווייגן לייכטנדיק אראפצו, און איר טוניק איז געווען פון צווי קאלירן, באשפריינקלט מיט שווארץ און שארלאך, טשיקאווע געמישט.

און אנאאיטיס האט אויך פארגעסן יורגענען, אדער זי האט אים ניט דערקענט אין דעם מאן פון פערציק־און ־עפעס: און אויפס־ניי האט גלויבן דערוואכט אין יורגענס הארץ אז דאס איז געווען די איינציקע פרוי וועמען יורגען האט ווירקלאך ליב געהאט, ווי ער

האַט זיך צוגעהערט צו אַנאַאיטיסן און צו איר געשפּרעך איבער וואונדערבאַרע זאַכן.

איבער דעם לאַר פון טהאַיס האַט זי גערעדט, און פון דער שולונג, איבער סאַפּפאַ, און וועגן די סודות פון רהאַדאָפּ, און וועגן די אבלות נאָך אַדאָניסן: און דער רעפרען פון איר געשפּרעך האַט זיך ניט געטוישט. „ווייל מיר האָבן בלויז אַ קורץ שטיקל צייט צו לעבן, און קיינער ווייס ניט וואָס זיין גליק וועט אויסטראָגן אויף שפּעטער. אַזוי אַז אַ מענטש באַזיצט זיכער גאָרניט אויסער אַ קורצער הלוואה פון זיין אייגענעם גוף. און דאָך איז דער גוף פון מענטש פעאיק אויף פילע זונדערבאַרע פאַרגעניגן. און אַזוי און אַזוי", זאָגט זי. און די העלקאַלירטע פאַרקלערטע פרוי האַט גערעדט מיט פאַרציי־טיקער אויסדריקלאַכקייט פון זאַכן וואָס יורגען, ניט זייענדיק מער ל־אַדע איין־און־צוואַנציק, האָט געפונען פאַר גאַנץ פאַרלעגנדיק.

„קום, קום!" טראַכט ער, „עס האָט קיין זין ניט צו זיין פּראָווינציעל. איך גלויב אַז איך פאַרויטל זיך ממש."

אין דער הויף האָט ער געזאָגט: „האַרציקע מיינע, עס איז געווען — נו, ניט מיט קיין האַלבער שעה צוריק אפילו! — אַ יונג וועלכער האַט געניששטערט גאַנץ אייפעריק נאָך די איבערמעכטיקע פאַרווירונגען וועגן וועלכע דו פלוידערסט. אַבער, אפן גערעדט, ער האַט ניט געקאָנט געפינען דאָס לייב וועמעס באַריר וואָלט דערוועקט אַ וואַנזין. דער יונג האָט געהאַט מעגלאַכקייטן, אויך, לאָמיך דיר זאָגן! האה, איך דערינער זיך מיט צערטלאַכקייט אין דעם פינקל פון אויגן און האָר, און די פריילאַכע קליידער, און די זאַנפטע שטימעס פן די צוויי פאַרליבטע נאַרישע פרויען, אפילו איצט. אַבער ער איז געגאַנגען פון איין פאַר ליפּן צו דער אַנדערער, מיט אַן אייפער וואָס איז שטענדיק געווען האַלב־געמאַכט, און מיט קעגנ־שטעלונגען וואָס האָבן באַוואוסטזיניק אָפּגעקלונגען פון עפּעס אַ ראָמאַנס אָדער אַן אַנדערן. אַזעלכע שטוקעס זיינען געווען אַנגענעם גענוג. אַבער זיי זיינען ניט געווען זייער ערנסט, נאָך אַלעמען. ווארים די זאַכן זיינען אַנגעגאַנגען בלויז זיין גוף: און איך בין מער ווי אַ געביידע פון פליישיקע געריכטן אויפגעבויט פון מיינע ציין. צו פּרעטענדירן אַז וואָס מיין גוף טוט אָדער טראָגט איבער איז פון אַ וויכטיקייט שיינט צו זיין גאַנץ נאַריש ביי היינטיקן טאָג. איך וויל עס גלייכער באַטראַכטן ווי אַ נויטיקע עקלהאַפטע לאַסט וואָס איך האַלט אַז, אויף היפשע קאָסטן און צרות. אַזוינאָך וועל איך מער ניט טומלען וועגן דעם."

אַבער דאַן האָט ווידער קיניגן אַנאַאיטיס גערעדט וואונדער־באַרע זאַכן; און ער האָט צוגעהערט, ברייט־זיניק; ווארים די קיניגן

האט איצט געהערט וועגן דעם וואס איז געווען אירם צו טיילן מיט אים.

„נו, איך האב געהערט“, זאגט יורגען, „אז דו האסט א באקאנטע רעזידענץ אין קאקאאין.“

„אבער דאס איז בלויז א קליינע דאטשע, וואוהין איך פארקלייב זיך אמאל אין זומער, כדי צו לעבן דארפיש. ניין יורגען, דו מוזסט זען מיינע פאלאצן. אין בבל האב איך א פאלאץ וואו פילע וואוינען מיט שטריק ארום זיך און ברענען קלייען פאר וואוילגערוך, בשעת זיי רעכטן זיך אויף דער זאך וואס איז צו פאסירן מיט זיי. אין ארמעניע האב איך א פאלאץ ארומגערינגלט פון אומגעהייערע גערטנער, וואו בלויז פרעמדע האבן א רעכט ארייצוקומען; זיי קריגן דארט א גאסטפריינטלאכקייט וואס איז מער ווי גאלאנט. אין פאפאס האב איך א פאלאץ אין וועלכן עס געפינט זיך א פיראמיד פון ווייסן שטיין, זייער טשיקאווע צו זען; אבער אפילו נאך טשיקאווער איז די סטאטוע אין מיין פאלאץ אין אמאטוהס, פון א באבערדלטער פרוי, וואס ווייזט אנדערע שטריכן וועלכע פרויען באזיצן ניט. און אין אלעקסאנדריע האט איך א פאלאץ וואס ווערט באדינט פון זעקס־און־דרייסיק אויסערגעוויינלאך קלוגע און הייליקע ווענזם און אין וועלכן עס איז באשטענדיק נאכט: און דארטן זוכן לייט ריזיקע פארגעניגנס, אפילו אום דעם פרייז פון א באלדיקן טויט, און דערוואַרבן זיך אויגנבליקלאך צו בײדע. איבעראל שטייען מיינע פאלאצן אייף הויכע ערטער לעבן ים: אזוינאך ווערן זיי דערזען פון העט ווייט פון יענע וועלכע זיינען מיר אמטייערסטן, מיינע שיינע בריט־ברוסטיקע מאטראסן, וועלכע פארכטן אפילו מיך ניט, אבער ווייסן אז אין מיינע פאלאצן וועלן זיי געפינען מערקווירדיקע באשעפטיקונג. ווייל איך מוז דיר דערציילן פון וואס עס איז אנצוטרעפן אין די פאלאצן מיינע, און ווי אנגענעם מיר פארברענגען אונדזער צייט דארט.“ דאן האט זי אים דערציילט.

איצט האט ער זיך צוגעהערט אויפמערקזאמער ווי ווען, און זיינע אויגן האבן זיך פארשכיצלט. און זיינע ליפן זיינען געווען לויז און באוועגלאז און תמ׳עוואטע. און ער איז געווען טיף פארינטערעסירט. ווארים אנאאיטיס האט אויסגעטראכט געוויסע נייע פארוויילונגען זינט זייער לעצט באגעגעניש: און יורגענען, אפילו צו פערציק מיט א שמיצל, איז דער קיניגנס שטים געווען אינגאנצן א שוידערלאכע און מאדנע און וואונדערבארע מוזיק. „זי רייצט מיך ווירקלאך זייער פיין, אויך“, האט ער נאכגעדענקט, מיט א מין שטאלץ איבער איר.

דאן האט יורגען א ברום און א טרייסל געטאן זיך, האלב אין כעס: און ער האט א צופ געטאן די קיניגן אנאאיטיס.

„הארציקע מיינע", זאגט ער, „דו מאלסט א פייערלאך בילד: אבער דו ביסט געגוג דורכגעטריבן אויסצולייען דיינע פארבן פון די טאג־חלומות פון אומדערפארונג. דאס וועגן וואס דו פלאפלסט איז לחלוטין ניט אזוי ווי דו באשרייבסט עס. דו פארגעסט אז דו רעדסט צו א ברייטלאך פארהייראטן מאן פון פארשידענער דערפארונג. אויסערדעם שווידערט מיך צו דענקען פון וואס עס וואלט געשען אויב ליזא זאל פלוצים אריינקומען. און איבעריקנס, דער גאנצער הו־הא וועגן די נאמענלאזע אנטציקונגען און אומאויסשפרעכלאכע אומארמונגען און אנדערע אנאנימע לעבערלאכקייטן שיינט צו זיין גאנץ נאאיוו. מיינע אויערן זיינען באאומרואיקט פון עלאקוועצטע גרויע האר וועמעס טענות זיינען פיל נאנטער ווי דאס ליגנערישע צינגל דיינס. און אזוינאך פארנעם זיך!"

דערביי האט קיניגן אנאאיטיס זייער גרויזאם געשמייכלט, און געזאגט: „זיי געזונט, דאן, יורגען, ווארים עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק. פון איצט אן און וויטער וועסטו מוזען אוועק'פטר'ן געגוג זונליכט דורך אומפארמיידלאכן אויסווייכן פון אומבאקוועמ־לאכקייט און אפגעבן זיך מיט לעבלאכע יתרונות. ווארים איך, און קיינער, נאר איך, קאן אויפוועקן דעם באגער וואס נוצט געגצלאך דעם מאן, און אזוינאך פארשוואנדט גארניט, אפילו אויב עס לאזט דעם אויסדערוויילטן מאן דערנאך אויף שטענדיק ווי בלאס אש אין זונליכט. און מיט דיר האב איך מער ניט פיר, ווארים עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק. פאראייניק זיך מיט דיינע גרויענדיקע מיטמענטשן, דאן! און העלף זיי באשימפן דאס ריינע שטאנדהאפ־טיקע זונליכט, מאכנדיק ראטן און געזעצן און פייערלאכע פראזן מיט וועלכע צו באפרייען די וועלט פון מיר. איך, אנאאיטיס, לאך, און מיין הארץ איז א וועל אין זונליכט. ווייל עס איז ניטא קיין אנדער מאכט ווי מיין מאכט, און קיין לעבעדיקע זאך וואס קאןביישטיין מיין מאכט: און יענע וועלכע שפאטן פון מיר, ווי איך וויים גאנץ גוט, זיינען בלויז די טויטע קווארע שאלאכץ וואס דער ווינט טראגט, מיט שיפנדיקע רוישן, בעת איך זאמל מיין שפע אין העלן זונליכט. ווארים איך בין דער באגער וואס נוצט געגצלאך דעם מאן, און עס איז איך וואס פארלאז דיך אויף אייביק."

האט יורגען געזאגט: „איך האב דאס אלץ ניט געקאנט זען אין דיר, איבער א שאטן וואס האט מיר נאכגעפאלגט. איצט איז צו שפעט, און עס איז א טרויעריקע זאך וואס טוט פאסירן. איך בין געווארן ווי א פאר'חידוש'טער גייסט וואס קוקט צו אין בא־

העלטעניש די טואונגען פון הילכיקע צוגעברענטע וועזנס: און איך בין שטייף פון מידקייט און פארפאסונגען, ווארים איך קאן מער ניט אונטערשיידן וואס אזוינס איך בין, אויך ניט וואס איז מיין באגער. און איך האב מורא אז איך בין שוין טויט. אזוינאך, א גליקלאכע רייזע דיר, קיניגן אנאאיטיס, ווארים דאס, אויך, איז א טרויעריקע זאך און א זייער אומגערעכטע זאך וואס טוט פאסירן".

אזוי האט ער זיך אפגעזעגנט מיט דער זונס טאכטער. און אלע שאטירונגען פון איר שיינקייט האבן א פלאטער געטאן און זיך פארוואנדלט אין דער אייגנשאפט פון א הויכן דינעם פלאם, וואס האט ארויפגעשוועבט; און דאן איז דער פלאם געווארן אויסגעלאשן.

## 47. די זעאונג פון העלען

און צום דריטן מאל האט קאשטשעי א מאך געטאן מיט דער האנט. איצט איז געקומען צו יורגענען א גאלדהאריקע פרוי, געקליידט דורכוויס אין ווייס. זי איז געווען הויך, און ליבווירדיק און צארט אין אויסזען: און אירער איז ניט געווען דער בלוט־און־מילך רייץ פון פילע פרויען וואס זיינען געווען בארימט פאר שיינקייט, נאר גיכער האט זי געהאט דעם דורכויסיקן גלאנץ פון עלפאנטביין. איר נאז איז געווען גרויס און הויך אין שטעג, איר בויגזאם מויל איז געווען ניט פון די קלענסטע; און דאך, וואס אנדערע מענטשן וואלטן געווען געזאגט, איז יורגענען דער פרויס אויסזען געווען אין אלעמען פולקאם. און דערזעענדיק זי האט יורגען געקניט.

ער האט פארהילט זיין געזיכט אין איר ווייס קלייד: און ער איז אזוי פארבליבן, נים רעדנדיק, פאר א לאנגער ווײַלע.

„פרוי פון מיין וויזיע", האט ער געזאגט, און זיין שטים האט צוזאמענגעבראכן — „עס איז דאס פאראן אין דיר וואס דערוועקט אלטע דערינערונגען. ווארים איצט גלויב איך זיכער אז דיין פאטער איז ניט געווען דאס מאנועל נאר דער אייפערדיקער פויגל וואס האט זיך גענעסט לאנג צוריק אין לעדאס שויס. און איצט זיינען טראיס זין אלע אונטער אדעס' אויפזיכט, אין עליון התחתון; פייער האט פארצערט די ווענט פון טראי, און די יארן האבן פארגעסן אירע הויכע באזיגער; אבער נאך אלץ ברענגסטו אומגליק אויף אומגליק צו פארווארלאזטע ליידנדע".

און ווידער האט זיין שטים צוזאמענגעבראכן. ווארים די וועלט האט אויסגעזען אומעטיק, און ווי א הויז וואס קיינער האט נים באוואוינט פאר א לאנגער צייט.

קיניגן העלען, דער נחת פון געטער און מענטשן, האט גארנים געענטפערט, ווייל עס איז ניט נויטיק געווען, אויף אזויפיל ווי דער

מאַן וואָס האָט ווען דערבליקט איר רייץ איז אויסער רעטונג, און אויסער דעם פאַרלאַנג פון צו ווערן גערעט.

„היינט ביינאַכט", זאָגט יורגען, „ווי אַמאָל דורך דעם גרויען כשוף פון פּאָבעטאָרן, איצט דורך דעם ווילן פון קאַשטשעי, שיינסטו צו זיין מיין דערלאָזבאַר גליק. האַה, גנעדיקע, זאָל דאָס זיין מעגלאַך — און איך ווייס גאַנץ גוט עס איז ניט מעגלאַך, וואָס מיינע חושים זאָלן מיך באַנאַכריכטן — בין איך ניט פּאַסיק צו פאָרן זיך מיט דיין פולקאָמנהייט. אין דער טיפעניש פון מיין הארצן באַגער איך מער ניט קיין פולקאָמנהייט. ווייל מיר וואָס זיינען שטייער־צאָלער אַזוי גוט ווי אומשטערבלאַכע נשמות מוזן לעבן מיט פּאָליטישע תירוצים און פאָרמולעס און לאָזונגען וואָס צעטרענצלען אונדזער לעבן ווי מאָילן צענישטשען אַ מלבוש; מיר פאַלן צו אומבאַזינט צום שׂכל הישר ווי צו אַ שפּעצערייַ; און עס באַטויבט און טויט אָפּ אַלץ אין אונדז וואָס איז בונטאַריש און פיין און אוממעסיק; און אַזוינאַך וועסטו ניט געפינען אַ מאַן אין מיינע יאָרן ביי וועמען דאָס לעבן איז ניט קיין מעכאַניזם וואָס פרעסט אַוועק די צייט אומסופלירט. ווּאָרים אין משך פון דער שעה בין איך געוואָרן אויפסנײַ אַ באַשעפעניש פון נוץ און געוואוינהייט; איך בין דער לאַקיי פון פאַרזיכט און כשרות; און איך האָב אַוועקגעשטעלט מיינע חלומות אויף אַ לוקסוס באַזע. דאָך אַפילו איצט ביסטו מיר ליבער ווי עס זיינען מיר ביכער און פוילקייט און חניפה און דער וואוילטעטיקער וויין וואָס פאַרנאַרט מיך אין אַ גינסטיקער מיינונג איבער זיך זעלבסט. וואָס מער קאָן אַן אַלטער דיכטער זאָגן? פאַר דער אורזאַך, גנעדיקע, בעט איך דיך אָפּציען, ווייל דיין רייץ איז אַ נסיון וואָס איך געפין פאַר אומאיבערטרעגלאַך."

אָבער זיין שטים האָט באַגערט, ווּאָרים דאָס איז געווען קיניגן העלען, דער נחת פון גאָט און מענטשן, וועלכע האָט אים באַטראַכט מיט ערנסטע, ליבע אויגן. זי האָט געשיינט צו זען, ווי מען שאַצט אָפּ דעם מוסטער פון אַן אומאויפגעוויקלטן טעפּיך, יעדן טאָט פון יורגענס לעבן: און זי האָט געשיינט, אויך, צו וואונדערן זיך, אַז פאַרוואָרף אָדער קומער, ווי מענטשן קאָנען זיין אַזוי נאַריש, און פון זיך אַליין ווערן אַזוי פאַראומרייניקט.

„אַך, איך האָב פאַרהיפּט מיין זעאונג!" האָט יורגען אויסגעשריען. „איך בין דורכגעפאַלן, און איך ווייס גאַנץ גוט אַז יעדער איינער מוז דורכפאַלן: און דאָך איז מיין שאַנד ניט ווינציקער ביטער. ווּאָרים איך בין פאַרענדערט פון דער צייטס לייטונג! איך שווידער ביים געדאַנק פון לעבן טאָג־איין טאָג־אויס מיט מיין וויזיע, און אַזוי וויל איך דיך ניט האָבן פאַר מיין ווייב".

דאן, ציטערנדיק, האט יורגען אויפגעהויבן צו זיינע ליפן די האנט פון דער וועלכע איז געווען דער וועלטס געליבטע.

„און אזוינאך, א גליקלאכע רייזע דיר, קיניגן העלען! אה, זייער לאנג צוריק האב איך געפונען דיין שיינקייט אפגעשפיגלט אין אן אויסגעלאסענערס געזיכט. און אפט אין א פרוים געזיכט האב איך געפונען אזא אדער אן אנדער שטריך וואס האט זי פארענלאכט צו דיר, און א דאנק וועלכן האב דער פרוי בלאטע ליגנס געזאגט. און אלע מיינע פערזן, ווי איך ווייס איצט, זיינען געווען אומזיסטע אנטצי־קונגען פארזוכנדיק ארויסצורופן דעם באהאלטענעם רייץ וועגן וועלכן איך האב געוואוסט פון בלאסער אויסקונפט בלויז. אך, מיין גאנץ לעבן איז געווען א פליטערדיק זוכעניש נאך דיר, קיניגן העלען, און אן אומגעזעטיקטער הונגער. און פאר א ווײלע האב איך געדינט מיין ווײזע, ערנדיק דיך מיט ריין־הענטיקע טאטן. יא, עס דארף זיכער זיין אויסגעקריצט אויף מיין דענקמאל, ‚קיניגן העלען האט רעגירט דאס ביסל ערד בשעת עס איז ווערט געווען.‘ אבער דאס איז געווען זייער לאנג צוריק.

„און אזוינאך א גליקלאכע רייזע דיר, קיניגן העלען! דיין שיינקייט איז מיר געווען ווי א רויבער וואס האט אויסגעטאן מיין לעבן פון פרייד און זארג, און איך באגער ניט ווען צו טרוימען פון דיין שיינקייט מער. ווארים איך האב ניט געקאנט ליב האבן וועמען. און איך ווייס אז עס איז דו וואס האסט דערצו געשטערט, קיניגן העלען, אין יעדן מאמענט פון מיין לעבן זינט דעם שלימ׳ מזל׳דיקן מאמענט ווען איך האב צוערשט געשיינט צו געפינען דיין רייץ אין דעם געזיכט פון מאדאם דאראטי. עס איז דאס געדעכעניש פון דיין שיינקייט, ווי איך האב זי דאן דערזען אפגעשפיגלט אין דעם געזיכט פון א קאקעטקע, וואס האט מיך אפגעשלאבערט פאר אזא אויפריכ־טיקער ליבע ווי אנדערע מענער גיבן פרויען; און איך בין מקנא די אנדערע מענער. ווארים יורגען האט גארניט ליב געהאט — ניט אפילו דיך, ניט אפילו יורגענען! — מיטן גאנצן הארצן".

„און אזוינאך א גליקלאכע רייזע דיר, קיניגן העלען! פון איצט אן און ווייטער לאז איך זיך מער ניט זוכן קיין זאך; אנשטאט צי־איך זיך נאך באקוועמלאכקייטן ביים קאמין, און שפיל דעם רופא פאר זיך זעלבסט און שטרעב פלייסיק צוריק צו דעם וואס איז קיין חילוק נים, און אין קיין מאנס באגריף ערגעצוואו שיינט די ווערט צו האבן א בעכער געווירצטן ווײן; און צוליב קיין באגריף וואלט איך ניט איינגעשטעלט דעם סדר הדרך וואס איז מיר אזוי נמאס ומאוס. ווארים איך בין פארענדערט פון דער צייטס לייטונג; איך בין געווארן דער לאקיי פון פארזיכט און פשרות; און עס זעט ניט

אוים צו זיין יושר'דיק, אָבער מען קאָן דערצו ניט העלפן. אַזוינאַך איז עס נויטווענדיק איך זאָל זיך אָפּגעזעגענען מיט דיר איצט, קיניגן העלען: וואָרים איך בין דורכגעפאַלן אין דער דינסט פון מיין וויזיע, און איך פאַרלייקן דיך לחלוטין!"

אַזוי האָט ער זיך געזעגנט מיט דעם שוואַנס טאָכטער: און קיניגן העלען איז פאַרשוואונדן ווי אַ ליכטיקער נעפּל פאַרגייט, ניט אָפּ־שיידנדיק שנעל ווי קיניגן געגנעוויר און קיניגן אַנאַאיטיס; און יורגען איז געווען אַליין מיטן שוואַרצן מאַן. און יורגענען האָט די וועלט אויסגעזען אומעטיק, און ווי אַ הויז וואָס קיינער האָט ניט באַוואוינט פאַר אַ לאַנגער צייט.

## 48. אָפּענהערציקע מיינונגען פון פרוי ליזאַ

„עה, מיינע הערשאַפטן!" באַמערקט קאַשטשעי דער אומ־שטערבלאַכער, „אָבער אייניקע פון אונדז איז זיכער שווער צו־פרידנשטעלן."

און איצט איז יורגען גרייט געווען אַוועקצומאַכן מיטן אַקסל די אויגנשיינלאַכקייט פון זיינע געפילן. „אויסקלייבנדיק אַ ווייב, מיין האַר", האָט יורגען אָנגעגעבן, „זיינען פאַראַן אַלערליי מינים זאַכן אין אַכט צו נעמען —"

דאַן איז אַ צעמישעניש אים באַפאַלן. וואָרים עס איז יורגענען איינגעפאַלן אַז זיינע פריערדיקע געשעפטן מיט די דריי פרויען זיינען קאַשטשעיען געווען באַשטימט אומבאַקאַנט. נו, זיכער, קאַשטשעי, וועלכער האָט אַלץ געמאַכט ווי עס איז — קאַשטשעי, ניט ווינציקער — האָט איצט געטאָן פאַר יורגענען קאַשטשעיס בעסטע: און דאָס בעסטע האָט געמיינט צו קריגן פאַר יורגענען וואָס יורגען האָט אַמאָל, מיט דער הילף פון יוגנט און דרייסטקייט, געקראָגן פאַר זיך זעלבסט. ניט אַפילו קאַשטשעי, אויב אַזוי, האָט געקאָנט טאָן מער פאַר יור־גענען ווי עס וואָלט געקאָנט אויפגעטאָן ווערן פון דער יוגנט און דרייסטקייט און נייגונג צו גריבלען זיך אין זאַכן אַלגעמייגלאַך וואָס יורגען האָט ערשט אויפגעגעבן אַלס איבער־מיזאַמע אַנשיקענישן. יורגען האָט געצויגן דעם מוסר השכל, און דעם אַקסל: גאַנץ באַ־שטימט אַז דורכגעטריבנקייט האָט ניט געשטעקט אין סאַמע שפּיץ. ווי־עס־איז איז ניט נויטווענדיק געווען קאַשטשעיען אויפצוקלערן, און קיין חכמה צו פאַרזוכן דאָס.

„— וואָרים דו מוזסט פאַרשטיין, מיין האַר", האָט יורגען פאַר־געזעצט, גלאַטלאַך, „אַז וואָס דער ערשטער אימפּולס פון מאָמענט זאָל ניט זיין, איז עס קלאָר יעדער באַדאַכטזאַמער פערזאָן אַז אין

דער פאַרגאַנגענהייט פון איטלאַכער פון די פרויען איז געווען גענוג צו סוגעסטירן אַן איינגעבוירענע אומשיקלאַכקייט פאַר הויזלעבן. און איך בין אַ פרידלאַכער מענטש, מיין האַר ; אויך האַלט איך ניט פון מאַראַלער לויזקייט, איצט אַז איך בין אַריבער פערציק, סיידן נאַטירלאַך, אין געשפּרעך ווען עס העלפט דער געזעלשאַפטלאַכקייט, און אין פערזן־מאַכעריי וואו עס ווערט פאַררעכנט אַלס אַ קאַנווענציאַנעלע באַפוצונג. דאַך, פרינץ, די גלעגנהייט איך האַב פאַרלוירן ! איך באַצי זיך ניט אויף חייראַט, פאַרשטייסטו דאָך. אָבער אין אַנוועזנהייט פון די באַרימטע שיינהייטן וואָס האָבן פון מיר אָפּגעשידן אויף אייביק, מיט וואָס פאַרא גליענדיקע ווערטער וואָלט איך באַדאַרפט געווען רעדן ! אויף אַ וואונדערלאַכן לייטער פון זין־אומוואַנדלונגען, מעטאַפאַרן און רמזים׳דיקע אַנדייטונגען, צו וואָס פאַרא סטיליסטישע הייכן פון אַזיאַטישער פּראָזע האָב איך באַדאַרפט אַרויפשטייגן ! און אַנשטאָט האָב איך געבעבעט ווי אַ שוללערער. ליזאַ איז זיכער נערעכט, און איך בין אַ טויגעניכטס. אָבער דאָך“, האָט יורגען צוגעגעבן, האָפנונגספול, „עס האָט מיר געשיינט ווען איך האָב זי צולעצט געזען, אַ יאָר צוריק היינט אַוונט, איז ליזאַ געווען עטוואָס ווינציקער באַרעדעוודיק ווי געוויינלאַך“.

„עה, מיינע הערשאַפטן, אָבער זי איז געווען אונטער זייער אַ מעכטיקן כשוף. איך האָב עס געפונען פאַר נויטווענדיק אין די אינטערעסן פון געזעץ און אָרדנונג דאָ־אַרום. איך, וואָס האָב געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען, בין ניט געוואוינט צו די איבערמעסיקייטן פון פּראַקטישע פאַרשווינען ווען עס גייט נאָר אין לעבן צו רעפאָרמירן זייערע אַליאירטע. פאַרוואָר, עס איז איינער פון די פאָרצוגן פון מיין שטאַנד, וואָס אַזעלכע לייט רעכענען זיך ניט מיט זאַכן ווי זיי זיינען, און פאַלגלאַך לאָזן זיי מיך מיט זעלטענע אויסנאַמן צורו“. און איצט האָט דער שוואַרצער מאַן אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. „דו וועסט מיר אַנטשולדיקן, אָבער איך באַמערק אין מיינע רעכענונגען אַז איך האָב זיך פּאַזיטיוו פאַרהאַפט צו פאַרבן דעם יאַרס ווינט־בלומען היינט אַוונט, און אַ גאַנץ היפּש פּלאַנעטן־סיסטעם דאַרף אויפהערן צו פונקציאָנירן האַלב נאָך צען. אַזוי איז די צייט צודרינגלאַך“.

„און די צייט איז אומדערבאַרמיק. פרינץ, מיט אַ גאַנץ געעריקן רעספּעקט, דאַכט מיר אַז עס איז גראָד דעם טרואיזם וואָס דו האָסט פאַרזען. דו שאַפסט די רייצנדסטע פרויען, און אַ באַשטימטן אָנגריף אויף מיין פאַרשטעלונגס־קראַפט ; אָבער דו פאַרגעסט אַז דו באַווייזסט זיי פאַר אַ מאַן פון פערציק־מיט־עפּעס“.

„און איז דאָס גאָר אַ גרויסער חילוק ?“

„אָך, אַ טרויעריקער חילוק, פרינץ. ווייל וואָס אַ מאַן ווערט

עלטער בײַם ער זיך אויף פילע אופנים. ער באַנוצט דעם שווערד און שפּיז מיט ווינציקער געשיקטקייט, און טראָגט ניט אַזאַ שווערן שטאָק מיט וואָס ער האָט אַמאָל געפאָכט. ער נעמט אַ קלענערן אַנטייל אין געשפּרעך, און זײַן פלוס פון הומאָר ווערט פאַרמינערט. ער איז ניט דער אומדערמידלאַכער מאַטעמאַטיקער וואָס געווען, אויב שוין דערפאַר בלויז וואָס זײַן גלויבן אין זײַן פּערזענלאַכער באַגאַבט־קייט ווערט אָפּגעשוואַכט. ער אַנערקענט זײַנע באַגרענצונגען, און פאַלגלאַך די אומוויכטיקייט פון זײַנע מיינונגען, און פּרוואָר אַנערקענט ער די דערלאַזבאַרע אומוויכטיקייט פון אַלע קערפּערלאַכע ענינים. אַזוינאַך גיט ער אויף פאַרזוכנדיק צו באַ־רעפּענען אַלץ, און צעפּטערן און ליכטלאַך זעען אים אויס כמעט דאָסזועלבע; און ער איז געגויגט אויפצוגעבן פילאָזאָפישע עקספּע־רימענטן, און צו לאָזן אַלץ גיין אומדערפונדעוועט. אַך, יאָ, עס איז אַ חילוק". און יורגען האָט אַ גענעץ געטאָן. „און דאַך, נאָך דעם אַלעמען, איז עס אַ דערלייכטערונג, מיין האַר, אין אַ געוויסן זין".

„פונדעסטוועגן", האָט קאַשטשעי געזאָגט, „איצט אַז דו האָסט באַקוקט די בלומען פון פּרויענשאַפט, קאָן איך ניכטער ניט גלויבן אַז דו פאַרציסט דיין ווייב דעם שלאָק."

„פראַנק גערעדט, פּרינץ, בין איך, ווי געוויינלאַך, אומבאַשלאָסן. דו מעגסט זײַן גערעכט איז אַלץ וואָס דו האָסט געדרונגען; און זיכער קאָן איך ניט גיין אַזוי ווייט ווי צו זאָגן אַז ביסט אומגע־רעכט; דאָך, צו דערזעלבער צייט — ! אַלזאָ הער, קאָנסטו מיך לאָזן זען מײַן ווייב פאַר אַ מאָמענט בלויז ?"

דאָס איז געווען ניט שנעלער געפרעגט ווי גע'פועל'ט; ווייל אָט, זיכער גענוג, איז געווען פרוי ליזאַ. זי איז ניט לענגער באַ־גרענעצט געווען מיט שטילן געשפּרעך פון וואָס פּאַראַ דערשטוינ־לאַכן נעקראָמאַנס; און אומגעוויינלאַך פרעסט האָט זי אויסגעזען, נאָך דעם פאַרבייגיין פון יענע רייצנדע פרויען.

„אהא, דו אויסוואורף!" הייבט פרוי ליזאַ אָן, זיך ווענדנדיק צו יורגענען; „און אַזוי האָסטו געדענקט פּטור צו ווערן פון מיר! אַה, אַ טייערער צאַצע ביסטו! און אַ היפּשע דאַנקבאַרקייט קריג איך פאַר מיין קאַרגן און שפּאָרן!" און זי האָט אָנגעהויבן זידלען אויף וואָס די וועלט שטייט.

אָבער זי האָט אָנגעהויבן, עטוואָס צו יורגענס געפלעפטקייט, מיט דער דערקלערונג אַז ער איז געווען אַפילו ערגער ווי די גרעפּן דאַראַטי. דאַן האָט ער זיך דערינערט, אַז אַדאַנק דעם באַגרייפּ־לאַכסטן שלים'מזל'דיקסטן בײַפאַל, איז פרוי ליזאַס לעצט נײַם פון

דער אויסערער וועלט איר איבערגעגעבן געוואָרן פון איר שוועסטער, דעם נאַטאַריוסעס ווייב, מיט אַ חדשים צוועלף צוריק.

און גאַנץ אומדערקלערבאַר האָט יורגען אָנגעהויבן דענקען וועגן דעם ווי אומ'ממשות'דיק עס האָבן אויסגעזען די קוריעזע חדשים וואָס ער האָט אוועקגעשאָנקען אַנדערע פרויען, לגבי די אַל־געוויינלעכע יאָרן וואָס ער און ליזאַ האָבן צוזאַמען דורכגעצאַנקט; וועגן דעם וואוילן און לוסטיקן מיידל וואָס ליזאַ איז געווען פאַר איר הייראַטן אים; ווי גוט זי האָט געקענט זיין געשמאַק אין געקעצכיז און אַלע זיינע קלענסטע פאַרצונג, און ווי געאיבט זי האָט אים צוליב געטאָן אין יענע זעלטענע טעג ווען עס איז קיין זאַך ניט געשען זי צו ערגערן; פון אַלע קנעפּלאַך וואָס זי האָט אָנגענייט, און אַלע זאָקן זי האָט פאַרצירעוועט, און וואָס פאַראַ שטורעם עס האָט אויסגעבראָכן ווען אימיצער אַנדערש האָט געהאַט די העזה יורגענען צו טאַדלען; און וויפיל אומאַנגענעמער — אַלץ אַרום אין אַכט גענומען — דאָס לעבן איז געווען אַז איר ווי מיט איר. זי האָט אויסגעזען אַזוי ניט צופרידן, אויך, די אָרימע נעבאַך, אַז עס איז בלויז געווען צו האָבן מיטלייד אויף איר. און יורגענס שטימונג איז געווען האַלב־בענקשאַפט און האַלב־חרטה.

„איך דענק איך וועל זי צוריקנעמען, פּרינץ" זאָגט יורגען, שטאַרק געדריקט, „איצט אַז איך בין אַריבער פערציק. וואָרים איך ווייס ניט צי עס איז פאַר איר ניט אַזוי שווער ווי פאַר מיר".

„מיין פריינד, פאַרגעסטו וואָס פאַראַ פּאַעט דו וואָלסט געקאָנט זיין, נאָך איצט אַפילו? קיין פאַרנונפטיקער מענטש וואָלט ניט דיספּוטירט אַז די גנזעלשאַפט און דער ליבלאַכער געשפּרעך פון פרוי ליזאַ מוזן נאַטירלאַכערווייז זיין אַ באַדערפעניש."

אָבער פרוי ליזאַ האָט שטענדיק פאַריבל געהאַט אויף לאַנגע ווערטער. „שטיל זיי, דו שוואַרצער ליגן, און פאַרוף זיך ניט אויף אַזעלכע שענדלאַכע זאַכן אין דער אָנוועזנהייט פון ערווידיקע מענטשן! וואָרים איך בין אַן אַנשטענדיקע קריסטלאַכע פרוי, וויל איך זאָלסט פאַרשטיין. אָבער איטלאַכער ווייסט דיין רעפּוטאַציע! און אַ גאַנץ פּאַסיקער קאַמפּאַניאָן ביסטו פאַר דעם ליידאַק אַ־דאָרטן! און עס איז ניט אויסצודערציילן פון דיר!"

אויף אַזאַ צופעליקן אופן, און פאַרהעלטניסמעסיק מילד, האָט פרוי ליזאַ זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט קאַשטשעיען, וועלכער האָט גע־מאַכט אַלע זאַכן ווי זיי זיינען, וואָרים זי האָט געגלויבט אַז ער איז בלויז דער שטן. און צו איר מאַן האָט פרוי ליזאַ זיך געווענדט איצט געניויער:

„יורגען, איך האָב דיר שטענדיק געזאָגט, דו וועסט קומען

דערצו, און איצט האָף איך אַז דו האָסט געהאַט דיין ערלאַך אויס־קומעניש. יורגעו, שטיי ניט דאָרטן מיט אַ צעעפנט מויל, ווי אַ צעשראָקענער פיש, ווען איך שטעל דיר אַ געהעריקע פראַגע! נאָר ענטפער ווען מען רעדט צו דיר! יאָ, און דו דאַרפסט זיך ניט אָנשטרענגען אויסצוזען אַזוי אידיאָטיש אומשולדיק, יורגעו, וואָרים עס עקלט מיך פון דיר. ווייל דו האָסט געהערט, יורגעו, גאַנץ גוט וואָס דיין זייער פאַסיקער פשעיאַטשעל האָט נאָר וואָס געזאָגט וועגן מיר, מיט מיין מאַן שטייענדיק דערביי. ניין — איצט בעט איך דיך — פרעג מיך ניט וואָס ער האָט געזאָגט, יורגעו! איך לאָז עס צו דיין געוויסן, און איך וויל גלייכער מער ניט רעדן וועגן דעם. דו ווייסט אַז ווען איך אַנטוויש זיך איינמאָל אין אַ מענטשן האָב איך מער מיט דעם מענטשן ניט צו טאָן. אַזוינאָך, גליקלאַכערווייז, איז פאַר דיר ניט נויטיק צו פאַרוויקלען די יראה אין שמד־שטיק, וואָרים אויב מיין אייגענער מאַן האָט ניט קיין מענערישע געפילן, און קאָן מיך ניט פאַרטיידיקן פון זלזולים און נידעריקער געזעלשאַפט, איז גלייכער איך זאָל אהיימגיין און פאַרפאַרטיקן וועטשערע. איך מעג זאָגן אַז דאָס הויז איז מסתם ווי אַ חזיר־שטאַל: און איך קאָן זען קוקנדיק אויף דיר אַז דו האָסט אַ תל געמאַכט פון דיינע אויגן לעזנ־דיק אין בעט אויפסניי. און צו דענקען פון דיין אַרומגיין עפנטלאַך, אפילו צווישן אַזעלכע חברים, מיט אַן אָפּגעריסן קנעפּל ביים העמד".

זי איז אַנטשוווּנדן פאַר איין שוידערלאַכן מאָמענט; דאַן האָט ליזא גערעדט אין אייז־קאַלטער פאַרצווייפלונג.

„און איצט ווי איך קוק זיך איין אין העמד פרעג איך דיך, אדרבה, יורגעו, דענקסטו אַז אַ מאַן אין דיינע יאָרן האָט וואָס פאַרא רעכט אַרומצוגיין אין אַ העמד וואָס קיינער — אין אַ העמד וואָס — אין אַ העמד וואָס איך קאָן בלויז — אַך, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געזען אַזאַ העמד! און אימיצער אַנדערש אויך ניט! דו קאָנסט זיך איינפאַך ניט פאָרשטעלן וואָס פאַרא פאַרזעעניש דו קוקסט אויס אין דעם, יורגעו. יורגעו, איך בין געווען געדולדיק מיט דיר; איך בין איינגעגאַנגען אויף אַ היפּש ביסל, גאָרניט זאָגנדיק ווען ביי פילע פרויען וואָלט דער געדולד געפּלאַצט; אָבער איך קאָן דיר איינפאַך ניט דערלויבן אויסצוקלייבן דיינע אייגענע קליידער, און אַזוינאָך אַ תל מאַכן פון געשעפט און אַרויסנעמען דאָס ברויט פון אונדזערע מיי־לער. אין קורצן, דו ביסט געניג צו טרייבן אַ מענטשן צו משוגעת; און איך וואָרן דיך אַז איך וועל קיינמאָל ניט האָבן מער צו טאָן מיט דיר."

פרוי ליזא איז ווירדיק צוגעגאַנגען צו דער טיר פון קאָשטשעים קאַנטאָר.

„טאַ קאָנסטו גיין מיט מיר אָדער נים, פּונקט ווי עס געפעלט דיר.
מיר איז אַלץ איינס. איך פאַרזיכער דיך, נאָך די גרויזאַמע זאַכן וואָס דו האָסט געזאָגט, און ווי דו ביסט מיך באַפאַלן, און דער־מוטיקט דעם אויסגעשריענעם שוואַרציאַר צו באַליידיקן מיך מיט אַזעלכע אויסדרוקן וואָס איך, למשל, וואָלט נים פאַרשמוצט מיינע ליפּן מיט איבער׳חזר׳ן. איך צווייפל ניט אַז דו באַטראַכסט דאָס אַלץ פאַר זייער קלוג און צמוזאַנט, אָבער דו ווייסט איצט וואָס איך דענק וועגן דעם. און אין אַלגעמיין, אויב דו פילסט ניט אַז די אַנשטרענגונג וועט דיך אוועק׳הרג׳ענען, וואָלסטו גלייכער אַהיים געגאַנגען מיט דעם לאַנגן וועג, און אָפּגעשטעלט זיך ביי דער שוועסטער און געבעטן ביי איר צו געבן דיר אַ האַלב פונט פוטער; וואָרים איך קען דיך צו גוט פאַרצושטעלן זיך אַז דו זאָלסט האָבן היימיש אויסגעשלאָגענע."

פרוי ליזאַ האָט דאַ באַוויזן אַזאַ פּרעכטיקן מין געלעכטער ווי עס איז אומבאַגרייפלאַך פאַר בחורים.

„דו זאָלסט אויסשלאָגן פוטער בשעת איך בין ניט אין דער היים! — אַך, גיין, ניט דו! עס איז אָפּילו אַזויפיל ווי אַן איי אין הויז ניטאָ. וואָרים מיין הייסער און ווייסער האָט געהאַט אַנדערע פיש צו פּרעגלען, אין זייגע וואוילע נייע אויסגעפּוצטע בגדים. און דאָס — און אויף אַ מאָן פון דיין עלטער, מיט אַ בייכל ווי אַ בירפאָס און מיט פיס ווי רער־שטענגלאַך! — יאָ, דאָס נבזה׳דיקע העמד דיינס איז די אורזאַך פאַרוואָס זאָלסט בעסער, פאַר דיין אייגענער באַקוועמלאַבקייט וועגן, אַהיים קומען מיט דעם לאַנגן וועג. ווייל איך וואָרן דיך, יורגען, אַז דער אופן אין וועלכן איך האָב דיך גע־כאַפּט אַן אויסגעפּוצטן האָט מיך געמאַכט צו באַשליסן, איידער איך ביי אַהיים אָדער ערגעץ אַנדערש, אָפּצושטעלן זיך פאַר אַ דורכשמועס מיט דיין הויכווירדיקער און מעכטיקער מאַדאַם דאַראָטי. איז טאַקע גלייכער אַז זאָלסט ניט מיטגיין מיט מיר, וואָרים דו קאָנסט מיר מער ניט פאַרבלענדן די אויגן, און איר ביידע באַדאַרפט קיינמאָל ניט דענקען פון צו נאַרן מיך מכח דעם וואָס טוט זיך צווישן אייך. ניין, יורגען, דו קאָנסט מיך מער ניט נאַרן; וואָרים איך קאָן דיך לייענען ווי אַ בוך. און אַזאַ אויפפיר, אין דיינע יאָרן, הייבט מיך ניט אָן צו וואונדערן, וואָרים עס איז פּינקטלאַך דאָס אויף וואָס איך האָב זיך גערעכנט פון דיר."

דערמיט איז פרוי ליזאַ אַרויס דורך דער טיר און אַוועקגע־גאַנגען, אַלץ רעדנדיק. עס איז געווען פון העטמאַן מייקלס ווייב וואָס יורגענס ווייב האָט גערעדט, באַשפּרעכנדיק פערזענלאַכע שטריכן, און פאַרגאַנגענע זאַכן, און (מיט מער ברען) דאָס גע־

שטאלט און אויסזען פון מאדאם דאראטי, ווי די אלע אפשיילאב־
קייטן זיינע דערשינען דעם אורטיילנדיקן אויג, און מוזן אנטפלעקט
ווערן דורך דער שפראך פון אפנהערציקייט, ווי אן ענין פון גע־
זעלשאפטלאכער פליכט.

אזוינאַד איז פארגאנגען פרוי ליזא, ניט ווי א פלאם און ניט
ווי א נעפל, נאר ווי די אורטייל־שטים.

## 49. פון דער פשרה מיט קאשטשעיען

„פיו !" האט קאשטשעי געזאגט, אין דער נאכפאלגנדער שטיל־
קייט : „פארבלייב גלייכער דא איבער נאכט, יעדנפאלס. איך גלויב
ווירקלאך, פריינד, אז דו וועסט פילן באקוועמער, גראד איצט ווי־
ניקסטן, אין דעם שטילן הויז".

אבער יורגען האט אויפגעהויבן זיין הוט. „ניין, איך דענק אז
איך, אויך, זאל גלייכער גיין." זאגט יורגען. „איך דאנק דיר זייער
הארציק פאר דיין פארבארייטער גוטסקייט, מיין האר, דאך ווייס
איך ניט צי עס איז ניט בעסער אזוי ווי עס איז. און איז פאראן
עפעס" — יורגען האט איידל א הוסט געטאן — „און איז פאראן
עפעס צו באצאלן, מיין האר ?"

„אה, א שיבוש, ערשטנס, פאר א יאר קעסט פאר פרוי ליזא.
זעסטו, יורגען, דאס איז אן אלמעכטיק פיין העמד וואס דו טראגסט:
עס געפעלט מיר גראד ; און איך מאל מיר, פון עפעס וואס דיין ווייב
האט נאר וואס פארלוירן, אז עס האט ניט געמאכט אויף איר דעם
איינדרוק ווי עס וואלט זיך דיר גאנץ געפאסט. אזוינאַד, אין די
אינטערעסן פון שלום־בית, לאמיר זאגן, אז דו לייזסט אוים פרוי ליזא
מיט דעם פיינעם העמד דיינעם ?"

„נו גערן", האט יורגען געזאגט, און ער האט אראפגענומען דאס
העמד פון נעסוס.

„דו האסט עס געטראגן פאר א היפשער צייט, פארשטייו איך",
האט קאשטשעי געזאגט, פארטראכטערהייט ; „און האסטו ווען בא־
מערקט אן אומבאקוועמלאכקייט טראגנדיק דעם בגד ?"

„ניט וואס איך האב געקאנט באמערקן, פרינץ ; עס איז אויף
מיר געוועז ווי אנגעמאסטן, און האט געשיינט צו מאכן דעם געהע־
ריקן איינדרוק אויף איטלאכן."

„אט !" האט קאשטשעי געזאגט ; „דאס איז וואס איך האב
שטענדיק באהויפט. פאר דעם שטארקן מאן, און פאר געזונטע
זאכלאכע מענטשן אין אלגעמיין, איז עס א פאטאל ערגערניש ;
אבער אזעלכע ווי דו קאנען טראגן דאס העמד פון נעסוס גאנץ

קאמפארטאבל פאר א לאנגער, לאנגער צייט, און ווערן אלגעמיינ־
לאך באוואונדערט; און דו פארענדיקסט מיט אויסטווישן דאס פאר
דיין ווייבס געזעלשאפט. אבער איצט, יורגען, מכח דיר זעלבסט.
דו האסט מסתם באמערקט אז מיין טיר איז באצייכנט ׳איינטריט
פארבאטן׳. מען מוז דאך האבן רעגלען, ווי דו ווייסט. אפטמאל איז
עס א שטערונג, אבער דאר רעגלען זיינען רעגלען; און אזוי מוז איך
דיר זאגן, יורגען, עס איז ניט דערלויבט קיינעם צו פארלאזן מיך
אומפארקריפלט, אויב ניט ממש פארניכטעט. מען מוז דאך,
ווייסט, האבן רעגלען!“

„דו וואלסט אפגעהאקט אן ארעם? אדער א האנט? אדער א
גאנצן פינגער? אלזא הער, פרינץ, קערסט אודאי שפאסן!“

קאשטשעי דער אומשטערבלאכער איז געווען זייער ערנסט ווי
ער איז דארט געזעסן, אין מעדיטאציע, פויקנדיק מיט זיינע לאנגע
פעך־שווארצע פינגער אויף דער טיש־דעק וואס איז געווען זונדערבאר
געפלאסטערט מיט דרייסיק שטיקלאך זילבער. אין לאמפשיין האבן
זיינע שארפע נעגל זיך געמיניעט ווי פלאם־שפריצלאך, און דער
קאליר איז פלוצים אנטפאלן פון זיינע אויגן, אזוי אז זיי האבן
זיך געוויזן ווי קליינע ווייסע אייעלאך.

„אבער, כיענטש, ווי מאדנע דו ביסט!“ האט קאשטשעי געזאגט,
באלד; און לעבן אין צוריק אריינגעשוואומען אין זיינע אויגן, און
יורגען האט זיך גענומען די פרייהייט אפצואטעמען. „אינווייניק,
מיין איך. נו, עס איז קוים עטוואס פארבליבן. אלזא רעגלען זיינען
רעגלען, פארשטייט זיך; אבער דו, וואס ביסט דאס רעשט פון א
דיכטער, מעגסט נעמען אפשיד אומגעשטערט ווען נאר דו ווילסט,
און איך וועל גארניט נעמען פון דיר. ווייל ווירקלאך איז נויטיק
צו וויסן דעם חילוק וואו און ווען.“

יורגען האט נאכגעדענקט דער בארמהערציקייט; און מיט א
ווייטיקדיק הארץ האט ער געשיינט צו פארשטיין. „יא, דאס איז
מסתם דער אמת; ווארים איך האב ניט אנגעהאלטן דאס גלויבן,
אויך ניט דעם באגער, אויך ניט די וויזיע. יא, דאס איז מסתם דער
אמת. מילא, אלנפאלס, פרינץ, האב איך גאנץ אומפארשטעלט באַ־
וואונדערט יעדע פון די פרויען פאר ועמען דו ביסט געווען פריינט־
לאך געגוג מיך פארצושטעלן, און זייערע פארשלאגן האבן מיר
היפשלאך געשמייכלט. אבער עס וואלט ווירקלאך ניט געטויגט פאר
מיר אנצוהייבן זיך איצט מיט וועמען פון זיי. ווארים ליזא, זעסטו,
איז מיין ווייב. א היפש ביסל איז פאריבער צווישן אונדז, מיין האר,
אין די לעצטע צען יאר — און איך בין געווען א ביטערע אנטוישונג
פאר איר, אויף פילע אופנים — און איך בין פארוואוינט צו איר—“

דאן האט יורגען באטראכט, און געקוקט אויף דעם שווארצן מאן מיט געמישטער קנאה און מיטלייד. „אך, ניין, דו וועסט מסתם ניט פארשטיין, מיין האר, איבער דיין ניט זיין, מאל איך מיר, א פארהייראטע פערזאן. אבער איך קאן דיך פארזיכערן אז עס איז שטענדיק זייער ענלאך דערצו."

„מיר פעלן גרונדן אפצואווייזן דיין אפארזים", האט קאשטשעי באמערקט, „אויף אזויפיל ווי דאס פארהייראטע לעבן איז זיכער ניט איינגעשלאסן אין מיין פארשאלטנקייט. פונדעסטוועגן וועט ביי א צושויער אייער ביידנס אויפפירונג אויסזען מערקווירדיק. איך האב ניט געקאנט פארשטיין, למשל, ווי אזוי דיין ווייב האט פארגעשלאגן דו זאלסט זיך איר קיינמאל אויף די אויגן ניט ווייזן און דאך עסן וועטשערע מיט איר היינט אוונט; אויך ניט פארוואס זי זאל פאר־לאנגען מיטצועסן מיט אזא אויסוואורף ווי זי האט געמאלן מיט אזא אומגעצוימטער בייסיקייט און טאדלונג".

„אך, אבער צוריקגערעדט, איז עס שטענדיק גאנץ ענלאך דערצו, מיין האר. און דער אמת פון דעם, פרינץ, איז א גרויסער סימבאל. דער אמת פון דעם איז, מיר האבן געלעבט צוזאמען אזוי לאנג אז מיין ווייב האט מיך נאריש ליב געקראגן. אזוינאך איז זי ניט, ווי מען קאן זאגן, גאנץ פארנונפטיק אין מיין באצוג, ניין, מיין האר, עס איז אנגענומען ביי פרויען אוועקצואווארפן העפלאכקייט אין באצוג צו יענע פאר וועמען זיי פלאגן זיך אמגערנסטן; און וועמען א פרוי טוט ליב האבן טוט זי באשטראפן, נאך א גוטן פארפאל."

„אבער דאס רעדן אירס, יורגען, האט אין ערגעץ ניט קיין פארפאל. וואס, עס באטויבט, עס שווידערט אויף, עס פארטרענקט דיך אין אן אויפגעראלטן ים פון אויסזעצן חסרונות; און מיט איין ווארט, דו קאנסט זיך פונקט אזוי גינסטיק קעגנשטעלן א שטורעמווינט. דאך, ווילסטו זי צוריק! אלזא זיכער, יורגען, איך דענק ניט צו הויך וועגן דיין חכמה, אבער פון דיין געוואגטקייט בין איך דערשטוינט."

„אך, פרינץ, עס איז ווייל איך קאן שפירן אז אלע פרויען זיינען דיכטער, כאטש דער מעדיום וואס זיי באנוצן איז ניט שטענ־דיק טינט. אזוי איז אין דעם מאמענט וואס ליזא ווערט פריי פון דעם אויף וואס, בדרך משל, מיין האר, אומבאדאכטזאמע מענטשן קאנען, אויף זייער ניט איבערלייגטן אופן, זיך באציען אלס די שרעקן פון אן אונטערגרונד־אינסטיטוציע וואס, איך צווייפל ניט פאר א רגע, ווערט אנגעפירט לויט א סיסטעם וואס פארגינסטיקט די אינטערעסן פון איטלאכן און שפיגלט אזוינאך אפ אן אומגהייערן קרעדיט אויף זיינע באאמטע, אויב דו וועסט מיר אנטשולדיקן מיין

אפגהערציקייט" — און יורגען האט א ליבלאכן שמייכל געטאן, — „נו, אין יענעם מאמענט נעמען ליזאס געדאנקען אן דעם פורעם זייער פיל ענלאך צו דעם הויכן אנקלאגנדיקן סטיל פון ירמיהו און עמוס, וועלכע זיינען געווען מערקווירדיקע פיינע דיכטער. אירע ענד־לאכע באמערקונגען איז באצוג צו דער גרעפין דערהויפט. באטראכט איך אלס מוסטער פון אזא אויסגעהאלטענער באשימפונג ווי עס איז זעלטן אנצוטרעפן אין דעם דעגענערירטן דור. נו, איר קינפ־טיקער פארזוך אין שעפערישער קאמפאזיציע איז מיין ווערשערע. וואס וועט זיין פונקט אזא לעבהאפטע אימפראוויזאציע. מארגן וועט זי מיר פארצירעווען און אויפנייען אן עפיס ; און אירע צימעסן וועלן ווייטער זיין אין דער ברייטער לירישער שטימונג. אזעלכע, מיין האר, זיינען די פאעמעס פון ליזא, אלע אדרעסירט צו מיר, וואס בין געשטאנען אזוי נאנט ארומצושטוצן מיט לאדע קיניגנס !"

„וואס, איז עס מעגלאך אז דו האסט געוויסנביסן ?" האט קאשטשעי געזאגט.

„א, פרינץ, ווען איך באטראכט שטאנדהאפטיק ווי טיף און ווי מעכטיק עס איז די איבערגעבנקייט וואס האט, פאר אזויפיל יארן, מיד צוגעזען, און אויסגעהאלטן די געזעלשאפט פון דער פערזאן ווען איך קען געגוי אלס דער נודנעסטער און אויפרעגנד־סטער צווישן אלע, שטיי איך א געפלעפטער, פאר א וואונדער. און איך שריי אוים : אך, זיכער א געטן ! און איך קאן ניט געדענקען א קיניגן וועלכע איז ווערט דערמאנט צו ווערן אין דעמזעלבן אטעמצוג. האה, מיר אלע דיכטער שרייבן היפשלאך וועגן ליבע : אבער קיינער פון אונדז קאן ניט באגרייפן דעם פולן זין פון ווארט ביז ער דערמאנט זיך אז דאס איז א ליידנשאפט מעכטיק גענוג צו באוועגן א פרוי צו הויזן מיט אים."

„אפילו אזוי שיינט עס ניט צו באוועגן א גאנץ גרינטלאכע פארטרויאונג. יורגען, עס האט מיד געקימערט צו זען אז פרוי ליזא פארדעכטיקט דיך ווארשיינלאך אין נאכלויפן עפעס אן אנדער פרוי אין דיין ווייבס אפוועזנהייט".

„איצט באטראכט עס נאר ! און דו האסט אליין געזען ווי וויניק די שענסטע פרויען האבן מיך געקאנט אנרעגן. דאך אפילו ליזאס לעכערלאכן באגריף קאן איך פארשטיין און פארגעבן. און ווידעראמאל, דו וועסט מסתם ניט פארשטיין מיין פארזען אזא זאך, מיין האר, צוליב דעם וואס דו ביסט אן אומפארהייראטע פערזאן. פונדעסטוועגן איז מיין פארגעבונג אויך א גרויסער סימבאל".

דאן האט יורגען א זיפץ געטאן און זיך אפגעוויטעט, גאנץ

פארזיכטיק, מיט קאשטשעיען, וועלכער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען; און יורגען האט זיך געלאזט ארויס פון קאנטאר.

„אבער איך וועל דיר באגלייטן א טייל פון דעם וועג", זאגט קאשטשעי.

און קאשטשעי האט אויסגעטאן זיין כאלאט, און ער האט אנגעטאן דעם פיינעם פאזומענט אויבערראק וואס איז געהאנגען איבער דעם רוקן פון א מאדנע אויסזעענדיקן שטול מיט דריי פיסלאך. איטלאכס פון א פארשידענעם מעטאל; דאס העמד פון נעסוס האט קאשטשעי צונויפגעפאלבט און אוועקגעלייגט אין א זייט, זאגנדיק אז שפעטער אמאל וועט ער עס פיליכט קאנען ווי־עס־איז באנוצן. און קאשטשעי האט זיך אפגעשטעלט ביי דער שווארצער שולברעט און נאכדענקענדיק זיך געקראצט אין קאפ. יורגען האט געזען אז די ברעט איז כמעט געווען באדעקט מיט ציפערן וואס זיינען נאך ניט געווען אונטערסומירט: און די ברעט האט אים אויסגעזען אלס די מורא'דיקסטע זאך וואס ער האט ערגעץ באגעגנט.

דאן איז קאשטשעי ארויסגעקומען פון דער הייל מיט יורגענען. קאשטשעי האט געשפאנט מיט יורגענען קווער דער אמנעראן פוסטיע, און דורך מארוועז, אין דעם שפעטן אוונט. און קאשטשעי האט גערעדט ווי זיי האבן געהאלטן אין גיין; און א מאדנע זאך האט יורגען באמערקט, און עס איז געווען וואס די לבנה האט געזונקען אין מזרח, גלייך ווי די צייט וואלט געווארן פריער און פריער. אבער יורגען האט ניט געוואגט אויסצוזעצן קעגן דעם, אין דער אנוועזנהייט פון קאשטשעי, וועלכער האט געמאכט זאכן ווי זיי זיינען.

„און איך פארוואלט אלץ אזוי גוט ווי איך קאן, יורגען. אבער עס ווערט שרעקלאך פארפלאנטערט צומאל. עה, מיינע הערשאפטן, איך האב ניט קיין קאמפעטענטע געהילפן. איך דארף אלץ באזארגן. אבסאלוט אלץ. און פארשטייט זיך, בשעת אין א געוויסן זין בין איך אומפעלבאר, קומען דאך פאר טעותים פון צייט צו צייט אין דעם ממשות'דיקן אויסארבעטן פון פלענער וואס זיינען אין אבסטראקט רעכט גענוג. אזוי פרייט מיך ווירקלאך צו הערן אימיצן ארייננשטעלן א גוט ווארט פאר זאכן ווי זיי זיינען, ווארים, צווישן אונדז גערעדט, טראגט זיך אום א היפש ביסל אומצופרידנקייט. און עס האט מיך אויפריכטיק אנטציקט, נאר וואס, צו הערן דיך אפרופן זיך פאר שלעכטס אין אנזיכט פון דעם געמיינעם מאנאך. אזוינאך דאנק איך דיר און דאנק דיר פיל מאל, יורגען, פאר דיין גוט ווארט."

„ ,נאר וואס !' ". טראכט יורגען. ער האט דערשפירט אז זיי זיינען פארביינגעגאנגען דעם ציסטערנעם מאנאסטיר, און האבן זיך

דערנענט צו בעלגאַרד. און עס איז געשען ווי אין חלום וואָס יורגען האָט געזעדט. „וועמען ביסטו, און פאַרוואָס דאַנקסטו מיר?“ פרעגט יורגען.

„מיין נאָמען איז ניט וויכטיק. אָבער דו האָסט אַ גוט האַרץ, יורגען. זאָל דיין לעבן זיין פריי פון זאָרג“.

„באַהיט אונדז פון לייד און בייז, פרינצעסע, אָבער איך בין שוין פאַרהייראַט —“ דאָן איז יורגען אַנטשלאָפן אַרויס פון דעם צויבער וואָס האָט אים פאַרנעפּלט. „אַלזאָ הער, פרינץ, הייבסט אָן אַלץ אויפסניי? ווארים איך קאָן מער ניט אויסהאַלטן פון דיינע וואַוילטאַטן.“

קאַשטשעי האָט געשמייכלט. „ניין יורגען, איך הייב ניט אָן אַלץ אויפסניי. ווייל ערשטנס האָב איך קיינמאָל ניט אָנגעהויבן, און דאָן איז ניטאָ קיין וואָר וואָרט אין אַלץ וואָס דו געדענקסט פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. קיינס פון די אַלע זאַכן האָט ווען פּאַסירט.“

„אָבער ווי קאָן דאָס זיין, פרינץ?“

„פאַרוואָס זאָל איך דיר אויסזאָגן, יורגען? זאָל געניגן, אַז וואָס איך באַוויל איז ניט נאָר פּאַסירט עס, נאָר האָט שוין פּאַסירט, אויסער דעם אורעלטסטן געדעכעניש פון מענטש און זיין מוטער. ווי אַנדערש קאָן איך זיין קאַשטשעי? און אַזוינאָך, זיי דיר געזונט, אַרימער יורגען, מיט וועמען קיין זאַך דערהויפּט טוט איצט ניט פּאַסירן. עס איז ניט געדעכטיקייט וואָס איך גיב דיר איצט, נאָר עפּעס אומגעהייער אָננעמבאַרער, דיר און דיין גלייכן“.

„נו, גאַנץ געווים!“ זאָגט יורגען. „איך מאָל מיר אַז קיינעם גייט ערגעצוואו געדעכטיקייט ניט שטאַרק אָן. טאָ גיי דיר געזונט, פרינץ. און ביי אונדזער אָפּשיד שטעל איך דיר מער קיין פראַגן ניט, ווייל איך שפיר אַז אַ מענטש קריגט אַ גאַנץ מאָגערע באַפרידיקונג פון אויספרעגן קאַטשעיען, וועלכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען. איך וואונדער זיך וואָס פאַרא פאַרגעניגן דו קריגסט אַרויס פון דעם אַלעמען?“

„עה, מיינע הערשאַפטן“, זאָגט קאַשטשעי, מיט ניט דעם אָפּגעהערציקסטן שמייכל, „איך באַטראַכט דאָס שוישפּיל מיט פּאַסיקע געפילן.“

און אַזוי רעדנדיק האָט קאַשטשעי פאַרלאָזט יורגענען אויף אייביק.

„דאַך ווי קאָן איך זיין זיכער“, האָט יורגען געדענקט, בזו הרגע, „אַז דער שוואַרצער מאַן איז ווירקלאַך געווען קאַשטשעי? ער האָט געזאָגט ער איז? נו, יאָ; און האָרווענדיל האָט אויך

גאַנץ בלאַט מיר געזאָגט אַז האַרוועַנדיל איז קאַשטשעי. אהא, און וואָס נאָך האָט האַרוועַנדיל געזאָגט! —„דאָס איז איינער פון דעם ראָמאַנען־שרייבערס ערווירדיקסטע מיטלען וואָס ווערט אָנגעווענדט.' נו, און אַט איז געווען סמאַיט פון גלאַטיהאַן, אויך, אַזוי אַז דאָס איז צום דריטן מאָל ווי מען פּטר'ט מיך אָפּ מיט דער אויסטייטשונג אַז איך האָב גע'חלומ'ט! און פּאַרלאָזט אַז אַ באַווייז, אַזוי אָדער אַנדערש."

אַזוינאַך יורגען, אַן אויפגעקאָכטער, און דאַן האָט ער זיך צעלאַכט. „נו, אָבער זיכער! איך האָב פילייכט גערעדט פּנים אל פּנים מיט קאַשטשעיען, ווילכער האָט געמאַכט זאַכן ווי זיי זיינען; און ווידער, פילייכט ניט. דאָס איז די הויפּט זאַך דערפון — דער שמאַנט, אַזוי צו זאָגן, פון דעם שפּאַס — אין וואָס איך קאָן קיינמאָל זיכער ניט זיין. מילאַ!" — און יורגען האָט דערביי אַ צי געטאָן מיטן אַקסל — „מילאַ, און וואָס איז צו דערוואַרטן פון מיר איך זאָל טאָן מכח דעם?"

## 50. דער מאָמענט וואָס האָט זיך ניט גערעכנט

און דאָס איז ווירקלאַך די גאַנצע מעשה אויסער דעם מאָמענט וואָס יורגען האָט זיך אָפּגעשטעלט אהיים צו־וועגנס. וואָרים קאַשטשעי (אויב עס איז, פאַרוואָר, געווען קאַשטשעי) האָט פאַרלאָזט יורגענען פּונקט ווי זיי האָבן זיך דערנענט צו בעלגאַרד: און ווי דער מלוה האָט געשפּאַנט איינער אַליין אין דעם אָנגענעמען אַפּריל אָוונט האָט אים אימיצער אַ רוף געטאָן פון דער טעראַסע. אַפילו אין דעמער האָט ער געוואוסט אַז דאָס איז געווען די נרעפן דאָראָטי.

„קאָן איך רעדן מיט דיר פאַר אַ מאָמענט?" זאָגט זי.

„גאַנץ גערן, מאַדאַם." און יורגען האָט אַרויפגעשטיגן פון דעם פורוועג צו דער טעראַסע.

„איך האָב געדענקט אַז דו ביסט קרוב צו עסן וועטשערע. טאַ האָב איך דאָ געוואַרט ביז דיין פאַרבייגיין. פאַרשטייסטו, עס איז ניט גאַנץ באַקוועם פאַר מיר דיך צו זוכן אין דיין לאַמבאַרד."

„נו זיכער, ניין, מאַדאַם. עס איז פאַראַן אַ פאַרורטייל", האָט יורגען געזאָגט, ניכטער. און ער האָט געוואָרט.

ער האָט געזען אַז מאַדאַם דאָראָטי איז געווען פולקאָם רואיק, דאָך באַזאָרגט אָפּצופּאַרטיקן דעם עסק. „דו מוזסט וויסן", האָט זי געזאָגט, „אַז מיין מאַנס געבורטסטאָג דערנענט זיך, און איך וויל אים איבעראַשן מיט אַ מתנה. עס איז דערפאַר נויטיק אַז איך זאָל

קריגן אביסל געלט ניט באַאומרועגדיק אים. וויפל — אפשיילאַכער פּראַצענטניק! — קאָנסטו מיר אוואַנסירן אויף דעם האַלדזבאַנד?"

יורגען האָט אים אויסגעדרייט אין זיין האַנט. עס איז געווען אַ שיין שטיקל צירונג, באַקאַנט צו אים ווי דאָס פּריערדיקע אייגנטום פון העטמאַן מייקלס מוטער. יורגען האָט אָנגערופן אַ סומע.

„אָבער דאָס", זאָגט די גרעפן, „איז ניט דער מינדסטער חלק פון זיין ווערט!"

„די צייטן זיינען גאַנץ שווערע, מאַדאַם. פאַרשטייט זיך, אויב דיר איז געלעגן צו מאַכן אַ ראַפּטאַוונעם פאַרקויף קאָן איך האַנדלען מילדער."

„אַלט פאַרזעעניש, איך קאָן דאָס ניט טאָן. עס וואָלט ניט געווען באַקוועם". זי האָט זיך געקווייקלט דערביי. „עס וואָלט ניט געווען דערקלערבאַר."

„וואָס איז שייך דעם, מאַדאַם, קאָן איך דיר מאַכן אַ נאָכאַמונג אין קליי וואָס קיינער וועט ניט קאָנען פאַנאַנדערשיידן פון דעם אָרי־גינאַל. איך קאָן פולקאָם באַגרייפן אַז דו באַנערסט צו פאַרהילן פון דיין מאַן אַלע מעגלאַכע קרבנות וואָס ווערן געבראַכט פון דיין ליבע."

„עס איז מיין ליבע צו אים", האָט די גרעפן גיך געזאָגט.

„איך האָב זיך באַצויגן אויף דיין ליבע צו אים", האָט יורגען געזאָגט — „נאַטירלאַך."

דאַן האָט די גרעפן דאַראַטי אָנגערופן אַ פּרייז פאַר דעם האַלדזבאַנד. „ווייל איך מוז האָבן די סומע, און ניט אַ גראַשן ווייניקער". און יורגען האָט אומזיכער געשאָקלט דעם קאָפּ, און גע־שוואוירן אַז פּרויען זיינען אומוויסנהאַפטע מציאה־העגדלער; אָבער יורגען איז איינגעגאַנגען אויף דעם וואָס זי האָט געפאָדערט, וואָרים דער האַלדזבאַנד האָט די ווערט געהאַט כמעט נאָכאַמאָל אַזויפיל. דאַן האָט יורגען אָנגעדייט אַז דער עסק קאָן באַקוועם געשלאָסן ווערן דורך אַ בלאַטן אַגענט.

„אויב דער גנעדיקער דע נעראַק, למשל, זאָל אָנגעטרויט ווערן מיט אַלע איינצלהייטן, און זאָל קאָנען אויספירן מיך מאָרגן צו באַזוכן, בין איך זיכער אַז מיר וואָלטן געקאָנט דורכפירן דעם אַנגע־נעמען באַטרוג אָן דער קלענסטער באַאומרואיקונג פון העטמאַן מייקל", זאָגט יורגען, געשליפן.

„דאַן וועט נעראַק קומען", זאָגט די גרעפן. „און דו מעגסט אים געבן דאָס געלט, גלייך ווי עס וואָלט געווען פאַר אים."

„נו זיכער, מאַדאַם. אַ ביז־נאַר געשעצטער יונגער נאַבלמאַן, דער! און עס איז אַ רחמנות וואָס זיינע חובות זיינען אַזוי גרויס.

איך האָב געהערט אַז ער האָט היפּש אַביסל פאַרלוירן אין ווירפלשפּיל אין משך פון לעצטן חדש; און עס האָט מיר געריסן ס'האַרץ, מאַדאַם."

„ער האָט מיר צוגעזאָגט ווען די חובות וועלן באַצאָלט ווערן מער ניט צו שפּילן — אָבער ווידעראַמאָל וואָס זאָג איך! איך מיין, נייגיריקע נאַז, אַז איך נעם אַ היפּשן אַנטייל אין דעם וואוילשטאַנד פון הער דע נעראַק: און אַזוינאַך האָב איך אים אָפּט אויסגעשטראָפּט פאַר זיינע ווילדע וועגן. און דאָס אַלץ וואָס איך מיין."

„געַנוי, מאַדאַם, און אַזוי וועט דער גנעדיקער דע נעראַק קומען צו מיר מאָרגן נאָך דעם געלט; און עס בלייבט מער ניט וואָס צו רעדן."

יורגען האָט זיך אָפּגעשטעלט. די לבנה איז אויפגעגאַנגען איצט. די צוויי זיינען געזעסן צוזאַמען אויף אַ באַנק פון געשניצטן שטיין לעבן דעם פאַרענטש: און פאַר זיי, אויף יענער זייט שליאַך, זיינען געווען העלע טאָלן און ביימערשפּיצן. בליציק האָט זיך יורגען דער־מאָנט אין אינגל און מיידל וועלכע זיינען אַמאָל געזעסן דאָ, און האָבן גערעדט פון די אַלע אויסגעצייכנטע זאַכן וואָס יורגען האָט געזאָלט אויפטאָן, און פון דעם גליקלאַכן לעבן וואָס האָט געזאָלט זיין זייערס צוזאַמען. דאַן האָט ער באַטראַכט די רואיקע און שיינע פרוי דערנעבן, און ער האָט באַשלאָסן אַז דאָס געלט צו באַצאָלן איר לעצטן געליבטנס חובות איז פאַרזיכערט מיט אַ פאַסיקן רעספּעקט פאַר דער עפנטלאַכער מיינונג.

„נו, אָבער דאָס איז אַ גאַלאַנטע פרוי, וועלכע קאָן האַנדלען להכעיס דעם קאַלענדאַר", האָט יורגען נאָכגעדענקט. „אַזוינאַך אַפילו, איז אַכט־און־דרייסיק אַז אומבאַשטרייטבאַרע און עטוואָס האַרבסטיקע צאָל, און איך פאַרדעכטיק אַז דער יונגער נעראַק צאַפּט אויס זיין מיטליעריקע מעטרעסע. מילא, אין זיינע יאָרן האָט קיינער קיין געוויסן. יאָ, און מאַדאַם דאָראַטי איז נאָך אַלץ שיין; און אַלץ נאָך שפּילט מיין פולס מיר אָפּ מאָדנע קונצן, בשעת זי איז לעבן מיר, און מיין שטים האָט ניט די אינטאָנאַציע וואָס איך באַאַבזיכט, בשעת זי איז לעבן מיר; און אַלץ נאָך בין איך דריי פערטל פאַרליבט אין איר. יאָ, אין דער אָנזיכט פון אַזאַ פאַרדאַמטן לייכטזין וואָס איך באַזיץ אַפילו איצט, האָב איך אַ גוטע אורזאַך צו דאַנקען און לויבן פאַר די צוריק געוואָונענע שוואַכקייטן פון דער עלטער. דאָך שיינט מיר דאָס לעבן צו זיין אַ פאַרשוווּנדערישער און אומגערעכטער פּראָצעס, ווײַל דאָס איז אַ נעבאַכדיקער רעזולטאַט פאַר דעם אינגל

און מיידל וואָס איך געדענק. און וועגנדיק דעם רעזולטאַט, וויל זיך מיר וויינען און רעדן ראָמאַנטיש, אפילו איצט.“

אָבער ער האָט עס ניט געטאָן. ווייל ווירקלאַך, וויינען האָט זיך ניט געפּאָדערט. יורגען האָט געמאַכט אַ פיינעם פּראָפּיט פון דער גרעפנס לייכטזין, און עס איז בלויז געווען זיין פליכט צו זען אַז דער קליינער עסק זאָל אויסגעפירט ווערן אָן וואָס פאַרא סקאַנדאַל.

„אַזוי בלייבט מער ניט וואָס צו רעדן“, האָט יורגען באַמערקט, ווי ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין לבנה־ליכט, „אויסער אַז עס וועט מיך שטענדיק פרייען צו דינען דיר, מאַדאַם, און איך מעג זיך רעכט רימען אַז איך האָב פאַרדינט אַ רעפּוטאַציע פאַר אָרנטלאַכער באַהאַנדלונג.“

און ער האָט געטראַכט: „אין אמת׳ן, זינט זיכער וואָס עלטער זי ווערט אַלץ מער געלט וועט זי באַדאַרפן פאַר אירע יונגעלייטלאַך, באַט איך אָן צו סוטענירן פאַר איר“. דאַן האָט יורגען אַ צי געטאָן מיטן אַקסל. „דאָס איז איין זייט פון דער אַנגעלעגנהייט. די צווייטע איז וואָס איך פיר דורך מיין לעגיטים געשעפט, — איך, וועלכער בין דאָס וואָס די יאָרן האָבן געמאַכט פון מיר.“

אַזוינאַך איז עס געשען אַז יורגען האָט פאַרלאָזט די גרעפן דאָראָטי, ווען ער האָט געהערט, דער משכון־מלוה האָט ליב געהאַט אין זיין ערשטער יוגנט אונטער דעם נאָמען ׳באַגער פון מיין האַרץ׳; און וועמען אין דער יוגנט וואָס איז אים אַנטליען געוואָרן פון מוטער סערעדאַ ער האָט ליב געהאַט אַלס קיניגן העלען, די אַנטציקונג פון געטער און מענטשן. וואָרים יורגען האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן מאַדאַם דאָראָטי נאָך דעם איינגעפּאַקסטן געשעפט אונטערהאַנדל, וואָס האָט פאַרצערט אַ מאָמענט בלויז, און האָט זיך ממש ניט גערעכנט אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן.

און נאָך דעם מאָמענט וואָס האָט זיך ניט גערעכנט, האָט דער מלוה זיך ווידער געלאָזט זיין וועג, און אַזוינאַך באַלד אַנגעקומען אַהיים. ער האָט אַריינגעבליקט דורכן פענסטער. און דאָרט, אין אַ מחיה׳דיק באַקוועם חדר, מיט דער וועטשערע צעשטעלט, איז געזעסן פרוי ליזאַ מיט עפּעס אַ נעניי, און וואָרשיינלאַך אין אַ גאַנץ ליבער רואיקער שטימונג.

דאַן איז אַ מורא באַפאַלן דעם יורגען וואָס האָט געוואָגט אין דער אַנוועזנהייט פון מכשפים און געטער און טייוואַלים אומדערשראָקן. „וואָרים איך האָב פאַרגעסן וועגן דער פּוטער!“

אָבער באַלד האָט ער זיך דערינערט אַז, איצט, ניט אפילו וואָס ליזאַ האָט אים געזאָגט אין דער הייל איז וואָר. ניט ער און ניט ליזאַ,

איצט, זיינען ווען געווען אין דער הייל, און מסתם איז מער ניט געווען ערגעץ אזא פלאץ, און איצט איז זיכער קיינמאל ניט געווען ערגעץ אזא פלאץ. עס איז געווען גאנץ צעטומלענדיק.

„אך, אבער איך מוז פארזיכטיק גערענקען", האט יורגען געזאגט, „אז איך האב ליזאן ניט געזען זינט פרישטיק, דעם פרימארגן. קיין שום זאך האט ניט פאסירט. עס האט זיך פון מיר ניט געפאדערט, נאך אלעמען, צו האנדלען ווי א מאן. טא האלט איך זיך מיט מיין ווייב, אזא ווי זי איז, די ארימע נעבאך! איך האלט זיך ביי מיין הויז. איך האלט זיך ביי דעם לאמבארד און א גאנץ וואויל געשעפט. יא, קאשטשעי, אויב עס איז ווירקלאך געווען קאשטשעי, האט מיך זייער פיין באהאנדלט. און מסתם זיינען זיינע מעטאדן אלץ וואס זיי באדארפן זיין; זיכער קאן איך ניט גיין אזוי ווייט ווי צו זאגן אז זיי זיינען אומגערעכטע; פונדעסטוועגן, צו דערזעלבער צייט —!"

דאן האט יורגען א זיפץ געטאן, און אריין אין זיין באקוועם הויז. אזוי איז געווען אין די אלטע צייטן.

באשטימט.

# אינהאלט:

**אין זעלבן פארלאג זיינען**
**דערשינען פאלגנדע ביכער:**

קנוט האמסון:
**די קינדער פון דער צייט**
איבערזעצט פון ש. שניידער

אסקאר ווײַלד:
**דע פראפונדים**
איבערזעצט פון ק. מרמר

דזשיימס ברענטש קעבל
**יורגען**
איבערזעצט פון מיכל ליכט

ארטור שניצלער:
**קאסאנאוואס אהיימקער**
איבערזעצט פון ב. אלקווית

ראבערט לואיס סטיוונסאן:
**אוצר-אינזעל**
איבערזעצט פון אלעף כץ

ה. געלבוים:
**מרדכי עטינגער**
ראמאן

יעקב גלאטשטיין:
**פרייע פערזן**
לידער

**אין דרוק**
**און ווערט באלד דערשינען:**

יאקוב וואסערמאן:
**וועלט-אילוזיע**
איבערזעצט פון ת. ראזענפעלד

**ס'גרייט זיך צום דרוק:**

**אן אלגעמיינער אריינפיר צום פסיכאאנאליז**
פון פראפעסאר זיגמונד פרויד
אידיש פון נ. ב. מינקאוו